משה שענדעריי

# די געשיכטע
# פון דעם יידישן ישוב אין טשילע

אַרויסגעגעבן דורך דעם רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט
פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט צו די פייערונגען
פון דעם ערשטן יובל פון ישוב (תרס״ז — תשי״ז)
1906 — 1956

פאַרלאַג
„דאָס יידישע וואָרט״
סאַנטיאַגאָ, טשילע
1956

M. SENDEREY

# HISTORIA DE LA COLECTIVIDAD ISRAELITA DE CHILE

Editado por el Comité Representativo de la Colectividad Israelita, con motivo del Primer Cincuentenario de vida judía organizada en Chile (1906 - 1956)



IMPRESO EN LOS TALLERES
DE LA EMPRESA PERIODISTICA
COLECTIVA S. A.
Serrano 871
Santiago de Chile

Printed in Chile



# נאַציאָנאַלער הימן פון טשילע

פון עוסעביאָ ליזשאָ. יידיש: יצחק בלומשטיין

ריין דיין הימל, טשילע, לויטער דורכגעבלויט,
ריין די ים־ווינטלעך, וואָס קרייצן דיך באַטויט;
דיינע פעלדער בלומיק אויסגעצירט,
ווי דער עדן וואַרהאַפטיק קאָפּירט.

מאַיעסטעטיש דיינע בערג צעהעלט,
גאָט האָט דיר אַ פעסטונג אויפגעשטעלט,
און דער ים, וואָס וואַשט דיין ברעג באַזאַכט
זאָגט דיר צו אַ מאָרגן פול מיט פראַכט.

נעם די ברכות צו, זיס פאָטערלאַנד געטרייע
און די שבועה, וואָס געשוואָרן האָבן פיל:
אָדער ווערסט אַ קבר זיין פאַר פרייע,
אָדער פאַר געיאָגטע — אַן אזיל!

# פאָרוואָרט

אין די וויכטיגסטע בלעטער וועט דער לייענער געפינען די געשיכטע פון יידישן ישוב אין טשילע וואָס שטייט ביים שלום פון די ערשטע פופציק יאָר פון זיין אָרגאַניזירטן געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן.

דער בוך איז די גייסטיקע שאַפונג פון ה׳ משה שענדעריי, אַ יידישער שרייבער, געבוירן אין רוסלאַנד, וועלכער לעבט אין אַרגענטינע כמעט אַזוי לאַנג ווי דער יובל וועלכן אונדזער ישוב פייערט, און איז באַקאַנט מיט זיין פאַרצווייגטער דער־ציערישער און קולטור טעטיגקייט, אַלס פּראָפעסאָר פון געשיכטע, ליטעראַט און טריבון.

הגם, עס וואָלט געקענט וואונדערן, פאַרוואָס די דאָזיקע געשיכטע איז נישט געשריבן פון אַן אָרטיקן שרייבער, איז אָבער נישט איבעריק אונטערצושטרייכן, אַז ה׳ משה שענדעריי, איז נישט קיין פרעמדער פאַרן יידישן ישוב אין טשילע, ווייל זיין גייסטיקע, קולטורעלע און ציוניסטישע מיטאַרבעט פאַר די לעצטע צוואַנ־ציק יאָר, האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַן אייגענעם און נאָענטן, ווי איינער פון ישוב. אגב, ווען די געשיכטע וואָלט געשריבן געוואָרן פון אַ היגן שרייבער, וואָלט זי אפשר נישט געהאַט דעם חותם פון שטרענגער אָביעקטיוויטעט און פריי פון יעדן פערזענלעכן איינפלוס.

עס מערקט זיך בולט, ווי דער מחבר פאַרציכטעט אין דאָזיקן בוך אויף אַרויסהויבן נעמען און פּערזאָנען, געבנדיק פאָרצוג דעם קאָלעקטיוון מאָמענט, פאַרוואַנדלענדיק די געשעהנישן אין אַ פּראָדוקט פון אַ ברייטערער געזעלשאַפט־

לעבער און קאָלעקטיווער שאַפונג. די דאָזיקע טענדענץ פון דערוווייטערן זיך און אויסמיידן דעם פערזענליכן מאָמענט, וואָס קען פיליכט אַרויסרופן אומצופרידנקייט ביי אייניקע, איז לויט אונדזער איינזען — זיין גרעסטע מעלה.

דער מחבר איז אויסן געווען — און ס׳איז אים פולשטענדיק געלונגען — צו באַווייזן די אידענטיפיצירונג פון די יידן מיטן פאָלק און לאַנד פון טשילע, וואו זיי האָבן געפונען אַ זיכערע היים און וועלכער זיי שפירן זיך איינגעוואָרצלט, ליבן זי, און באַטראַכטן זי ווי זייער אַדאָפּטירטע פאָטערלאַנד, אַנהאַלטנדיק צו דער זעלבער צייט די צוגעבונדנקייט צום יידישן פאָלק און צו ישראל אַלס גייסטיקער צענטער.

וואָס שייך דעם ערשטן אַספּעקט אין באַצוג צו טשילע — אַנאַליזירט און שטעלט פעסט דער מחבר אויף אַן אומדיסקוטירבאַרן אופן, דעם גרויסן בייטראָג וואָס יידן האָבן געגעבן צום טשילענער נאַציאָנאַלן לעבן, אויף אַלע געביטן. ער רופט אָן ביי די נעמען, יידן וועלכע האָבן פאַרדינסטן און באַטייליקן זיך אין דער טשילענער וויסנשאַפט, פּאָליטיק, ליטעראַטור, קונסט, טעכניק, אינדוסטריע און קאָמערץ.

עס איז כדאי צו אונטערשטרייכן, אַז די איינגלידערונג פון טשילענער יידנטום אין דער אַלגעמיינער טשילענער וועלט, איז אַ לאָגישער פועל־יוצא, פון אַן אמתן דעמאָקראַטישן שטריך וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן טשילענער פאָלק, וואָס האָט אויפגענומען מיט פאַרשטענדניש די רעכט פון יעדער מינדערהייט צו אויסלעבן זיך פריי און צו קענען זיין אַנדערש, אין געגנטייל צו דער טאָטאַליטאַרער פילאָזאָפיע וואָס שטרעבט צו דער טרויעריק באַקאַנטער „איינהייטליכקייט”.

די השפעה פון דעם דאָזיקן דעמאָקראַטישן גייסט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן טשילענער פאָלק, שפיגלט זיך אָפּ אין דער געזעלשאַפטלעכער סטרוקטור פון יידישן ישוב, וועמען ס׳איז געלונגען אויפצושטעלן אייגנאַרטיקע אינסטיטוציעס, וואָס דינען טיילמאָל פאַר אַ מוסטער און אָנרעגונג פאַר אַנדערע יידישע ישובים. די דאָזיקע יידיש־טשילענער שותפות איז אָן שום ספק אַ ווירדיקער בייטראָג פאַר דער אַלגעמיינער דעמאָקראַטיע. ס׳איז געווען אַ געמיינזאַמע פּרוכטבאַרע דערגענצונג וואָס קען בלויז באַגינסטיקן ביידע צדדים.

אין באַצוג צום צווייטן אַספּעקט, וועגן דעם גייסט פון אָנגעהעריקייט פון טשילענער ישוב, צום שטאַם פון יידישן פאָלק, איז דער דאָזיקער בוך, דער אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט און גורל־געמיינזאַמקייט פון טשילענער יידישן ישוב, מיט דער יידישער צעשפּרייטקייט פון דער גאַנצער וועלט.

אין יאָר 1906, ווען רדיפות און פּאָגראָמען פאַרכאַפּן גרויסע טיילן פון רוסישן יידנטום, רופן זיך אָפּ די געציילטע יידן וואָס וואוינען שוין אין טשילע

מיט ברידערלעכע געפילן, און ווי אחים לצרה, זיינען זיי גרייט אויפצונעמען זייערע ברידער און שטרעקן אויס א האנט פון הילף.

בעת דער ערשטער וועלט מלחמה, נעמט דער ישוב אן אקטיווע באטייליקונג אין דער הילפס ארבעט פאר די מלחמה קרבנות, און ביים שלום פון קריג, נעמען זיי אויף מיט אפענע ארעמס די עמיגראנטן כוואליע וואס פליסט צו די אמערי־קאנער ברעגן.

אין 1933, ווען די ברוינע חיה קומט צו דער מאכט, און פאנגט אן דעם חורבן פון יידישן ישוב אין דייטשלאנד, אלס אן אנהויב פון אלגעמיינעם חורבן פון יידן אין צענטראל און מזרח אייראפע, ציטערט אויף דער יידישער ישוב פון טשילע צוזאמען מיט אלע איבעריקע פרייע יידישע ישובים, און נעמט אויף דעם גרויסן שטראם פון יידן וואס אנטלויפן פון אייראפעאישן גיהנום. דער ישוב נעמט אויף די פארפאלגטע יידן מיט ברידערליכער באציאונג, העלפט מיט אין זייער איינגלידערונג, אין זייער עקאנאמישער איינארדנונג, און לאדעט איין די ביי אנגעקומענע זיך אנצושליסן אין די עקזיסטירענדע אינסטיטוציעס, און שאפן איין משפחה, איין קאלעקטיוויטעט, אן אונטערשיד פון סעקטארן. די דאזיקע פאר־ברידערונג פון די פארשידענע געמיינדעס, אשכנזים און ספרדים, דייטש־אפשטא־מיקע און אונגארישע, וואס וויקלען אויס זייער געמיינזאמע יידישע טעטיגקייט מיט פארשטענדניש און הארמאניע ביים טיש פון רעפרעזענטאטיוון קאמיטעט״, וועט בלייבן ווי אן אייגנארטיקע כאראקטעריסטיק פון טשילענער יידישן ישוב, און זי וועט זיך לאזן מערקן אין דעם דאזיקן געשיכטע בוך פון שענדעריי.

אויך אין די יארן פון צווייטן וועלט קריג, ארבעט דער גאנצער ישוב און ברענגט זיין גאב און הילף צו די אלוועלטלעכע יידישע ארגאניזאציעס, ספעציעל פאר דער אקציע פון רעטונג, אויסלייזונג און רעהאביליטירונג, וואס עס פירט אן דער יידישער וועלט־קאנגרעס, די ארגאניזאציע, וואס זייט איר גרינדונג אין יאר 1932, קעמפט זי מיט אייפער און מוט פארן אפהיטן און פארטיידיקן דעם יידישן כבוד. פאראלעל מיט דער יידישער רעטונגס ארבעט, העלפט מיט דער ישוב און באטייליגט זיך אין דער ארבעט פון קאמיטעט „די פאראייניקונג פון נצחון״, א צענטראלע טשילענער ארגאניזאציע פאר הילף די דעמאקראטיעס.

וואס אנבאלאנגט דער יידישער נאציאנאלער אויפלעבונג, און דעם געדאנק פון גאולה, און די באציאונג פון ישוב צו די דאזיקע נייע דערשיינונגען, וועט אין בוך דערוויזן ווערן, די ווירקונג פון דער בשורה פון וויזיאנער ד״ר ט. הערצל, וועגן א יידישע מדינה, און די הילף וואס דער ישוב וועט געבן אין די ערשטע יארן, און דער דעצידירענדער איינפלוס וואס די „באלפור דעקלאראציע״ וועט שפעטער האבן אויפן ישוב. אין פילע קאפיטלען פון בוך, וועלן מיר זיך געפינען

מיט דערהויבענע מאָמענטן פון נאַציאָנאַלער מאָביליזאַציע פון יידישן ישוב לטובת דעם ציוניסטישן געדאַנק און זיינע רעאַליזירונגס קוואַלן. אין אַנדערע קאַפּיטלען וועלן מיר אויך טרעפן די גרויסע ראָל וואָס ציוניזם און ישראל האָבן געשפּילט פאַרן גייסטיקן אויפהאַלט פון קליינעם ישוב וואָס וואוינט אין דאָזיקן לאַנד. עס באַקומט זיך אויך אַ קלאָרער בילד, וועגן דעם בייטראַג פון טשילענער יידן, צום בוי און עטאַבלירונג פון דער מדינה, ווי אויך די מיטבאַטייליקונג אין באַפרייאונגס־קריג מיט דעם בלוט און שוויים פון זייערע זין און טעכטער.

אין די קאַפּיטלען פון דאָזיקן בוך, וועט דער לייענער געפינען סימני בגרות, פון אַ קליינעם יידישן ישוב, וואָס, הגם ער שליסט ערשט אָפּ זיינען ערשטע פופציק יאָר עקזיסטענץ, באַרעכטיקן די דאָזיקע רייפקייט־שטריכן, דעם געוואַגטן פּאַרמעסט פון אָנהויבן פאַרשרייבן זיין געשיכטע. מיר מיינען אַז דער היסטאָרישער סך הכל פון אונדזער געזעלשאַפטלעכער שעפערישקייט באַרעכטיקט אונדזער פּאַרמעסט און אַז אין אונדזערע באַשרענקטע מעגליכקייטן און אומשטענדן, האָבן מיר געמאַכט אונדזערע אָנשטרענגונגען, צו אויפנעמען די טראַדיציעס — ירושה פון דורות, און אויספילן דעם טראַגישן חלל וואָס דער גרויסער חורבן האָט איבערגעלאָזט. אויפן אָרט פון קהילות קדושות, פון עדות און ישובים וואָס זיינען אומגעקומען, בויען אַ נייעם יידישן לעבן.

מיר ווילן אויך גלויבן, אַז די דאָזיקע אונטערנעמונג אונדזערע, הגם זי קומט פון אַ קלענערן און אַ יונגערן ישוב אויף דעם דאָזיקן קאָנטינענט, וועט באַווירקן אויך אַנדערע יידישע ישובים, עלטערע און גרעסערע, נאָכצוטון אונדזער ביישפּיל, און מקיים זיין דעם אַלטן אָנזאָג, פון פאַרצייכנען און פאַרשרייבן, פאַר די קומענדע דורות, און אַרויסברענגען צו דער זעלבער צייט די וויכטיגקייט פון אַמעריקאַנער יידנטום, און די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבן צו וועלכע ער איז באַרופן.

ביים איבערטרעטן די שוועל פון אַ האַלבן יאָרהונדערט, באַטראַכטן די הויפּט־אינסטיטוציעס פון טשילענער יידנטום, וואָס האָבן פּאַטראָניזירט די דאָזיקע אַרבעט, אַז זיי האַנדלען אין גייסט פון „עם הספר", און באַצוועקן צו ווייזן דעם ישוב זיין ווייטערדיקן יידישן וועג, און די גרויסע אויפגאַבן פאַר אונדזער מאָרגן. דער דאָזיקער בוך, דאַרף אויך דינען ווי אַ באַערונג פאַר די ראשונים און פאַר־גייער, וועלכע האָבן במשך פון די פופציק יאָר, געווידמעט זייערע בעסטע טעג און יאָרן פאַרן בוי און וואוקס פון אונדזער ישוב. דער דאָזיקער בוך דאַרף אויך דינען ווי אַ דענקמאָל און פאַרערונג פאַר אַלע אונדזערע קדושים וועלכע זיינען אומגעקומען אויף די פראָנטן פון אַלע קאָנטינענטן אין קאַמף פאַרן כבוד פון אונדזער פאָלק, האַלטנדיק הויך דעם יידישן נאָמען, און וועלכע האָבן מיט זייער טויט, פאַרזאָגט אונדז צו לעבן.

מיר פרעטענדירן נישט אַז אונדזער אונטערנעמונג איז אַ פּערפעקטע. מיר גיבן זיך אויך אָפּ רעכנונג, אַז נישט אַלץ איז געווען פּערפעקט אין אונדזער לעבן פאַר די דאָזיקע פופציק יאָר. דאָס דאָזיקע ווערק דאַרף דעריבער דינען פאַר אונדז ווי אַ לעקציע און אַ מוסר השכל. פיל זאַכן דאַרפן מיר אויסבעסערן אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן. פילע אַקטיוויטעטן דאַרפן קאָאָרדינירט און רע־אָרגאַניזירט ווערן, איבערהויפּט אין אַלגעמיינעם אשכנזישן סעקטאָר, וואָס איז געווען דער איניציאַטאָר פון קאָלעקטיוון לעבן; וועלכער האָט געהאַלפן גרינדן און ענטוויקלען אַנדערע געמיינדעס, בלייבנדיק אַליין, אין אַן אַנאַרכישער לאַגע, און אין אַ נישט ראַציאָנעלער בוהות פאַרוועגדונג.

די ירושה פון איבערגעגעבנקייט און עהרנהאַפטער אַרבעט וואָס די פופציק ערשטע יאָר גיבן אונדז איבער, דאַרף זיך פאַרוואַנדלען אין אַ לעבעדיקן קוואַל פון וואַנען מען זאָל קענען ציען יניקה פאַר די קומענדע יאָרן, דאָס וועט אויך זיין די גרעסטע מתנה וואָס מיר קענען אונטערטראָגן טשילע און ישראל, פאַר וועמענס וואוילזיין און פראָגרעס מיר וועלן ווייטער אַרבעטן מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנהייט, געגוי ווי מיר האָבן עס געטון ביז איצט. דער לייענער וועט עס קענען פעסטשטעלן פון די בלעטער פון דאָזיקן בוך, וועלכן מיר טראָגן אונטער צו זיין אורטייל.

| **יחיאל סיני** | **מתתיהו שאַפּיראָ** |
|---|---|
| פרעזידענט | פרעזידענט |
| פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט | פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע |

סאַנטיאַגאָ, טשילע, ערב ראש השנה ה׳תשי״ז.

# אריינפיר

## א

פאַראַלעל מיט דער שקיעה פון יידישן ישוב אין אייראָפּע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט מיט דער רעאַקציע נאָך די רעוואָלוציעס פון 1848, וואָס ווערן גערופן „דער פרילינג פון די פעלקער" אין מערב אייראָפּע, האָט זיך געשטאַרקט מיט די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, און האָט זיך פאַרענדיקט אין העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט מיט די גרויזאַמע נאַצי שחיטות וואָס האָבן אומגעבראַכט דעם רוב מנין ורוב בנין פון אייראָפּעישן יידנטום, זײַנען אויפגעקומען די יידישע צענטערן אין ארץ ישראל און די אַמעריקעס, וואָס טיילט זיך אין צוויי חלקים: דער עלטערער — אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער (פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע), און דער יונגערער אין די 21 מדינות פון לאַטיין־אַמעריקע.

די דאָזיקע טיילונג איז נישט נאָר אַ כראָנאָלאָגישע און געאָגראַפישע, זי איז אויך אַ שפּראַכלעכע און פסיכישע און וואָס איז שייך דער אַרומיקער סביבה.

בשעת אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער זײַנען די שפּראַכן הויפּטזעכלעך ענגליש און טיילווייז פראַנצויזיש, און די רעליגיע איז נישט מאָנאָליטיש, נאָר געטיילט אין הונדערטער סעקטעס און גרופּעס, כמעט אַלע קריסטלעכע, זײַנען אין לאַטיין־אַמעריקע די שפּראַכן שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש, און די רעליגיע איז קאַטויליש ביי העכער 90 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. דער אַלגעמיינער קולטור־ניוואָ איז העכער און די דעמאָקראַטישע טראַדיציעס זײַנען אײַנגעוואָרצלטער אין דער אַנגלאָ־זאַקסישער אַמעריקע ווי אין דער לאַטיין־אַמעריקאַנער. די גייסטיקע באַדינגונגען אין וועלכע די יידישע ישובים אין די אַמעריקעס האָבן זיך אַנטוויקלט זײַנען, צוליב דעם אַלעמען, שטאַרק פאַרשידן אין ביידע חלקים

פון אַמעריקאַנער יידנטום. עס לאָזט זיך זאָגן, אַז בשעת אין דער אַנגלאָ־זאַקסישער אַמעריקע ווערט פאַרטגעזעצט, ווען אפילו אין אַ שטאַרק געענדערטער פאָרם די איינשטעלונג פון אשכנזישן יידנטום, קומט אויף אין לאַטיין־אַמעריקע אַ יידישער טיפּ וואָס וועט מיט דער צייט אָננעמען געוויסע כאַראַקטער שטריכן פון דעם ספרדישן יידנטום, דערהאַלטנדיק אויך שטריכן פון דעם אשכנזישן, פון וועלכן דער רוב יידן אין לאַטיין־אַמעריקע שטאַמט; אין לאַטיין אַמעריקע קומט אויף אַ יידישער טיפּ, וואָס הייבט שוין אָן באַצייכנט צו ווערן ווי אַ „נעאָ־ספרדישער". דער צוריקקער צו די שפּראַכן פון איבערישן האַלב־אינדזל, שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש, שפּילט דערביי נישט די לעצטע ראָלע.

בלויז אין פּאָליטישן אַספּעקט זיינען ביידע טיילן אַמעריקע פאָרמעל גלייך. אַלע מדינות פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט זיינען רעפּובליקן, דעמאָקראַטישע, ליבעראַלע, מיט אַ שטאַרקער צענטראַלער רעגירונג, אַפילו אין די וואָס רופן זיך אָפיציעל פעדעראַלע, אָבער אָט די אַלע טערמינען האָבן אין לאַטיין־אַמעריקע אַן אַנדער באַדייט ווי אין דער אַנגלאָ־זאַקסישער אַמעריקע, און אויב עס קאָן זיין אַ רייד וועגן אַמעריקאַניזם, איז עס אָבער אַזאַ וואָס ווערט באַהערשט און געענדערט פון אַ סך לאָקאַליזמען צו וועלכע ער מוז זיך צופּאַסן. דאָס אַלץ מוז גענומען ווערן אין אַכט ביים פאָרשן דעם גייסטיקן מהות פון די יידישע ישובים וואָס ווערן דאָך אומפאַרמיידלעך באַאיינפלוסט פון זייערע רעספּעקטיווע סביבות.

ב

די גאָר אַלטע יידישע קהילות אין אַמעריקע זיינען אויפגעקומען אין דרום־טייל פון לאַטיין־אַמעריקע, אין די צפון־געגנטן פון בראַזיל, אין און אַרום די שטעט באַהיאַ און רעסיפע, וואָס האָבן זיך געפונען צווישן די יאָרן 1625 און 1654 אונטער דער הערשאַפט פון האָלאַנד, וואָס איז געווען טאָלעראַנט צו די פרעמדגלויביקע, און האָט צו יענער צייט פאַרמאָגט אַ באַדייטנדיקן יידישן ישוב, בעיקר פון ספרדיש־מאַראַנישן אָפּשטאַם.

דער המשך פון יענע פּאַרציייטיקע ספרדישע קהילות זיינען אָבער נישט די איצטיקע ישובים פון לאַטיין־אַמעריקע, נאָר די קהילות פון ניו־יאָרק, סורינאַם און קוראַסאַאָ, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן פון פליטים פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער קהילות וועלכע האָבן געמוזט פאַרלאָזן יענע מקומות ווען זיי זיינען צוריק אַרונטערגעפאַלן דער הערשאַפט פון פּאָרטוגאַל, וואָס האָט נישט געדולדעט קיין אַנדערש־גלויביקע אין אירע גרענעצן און קאָלאָניעס.

די יידן וואָס זיינען דאָך פאַרבליבן אויף די ערטער און האָבן למראית עין

צוריק אַנגענומען דעם קאַטוילישן גלויבן, ווי אויך די אָפּשטאַמער פון די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע אנוסים וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער אין די קאָלאָניאַלע צייטן, ווען זיי האָבן זיך געפונען אונטער דער הער־שאַפט פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, אין דער האָפענונג צו ראַטעווען זיך אין די מרחקים פון וואַכנדיקן אויג פון דער אינקוויזיציע, האָבן קיין עפנטלעכע קהילות נישט געקאַנט אויפשטעלן; די וואָס האָבן פּאַרט אָפּגעהיט אין געהיים אַ געוויסע יידישקייט, זיינען אין זייער מינדערהייט אומגעקומען אויף די שייטער־הויפנס פון דער אינקוויזיציע אין לימאַ (פּערו), קאַרטאַכענאַ (קאָלומביע), מעקסיקע־שטאָט (מעקסיקע) ווי אויך ליסאַבאָן (פּאָרטוגאַל). און דער רוב איז פולשטענדיק פאַרשלונגען געוואָרן אין דער אַרומיקער קאַטוילישער באַפעלקערונג, ווען אפילו עס זיינען דאָך דאָ און דאָרט פאַרבליבן יחידים, משפחות און אפילו קליינע גרופּן וואָס האָבן ביז היינט צו טאָג דערהאַלטן דעם באַוואוסטזיין פון זייער יידישן אָפּשטאַם.

די איצטיקע יידישע געמיינדעס פון לאַטיין־אַמעריקע, זיינען ס׳רוב נישט אַלט קיין פולע הונדערט יאָר. ווען אַפילו יידישע יחידים — ספרדים ווי אשכנזים — זיינען שוין געווען אין די מדינות אַביסל פריער; זיי האָבן אָבער קיין יידישן לעבן נישט אויפגעשטעלט און זייערע אָפּשטאַמער זיינען אויך אין גרעסטן רוב פאַרשלונגען געוואָרן אין דער אַרומיקער באַפעלקערונג, דערהאַלטנדיק דאָ און דאָרט נאָר אַ זכר פון זייער יידישן אָפּשטאַם.

יידישע קהילות האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדען אין לאַטיין־אַמעריקע ערשט אין אָנפאַנג פון דער צווייטער העלפט פון ניינצנטן יאָרהונדערט. ווען די מערסטע טייל פון די רעפּובליקן האָבן שוין אָנערקענט פּאַקטיש רעליגיעזע טאָלעראַנץ און איינגעפירט די ציווילע־הייראַט, וואָס האָט פאַרלייכטערט די נישט־קאַטאָליקן צו גרינדן משפחות, פון וועלכע עס וועלן זיך מיט דער צייט בילדן געמיינדעס.

אָט צווישן די נייע יידישע ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע, פאַרנעמט דער ישוב פון טשילע אַן אייגנאַרטיקע פּאָזיציע, וואָס האָט באַזונדערע שטריכן, אינטערעסאַנטע פאַר די וואָס שטודירן יידישע געשיכטע בכלל און די היסטאָריע פון נייעם יידישן צענטער אין די אַמעריקעס בפרט.

ג

כמעט אַלע אַמעריקאַנער יידישע ישובים באַשטייען פון דריי הויפּט־עלעמענטן: ספרדים, מזרח־אייראָפּעישע אשכנזים און מערב־אייראָפּעישע אשכנזים. צום מערסטנטייל זיינען די ספרדים געווען די ערשטע אָנצוקומען אין די מקומות,

נאָך זיי זיינען געקומען די דייטש־שפּראַכיקע מערב־אייראָפּעישע אשכנזים, און שפּעטער די יידיש־שפּראַכיקע מזרח־אייראָפּעאישע יידן.

אין טשילע איז עס געווען אַ קליין ביסל אַנדערש. די ספרדים זיינען געקומען במעט איינצייטיק מיט די אָסט־יידן; די געציילטע משפּחות פון מערב־אייראָפּעישע יידן וואָס זיינען געקומען פאַר זיי האָבן קיין יידיש לעבן נישט געגרינדעט, זיי האָבן זיך פולקאָם אַסימילירט און קאָנען באַטראַכט ווערן ווי „שפּורלאָז פאַר־זינקט". דער רוב פון דייטש־שפּראַכיקע יידן וואָס בילדן איצט דעם צאָלרייכסטן סעקטאָר פון טשילענער יידישן ישוב, זיינען אָנגעקומען זינט 1933, דאָס יאָר ווען דער נאַציזם איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד. זיי האָבן שוין געטראָפן אין טשילע אַן אָרגאַניזירט יידיש לעבן אין וועלכן זיי האָבן זיך אָנגע־שלאָסן, ווען אפילו זיך אין אים נישט אויפגעלייזט. אַזוי, אַז די טאָן געבער פון ישוב אין טשילע, פאַר די ערשטע פופציק יאָר פון זיין קיום, זיינען געווען די מזרח־אייראָפּעישע אשכנזים, וואָס האָבן אַרויפגעלייגט זייער חותם אויפן גאַנצן ישוב, אינערהאַלב דער השפּעה פון דער אַרומיקער סביבה, וואָס איז אין טשילע שטאַרקער ווי ערגעץ אַנדערשוואו.

אָבער אויך אָט דער שיכט פון ישוב האָט געהאַט זיין אייגנאַרטיקע אַנט־וויקלונג. די גרעסטע טייל פון די וואָס האָבן פאַרלייגט די יסודות פון טשילענער יידישן ישוב און האָבן געגרינדעט זיינע ערשטע אינסטיטוציעס, זיינען נישט געקומען דירעקט פון אייראָפּע, נאָר זיי האָבן דורכגעמאַכט אַ מין פאָר־שטופע פון עטלעכע יאָר אין אַרגענטינע, וואו זיי האָבן אַביסל געכאַפּט די שפּראַך, ווי אויך די מורא צו פיגורירן עפנטלעך אַלס יידן, וואָס איז נישט געווען גאָר לייכט אין יעדן פרום־קאַטוילישן לאַנד מיט אַ פופציק יאָר צוריק.

דערמיט דערקלערט זיך, וואָס די הויפּט־אינסטיטוציע פון טשילענער ישוב — אַ ישוב וואָס האָט צום ערשטן מאָל געדאַווענט במנין אין 1906, און האָט געגרינדעט זיין ערשטע אינסטיטוציע אין 1909 — וועט פאַרמאַסקירן איר יידישן נאָמען ביז דעם בר־מצוה יאָר פון ישוב אין 1918, אַ יאָר נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און אַ פּאָר חדשים נאָך דעם ווי הויכע מלוכה לייט פון לאַנד און סתם אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן זיינען געקומען צו דער פייערונג פון ערשטן אַניווערסאַר פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. די הויפּט־אינסטיטוציע פון טשילענער ישוב וועט געגרינדעט ווערן אונטערן אויסטערלישן נאָמען „פילהאַר־מאָניקאַ רוסאַ", וואָס זי וועט אין אַ פּאָר חדשים אַרום בייטן אויף „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ" — האַנדלס צענטער פאַר וואוילטעטיקייט, ווען אפילו קלענערע חברות האָבן שוין געהאַט איינגעשטעלט צו אַרויסשטעלן אָפן

דעם נאָמען „איזראעליטא״: די „אוניאָן״ אין 1909, און די „קאָנגרעגאַסיאָן״ אין 1916.

מיט דער פאָר־שטופּע אין אַרגענטינע דערקלערט זיך אויך דער פאַקט וואָס דער טשילענער ישוב האָט זיך שנעלער און טיפער צוגעפּאַסט שפּראַכלעך. די מערהייט איינגעוואַנדערטע יידן פון טשילע רעדן אַ בעסערן שפּאַניש, ווי זייערס גלייכן אין אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער מדינות, און דער פּראָצענט יידיש־פאַר־שטייענדיקע צווישן זייער יוגנט איז אַ סך קלענער ווי צווישן דער יוגנט פון אַנדערע ישובים: אַרגענטינע, אורוגוואַי וכו׳. שוין אין 1931 ווערט אין „טשילענער יידישן וואָכנבלאַט״ געשריבן וועגן דער יוגנט פון וואַלפּאַראַיסאָ ווי וועגן אַ חידוש „ביי וועלכער עס זיינען נאָך נישט פאַרווישט געוואָרן די רעזולטאַטן פון דער מאָדערנער יידישער דערציאונג״, פון דעם איז געדרינגען אַז ביי דער יוגנט פון סאַנטיאַגאָ זיינען די דאָזיקע שפּורן שוין דאַן געווען פאַרווישט. היינט צו טאָג האָט זיך שוין וואַלפּאַראַיסאָ, לײַדער, אויסגעגלייכט מיט סאַנטיאַגאָ.

די ערשטע יידן, וועמענס קינדער האָבן זיך ביז היינט דערהאַלטן ביי יידיש־קייט און וועלן ווייטער בויען דאָס יידישע לעבן, זיינען אָנגעקומען קיין טשילע נישט אין גרופּעס, ווי עס איז געווען דער פאַל אין צפון־אַמעריקע (ניו־יאָרק) און אַרגענטינע (מאָזעסוויללע), גרופּעס וואָס האָבן מיטגעבראַכט ספרי־תורה, כלי־קודש, און האָבן גלייך אָנגעהויבן פירן אַן אָרגאַניזירט יידיש לעבן. קיין טשילע זיינען יידן געקומען ביחידות, די ערשטע צייט אפילו אָן די משפחות, און ביז זיי האָבן זיך צונויפגענומען אין די ערשטע פּראָוויזאָרישע פאַראייניקונגען, האָט זיך אויסגעוועפּט דאָס ביסל טראַדיציע פון דער אַלטער היים, וואָס מען האָט שוין טיילווייז פאַרלאָרן אויף דער צווישנסטאַנציע פון אַרגענטינע. זיינען טאַקע גע־מישטע חתונות געווען אַ צו אָפטע דערשיינונג אין די ערשטע יאָרן און אַזאַ ענין ווי כשרות איז פאַרבליבן הינטערשטעליק ביז היינט צו טאָג...

ד

דער טשילענער יידישער ישוב איז אָבער אויך דער, וואָס איז פון זיין סאַמע לכתחילה געשטאַנען אונטערן צייכן און דער השפּעה פון דעם ווידער־געבורט פון דער יידישער שטאַטלעכקייט. פון די פופציק יאָר פון זיין קיום, לעבט דער ישוב קנאַפּע פערציק אונטער דער השפּעה פון דער שאַפונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל און איר אַנטוויקלונג צו מדינת ישראל. דער ציוניזם האָט אין טשילענער יידישן לעבן געשפּילט די ערשטקלאַסיקע ראָלע וואָס די רעליגיעזע טראַדיציע האָט געשפּילט אין די אַלטע היימען.

ערשט אין 1927, האָט אַ גרופּע טשילענער יידישע סוחרים, זיך קעגנזייטיק פאַרפּליכטעט צו שליסן זייערע געשעפטן אין די ימים נוראים, און נאָך אין 1940, מוז די העכסטע אינסטאַנץ פון ישוב, דער „קאָמיטע רעפּרעזענטאַטיוואָ״ — רעפּ־רעזענטאַטיווער קאָמיטעט, אָננעמען אַ באַשלוס וואָס פאַרפּליכטעט די גאַנצע יידישע קאָמערץ צו האַלטן געשלאָסן זייערע געשעפטן אום יום־כּפּור. אָבער פאַר בנין הארץ שטייערן מיט העכער נייינציק פּראָצענט פון טשילענער ישוב זינט 1918, ווען טשילע איז צום ערשטן מאָל באַזוכט געוואָרן פון אַ ציוניסטישן שליח, ד״ר ב. עפּשטיין ע״ה. ציוניזם האָט אָבער נישט פאַרביטן די אַלטע רעליגיעזע און קולטורעלע טראַדיציע, ער האָט גיכער געדינט ווי אַן אַריינפיר צו אַ צוריקקער צו יידישקייט, לויט נייע פאָרמען וואָס הויבן זיך אָן ביסלעכווייז אויסצוקריסטאַ־ליזירן אויפן גרונט פון די אַלטע טראַדיציעס.

אויפן טשילענער יידישן ישוב האָבן זיך אויך שטאַרקער אויסגעווירקט די קאָנסעקווענצן פון דער היטלער־קאַטאַסטראָפע. די פּליטים פון דער נאַצישער פּוריע האָבן פאַרגרעסערט, כּמעט פאַרדאָפּלט, דעם ישוב. היינט צו טאָג בילדן די דייטש־שפּראַכיקע יידן צוזאַמען מיט די אונגאַרישע און אַנדערע פון צענטראַל־אייראָפּע דעם רוב פון דער קהילה אין סאַנטיאַגאָ און פון אייניקע געמיינדעס אין דער פּראָווינץ.

די דייטש־שפּראַכיקע יידן האָבן אַ סך געלערנט פון דעם אומגליק. זייער יידישקייט איז פעסטער געוואָרן, זייער ציוניזם שטאַרקער, זייער שטרעבונג צו סאָלידאַריטעט מיט אַנדערע סעקטאָרן — אויסדריקלעכער. די דייטש־שפּראַכיקע יידן האָבן געבראַכט קיין טשילע די בני־ברית באַוועגונג, וואָס איז פיל משפּיע אויף צוזאַמענשמעלצן יידן פון פאַרשידענע טענדענצן אַרום גרינטלעכע יידישע אידעאַלן און פּרינציפּן. די שפּראַכלעכע אַסימילאַציע וואָס גייט אויך צווישן די דייטש־שפּראַכיקע יידן מיט אַ האַסטיקן טעמפּאָ, וועט פיל משפּיע זיין אויף צוזאַמענשמעלצן די דריי פאַרשידענע סעקטאָרן אין איין איינהייטלעכן טיפּ פון אַ טשילענער יידן. די דייטש־שפּראַכיקע יידן זיינען אָבער געווען נישט נאָר תּלמידים נאָר אויך רביים. זיי האָבן פיל בייגעטראָגן צו דער קאָנסאָלידאַציע פון יידישן לעבן און זיינען געווען די ערשטע צו שאַפן אַ לעבעדיקע פאַרבינדונג מיט ארץ־ישראל דורך דער חלוצישער באַוועגונג וואָס איז אויפגעקומען אין דער דייטש־שפּראַכיקער גרופּע „קדימה״, וואָס האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג פון „השומר הצעיר״. די חלוצישע באַוועגונג שליסט היינט צו טאָג איין עלעמענטן פון די פיר יידישע שבטים אין טשילע: דייטש־שפּראַכיקע. יידיש־שפּראַכיקע, ספרדים, און האַלבע יידן, אָפּשטאַמער פון מאַראַנען.

ה

אַט אַ די האַלב יידישע גרופּע איז אויך איין אייגנאַרטיקע דערשיינונג אין יידישן לעבן פון טשילע. פאַראַן אַן ענלעכע גרופּע אין מעקסיקע, אָבער די אַנער־קענונג פון אירע מיטגלידער אַלס יידן איז געקומען פיל שפּעטער. בשעת די האַלבע יידן פון מעקסיקע זיינען אַנערקענט געוואָרן אַלס יידן און האָבן געפּראַוועט דעם ערשטן ברית־מילה ביי זייער אַ ניי־געבוירן קינד אין 1938, האָבן די טשילענער האַלב־יידן געשיקט דעלעגאַטן שוין צום ערשטן יידישן קאָנגרעס אין טשילע אין יאָר 1919, ס׳הייסט מיט אַ צוואַנציק יאָר פריער. דערצו האָט די שפּראַכלעכע אַסימילאַציע פון טשילענער ישוב, וואָס איז פיל שטאַרקער ווי אין מעקסיקע, פיל מיטגעהאָלפן צו דעם אַז די טשילענער האַלב־יידן זאָלן זיך מער און לייכטער, ווען אפילו געגנוג ביסלעכווייז, אָנשליסן אין יידישן ישוב און אויך מאַכן עליה קיין ישראל.

די האַלב־יידן פון טשילע איז אפילו געלונגען צו באַאיינפלוסן געוויסע ריין־בלוטיקע טשילענער, ווי אויך אָפּשטאַמער פון די אינדיאַנער, ריינע קריסטן, וואָס בילדן היינט סעקטעס וואָס זיינען נאָנט צו יידישקייט, האַלטן זיך פאַראייניקט מיט די האַלב־יידן, אַרום וועלכע עס האָט זיך געשאַפן אַ מין פערטל־יידישע פּעריפעריע. ביי אַן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון לאַנד, וואָס איז אַרום אַ דריטל פון דער מעקסיקאַנער, און ביי אַ יידישן ישוב וואָס איז כמעט צוויי מאָל גרעסער ווי אין מעקסיקע, דערצו אין אַ לאַנד, וואו אַ סך, גאָר אַ סך קריסטן האָבן דעם באַוואוסטזיין פון זייער נאָנטן אָדער ווייטן יידישן אָפּשטאַם. האָט זיך דאָס אַלץ געמוזט אָפּרופן אויף דער פורימונג פון דעם גייסטיקן פּרצוף פון טשילענער יידנטום, וועלכער האָט שוין היינט, אַ רייע אייגנאַרטיקע שטריכן פון וועלכע עס לאָזט זיך גאָר אַ סך אָפּלערנען.

דער יידישער ישוב אין טשילע איז דער דרום׳דיקסטער פון די יידישע ישובים ביים פּאַציפישן אָקעאַן. פאַרוואָרפן אין „עק־וועלט" — ווי עס באַדייט דאָס וואָרט טשילע אין דער שפּראַך פון די אינדיאַנער, אָפּגעריסן אין משך פון די ערשטע יאָר צענדליקער פון די גרויסע יידישע ישובים פון אייראָפּע און פון דעם גרויסן יידישן ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט זיך דער דאָזיקער ישוב דערהאַלטן ביי יידישקייט און אַנטוויקלט אַ יידיש לעבן, מערסטנטיילס מיט אייגענע כוחות, ווען אפילו אַ געוויסע ראָלע האָט אין דעם פּראָצעס געשפּילט די יידישע אינטעליגענץ פון אויסלאַנד: שליחים און לערער פון ישראל, לערער און זשורנאַליסטן פון אַרגענטינע און פון דער אַלטער היים; אַזעלכע וואָס זיינען געקומען אויף אַ קורצן באַזוך כדי צו „נעמען", און נעמענדיק, מאַטעריעל, האָבן

זיי בייגעטראָגן גייסטיק צום אַרטיקן לעבן; אַזעלכע וואָס זיינען געקומען אויף אַ לייגגערע צייט מיט דער אויסדריקלעכער כוונה מיטצואַרבעטן מיט די אַרטיקע אין זייערע באַמיאונגען פאַר אויפשטעלן אַ יידיש לעבן, און אַזעלכע וואָס זיינען געקומען אויף אַ ווײַלע און זיינען געבליבן תושבים פון לאַנד, פאַרשטאַרקנדיק דערמיט די שיטערע רייען פון דער אָרטיקער יידישער אינטעליגענץ.

דער טשילענער ישוב קאָן אויך מיט שטאָלץ פאַרצייכענען דעם פאַקט אַז זיין אין לאַנד געבוירענע אָדער דערצויגענע אינטעליגענץ איז אַקטיווער אין יידישן לעבן ווי די יידישע־אינטעליגענץ פון אַ סך אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער ישובים.

דער יידישער ישוב אין טשילע איז דער בעסטער באַווייז אַז דער תלמודישער כלל „זרוק חוטרא אאוירא, אעיקרא קאי" — וואַרף אַ צווייג אין דער לופטן וועט זי בלייבן שטיין אויף איר וואָרצל, איז אמת אויך אין באַצוג צו לאַטיין־אַמעריקע, אפילו צו די קלענסטע ישובים, וואָס האָבן זיך מיט אייגענע כוחות דערהאַלטן ביי זייער יידישקייט און מיט אַ ביסל הילף פון דרויסן אַנטוויקלט אַט די יידישקייט צו אַ גאַנץ הויכער מדרגה.

לייענען מיר טאַקע אין נומער 5 פון דעם זשורנאַל „זיד־אַמעריקע" וואָס איז דערשינען אין טשילע, אין אַן אַרטיקל „יידישע פּראָבלעמען אין די זיד־אַמעריקאַנער לענדער" פון מ. וואַלדמאַן:

„נאָך היינט זעט עס אונדז אויס אומפאַרשטענדלעך: ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשען; אָן לערער, אָן מדריכים, דורך אַ פאָרמלאָזער מאַסע, וואָס האָט מיט אַלע טראַדיציעס געשיידט זיך: מיט טאַטע־מאַמע, געליבטע און פריינט, און וואָס האָט זיך מיט אַלע רמ"ח איברים אַריינגעטאָן אין חומריות „געלט מאַכן", אָפּזאָגן זיך פון יעדער גייסטיקער באַדערפעניש און דערהויבן ציניש און גראָב דאָס עם־הארצות ביז צו אַ קולט. איז דערפאַר דאָס וואונדער, פון וואַנען האָט זיך אויפגעוועקט אין דער דאָזיקער אומגעשטאַלטיקטער און קאָלירלאָזער מאַסע דער ווילן און די אייגנשאַפטן צו אָרגאַניזירן זיך אונטערן צייכן פון איין משפחה, און אומעטום אונטער די איינע און די זעלבע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, ווי אַן אינווייניקסטער אינסטינקטיווער ווילן פון זעלבסט־דערהאַלטונג, האָט אין די מענטשן אויפגעוועקט דעם באַוואוסטזיין פאַר אחריות פון דעם ווייטערדיקן יידיש־נאַציאָנאַלן קיום".

די פאַרענטפערונג פון אָט דעם „וואונדער", ליגט טאַקע אין דעם געפיל פון אחריות, וואָס איז געווען שטאַרק אַנטוויקלט ביי יחידי־סגולה און האָט געגליט ווי אַ פונק פון דעם וואָס מען רופט „פּינטעלע ייד", ביי יעדן איינעם פון די איינגעוואַנדערטע, און איז נאָך ביז היינט נישט אינגאַנצן אויסגעלאָשן געוואָרן, אפילו ביי זייערע פון פאָרמעלער יידישקייט אָפּגעפרעמדטע קינדער. אחריות:

פאַר וואָס און פאַר וועמען? פאַרן אינטואיטיוון געפיל פון אייביקייט, וואָס אַ פאַרצייטיקער יידישער וואָרטזאָגער האָט פאָרמולירט אין פיר העברעישע ווערטער: „נצח ישראל לא ישקר", — דער כוח פון יידישער אייביקייט וועט נישט פעלשן.

דער מחבר פון דעם דאָזיקן ווערק איבער דער געשיכטע פון די יידן אין טשילע, האָט געהאַט פאַר זיך די נישט לייכטע אויפגאַבע צו באַשטימען דעם „מאימתי" — פון זינט ווען קאָן מען רעכענען אַז אַ ישוב איז שוין קאָנסטיטואירט און דאַרף גערעכנט ווערן אַלס אַ זעלבער, נישט נאָר אַלס גרופּע יחידים אָן ספּעציפישן אויסדרוק פאַר זייער יידישן צוזאַמענבונד. נאָך לאַנגע טראַכטענישן און וואַקלענישן איז ער געקומען צו דער מסקנה אַז דער דאָזיקער אַזוי וויכטיקער כראָנאָלאָגישער מאָמענט דאַרף באַשטימט ווערן פון דעם דאַטום אין וועלכן יידן אין אַ לאַנד אָדער שטאָט האָבן צום ערשטן מאָל געדאַווענט פערמאַנענט במנין, אָדער געגרינדעט אַ פאַראיין פאַר יידיש־וועלטלעך אויסלעבן זיך. און דערמיט אונטערגעשטראָכן פאַר זיך און פאַר אַנדערע אַז נישט נאָר זיינען זיי יידן, נאָר אַז זיי זיינען אַנטשלאָסן צו בלייבן יידן און ווילן ממשיך זיין די גאָלדענע קייט פון יידישקייט אין וועלכער עס איז נישט איז פון אירע רינגען.

נאָך אַ רייע נאָכפאָרשונגען און גביות עדות פון די עלטסטע תושבים פון ישוב, איז געלונגען פעסטצושטעלן אַז צום ערשטן מאָל האָט מען אין טשילע געדאַווענט במנין אין סאַנטיאַגאָ, אין די ימים נוראים פון תרס"ז (1906), ווען אפילו די גאָר־ערשטע מזרח־אייראָפּעישע יידן, וועמענס קינדער האָבן זיך טייל־ווייז דערהאַלטן ביי יידישקייט, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אין לאַנד אין די אַכציקער יאָרן פון נייַנצנטן יאָרהונדערט, די צייטן פון דער גרויסער יידישער עמיגראַציע פון אייראָפּע, נאָך די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד אין 1881.

דאָס יאָר 1906 דאַרף אַלזאָ באַטראַכט ווערן ווי דער אָנפאַנג פון דער געשיכטלעכער תקופה פון טשילענער יידישן ישוב. אַלץ וואָס איז געווען פריער: מאַראַנען, אימיגראַציע פון יידישע יחידים און אפילו משפחות, דאַרף באַטראַכט ווערן ווי פאָרגעשיכטע, וואָס דינט ווי אַ באַזע און פעדעסטאַל פאַר דער געשיכט־לעכער תקופה.

דער באַשלוס פון דעם „קאָמיטע רעפּרעזענטאַטיוואָ דע לאַ קאָלעקטיווידאַד איז־ראַעליטאַ דע טשילע"—רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט פון יידישן ישוב אין טשילע, צו לאָזן שרייבן די געשיכטע פון ישוב, פאַלט אַלזאָ צוזאַמען מיטן ערשטן יובל זינט דער גרינדונג פון ישוב (1906 — 1956). און דער מחבר, וואָס איז פאַר־בונדן אין אַ משך פון יאָרן מיטן טשילענער יידנטום, און האָט ביינעטראָגן זיין באַשיידענעם ביישטייער צו געוויסע אַספּעקטן פון זיין אַנטוויקלונג אין דער פאַר־טיפונג פון זיין יידישקייט, באַטראַכט עס פאַר אַ גרויסער זכיה, וואָס עס איז

אים אָנפאַרטרויט געוואָרן צו דערציילן פאַר דער יידישער, און נישט־יידישער וועלט, די ערשטע שריט פון אָט דעם וויכטיקן ישוב, וואָס שפּילט שוין היינט צו טאָג אַן אָנגעזעענע ראָלע אין לעבן פון יידישן וועלט־פאָלק, און די באַדייטונג פון וועלכן וועט מיט דער צייט נאָך מער שטייגן.

דערביי האָלט ער פאַר זיין אנגענעמסטן חוב אָפּצודאַנקען די אַלע — אינסטי־טוציעס און יחידים — וואָס האָבן מיט אים מיטגעאַרבעט ביים דערגרונטעווען די מקורות פאַר דעם ווערק, סיי מיט פערזענלעכע זכרונות, סיי מיט פאַרצייכנונגען און מעמוארן וואָס געוויסע יחידים האָבן געהאַט, סיי מיט שטעלן צו זיין דיס־פּאָזיציע אַרכיוון, אַקטן־ביכער, פּעריאָדישע אויסגאַבעס, באַריכטן וכו'. זיי אַלעמען אַ האַרציקער דאַנק.

## קאַפיטל איינס

# דאָס לאַנד — טשילע

### געאָגראַפיש-היסטאָרישער איבערבליק

1) טשילע, אַ משוגענע געאָגראַפיע
2) דעראָבערונג פון לאַנד דורך די אייראָפּעער
3) קאַמף פאַר זעלבסטשטענדיקייט
4) ערשטע שריט פון זעלבסטפאַרוואַלטונג
5) אויפשוואונג נאָכן קריג
6) די איבערגעוויכט פון פאַרלאַמענט
7) אומרואיקע נאָר פרוכטבאַרע יאָרן.
8) אונטער ראַדיקאַלע רעגירונגען.

# 1. טשילע, אַ משוגענע געאָגראַפיע

טשילע איז איינע פון די שענסטע, רייכסטע און פּאָרגעשריטנסטע לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע.

אויסגעצויגן פון צפון צו דרום אויף אַ לענג פון העכער פיר טויזנט קילאָ־מעטער ים־ברעג, פאַרמאָגט דאָס לאַנד כמעט אַלע קלימאַטן וואָס קאָנען באַוואוינט ווערן פון מענטשן, פון טראָפּיקאַלישן ביז מיטלמעסיק־קאַלטן אין וועלכן עס קאָן זיך נאָך אַנטוויקלען אַ רייכע פי־צוכט פון שאָף.

דאָס לאַנד בילדעט אַ שמאָלן פּאַס באָדן, וואָס דערגרייכט אָפטער נישט מער ווי צו 100 קילאָמעטער אין דער ברייט, און איז איינגעקלאַמערט צווישן צוויי אומענדלעכקייטן: די ביז גאָר הויכע בערג פון דער אַנדן־קאָרדיליערע, מיט איר העכסטן שפּיץ אַקאָנקאַגואַ, פון 7400 מעטער, און דעם אומענדלעכן ברייטן אָקעאַן וואָס ווערט מיט פולער רעכט גערופן דער גרויסער און מיט אַ ביסל ווייניקער רעכט אויך דער שטילער, ווייל גראָד קאָן ער זיך אַמאָל צעשטורעמען אַזוי אַז עס הויבט אָן צו גרוילן, און ביי דרום־ברעגן פון טשילע זיינען פאַראַן בוכטעס אין וועלכע דאָס וואַסער הערט נישט אויף צו קאָכן און זידן. איינע פון די דאָזיקע אָקעאַן אויסגוסן איז מיט רעכט געקרוינט געוואָרן פון די ים־פאָרער מיטן נאָמען „גאָלפאָ דע פּענאַס" — דער ים־אויסגוס פון ליידן.

טאָפּאָגראַפיש באַשטייט די מדינה פון אַ הויכן פּלאַכלאַנד איינגעשלאָסן אין צוויי באַרג־קייטן — די קאָרדיליערע פון די אַנדן אויף מזרח, די קאָרדיליערע פון ים־ברעג, אויפן גרעסטן טייל פון מערב. צווישן ביידע בערג־קייטן און זייערע אָפּצווייגונגען געפינען זיך אַ רייע פּרעכטיקע טאָלן וואָס זיינען זייער פּראָדוקטיוו אין צענטראַלן טייל, וואו עס איז קאָנצענטרירט דער רוב פון דער באַפעלקערונג

פון דער רעפּובליק. דער קלימאַט איז כמעט אומעטום אַ געזונטער, ווען אפילו ער ווערט אַלץ פייכטער און פייכטער וואָס ווייטער אויפן דרום.

דאָס לאַנד איז זייער רייך אין נאַטור־שיינקייטן. בערג און טאָלן, און טייכן און טייכלעך, און וואַסערפאַלן, און אָזיערעס, לאַנקעס באַדעקט מיט בלומען און וועלדער פול מיט הויכע שטאַמיקע בוימער. די דרום־געגנט קאָן זיך פאַרגלייכן מיט דער שווייץ. די מיט שניי באַדעקטע באַרג־שפּיצן באַגלייטן דאָס אויג וואו נאָר עס וואַרפט אַ בליק. פאַראַן פּייזאַזשן וואָס זיינען ממש איינציק אין זייער גראַנדיעזער נאַטור־שיינקייט. דאָס אַלץ איז איבערגעצויגן מיט אַ קלאָרן, מערסטנ־טייל לויטערן הימל, וואָס, ווען אפילו אַביסל פאַרנעפּלט אין די פריע ווינטערדיקע פרימאָרגן שטונדן איז ער דאָך אַריין אין נאַציאָנאַלן הימן פון לאַנד דורך פאָלגענדע פערזן:

רײַן דײַן הימל, טשילע, לויטער דורכגעבלויט,
ריין די ים־ווינטלעך, וואָס קרייצן דיך באַטויט,
דיינע פעלדער בלומען אויסגעצירט
ווי דער עדן וואַרהאַפטיק קאָפּירט.

אין שטח פאַרנעמט טשילע העכער 741 טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער, אָבער נאָר איין־דריטל פון דעם איז צוגעפּאַסט פאַר אַגריקולטור, פי־צוכט און וואַלד־עקספּלואַטאַציע; צוויי־דריטל פון באַדן פאַרנעמען די בערג און מדבריות, וואָס קאָנען נישט באַאַרבעט ווערן און זיינען דאָך נישט קיין עקאָנאָמישע „נעבאַך׳ס״, ווייל זיי זיינען פול מיט נאַטירלעכע אוצרות: סאַליטרע אין די מדבריות, מינעס פון מינעראַלן און מעטאַלן אין מדבריות און בערג: שטיין־קוילן, אייזן, גאָלד, יאָד, קופּער (18 פּראָצענט פון דער וועלט־פּראָדוקציע), מאַנגאַנעז, טונגסטען א. א. וו.

צו די רייכטימער פון לאַנד דאַרפן צוגערעכנט ווערן די רייכטימער פון ים, וואָס שטעלט צו יערלעך 15 מיליאָן טאָן פיש און אַרום צען־מיליאָן טאָן אויסטערס, ים־הייששעריקן, און אַנדערע ים־שרצים, וואָס ווערן אין אַ גאַנץ היפּשער טייל עקספּאָרטירט אַלס דעליקאַטעסן פאַר רייכע טישן.

טשילע איז דאָס פרייליכע לאַנד פון וויינגערטנער און וויין. 86 טויזנט העקטאַר ווייַנטרויבן פון די בעסטע סאָרטן אין דער וועלט, גיבן אַ יערלעכע פּראָדוקציע פון דריי הונדערט מיליאָן ליטער פון פאַרשידענע וויינען און משקאות, איז טאַקע וויין בילינגער ווי מילך, און דער פּועל יוצא דערפון איז וואָס אין פאַר־גאַנגענע צייטן איז אין לאַנד געווען שטאַרק פאַרשפּרייט די מחלה פון שכרות,

וועלכע איז פיל אָפּגעשוואכט געוואָרן אויף וויפיל די אַלגעמיינע קולטור פון דער באַפעלקערונג איז געשטיגן.

איז שוין פאַרשטענדלעך פאַרוואָס דער טשילענער איז אַזאַ הייסער פּאַט־ריאָט. אַ לאַנד מיט אַזוי פיל מעלות און שיינקייטן איז שווער נישט ליב צו האָבן. די אָפּגעשלאָסנקייט פון לאַנד, צו וועלכן עס איז אין אַ משך פון יאָרהונדערטער געווען שווער צוצוקומען און פון וועלכן עס איז אויך געווען שווער אַרויסצופאָרן, ווייל דעם וועג האָבן פאַרשטעלט אויף מזרח די אַנדן־בערג, אויף צפון די מדבריות און אויף דרום און מערב שטורמדיקע ים־שטחים, האָט גורם געווען אַז אין טשילע זאָל זיך די שפּאַנישע טראַדיציע דערהאַלטן פיל לענגער ווי אין די מדינות וואָס קוקן אַרויס צום אַטלאַנטיק, און די באַציאונג צו פרעמדע, איינגע־וואַנדערטע, זאָל האָבן געווען אַ רעזערווירטע, וואָס בלויז, דער מילדער כאַראַקטער פון דער באַפעלקערונג האָט אָפּגעהאַלטן פון פאַרוואַנדלען זיך אין אַ קסענאָפאָ־ביע (שנאה צו פרעמדע).

די געאָגראַפיע האָט אַוועקגעשטעלט טשילע מיטן רוקן צו דער גרויסער וועלט, און, עקאָנאָמיש ווי גייסטיק, איז די אָרטיקע באַפעלקערונג אין משך פון יאָרהונדערטער געווען אָנגעוויזן מער אויף אייגענע כוחות; דאָס האָט אין איר אַנטוויקלט אַ שטאָלץ און אַ זעלבסטבאַוואוסטזיין, וואָס דערגרייכט דאָך נישט צו איבערגעטריבענער נאַציאָנאַלער גאוה. אין טשילע איז נישט אויפגעקומען קיין הערן־פאָלק, נאָר אַ פאָלק פון הערן, און דאָס דאַרף גוט גענומען ווערן אין חשבון, ווען מען וויל פאַרשטיין די סביבה און די באַדינגונגען אין וועלכע דער יונגער יידישער ישוב האָט זיך געהאַט צו אַנטוויקלען.

## 2. דעראָבערונג פון לאַנד דורך אייראָפּעער

טשילע איז אין משך פון 270 יאָר געווען אַ שפּאַנישע קאָלאָניע. ווען די שפּאַנישע דעראָבערער (קאָנקיסטאַדאָרעס) זיינען געקומען קיין טשילע אַרום 1535, האָט דאָס לאַנד פאַרמאָגט אַן איינגעבאָרענע באַפעלקערונג פון אַרום אַ מיליאָן מיט צוויי מאָל הונדערטויזנט נפשות, וואָס האָבן געהערט צו פאַרשידענע אינדישע שטאַמען, זיינען אין גרעסטן טייל געווען אונטערגעוואָרפן דער אויבערהערשאַפט פון די אינקאַס פון פּערו, און געוויסע שבטים פון וועלכע זיינען געשטאַנען אויף אַ גאַנץ הויכער קולטור־שטופע.

צום צפון האָט געלעבט דער שטאַם אַטאַקאַמאַ, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט ערד־אַרבעט, פי־צוכט פון ליאַמעס, אַזעלכע שאָף — ענלעכע ברואים פון דער אַנדען־זאָנע, טעפּעריי, וועבעריי, און האָבן אויך געקאָנט באַנוצן אייזן־

מינעראַל. זיי האָבן פאַרמאָגט אויך אַ סוחרים־קלאַס, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט די אַרומיקע שבטים. זיי האָבן געהאַט אַן אייגענע שפּראַך, פאַרשידן פון קיטשוּאָ (די שפּראַך פון פּערו) און אימאַראַ (די שפּראַך פון הויך־פּערו), און פון די שפּראַכן פון די אַנדערע שטאַמען אונטער הערשאַפט פון די אינקאַס.

אויפן דרום האָבן געלעבט די העלדישע, מוטיקע אַראַוקאַנער, איינגעוואַנ־דערטע פון דער מזרח־זייט אַנדען בערג, וואָס האָבן אויך געהאַט אַ באַדייטנדיקע קולטור און האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער קריגערישקייט. די מענער האָבן זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט פירן מלחמות, און אַלע אַנדערע אַרבעטן זיינען געווען אין די הענט פון די פרויען.

אין צענטער פון לאַנד האָבן געלעבט אין טאָל פון אַקאָנקאַגואַ, די רואיקע, ווייניק אַנטוויקלטע מאַפּוטשעס און ווייטער אויפן דרום, אין טאָל פון טייך ביאָ־ביאָ, די קריגערישע פּעהוענטשעס, אויך אַריבערגעקומענע פון מזרח־זייט אַנדען־בערג.

די באַפעלקערונג האָט זיך ביי די ים־ברעגן אויך אָפּגעגעבן מיט פישעריי, די שבטים פון אינלאַנד האָבן בעיקר געלעבט פון פּרימיטיווער אַגריקולטור, חיות־פאַנג, וכ׳.

דאָס באַהערשן די אינדישע שבטים איז אָנגעקומען נישט לייכט, פיל שווערער ווי אין אַנדערע מקומות: מעקסיקע, פּערו, עקוואַדאָר. די ערשטע עקספּעדיציע פון דיעגאָ דע אַלמאַגראָ אין 1535, פאַלט פולקאָם דורך. די צווייטע אַריינדרינגונג פון 1540, מיט פּעדראָ וואַלדיוויאַ בראש, וואָס איז באַשטאַנען פון 150 שפּאַניער און אַ טויזנט אינדיאַנער פון אַנדערע מקומות, האָט שוין אַביסל מער דערפּאָלג. זי באַוויזט אפילו צו גרינדן אייניקע ישובים: סאַנטיאַגאָ (1541), קאָקימבאָ (1544), קאָנסעפּסיאָן (1550), וואַלדיוויאַ און וויזשאַריקאַ (1552), אָבער אין 1553 פאַלט פּעדראָ וואַלדיוויאַ אין אַ שלאַכט מיט די אַראַוקאַנער, וועלכע אָנגעפירט פון זייער נאַציאָנאַלן העלד, לאַוטאַראָ, ווישן אָפּ אַלע געגרינדעטע ישובים און דערגייען כמעט ביז סאַנטיאַגאָ. ערשט אין 1557 ווען דער נייער גובערנאַטאָר גאַרסיאַ הורטאַדאָ דע מענדאָזאַ באַזיגן די אַראַוקאַנער און דאָס „קעניגרייך טשילע״ קאָן באַטראַכט ווערן דעפינטיוו דעראָבערט פאַר דער שפּאַנישער קרוין.

דאָך קאָן מען די אַראַוקאַנער נישט באַזיגן, און דער מלך פון שפּאַניע, פיליפּ דער דריטער, זעט זיך געצוואונגען צו באַטראַכטן דעם טייך ביאָ־ביאָ ווי אַ גרענעץ־ליניע צווישן דעם שפּאַנישן באַזיץ און אַראַוקאַניע, דאָס לאַנד פון די אַראַוקאַנער, וואָס האָבן נאָך אין משך פון זיבעצעטן יאָרהונדערט אַ רעלאַטיווע אומאָפּ־הענגיקייט.

די באַזעצונג פון טשילע דורך שפּאַנישע קאָלאָניסטן קומט פאָר זייער לאַנג־

זאם. הונדערט יאָר נאָך דער ערשטער עקספּעדיציע, אין 1630, ווערט די ווייסע באַפעלקערונג פון לאַנד געשאַצט און בלויז אַרום אַכט טויזנט, פון וועלכע אַרום טויזנט זיינען גלחים און מאָנאַכן. מיט דער צייט שטאַרקט זיך דער ריטם און וואוקס פון דער ווייסער באַפעלקערונג. אין 1700 זיינען שוין פאַראַן אין לאַנד אַרום 70 טויזנט ווייסע. מיט אַכציק יאָר שפּעטער, דערגרייכט שוין די צאָל צו העכער אַ פערטל מיליאָן, און מיט דרייסיק יאָר שפּעטער, ווען עס הויבט זיך אָן אין 1810 די באַוועגונג פאַר זעלבסטשטענדיקייט, זיינען פאַראַן אין לאַנד קוים אַרום 500 טויזנט ווייסע, אויסער אַ היפּשער צאָל מישלינגער פון שפּאַניער מיט אינדיאַנער.

פּאַראַלעל מיטן וואוקס פון דער ווייסער באַפעלקערונג, הויבט זיך אויך דער קולטור־ניוואָ פון לאַנד. שוין אַזוי פרי ווי אין 1747 ווערט געגרינדעט דער ערשטער אוניווערזיטעט, אין וועלכן די לימודים וועלן זיך אָנהויבן ערשט מיט אַ ניין יאָר שפּעטער, אין 1756.

דער העלדישער קאַמף פון די איינגעבאָרענע קעגן דער שפּאַנישער אַריינ־דרינגונג, דערקלערט אין אַ געוויסער מאָס די אומאָפּהענגיקייט פון נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון טשילענער פאָלק. דער טשילענער קאָן נישט זיין אונטערוואָרפן, ער פילט זיך בנוגע צו זיין אַרבעטס־געבער און אפילו רעגירער, ווי אַ גלייכער מיט גלייכע, ער האַלט הויך זיין מענטשלעכע ווירדע און איז גרייט צו קעמפן פאַר זיין פּערזענלעכער און נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט. ביז אַ געוויסן גראַד שפּיגלט אָפּ דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער די וואולקאַנישע אייגנשאַפטן פון באָדן, וואָס ליידט אָפט פון ערד־טרייסלען.

## 3. קאַמף פאַר זעלבסטשטענדיקייט

די ווייסע באַפעלקערונג פון די שפּאַנישע קאָלאָניעס אין די אַמעריקעס איז באַשטאַנען פון אַריבערגעקומענע פון שפּאַניע און פון זייערע אָפּשטאַמער וואָס זיינען געבאָרן געוואָרן אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט און האָבן זיך באַ־טראַכט פאַר אַמעריקאַנער אָנגעמענדיק די באַצייכנונג פון „קריאָזשאָס”, וואָס מיינט צו זאָגן אַן אָרטיקער, אַ געבוירטיקער, אָדער אַן אויפגעוואַקסענער.

די רעגירונג פון די קאָלאָניעס איז אָבער בעיקר געווען אין די הענט פון באַאַמטע געקומען און באַשטימט פון דער מעטראָפּאָלי. די איינגעבוירענע קריאָ־זשאָס האָבן זיך ווייניק באַטייליקט אין רעגירונג פון לאַנד און האָבן נישט געקאָנט פאַרנעמען קיין העכערע אַמטן, מען האָט אויף זיי בכלל געקוקט פון אויבן אַראָפּ, באַטראַכט פאַר מענטשן פון אַ צווייטער קאַטעגאָריע. דערצו איז די עקאָנאָמישע

פּאָליטיק פון דער מעטראָפּאָלי געווען אָריענטירט אויף אויסצונוצן די רייכטימער פון די קאָלאָניעס לטובת דער באַפעלקערונג פון דער מוטערלאַנד, און דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן שטאַרקע אומצופרידנקייט צווישן די „קריאָזשאָס" — אַן אַקטיווער, באַגאַבטער מענטשן מאַטעריאַל מיט פולן באַוואוסטזיין פון זיין זעלבסטווירדע.

דער ביישפּיל פון דער באַפעלקערונג פון די ענגלישע קאָלאָניעס אין צפון אַמעריקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער מעטראָפּאָלי און דערקלערט זיך ווי זעלבסטשטענדיקע פּאַראייניקטע שטאַטן אין 1776, האָט געווים שטאַרק געווירקט אויף די שטרעבונגען צו זעלבסטשטענדיקייט אין די שפּאַנישע קאָלאָניעס.

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין 1789, און האָט הויך, פאַר דער גאַנצער וועלט פּראָקלאַמירט די פּרינציפּן פון פרייהייט און גלייכהייט פאַר אַלע מענטשן, און די רעכטן פון בירגער סיי אויפן ציווילן סיי אויפן פּאָליטישן געביט, האָבן נאָך מער געשטאַרקט די שטרעבונג צו אומאָפּהענגיקייט צווישן די „קריאָזשאָס", וועלכע האָבן נאָר געוואַרט אויף אַ גינסטיקן מאָמענט צו קאָנען אַראָפּוואַרפן דעם שפּאַנישן יאָך.

די לאָיאַליטעט צום מוטערלאַנד שפּאַניע איז דאָך געווען גענוג גרויס אַז, כל זמן אויפן שפּאַנישן טראָן זיינען געזעסן אייגענע מושלים, ווען אפילו פון אויסלענדישע דינאַסטיעס: האַבסבורג און באָרבאָן, זאָלן די אומצופרידענע אין די קאָלאָניעס נישט וואַגן אַרויסצוטרעטן קעגן דער מעטראָפּאָלי.

אָבער ווען די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות האָבן אויך פאַרכאַפּט שפּאַניע, די מלכים קאַרל דעם 4־טער און זיין זון פערדינאַנד דער זיבעטער, האָבן אַבדיקירט צו גונסטן נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, וועלכער האָט אַרויפגעזעצט אויפן שפּאַנישן טראָן זיין ברודער זשאָזעף, האָבן די שפּאַנישע קאָלאָניעס געפונען אַ שעת הכושר אַרויסצוטרעטן אויף אייגענער האַנט און פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן, קעגן אַ רעגירונג פון אַן אוזורפּאַטאָר, וועמען זיי האָבן נישט געשוואוירן קיין טרייהייט. עס האָט געהייסן אַז די קאָלאָניעס בלייבן טריי דעם מלך פערדינאַנד דעם זיבעטן, וועמען זיי האָבן געשוואָרן טרייהייט. זיי פילן זיך אָבער בכוח אַליין אָפּצוהיטן די לעגיטימע רעכטן פון דער קרוין, ווי זעלבסטשטענדיקע לענדער, וואָס האָבן איינעם און דעם זעלבן הערשער, נאָר זיי זיינען נישט אונטערגעוואָרפן דער מעטראָפּאָלי, שפּאַניע, וואָס איז שוין דאַן ווייט נישט געווען די גרעסטע און רייכסטע פּערל אין דער קרוין פון די שפּאַנישע מושלים.

אין 1810 ברעכט אויס אין טשילע די רעוואָלוציע קעגן דער שפּאַנישער הערשאַפט, בראש פון וועלכער עס שטעלט זיך שפּעטער בערנאַרדאָ אָ'היגינס, אַ זון פון אַ געוועזענעם ליבעראַלן שפּאַנישן גובערנאַטאָר פון לאַנד, אַמבראָסיאָ

אַ'היגינס. בערנאַרדאָ אָ'היגינס ווערט דערצויגן אין ענגלאַנד אין הויז פון אַ יידישן סוחר. בערנאַרדאָ אָ'היגינס קעמפט העלדיש קעגן די שפּאַנישע חילות וואָס האָבן אַ גרויסן איבערגעוויכט איבער זיינע אימפּראָוויזירטע פאָרמאַציעס. באַלאַ־גערט אין ראַנקאַגואַ, ברעכט ער דורך די באַלאַגערונג אונטערן העלדישן לאָזונג: „מיר בעטן נישט און מיר געבן נישט קיין איינזען", אַ פראַזע וואָס כאַראַקטערי־זירט אַמבעסטן די טשילענער אַנטשלאָסנקייט אין קאַמף.

ווען די שפּאַניער באַקומען פאַרשטאַרקערונג פון וויצע־קעניגטום פון פּערו, און די טשילענער פּאַטריאָטן מוזן עמיגרירן קיין אַרגענטינע. באַשליסט דער אַר־גענטינער נאַציאָנאַלער העלד גענעראַל כאָסע דע סאַן מאַרטין, אַריבערצוגיין די אַנדען־בערג מיט זיין אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען פון העכער פינף טויזנט מאַן — אַ גוואַלדיקער מיליטערישער אויפטו פאַר יענע צייטן! — און צו באַפרייען די שכנה־שע שוועסטער־לאַנד. די רעשטלעך פון די טשילענער חילות קאָמאַנדירט פון אָ'היגינס, שליסן זיך אָן אין דער אַרמיי פון סאַן־מאַרטין. מיט די זיגן אין טשאַקאַבוקאָ (1817) און מאַיפּו (1818), ווערט די אומאָפּהענגיקייט פון טשילע פאַרזיכערט אויף שטענדיק. עס ווערט באַשטימט אַ נאַציאָנאַלע רעגירונג וואָס ווערט פּרעזידירט פון בערנאַרדאָ אָ'היגינס, מיטן טיטול: „העכסטער דירעקטאָר". דער קאַמף פאַר זעלבסטשטענדיקייט איז פולקאָם פאַרענדיקט.

## 4. ערשטע שריט פון זעלבסטפאַרוואַלטונג

בערנאַרדאָ אָ'היגינס מוז אַריינברענגען אָרדנונג אין דעם שטאַרק צערודערטן לאַנד, און ער מוז רעגירן מיט אַ שטאַרקער האַנט, אַ רעגירונגס־סיסטעם וואָס ווערט שווער געדולדעט פון די פרייהייט־ליבענדיקע טשילענער. אין 1823 ברעכט אויס אַ רעוואָלוציע, וואָס צווינגט אָ'היגינס צו רעזיגנירן זיין הויכן אַמט. ער פאַרלאָזט די העכסטע מאַכט, אָבער זיין אָרט בלייבט אים געזיכערט אין דער טשילענער געשיכטע, אַלס גרינדער פון דער רעפּובליק און נאַציאָנאַלער העלד פון טשילענער פאָלק, וואָס קאָן זיין דאַנקבאַר צו די וואָס האָבן געקעמפט זיין קאַמף.

מיט דער רעזיגנאַציע פון אָ'היגינס הויבט זיך אָן אַביסל אַן אומרואיקע תקופה. זיין נאָכפאָלגער גענ. פריירע, מוז רעזיגנירן אין 1826. נאָך אַ פּאָר אומ־רואיקע יאָרן ווערט ער פאַרביטן מיט גענ. פראַנסיסקאַ פּינטאַ, וועלכער ווערט אַראָפּגעזעצט אין 1830, אָבער אין 1833, אונטער דער פּרעזידענץ פון גענעראַל פּריעטאַ ווערט אָנגענומען אַ נייע קאָנסטיטוציע פון דער רעפּובליק, דאָס ווערק פון זיין גרויסן מיניסטער דיעגאָ פּאָרטאַלעס און דאָס ווירקט צום גונסטן אויף דער קאָנסאָלידאַציע פון שטאַט און סטאַביליזאַציע פון דער רעגירונג און איר

ציווילן כאַראַקטער. די רעגירונגס־פאָרם איז אַ צענטראַליסטישע, אַן אוניטאַרע, מיט ברייטע פולמאַכטן פאַרן פּרעזידענט.

די רעגירונג וועט אין אַ משך פון לאַנגע יאָרצענדליקער זיין אין די הענט פון דער קאָנסערוואַטיווער אַריסטאָקראַטיע פון ערד־באַזיצער.

כאָאַקין פּריעטאָ (1831-41), גענעראַל מ. בולנעס (1841-51), מאַנועל מאָנטט (1851-61), כ. כ. פּערעז (1861-71), פ. ע. סאַניאַרטו (1871-76), אַניבאַל פּינטאָ (1876-81), ד. סאַנטאַמאַריאַ (1881-86) און כ. מ. באַלמאַסעדאַ (1886-91), איינער פון די טיכטיקסטע און באַגאַבסטע רעגירער וואָס טשילע האָט געהאַט.

אין די רואיקע צייטן ווערט דאָס לאַנד שטאַרקער עקאָנאָמיש און פּאָליטיש, די באַפעלקערונג וואַקסט אין צאָל, די קולטור שטייגט, די פאַרוואַלטונג ווערט בע־סער אָרגאַניזירט און די מדינה גייט אַרויס אויף די ברייטע וועגן פון פּראָגרעס. אַזוי ווערט געגרינדעט אין 1827 די צייטונג „מערקוריאָ", די עלטסטע טשילענער צייטונג וואָס עקזיסטירט ביז היינט צו טאָג. אין 1842 ווערט געגרינדעט די אוני־ווערזיטעט פון טשילע, אין 1849 ווערט געגרינדעט די אַקאַדעמיע פאַר שיינער קונסט און די מוזיק קאָנסערוואַטאָריע.

די רעפּובליק קאָן אויך אַרויס זיגרייך פון דריי מלחמות וואָס זי איז גע־צוואונגען צו פירן. אין 1838 אַ מלחמה קעגן דער קאָנפעדעראַציע פון פּערו מיט באָליוויע, אין 1864 אַ מלחמה בשותפות מיט פּערו קעגן שפּאַניע און אין 1879-80 אַ מלחמה קעגן אַ קאָאַליציע פון פּערו און באָליוויע, וואָס דערמעגלעכט טשילע צו פאַרגרעסערן איר טעריטאָריע. אין 1883 ווערט געשלאָסן מיט פּערו דעם שלום פון אנקאָן, און ערשט אין 1904 דער שלום מיט באָליוויע. ביידע לענדער טרעטן אָפּ טשילע גרויסע שטחים אין די צפון געביטן פון לאַנד, וואָס זיינען זייער רייך אין מינעראַלן און מעטאַלן, בעיקר סאַליטרע, קופּער וכו'.

אַלס נאָכווייעניש פון אָט דעם קריג צווישן ברידער־פעלקער, בלייבט די דע־פיניטיווע לייזונג פון דעם פּראָבלעם פון טאַקנאַ און אַריקאַ, דער באַזיץ פון וועלכע ווערט באַשטימט נישט אויפן שלאַכט פעלד, נאָר דורך דירעקטע פאַרהאַנדלונגען אונטער דער ערשטער פּרעזידענץ פון גענ. איבאַניעז אין טשילע און אויגוסטאָ לעגיאַ אין פּערו. די געגנט פון טאַקנאַ ווערט אומגעקערט צו פּערו, די געגנט פון אַריקאַ בלייבט ביי טשילע. אין 1904 ווערן אויך געגעבן געוויסע פּריווילעגיעס צו באָליוויע אין דעם פּאָרט פון אַריקאַ, בכדי צו דערמעגלעכן יענער צענטראַלער מדינה אַ לייכטערן צוטריט צום ים, און טשילע בויט אויף אַ אייזנבאַן ליניע פון פּאָרט אַריקאַ צו דער באָליוויאַנער הויפּטשטאָט לאַ פּאַז.

## 5. אויפשוואונג נאָכן קריג

דער זיג אין דער מלחמה מיט פּערו און באָליוויע באַצייכנט די פּאָליעריקייט פון טשילע. אין 1886 אונטער דער רעגירונג פון באַלמאַסעדאַ וועט זיך אָנהויבן אַ תקופה פון רעש'יקן פּראָגרעס אין אַ סך הינזיכטן.

נאָך אין 1851 עפנט מאַנועל מאָנטט פאַר דער אייראָפּעאישער איינוואַנדערונג די געביטן פון דרום, וואו עס שאַפט זיך מיט דער צייט אַ היפּשע דייטשישע באַפעלקערונג וואָס האָט אַרויפגעלייגט איר חותם אויף דעם געגנט, ביז היינט צו טאָג. צוזאַמען מיט די דייטשישע אימיגראַנטן זיינען אויך געקומען אייניקע יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך ס'רוב אַסימילירט מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג. אין די צייטן פון באַלמאַסעדאַ ווערן אויך געבויט נייע באַן־ליניעס, פּאָרטן, און עס ווערט אַ סך געטאָן פאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד. טשילע איז, אגב, געווען דאָס ערשטע לאַטיין־אַמעריקאַנער לאַנד צו בויען אייזנבאַנען אין יאָר 1851. אָבער אין 1891 זעט זיך באַלמאַסעדאַ געצוואונגען צו רעזיגנירן. די באַפעלקערונג האָט שוין דערגרייכט אַ באַדייטנדיקע שטופע פון פּאָליטישער דער־ציאונג. עס קומט אַ צעטיילונג אין דער ליבעראַלער פּאַרטיי, וואָס ווערט צעטיילט אין דריי פראַקציעס: דאָקטרינערע, מיטלמעסיקע און דעמאָקראַטישע, צעלן פאַר די צוקונפטיקע פּאַרטייען אין דער רעפּובליק. די ליבעראַלע פּאַרטיי איז די פאָר־שטייערין און וואָרטזאָגערן פון דער העכערער בורזשואזיע, אַ געמיש פון ליבעראַלע ערד־באַזיצער און רייכע סוחרים וואָס זיינען פאַר דער צייט אויפגעקומען.

באַלמאַסעדאַ באַגייט זעלבסטמאָרד אין דעם טאָג וואָס ער האָט געענדיקט זיין מאַנדאַט און זיין טויט באַדייט דעם אָפּשלוס פון דער ערשטער תקופה אין דער פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון לאַנד.

## 6. די איבערגעוויכט פון פּאַרלאַמענט

דער טויט פון באַלמאַסעדאַ באַדייט דעם סוף פון די ערשטע מלוכה פּרע־זידענטן וואָס האָבן געהאַט די אויבערהאַנט אין די מלוכה ענינים. אויף אַ משך פון 35 יאָר, ביז דער רעפאָרמע פון דער קאָנסטיטוציע אין 1925, וועט די הויפּט־דעה אין די מלוכה־אָנגעלעגנהייטן האָבן דער פּאַרלאַמענט, וועלכער וועט קאָנען שטירצן די מיניסטעריומס דורך אויסדרוקן זיי אומצוטרוי. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין קאָנגרעס, וואו עס הערשן פּאַרטייען, איז פאַראַן מער מעגלעכקייטן פאַר פּאָליטישע קאָמבינאַציעס, און די רעגירונג פון לאַנד פאַרלירט פיל אין איר גראַד־ליניקער אויסגעהאַלטנקייט. פאַר דער צייט שטייען בראש פון דער רעפּובליק די

פאָלגנדיקע פּרעזידענטן : אדמיראַל כ. מאָנטט (1891-96), פּ. עררּאַסוריס עטשאַורען 1896-1901, ג. ריעסקאָ 1901-1906, פּ. מאָנטט 1906-10, ר. באַרראָס לוקאָ 1910-15 און כ. ל. סאַנפוענטעס 1915-20.

די ענדערונג אין דעם רעגירונג־סיסטעם ווירקט נישט צום שלעכטן אויפן לעבן פון לאַנד, וואָס אַנטוויקלט אירע נאַטירלעכע רייכטימער און די גייסטיקע פּאָטענצן פון איר אייגנאַרטיקייט אין דער קולטור. די באַפעלקערונג פאַרגרעסערט זיך. די עקאָנאָמיק אַנטוויקלט זיך מיט אַלץ נייע און נייע אונטערנעמונגען, און די קולטור האָט אויך צו באַצייכענען אַן אַנזיכטבאַרן אויפשטייג.

אין די צייטן פון ערשטן וועלט־קריג שפּילט טשילע אַ ביז גאַר וויכטיקע ראָל אַלס צושטעלער פון קופּער און בעיקר סאַליטרע, וואָס זיינען נויטיק אין דער פאַבריקאַציע פון אַמוניציע.

די באַפרייאונגס באַוועגונגען וואָס די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אַרויס־גערופן הן אויפן נאַציאָנאַלן געביט, באַפרייאונג פון אַ רייע אונטערדריקטע פעל־קער, סיי אויפן סאָציאַלן געביט, דער גוראַנגל פון פּראָלעטאַריאַט פון דער עקאָ־נאָמישער פאַרבעסערונג פון זיין לאַגע, ווי אויך פאַר זיין פּאָליטישער גלייכבאַ־רעכטיקונג, זיינען נישט געבליבן אָן ווירקונג אויף דעם טשילענער פאָלק, וואָס איז וואַכזאַם צו יעדער נייער אידעע פון וואָס פאַר אַ טענדענץ זי זאָל נישט זיין. אין דער באַפעלקערונג שטאַרקט זיך די נטיה צו ווייט־גייענדיקע ענדערונגען אין דער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער סטרוקטור פון לאַנד, וואָס זאָל געבן מער „ברויט און פרייהייט" צו זיין מיטלקלאַס און אַרבעטנדיקע מאַסן.

די דאָזיקע אַספּיראַציעס קאָנצענטרירן היפשע פּאָליטישע כוחות אַרום דער פּערזאָן פון אַרטוראָ אַלעסאַנדרי, וועלכער וועט דערוויילט ווערן אַלס מלוכה־פּרעז־זידענט אין 1920. ער וועט פאַרנעמען דעם דאָזיקן הויכן אַמט אין משך פון צוויי פּעריאָדן פון 1920 ביז 1925, און פון 1932 ביז 1938. די פּאָליטישע אַקטואַציע פון אַרטוראָ אַלעסאַנדרי וועט באַדייטן אַ טיפע באַנייאונג און ווייט גייענדיקע ענדערונג אין דער פּאָליטיק פון לאַנד. און עס פאַרשטייט זיך אַז דאָס האָט נישט געקאָנט דורכגיין אָן שאַרפע אויפטרייסלונגען און קאָנפליקטן, וואָס די מדינה וועט האָבן דורכצומאַכן און איבערוועלטיקן.

מיט דער דערוויילונג פון אַרטוראָ אַלעססאַנדרי אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק אין 1920, הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה פון פּאָליטישער אַנטוויקלונג, וואָס וועט ברענגען צו אָפטע אויפטרייסלונגען אויך אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פון לאַנד. די פּלאַטפאָרמע פאַר דער דערוויילונג פון אַלעססאַנדרי איז בעיקר געווען באַזירט אויף פאָלגנדע צילן : דעצענטראַליזאַציע פון דער מאַכט, אָפּטיילן די קירכע פון שטאַט, הכנסה־שטייער, אַרבעטער געזעצגעבונג, רעפאָרם פון דער

קאָנסטיטוציע. אָט פאַר און קעגן די דאָזיקע צילן פירט זיך דער פּאָליטישער געראַנגל.

אין 1924 ברעכט אויס די רעוואָלוציע פון גענ. אַלטאַמיראַנאַ. פּרעזידענט אַלעססאַנדרי איז געצוואונגען נעמען זיך אורלויב און אָפּפאָרן קיין אייראָפּע, פון וואַנען ער ווערט אין 1925 צוריקגערופן, נאָכן שטאַטסקלאַפּ פון 23־טן יאַנואַר וואָס זעצט אָפּ גענ. אַלטאַמיראַנאַ צו פאַרענדיקן זיין מאַנדאַט. אין 1925 ווערט רעפאָרמירט די קאָנסטיטוציע וואָס נעמט אריין אַ סך פון די פּאָסטולאַטן אָנגעצייכנט פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי, אָבער אַלעססאַנדרי קאָן דאָך נישט פאַר־ענדיקן זיין מאַנדאַט, צוליב דעם געראַנגל אַרום דער צוקונפטיקער פּרעזידענץ, און מוז דימיטירן דעם 1־טן אָקטאָבער 1925.

אין 1926 באַשטייגט די פּרעזידענץ עמיליאַנאָ פיגעראָאַ, וועלכער רעזיגנירט אין 1927. זיין אָרט פאַרנעמט דאַן דער קאָלאָנעל קאַרלאָס איבאַניעז, וועלכער רעגירט מיט אַ צו שטאַרקער האַנט, ווען אַפילו ער פירט דורך אַ רייע פאַרן לאַנד נוצלעכע איניציאַטיוון, און ווערט אַראָפּגעזעצט פון אַ פאָלקס אויפשטאַנד אין 1931.

## 7) אומרואיקע נאָך פרוכטבאַרע יאָרן

עס הויבט זיך אָן אַ פּעריאָד פון אומרועץ אין משך פון וועלכע די רעגירונגען האַלטן זיך נישט לאַנג ביי דער מאַכט. פון יולי 1931, ווען עס רעזיגנירט גענעראַל איבאַניעז, ביזן 24־טן דעצעמבער 1932, ווען אַרטוראָ אַלעססאַנדרי טרעט אריין אין זיין צווייטער פּרעזידענץ, וועלן זיך אין דער העכסטער מאַגיסטראַטור פון לאַנד בייטן פאָלגנדיקע פּערזענלעכקייטן.

מען דאַרף געדענקען אַז אין טשילע איז נישטאָ קיין דערווײלטער וויצע־פּרעזי־דענט. ווען דער פּרעזידענט קאָן נישט אָנהאַלטן זיין אַמט, נעמט איבער די מאַכט דער אינערן מיניסטער, וואָס איז דער פּאַקטישער וויצע־פּרעזידענט. אָבער מיניס־טאָרן ווערן דאָך נישט דערווײלט נאָר באַשטימט.

גענ. איבאַניעז לאָזט די מאַכט אין די הענט פון סענאַט־פּרעזידענט פּ. אָפּאַזאָ לעטעליער, וועלכער באַשטימט אַלס אינערן מיניסטער, ס'הייסט אויך וויצע־פּרעז־זידענט, דעם פּראָפעסאָר כ. ע. מאָנטעראָ, וואָס פאַרלאָזט דעם אַמט ווען ער ווערט פּראָקלאַמירט קאַנדידאַט אויף דער פּרעזידענץ. די מאַכט נעמט איבער דער נייער אינערן מיניסטער, מאַנועל טרוקאָ, וועלכער וועט זיך האַלטן ביים אַמט אַ דריי מיט אַ האַלבן חדשים, ביזן 4־טן דעצעמבער 1931, ווען מאָנטעראָ וועט נאָך די וואַלן פון 4־טן אָקטאָבער, איבערנעמען די לעגאַלע פּרעזידענץ.

אָבער אין אַפּריל 1932 פּאַרעפנטלעכט קאַרלאָס דאווילא אַ פּלאַן פון אַ נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פון אַ שאַרפער סאָציאַליסטישער טענדענץ. אין דעם זעלבער צייט טראָגט זיך אַרום מיט סאָציאַליסטישע פּלענער דער קאָלאָנעל מאַרמאַדוקע גראָווע, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס שעף פון דער אַוויאַציע. מיט ענלעכע געדאַנקען טרעט אויך אַרויס דער אַדוואָקאַט ע. מאַטטע הורטאַדא.

דעם 4־טן יוני 1932, צווינגט די אַוויאַציע און אַ טייל פון גאַרניזאָן פון סאַנטיאַגאָ, אַז פּרעזידענט מאָנטערא זאָל פאַרלאָזן זיין אַמט און עס ווערט באַשטימט אַ רעגירונגס־ראַט (כונטא) פון דריי פּערזאָן: קאַרלאָס דאווילא, מאַטטע־הורטאַדא און גענ. א. פּוגא. קאָלאָנעל גראָווע ווערט פּאַרטיידיקונגס־מיניסטער. טשילע ווערט פּראָקלאַמירט ווי אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק. עס ווערן געמאַכט אייניקע עקאָנאָמישע פאַרלייכטערונגען פאַר אַרבעטער, קליינע סוחרים און נויט־באַדערפטיקע, אָבער די סאָציאַליסטישע רעפּובליק דויערט בלויז 12 טאָג. קאַרלאָס דאווילא בלייבט איינציקער רעגירער. מאַטטע הורטאַדא און מאַרמאַדוקע גראָווע ווערן אַרויסגעשיקט פון לאַנד.

די אַלע אויפטרייסלונגען קומען פאָר אין מיטן פון גרויסן עקאָנאָמישן וועלט־קריזיס וואָס האָט אויך דערגרייכט טשילע און געשאַפן אַ זייער שווערע עקאָנאָמישע לאַגע. די רעגירונגען האָבן אָנערקענט אַ צאָל פון 160 טויזנט אַרבעטסלאָזע, לויט אַנדערע קוועלן איז די צאָל געווען נאָך גרעסער. די נויט אין די אַרבעטער קלאַסן איז געווען אומגעהויער. דאווילא מוז פאַרלאָזן די פּרעזידענץ דעם 13־טן סעפּטעמבער, הונדערט טעג נאָך זיין איבערנעמען די מאַכט, וואָס ער גיט איבער צו גענ. ב. בלאַנש, אָבער גענ. בלאַנש גיט איבער די מאַכט צום פּרעזידענט פון העכסטן געריכט אברהם איאַנעדעל, וועלכער פאַררופט צו וואַלן אויפן 30־טן אָקטאָבער, און אַרטוראָ אַלעסאַנדרי ווערט צום צווייטן מאָל דערוויילט אַלס פּרעזידענט און נעמט איבער די מאַכט דעם 24־טן דעצעמבער פון 1932. דאָס לאַנד טרעט אַריין אין איר נאָרמאַלן גאַנג.

אין משך פון דער צווייטער פּרעזידענץ פון אַרטוראָ אַלעסאַנדרי וועט דאָס לאַנד ביסלעכווייז קומען צו זיך פון אירע שווערע אויפטרייסלונגען אין די פאַריקע יאָרן, די עקאָנאָמישע לאַגע וועט זיך היפּש בעסערן, סיי אויף דער גרויסער וועלט, סיי אין טשילע, ווען אַפילו די פּאָליטישע סיטואַציע וועט זיין פול מיט קאָמפּליקאַציעס. דער עקאָנאָמישער וואוקס פון לאַנד האָט גורם געווען צום וואוקס פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט אויך היפּש אַנטוויקלט זיין פּאָליטישן באַוואוסטזיין און אַספּיראַציעס. אויך דער מיטלשטאַנד האָט זיך היפּש אַנטוויקלט און אַספּירירט אויף מער דעה אין די ענינים פון לאַנד. די רוסישע רעוואָלוציעס פון 1917 האָבן אויך געהאַט זייער אָפּקלאַנג אפילו אין דער ווייטער טשילע, אַזוי אַז עס קומען

אויף און עס שטאַרקן זיך די בירגערלעכע פּאַרטיי (ראַדיקאַלן), די אַרבעטער־פּאַרטייען: סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן. דער נאַציזם האָט אויך זיינע אָנהענגער.

אין משך פון דער צווייטער פּרעזידענץ פון אַרטוראָ אַלעסאַנדרי, פאַרשטאַרקט זיך די יידישע אימיגראַציע אין לאַנד, צוליב דעם אויפשטייג פון נאַציזם און זיין פינסטערע פאַרשווערונג קעגן יידן.

## 8) אונטער ראַדיקאַלע רעגירונגען

אין 1938 ווערט דערוויילט אַלס פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, דאָן פּעדראָ אגירראַ סערדאַ, אַ ראַדיקאַלער פּאָליטיקער, וואָס איז געשטיצט געוואָרן, ווי אין פראַנקרייך און שפּאַניען, פון אַ פאָלקס־פראָנט, אין וועלכן עס זיינען אָנגעשלאָסן די ראַדיקאַלן, די סאָציאַליסטן, די קאָמוניסטן און אַנדערע קלענערע פּאַרטייען. אין אַ יאָר אַרום ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה וואָס פאַרשאַרפט אַ רייע פראַגן פון דער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק. צוליב די נצחונות פון די נאַצישע חילות שטאַרקן זיך די נאַציסטיש־פאַשיסטישע טענדענצן אין לאַנד, ווען אפילו נישט אין אַזאַ מאַסשטאַב ווי אין אַנדערע זיד־אַמעריקאַנער מדינות. אין די ערשטע יאָרן פון וועלט געראַנגל האַלט אָן טשילע אַ שטרענגע נייטראַליטעט.

אין צווישן שטאַרבט פּריצייטיק פּרעזידענט אגיררע און אין 1942 באַשטייגט די פּרעזידענץ כואַן אַנטאָניאָ ריאָס מ., וועלכער וועט איבעררייסן די באַציאונגען מיט דער אַקס אין 1943 און וועט דערקלערן קריג די נאַצי־פאַשיסטישע מלוכות אין 1945, כמעט הארט פאַרן סוף פון דער מלחמה.

אין 1946 ווערט דערוויילט אַלס פּרעזידענט גבריאל גאָנזאַלעס ווידעלאַ, אַ ראַדיקאַל און גרויסער יידנפריינט, וועלכער האָט פּרעזידירט דעם פאַרבאַנד פון די נישט־יידישע קאָמיטעטן פאַר אַ יידישער ארץ־ישראל. ער זעצט פאָר די פּאָליטיק פון זיינע פאָרגענגער, וואָס איז מער אָריענטירט אויף די האָרעפּאַשנע מאַסן, און אין 1949 האָט ער די היסטאָרישע אויפגאַבע צו אַנערקענען מדינת ישראל. אין 1952 גיט ער איבער די מאַכט דעם איצטיקן פּרעזידענט, גענ. קאַרלאָס איבאַניעז, וועלכער הויבט אָן זיין צווייטע פּרעזידענץ געשטיצט פון אַ גרויסער צווישנפּאַרטיי־אישער ווײַלער־מאַסע.

פאַרן פערטל יאָרהונדערט, זינט דער צווייטער פּרעזידענץ פון אַרטוראָ אַלע־סאַנדרי, האָט דאָס לאַנד דורכגעמאַכט אַ רעש׳יקן פּראָצעס פון עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, די באַפעלקערונג האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט אדאַנק אַ מער ליבע־ראַלער אימיגראַציע פּאָליטיק. דער לעבנס שטאַנדאַרט פון דער באַפעלקערונג, בעיקר פון די אַרבעטער איז היפּש געשטיגן, אַדאַנק דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

ווי אויך צוליב דער ליבעראַלער אַרבעטער פּאָליטיק פון דער רעגירונג. די הויפּט־שטאָט סאַנטיאַגאָ, ווי די שטעט פון פּראָווינץ, האָבן זיך שטאַרק אַנטוויקלט און מאָדערניזירט. דאָס אַלץ נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס די וואַליוטע האָט גע־האַלטן אין איין פאַלן, ביז די לעצטע מאָסנעמען פון פּרעזידענט איבאַניעז.

אין 1939 ווערט געגרינדעט די „אַנטוויקלונגס־קאָרפּאָראַציע״ וואָס אימפּול־סירט די אינדוסטריאַליזאַציע פון לאַנד. עס ווערט געשאַפן די שווערע אינדוסטריע, אייזן און שטאָל גיסערייען אין האוואַטשיפּאַטאַ, עס ווערט אַנטדעקט פּעטראָלעום אין מאַגאַזשאַנעס און מען הויבט אָן צו שעפּן די נאַפט־גרובן. עס הויבט זיך אָן די עלעקטריפיקאַציע פון לאַנד, אינסטאַלירנדיק אַ רייע עלעקטרישע סטאַנציעס, איז: פּילמאַיקען, סאַוסאַל, אַבאַניקאַ, לאָס סיפּרעסעס, מאַיעס און אַנד. עס הויבן אָן פונקציאָנירן די קופּער גיסערייען פון פּאַיפּאָטע, עס ווערט שטאַרק אַנטוויקלט די פיש־פאַנגערייען. אונטער דער רעגירונג פון גענ. איבאַניעז ווערן איינגעשטעלט אַ צוקער־רעפינעריע, פון בוריקעס, אין לאָס אַנכעלעס און אַ פּעטראָלעאום־רעפי־נעריע אין קאָנקאָן. אַ פאַבריק פון סעלולאָז, אַלס פּועל יוצא פון דער וואַלד־אויס־נוצונג. עס ווערן אַרויסגעגעבן אַ רייע געזעצן וואָס באַגינסטיקן קאַפּיטאַל אינ־וועסטיציעס, פאַרזיכערט די סטאַביליטעט פון דער מטבע, עס ווערט פאָרטגעזעצט די סאָציאַלע געזעצגעבונג.

אונטער דער רעגירונג פון גענ. איבאַניעז, זיינען נאַטוראַליזירט געוואָרן טויזנטער איינוואוינער, יידן ווי נישט יידן, וואָס זיינען אַנערקענט געוואָרן ווי פול־באַרעכטיקטע טשילענער בירגער, אַלס העכסטער אויסדרוק פון ליבעראַליזם און דעמאָקראַטיע וואָס האָבן אין אַלע צייטן געהערשט אין דער טשילענער רעפּובליק.

קאַפּיטל צוויי

# יידיש בלוט צווישן די עטנישע עלעמענטן פון דעם טשילענער פאָלק

א) עלעמענטן און מאָנומענטן פון סאָציאַלער אַרכעאָלאָגיע

ב) אָפּשטאַמער פון מאַראַנען, „טשועטאַס" און „פּאָרטוגעזער"

ג) אָפּטריניקע און שוואַכלינגע

ד) קדושים

ה) האַלב־יידן אין טשילע

ו) פאַרשלונגענע און האַלב־פאַרשלונגענע אָפּשטאַמער פון אשכנזים

ז) מסקנה.

## א) עלעמענטן און מאָנומענטן פון סאָציאַלער אַרכעאָלאָגיע

היסטאָרישע מאָנומענטן וואָס זאָגן עדות אויפן לעבן פון פאַרצייטן מוזן נישט זיין דווקא פון מאַטעריאַל: שטיין, בראָנדז, קופּער,ביין וכו'. אַלס אַזעלכע קאָנען אויך דינען גייסטיקע דערשיינונגען ווי: זכרונות וואָס האָבן זיך דער־האַלטן אין אַ פאָלק, מנהגים, לעגענדעס, דאָקומענטן, וכו'. אַזעלכע מאָנומענטן פון אור־אַלטן יידישן לעבן אין טשילע האָבן זיך דערהאַלטן ביז אונדזערע טעג און מיר מוזן זיי דורכשטודירן איידער מיר הויבן אָן די אייגנטלעכע געשיכטע פון היינטיקן יידישן ישוב אין לאַנד.

פיר דערשיינונגען אין אַלגעמיינעם טשילענער לעבן דריקן אויס די אייגנ־אַרטיקייט פון דער באַציאונג פון דער באַפעלקערונג צו יידן און יידישקייט. טשילע איז געווען, און איז ביז אַ גאַנץ הויכן גראַד געבליבן, אַ שטרענג־קאַטוילישע לאַנד. דער ליבעראַליזם פון די לעצטע יאָרצענדליקער האָט בלויז עטוואָס אָפּ־געשוואַכט די דאָזיקע איינשטעלונג. כאָטש די קירכע איז אָפיציעל אָפּגעטיילט פון שטאַט און עס הערשט פולקאָמע רעליגיעזע טאָלעראַנץ, איז דאָך די השפעה פון קאַטאָליציזם זייער גרויס, בעיקר אין דער, אַזוי גערופענער הויכער געזעלשאַפט.

1) איז עס טאַקע צו באַוואונדערן וואָס גראַד אין און אַרום אָט די שיכטן הערן זיך מיינונגען און עס טראָגן זיך קלאַנגען וועגן יידישן אָפּשטאַם פון אַ היפּשן צאָל פון אירע אָנגעזעענסטע משפחות. דאָס איז אַ דערשיינונג וואָס האָט נישט איר גלייכן אין פאַרנעם אין קיין שום אַנדער לאַטיין־אַמעריקאַנער לאַנד, אפילו נישט אין בראַזיל, וואו עס האָבן אין 17־טן יאָרהונדערט עקזיסטירט גרויסע קהילות אין צפון טייל פון לאַנד, ווען עס איז אין אַ משך פון אַ דרייסיק יאָר געווען פאַרנומען פון האָלאַנד. די טראַדיציע פון יידישן אָפּשטאַם אין צפון־בראַזיל איז אומפאַרגלייכלעך שוואַכער ווי די וואָס האָט זיך דערהאַלטן אין טשילע. דאַרף

עס זיין אינטערעסאַנט צו דערגרונטעווען פון וואַנען נעמט זיך אָט־אָ די טראַדיציע.

2) אין דער געגנט אויפן גרענעץ פון דעם פּאַרצייטיקן געביט פון די אַראוקאַנער־אינדיאַנער, אין קונקאָ, קוראַ־קאַוטין און אַנדערע שטעטלעך פון זייער אומגעגנט, איז פאַרבליבן ביז היינט צו טאָג אַ האַלב־יידישע גרופּע, אַ טייל פון וועלכע האָט דערהאַלטן דעם באַוואוסטזיין פון זייער יידישן אָפּשטאַם און ציייגט אַרויס אַן אויסגעשפּראָכענע טענדענץ זיך צוריקקערן צו יידישקייט און אַפילו צו עולה זיין קיין ישראל. אַן ענלעכער פאַל איז פאַראַן אויך אין מעקסיקע, אָבער ער איז דאָרט פון פיל קלענערן פאַרנעם און פיל שוואַכערער פּאָטענץ.

3) דער גרעסטער היסטאָריקער פון דער אינקוויזיציע אין גאַנץ שפּאַניש־אַמעריקע איז גראָד דער טשילענער געלערנטער כאָסע טאָריביאָ מעדינאַ, וועמענס ביכער זיינען אַ ווינקלשטיין און דער פאָרשונג פון די רדיפות אויף יידן און הערעטיקער אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער געביטן וואָס האָבן אין די קאָלאָניאַלע צייטן געהערט צו דער שפּאַנישער קרוין. זיי זיינען גלייכצייטיק דער גרעסטער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דעם גרויזאַמען טריבונאַל פון דער קאַטוילישער אומ־טאָלעראַנץ אין די צייטן פון דער רענעסאַנס־תקופה. עס רופט אויך די אויפ־מערקזאַמקייט די פּיעטעט מיט וועלכער די ביבליאָטעק און אַרכיוו כאָסע טאָריביאָ מעדינאַ ווערן אָפּגעהיט אין אַ באַזונדער אָפּטיילונג פון דער נאַציאָנאַלער ביבליאָ־טעק אין טשילע, וואָס געפינט זיך, אגב, אין אַ פּרעכטיקן בנין וועלכער איז אויפגעבויט געוואָרן אונטער דער דירעקציע פון אַ יידישן אינזשעניער. און פון זיך אַליין שווימט אַרויס די פראַגע. פאַרוואָס איז עס אַלץ מעגלעך געווען דוקא אין טשילע?

4) פון כמעט זיין עצם אָנהויב האָט דער איצטיקער ישוב אין טשילע אָנגעהאַלטן גאַר נאָענטע באַציאונגען מיט די רעגירונגס־קרייזן און באַהערדן. שוין אין 1908, ווען דאָס קליינע הייפעלע יידן האָט געהאַט שוועריקייטן ביים קאָמ־פּלעטירן אַ מנין אין די טעג פון ראש־השנה, האָבן זיך יידן געווענדעט צו אַ קאָמיסאַר פון אַ פּאָליציי באַצירק מיט דער בקשה אַז ער זאָל באַפרייען פון דינסט־פליכט דעם איינציקן יידישן פּאָליציאַנט וואָס האָט געדינט אין באַצירק, בכדי ער זאָל דערגענצן דעם מנין, און דער טשילענער פּאָליציי־באַאַמטער איז נאָכ־געקומען די בקשה. מיט העכער פערציק יאָר שפּעטער, ווען אַ הויכער באַאַמטער פון אויסערן מיניסטעריום טיילט מיט דעם פאַרבינדונגס־ אָפיציר פון מדינת־ישראל, ה׳ שמואל גאָרען, אַז די טשילענער רעגירונג האָט אָפיציעל אָנערקענט די ניי־געבוירענע יידישע מדינה, נעמען זיך ביידע מענער ברידערלעך אַרום, ווייל דער טשילענער מלוכה־מאַן האָט נאָך דערהאַלטן דאָס געדעכעניש פון זיין יידישן אָפּשטאַם. און גראָד זיינען עס טשילענער מלוכה־מענער וואָס קומען אָפטער

פון אַלע אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער מלוכה־פירער צו די אַניווערסאַר פייערונגען פריער פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע (2־טער נאָוועמבער) און שפּעטער, פון יום־העצמאות (ה׳ אייר). עס איז אויך געווען אַ טשילענער פּאָליטיקער, אַ שפּעטער־דיקער מלוכה־פּרעזידענט, וואָס איז געשטאַנען בראש פון דעם טשילענער „קאָמי־טעט פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינע״, און פון דער פאַראייניקונג פון די אַלע ענלעכע קאָמיטעטן אין לאַטיין־אַמעריקע, וואָס האָבן פיל משפּיע געווען פאַרן אויפקום פון דער יידישער מדינה און איר אַנערקענונג אין די יאָרן 1946־48.

דאָס אַלעם צוזאַמען זאָגט עדות אַז אין דער טשילענער סביבה איז פאַראַן אַן ע פּ ע ס, וואָס מאַכט זי היימיש מיט יידן און יידישקייט, טראָץ דעם וואָס דאָס לאַנד איז שטרענג קאַטוילישע און האָט נישט קיין שטאַרקע טענדענץ צו דערמוטיקן אימיגראַציע. דער נייער יידישער ישוב האָט גלייך דערפילט אָט די זאָנדערבאַרקייט פון דער טשילענער סביבה, און שוין איינער פון די ערשטע פירער פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט, ה׳ נאָום ראָזענבליט פרעגט אין אַן אינטערוויו צו אַ יידיש־שפּאַנישן זשורנאַל אין 1919: „פאַרוואָס אַרבעטן מיר נישט פאַר אַ יידישער אימיגראַציע קיין טשילע פונקט ווי מיר טוען עס פאַר עליה קיין ארץ ישראל, מיר לעבן דאָך אין אַ לאַנד וואו די באַפעלקערונג פאַר־מאָגט אין זיך אַ סך יידיש בלוט״?

און דאָס אַלעם טראָץ דעם וואָס טשילע האָט בעסער פון אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער מדינות דערהאַלטן איר אורשפּרונגלעכן שפּאַנישן כאַראַקטער אין שפּראַך, זיטן, מנהגים, גייסטיקע איינשטעלונגען. מיט וואָס זשע דערקלערט זיך פאָרט אָט די זאָנדערבאַרע באַציאונג צו יידן און יידישקייט? אין אַ ברייטערע אויספאָרשונג פון גאָר ווייטע תקופות, פון די סאַמע צייטן ווען די שפּאַנישע דעראָבערער האָבן איינגענומען דאָס לאַנד און האָבן געגרינדעט די קאָלאָניאַלע מדינה וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דאָס קעניגרייך — טשילע״ און איז געווען אַ טייל פון דער שפּאַנישער וועלט־אימפּעריע אין וועלכער „די זון איז קיינמאָל נישט פאַרגאַנגען״ אין יענע צייטן, וועלן מיר קאָנען געפינען געוויסע דערקלערונגען פון דער דערשיינונג.

## ב) אָפּשטאַמער פון מאַראַנען, „טשועטאַס״ און „פּאָרטוגעזער״

פאַראַן אַ שיטה וואָס האַלט אַז שוין צווישן די ערשטע דעראָבערער פון טשילע זיינען געווען אַ סך אָפּשטאַמער פון די אנוסים.

דער מיטגלידער פון דער טשילענער אַקאַדעמיע פאַר געשיכטע, קאַרלאָס י.

לאַרראַין דע קאַסטראָ, דערקלערט אין זיין אָפיציעלן אויפנאַמס־פּאַרטראַג, געהאַלטן דעם 29־טן דעצעמבער 1943, אַז: „ווען אפילו דעם יידן פעלט בראַווקייט און ער איז בכלל אַ שלעכטער סאָלדאַט, זיינען דאָך געווען אויסגעצייכנטע (קעמפער פון יידישן אָפּשטאַם) צווישן די דעראָבערער, און זיי זיינען, בלי ספק, געווען פיל מער ווי די וואָס מיר ווייסן; אָבער אויף אָנצורופן זייער אָפּשטאַם, וועלן מיר נאָר אָנצייגן די וואָס מיר געפינען אין דאָקומענטן וואָס קאָנען נישט געשטעלט ווערן אונטער דיסקוסיע".

אַלס איינעם פון די אומדיסקוטירבאַרע אָפּשטאַמער פון אנוסים רעכנט אויס לאַרראַין דע קאַסטראָ אַ געוויסן ראָדריגאָ דע אָרגאַניאַס, אַ גענעראַל־שטעלפאַר־טרעטער אין דער עקספּעדיציע פון דיעגאָ אַלמאַגראָ, דער ערשטער דעראָבערער פון טשילע. אָרגאַניאַס האָט געהאַט גרויסע אַמביציעס, ער האָט פאַרלאַנגט פון קעניג ער זאָל אָפּגעבן אונטער זיין רעגירונג אַ געגנט פון 2500 קילאָמעטער ים־ברעג, און זאָל אים באַוויליקן די טיטולן פון „אַדעלאַנטאַדאָ" (דעראָבערער), קאַפּיטאַן־גענעראַל און מאַרקיז, ווי אויך דאָס רעכט צו טראָגן אַ מלבוש פון דעם מאַנאַכן אָרדען פון סאַנטיאַגאָ (דער הייליקער יעקב). פון דעם אַלעמען איז אָבער גאָרנישט געוואָרן, ווייל אָרגאַניאַס איז געפאַלן אין דער שלאַכט מיט די אינדיאַנער ביי סאַלינאַס.

צווישן די אַנדערע אָפּשטאַמער פון יידן רעכנט אויס לאַרראַין דע קאַסטראָ, דעם רעגירער פון טשילענער קעניגרייך פראַנסיסקאָ דע וויזשאַגראַ, דעם צייט־ווייליקן גובערנאַטאָר דיעגאָ גאַרסיאַ דע קאַסערעס, דעם פּאָעט אַלאָנסאָ דע ערסילליאַ — מחבר פון דער באַרימטער פּאָעמע „לאַ אַראַוקאַנאַ", פּעדראָ דע סאַלסעדאָ וואָס האָט געקעמפט צוזאַמען מיט פּעדראָ דע וואַלדיוויאַ ביים איינ־נעמען אַראַוקאַניאַ (די דרום טייל פון טשילע): ער איז געווען אַ נאָטאַריוס אין ישוב לאַ־אימפּעריאַל און בוכפירער פון שטייער־אַמט אין דער שטאָט וואַלדיוויאַ. אַן אָפּשטאַמער פון אנוסים איז אויך פראַנסיסקאָ גידעל, ראַטמאַן און שטייערן־באַאַמטער אין דער שטאָט קאָנסעפּסיאָן, און אַלאָנסאָ אַלוואַרעז, בוכפירער און קאַסיר פון זעלביקן שטייער־אַמט. אויף דיביידע ווערט געזאָגט אין אַ פּריוואַטן בריוו אַז „זיי וואַרטן אויפן קומען פון משיח", ד. ה. אַז זיי זיינען נאָך געווען באַוואוסטזיניק וועגן זייער יידישן אָפּשטאַם.

פראַנסיסקאָ גידעל האָט געהאַט אַ טאָכטער לואיסאַ דע סאַלאַס, וואָס האָט חתונה געהאַט פאַרן „פאָרטונעז" פּעדראָ אַמאָפּעסאַאַ, און זייערס אַן איינִיקל האָט געטראָגן דעם נאָמען פּרודענסיאַ דע סאַאַ. לויט אַ געוויסער, אַנגענומענער טעאָריע איז סאַאַ אַ פאַרקירצונג פון סאַלאָמאָן (שלמה) און דער נאָמען פּרודענסיאַ דע סאַאַ זאָל באַדייטן „די חכמה פון שלמה".

שוין אין 1562 באַקלאָגן זיך די טשילענער שטאָט פּאַרוואַלטונגען (קאַבילדאָס) פאַרן קעניג (פיליפ 2) אַז „דאָ זיינען דורכגעפאָרן פערזאָנען וואָס די הייליקע אינקוויזיציע פאַרבאָט (זייער אַריינקומען אין לאַנד)... זיי שטאַמען פון מאורן, יידן און גע'שמד'טע. זיי זיינען געקומען אָן אַ דערלויבעניש פון אייער מאַיעסטעט, און מיט פאַלשע דאָקומענטן וואָס זיי האָבן געקראָגן און וועלכע שפּיגלען נישט אָפּ דעם אמת... די איינוואוינער און אַלטגעזעסענע האָבן פון זיי גרויס היזק, אַזוי אַז מיר בעטן אַז זיי זאָלן אַרויסגעשיקט ווערן".

ווי עס איז צו זען האָט זיך אויף וואָס סומך צו זיין די השערה פון לאַרראַין דע קאַסטראַ, אַז צווישן די דעראָבערער זיינען געווען פיל מער אָפּשטאַמער פון אנוסים ווי די וואָס זיינען באַוואוסט אָפיציעל.

אין 17־טן יאָרהונדערט קומען צו נאָך אנוסישע עלעמענטן: די אָפּשטאַמער פון די גולי־ספרד וואָס זיינען אין 1497 אויף כוח אָפּגע'שמד'ט געוואָרן אין פּאָר־טוגאַל. צווישן זיי האָבן זיך געפונען דער קאַסיר פון הייליקן קרייצצוג פּעדראָ דע טאַררעס, פראַנסיסקאַ פּאַסאַס, דער דאָקטאָר און שפּעטער גלח פראַנסיסקאַ לאָפּעז קאַינקאַ, ווי אויך דער איידעם פון פּעדראָ דע טאַררעס, דיעגאָ מעסיאַ (משיח?); זיי אַלע דערקלערט לאַרראַין דע קאַסטראַ פאַר יידן.

פון פּעדראָ דע טאַררעס דורך זיין איידעם דיעגאַ מעסיאַ, שטאַמען, דורך דיעגאָ קאַלוואַ דע ענקאַלאַדאַ אי דאַמאַנטע, די מאַרקיזן ווילאַפּאַלמאַ דע ענקאַ־לאַדאַ, קעגן וועלכע מען האָט עדות געזאָגט אין 1664 אַז זיי שטאַמען פון אנוסים זועמענס אינקוויזיציע מאַנטלען (סאַן־בעניטאַ) זיינען דאָך דאָן געהאָנגען אין קלויסטער פון האַפּן פאַלאַס.

אַ מאַראַנען־אָפּשטאַמער זאָל אויך האָבן געווען דאָן מיגעל בעראַנימאַ דע קאַברערא וואָס האָט חתונה געהאַט פאַר מאַריאַ דע טאָלעדאָ, אויך „מעגלעך" אַ אָפּשטאַמערן פון מאַראַנען: דער זון פון דעם זיווג, בעראַנימאַ לואיס דע קאַברעראַ, דער גרינדער פון דער שטאָט קאָרדאָבאַ אין אַרגענטינע, האָט אויך אַ סך אָפּ־שטאַמער אין טשילע, צווישן זיי די צוויי גרויסע ערצבישאָפן פון לאַנד: ראַפּאַעל וואַלענטין וואַלדיוויעסאָ און קרעסצענטע עררואַסורים...

ווי וויניק עס זאָלן נישט האָבן געווען די טראָפּנס יידיש בלוט וואָס האָבן נעפלאָסן אין די אָדערן פון די צוויי דערמאָנטע קירכן־פירשטן, איז עס דאָך גענוג געווען אַז עס זאָל האָבן פאַרגעקומען דער פאַלגענדיקער היסטאָריש־פעסט־געשטעלטער עפּיזאָד.

אין 1919 האָט זיך אַ יידיש־טשילענער זשורנאַליסט געווענדעט צום ערצ־בישאָף ק. עררואַסורים נאָך אַן אינטערוויו וועגן זיין מיינונג איבער דער באַלפור־דעקלאַראַציע. דער זשורנאַליסט, דאַן נאָך גאָר אַ יינגער בחור, איז אויפגענומען

געוואָרן פון ערצבישאָף מיט ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט. ק. עררעאסורים האָט דערקלערט אַז ער שאַצט אָפּ אין איר פולן ווערט די באַלפור דעקלאַראַציע, אַלס אַ גוטמאַכונג פון אַ היסטאָרישן אומרעכט וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן די יידן. ער באַגריסט ווארעם דעם צוריקקער פון פאָלק ישראל צום פאַרשפּראָכענעם לאַנד. דערביי האָט דער ערצבישאָף צוגעגעבן אַז ער באַגריסט אַזוי ווארעם די באַלפור־דעקלאַראַציע, ווייל ער האָט נאָך דעם באַוואוסטזיין פון זיין יידישן אָפּ־שטאַם... כאָטש עס איז אַ סוד וואָס עס לוינט נישט צו פאַרעפנטלעכן ווייל „ווי נישט ווי, בין איך דאָך פּאַרט דער הויפּט פון דער טשילענער קירכע"... דאָך איז דער סוד געווען גאָר אַ קליינע געהיימעניס...

אין זיין ווערק „די יידן אין טשילע אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע", אַ בוך וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער טשילענער אַקאַדעמיע פאַר היסטאָריע, און איז געדרוקט געוואָרן אין דער דרוקעריי פון אוניווערזיטעט פון טשילע, ברענגט גונטער בעהם די נעמען פון 154 מאַראַנען אָפּשטאַמער, וואָס טראָגן אַרום 100 פאַרשידענע פאַמיליע, וואָס זיינען אַריינגעקומען קיין טשילע אין די יאָרן פון דער דעראָבערונג 1530 — 1565. די נעמען זיינען אַרויסגענומען אין הסכם מיט די יחוס־ביכער וואָס זיינען דערשינען אין שפּאַניע אין 16־טן יאָרהונדערט אין וועלכע עס איז באַצייכנט געוואָרן דער יידישער אָפּשטאַם פון אַ סך אדעליגע פאַמיליעס אין שפּאַניע.

ווען אפילו די ביכער זיינען שטאַרק איבערגעטריבן און עס זיינען אין זיי געמאַכט געוואָרן היפּש גרונדלאָזע אויספירן, אַזוי אַז זיי זיינען טאַקע פאַרברענט געוואָרן אויפן באַפעל פון פיליפּ דעם 4־טן אין 1613. קאָן דאָך אָנגענומען ווערן אַז אַ היפּשער פּראָצענט פון די פאַמיליען נעמען וואָס גונטער בעהם ברענגט, זיינען טאַקע פון יידישן אָפּשטאַם, און זייערע מיטגלידער האָבן זיך דערהאַלטן אין טשילע עד היום הזה.

אין 1916 האָט לואיס טהייער אָכעדא, דורכשטודירנדיק דעם אַלגעמיינעם צענז פון דער טשילענער רעפּובליק, אויסגעפונען אַז 447 פאַמיליען־נעמען זיינען פון יידישן אָפּשטאַם. טהייער אָכעדא אַנערקענט אַז די אנוסים האָבן געהאַט אַ טענדענץ און אַן אינטערעס צו ענדערן זייערע פאַמיליען נעמען, ער האַלט אָבער: „אַז מען קאָן זיי דאָך אונטערשיידן צוליב ספּעציעלער פאָרמע" און קומט צום אויספיר אַז „דער איינפלוס פון דער (יידישער) ראַסע אין טשילע איז באמת באַדייטנדיק".

האָט טאַקע געטראָפן אַז אַ מיוחס'דיקער טשילענער אַריסטאָקראַט איז געקומען פּראָטעסטירן אין „סירקולאָ איזראַעליטאַ" פאַרוואָס דער רב אַנטזאָגט זיך צו מסדר קידושין זיין צווישן זיין טאָכטער מיט אַ יידישן יונגערמאַן. איז דען דער

דב נישט געגוג געלערנט צו וויסן, לויט זיין פאמיליען־נאמען, אז ער, דער טשילענער אריסטאקראט, שטאמט אפ פון די „טשועטאס", די יידן וואס מען האט מיט געוואלד אפגע'שמד'ט אין די באלעארן אינזלען אין יאר 1391 ?... אזעלכע פאמיליעס זיינען נישט קיין זעלטנהייט אין טשילע.

אין טשילע ווארפט זיך אויך אין די אויגן די גרויסע צאל ביבלישע נעמען וואס עס טראגן טשילענער פון פארשידענע קרייזן. עמיליא וויים, א גלח וואס האט געפריידיקט דאס לערנען פון העברעיש און האט אלס שרייבער געטראגן דעם העברעישן פסעוודאניום „אומר־אמת", דער אמת זאגער, האט געטענה'עט, אז קומענדיק קיין טשילע האט ער געמיינט אז ער איז אנגעקומען קיין ארץ ישראל, אזוי פיל משה'ס, ישראל'ס, דוד'ס, ראובן'ס, שמואל'ס, יהושע'ס, אהרן'ס און בנימין'ס, האט ער געפונען צווישן די מענער און שרה'ס, אסתר'ס, רבקה'ס און רחל'ס צווישן די טשילענער פרויען. עס קאן זיין אז דאס איז נישט מער ווי א צופאל, אבער אפילו אזוי ציינגט עס א געוויסע אונטערבאוואוסטזיניקע אטאוויס־טישע נטיה, וואס האט איר באדייטונג...

ווען מיר לסוף נאך אמאל ציטירן דעם אויבנדערמאנטן ה' קארלאס י. לאר־ראין דע קאסטרא, וועלכער זאגט אין דעם שלום־ווארט פון זיין ערשטן פארטראג אלס אקאדעמיקער פון געשיכטע:

„אין טשילע זיינען מעגלעך פאראן מער אפשטאמער פון יידן ווי מיר שטעלן זיך עס פאר. אייניקע פון זיי בילדן היינט א טייל פון אונדזער הויכער געזעלשאפט: דער פראצענט פון זייער יידישן בלוט, וואס איז, ווי מיר האבן עס דערוויזן פון קליינער באדייטונג, האט אבער פארט א געוויסע השפעה, און ווירקט אז די משפחות וואס האבן עס אין א העכערן גראד, זאלן אנהאלטן זייער סאציאלן איבערגעוויכט, זייער פארמעגן, אויסהאלטנדיק די שטורעמס פון צייט, איבער־טראגנדיק מלחמות, קריזיסן און רעוואלוציעס, אין בעסערע באדינגונגען ווי די וואס האבן קלענערע דאזיסן פון אט דעם בלוט".

## ג) אפטריניקע און שוואכלינגע

ביי דער לאגע וואס מיר האבן פריער געשילדערט, רופט די אויפמערקזאמ־קייט דער פאקט, וואס ביי אזא היפשער צאל אפשטאמער פון מאראנען, זאלן אין טשילע האבן פארגעקומען רעלאטיוו ווייניק פראצעסן פאר אנגעהעריקייט צו יידישקייט.

מען דארף, דרך אגב, וויסן, אז אין טשילע גופא איז קיין אינקוויזיציע־

טריבונאַל נישט געווען, און די ריינע הימלען פון טשילע זיינען קיינמאָל נישט פאַרוואָלקנט געוואָרן פון דעם רויך פון שייטער הויפן, פון דער אינקוויזיציע (אויטאָ דע פע). אין טשילע זיינען געווען אַגענטן פון דער הויפּט־אינקוויזיציע פון וויצע קעניגטום פּערו, צו וועלכן טשילע האָט געהערט. דער אינקוויזיציע טרי־בונאַל איז געווען אין לימאַ (פּערו) און אַהין פלעגן איבערגעשיקט ווערן די „פאַרברעכער" וואָס זיינען באַגאַנגען הארבערע זינד קעגן דער קירכע, און דאָרט פלעגן זיי באַקומען זייער שטראָף.

אויף צו דערקלערן זיך די קליינע צאָל מאַראַנען־אָפּשטאַמער וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע פאַר אָפּהיטן יידישקייט, דאַרף מען האָבן אין זינען אַז דערהאַלטן דעם אָנדענק פון יידישן אָפּשטאַם, מיינט נאָך נישט אָנהאַלטן וועלכע ס'איז פאָרמען פון פּראַקטישער יידישקייט. צווישן די מאַראַנען דאַרפן אונטערשיידט ווערן צוויי קלאַסן: די וואָס האָבן אָנגענומען זייער שמד, גוטוויליקן אָדער געצוואונגענעם, ווי אַ מיטל דעפיניטיוו איבערצוווריסן מיט יידן און יידישקייט און האָבן זיך גוטוויליק אַסימילירט מיט די אַלט־קריסטן. אַ טייל פון אָט דער קאַטעגאָריע זיינען אפילו געוואָרן אַנטיסעמיטן, ווי די פאַמיליע פון דעם טרויעריק באַרימטן פּאַבלאָ דע סאַנטאַ־מאַריאַ, פון דער שטאָט בורגאָס וואָס איז אָפּגע'שמד'ט געוואָרן אונטער טויט־דראָאונג אין 1391, און האָט דערנאָך אַליין געהאַט אַ היפּשע האַנט אין רדיפות אויף אנוסים; אַהער געהער אויך דער רעקטאָר פון דער אוניווערזיטעט אין סאַלאַמאַנקאַ, אַלאַנסאָ דע עספּינאַ, אויך דער גרויס־אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאַ, וואָס האָבן געהאַט יידיש בלוט אין זייערע אָדערן, און פיל אַנדערע.

בלויז אַ טייל פון די מאַראַנען האָט אָנגעהאַלטן יידישקייט אין געהיים און פאַרדינט דערפאַר דעם נאָמען אנוסים, געצוואונגענע. פאַר די הונדערט יאָר וואָס יידן האָבן נאָך געלעבט אין שפּאַניע צווישן דעם צוואַנג־שמד אין 1391 ביזן גירוש פון 1492, האָבן די אנוסים געהאַט ביי וועמען צו באַקומען אינפאָרמאַציע וועגן יידישע ענינים און באַקומען הילף אָנצוהאַלטן וועלכע ס'איז נישט פאָרמען פון יידישקייט. די קירכע האָט זיי דערפאַר געצאָלט מיט שוידערלעכע הריגות אויף מאַראַנען און זייערע אָפּשטאַמער, הריגות, וואָס האָבן די עפנטלעכע יידן ווייניקער באַרירט. אָבער די גרינדונג פון דער אינקוויזיציע אין 1480 און דער גירוש פון שפּאַניע אין 1492, האָבן איזאָלירט די אנוסים. און אפילו די פעסטער אַנטשלאָסענע אָנצוהאַלטן זייער יידישקייט, האָבן עס נישט געקאָנט באַווייזן; זיי האָבן אין דער צייט פון עטלעכע דורות געמוזט פאַרשלונגען ווערן אין דער אַרומיקער באַפעלקערונג, ווען אפילו עס איז ביי אַ טייל פון זיי פאַרבליבן אַ געדעכעניש פון יידישן אָפּשטאַם. צו אָט דער קאַטעגאָריע האָבן געמוזט געהערן

די גרעסטע טייל פון די מאַראַנען אָפּשטאַמער צווישן די שפּאַנישע דעראָבערער פון טשילע.

אַנדערש איז אָבער די לאַגע פון די אָפּשטאַמער פון די פאַרטריבענע פון שפּאַניען אין 1492, וואָס האָבן געפונען צייטווייליקן אזיל אין פּאָרטוגאַל און זיינען דאָרט אויף כוח אָפּגע׳שמד׳ט געוואָרן אין 1497. דער גירוש פון 1492 האָט געווירקט ווי אַ מין סעלעקציע פון ספרדישן יידנטום. די שוואַכערע אין כאַראַקטער און אין אמונה, זיינען פאַרבליבן אין לאַנד, האָבן אָנגענומען דעם קאַטאָליציזם און זייערע אָפּשטאַמער זיינען מיט דער צייט געגצלעך פאַרשלונגען געוואָרן אין דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, דערהאַלטנדיק בלויז אַ נעפּלדיקן זכר פון זייער אָפּשטאַם. די שטאַרקערע אין כאַראַקטער און מער צוגעבונדערע צו יידישקייט האָבן פאַרלאָזט זייער היים, פּרנסה און פאַרמעגן און זיינען אַוועק אין דער וועלט אַריין אַבי אָפּצוהיטן יידישקייט. און ווען מען האָט די פון זיי וואָס זיינען אַריינגעלאָזט געוואָרן קיין פּאָרטוגאַל אָפּגע׳שמד׳ט אויף כוח אין 1497, האָבן זיי עס געטאָן נאָר למראית עין און זיינען געבליבן אין געהיים געטריי דעם יידישן גלויבן דערהאַלטנדיק אויך אַ סך יידישע מנהגים און ימים טובים.

אפילו די קירכע האָט אַנערקענט די ספּעציעלע לאַגע פון די דאָזיקע געצוואונגענע קריסטן, די פּויפּסטן האָבן זיי אויף אַ צייט באַפרייט פון דער יורידיקציע פון דער אינקוויזיציע, וועלכע איז, אגב, קיינמאָל נישט געווען אין פּאָרטוגאַל אַזוי שטאַרק און גרויזאַם ווי אין שפּאַניע. האָבן זיך טאַקע איניקע פון די אָפּשטאַמער פון יענע צוואַנגס־משומדים דערהאַלטן ביז אַ געוויסער יידישקייט אפילו אין פּאָרטוגאַל גופא, ביז צו אונדזערע טעג. אין 1921 זיינען זיי אַנטדעקט געוואָרן פון אינזשיניער שמואל שוואַרץ ע״ה, און די געביטן פון בעלמאָנטע און טראַס־אָס־מאָנטיס, און אַ טייל פון זיי האָט זיך אונטער דער השפעה פון איינעם פון זיי, דעם קאַפּיטאַן באַראַס־באַסטאָס, אומגעקערט צו יידישקייט.

די אָפּשטאַמער פון אָט די צוואַנגס־משומדים איז אויך אַלעמאָל געווען לייכטער צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד פּאָרטוגאַל און אין מרחקים צוריקקערן אין געהיים אָדער עפנטלעך צו יידישקייט. די ערשטע קהילות פון ענגלאַנד און האָלאַנד, די ערשטע קהילה פון האַמבורג אין דייטשלאַנד, פון רעסיפע אין בראַזיל און פון ניו־יאָרק אין נאָרד־אַמעריקע זיינען בעיקר געגרינדעט געוואָרן פון אָט די „פּאָרטוגעזן״. אַ סך פון אָט די „פּאָרטוגעזן״ וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט ראַטעווען קיין צפון־אייראָפּע אָדער טערקיי, האָבן געזוכט אַ באַהעלטעניש אין דער קאָלאָניאַלער אַמעריקע, און אין די יאָרן ווען פּאָרטוגאַל איז געווען פאַראייניקט מיט שפּאַניע, זיינען זיי אָנגעקומען אויך אין די שפּאַנישע קאָלאָניעס פון דרום־אַמעריקע, צווישן

זיי טשילע. די „פּאָרטוגעזן" האָבן געהאַפּט אַז אין די ווייטע מקומות וועט זיי דאָס אויג פון דער אינקוויזיציע נישט דערטאַפּן, אָבער וואַכזאַם זיינען געווען די אינקוויזיציע שפּיאָנען, ווייט האָט דערלאַנגט די האַנט פון הייליקן טריבונאַל, און מיטן אָנקומען פון די אָפּשטאַמער פון „פּאָרטוגעזן" מערן זיך אין טשילע די אינקוויזיציע־פּראָצעסן קעגן זיי.

אָבער אויך צווישן אָט די אָפּשטאַמער פון מאַראַנען זיינען געווען צווי קאַטעגאָריעס. שוואַכלינגען, וואָס האָבן זיך אַליין מודה געווען און זיינען אָפּגעקומען מיט קליינע שטראָפן, און עקשנים מיט דער נשמה פון קדושים, וואָס זיינען געגאַנגען אויף קידוש השם און האָבן מיט שמע ישראל אויסגעהויכט זייער נשמה אין די פלאַמען פון די אינקוויזיציע שייטער־הויפנס.

אַזוי טרעפט אין אויגוסט 1614, אַז לואיס נאָבלע אָדער דואַרטע, וואָס האָט געשטאַמט פון עוואָרא (פּאָרטוגאַל), איז זיך מודה פאַר זיין וידוי גלח אַז ער היט אָפּ געוויסע מנהגים פון יידישקייט. דער גלח גיט עס איבער די אינקוויזיציע־אַגענטן און דער פאַרברעכער ווערט אָפּגעשיקט צום טריבונאַל אין לימאַ. אָבער כּפי ער האָט זיך אַליין מודה געווען, ווערט ער אָנגענומען ווי אַ בעל־תשובה, און קומט אָפּ מיט אַ לייכטערע שטראָף, קאָנפיסקאַציע פון פאַרמעגן.

דעם זעלבן יאָר איז זיך מודה דאָמינגאָ לאָפּעז פון הערמאַסיליאַ דע סאַמאָרא (שפּאַניע), וועלכער האָט געוואוינט אין קאָנסעפּסיאָן (טשילע) אַז: „ווען ער איז אַלט געווען צען יאָר האָט אים זיין מוטער געזאָגט אַז יעזוס איז געשטאָרבן און זיין קערפּער האָט מען אַריינגעוואָרפן אין אַ גאָרטן". אַביסל שפּעטער, ווען ער איז געווען אין הויז פון זיינע שוועסטערקינדער פון דער מוטערס צד, אין וויזשאַ־פלאָר (פּאָרטוגאַל), האָט ער אַמאָל אַ גענייץ געטאָן, און ווען ער האָט געמאַכט איבער זיין מויל דעם צייכן פון קרייץ, האָט אים איינע פון די שוועסטערקינדער געזאָגט: „וואָס טוסטו?" האָט ער אַ צעטומלטער און דערמאָנענדיק זיך וואָס די מוטער האָט אים דערציילט, געענטפערט: „דאָס טו איך נאָר אין דער אָנוועזנהייט פון זייטיקע". שפּעטער האָט אים זיינער אַ האַלבער ברודער, פון איין פאָטער נישט פון איין מוטער, געלאָזט פאַרשרייבן אַ תפילה וואָס איז זייער אַ גוטע, און ווען ער האָט די תפילה אַמאָל אַרויסגענומען אין דער אָנוועזנהייט פון זיינס אַ שוועסטערקינד, האָט עס יענער צעריסן. שפּעטער זאָגט ער אַמאָל, אין דער תפילה צום מלאך־הגואל, „אונדזער גאָט" אַנשטאַט „אונדזער האַר יעזוס". ער האָט גע־מיינט אַז עס איז גוט אַזוי, ווייל ער האָט אַזוי געהערט זאָגן דער מוטער און די שוועסטערקינדער פון דער מוטערס צד.

פון דעם אַלעמען לאָזט זיך דרינגען אַז לאָפּעז האָט געשטאַמט פון אַ שפּאַנישן מאַראַן מיט אַ פּאָרטוגעזישע מאַראַנין. און ביי דער מוטער און איר משפּחה



מאָנומענט פאַר די קדושים אויפן בית־עולם פון דער חברה־קדישא



דירעקטאָריום פון חברה־קדישא 57 — 1956



איינער פון די פּאַבעליאָנען פון דער מאָדעל שולע אויף מאָקול

האָט זיך מער דערהאַלטן סיי דאָס יידישקייט סיי דער ווידערווילן צום קריסטנטום, וואָס איז אויך אין אַ געוויסער מאָס אריבער צו אים.

אָבער ווען ער ווערט געשיקט אין 1615 קיין לימאַ, דערקלערט ער פאַרן אינקוויזיציע טריבונאַל אַז „קיינמאָל אין זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך נישט דער־ווייטערט פון דער קאַטוילישער אמונה, און וועלכער ער האָט שטענדיק געגלויבט און וואָס ער האָט שטענדיק אָפּגעהיט. און אויב ער האָט ווען עס איז מחלל השם געווען, האָט עס אים שטאַרק גערדיקט אויפן הארצן און אויף דער נשמה. ער בעט פאַרגעבונג ביי ג' און רחמים ביים הייליקן טריבונאַל". נאָך אַזאַ וידוי האָט מען לאָפּעזן מוחל געווען מיט באַוואָרענישן און מען האָט אים פריי געלאָזט.

## 4. קדושים

די מאַראַנען אָפּשטאַמער האָבן אָבער געהאַט צווישן זיך נישט נאָר אָפּ־טריניקע און שוואַכלינגען, זיי האָבן אויך געהאַט שטאַרקע כאַראַקטערן, מענער וואָס האָבן געשטעלט זייער יידישקייט העכער פון זייערע לעבנס. דעם ערשטן אָרט צווישן אָט די קדושים פאַרנעמט פראַנסיסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, וואָס האָט זיך, איינמאָל געכאַפּט פון דער אינקוויזיציע, נישט געלאָזט רופן מיט קיין אַנדער נאָמען ווי העלי נאַזאַרענאַ — אליהו הנזיר.

געבאָרן אין טוקומאַן (אַרגענטינע), האָט פראַנסיסקאַ שטודירט מעדיצין אין לימאַ (פּערו) וואו ער האָט באַקומען זיין מעדיקער דיפּלאָם און איז אין סאַנטיאַגאָ (טשילע), באַשטעטיקט געוואָרן אַלס אַזעלכער, און האָט פּראַקטיצירט אַלס מעדיקער אין קאָנסעפּסיאָן (טשילע), וואו ער איז דעם 8־טן מאַי 1626 פאַרמסרט געוואָרן פאַר די קאָמיסאַרן פון דער אינקוויזיציע.

פראַנסיסקא מאַלדאַנאַדאָ דע סילוואַ, האָט געשטאַמט פון אַ פּאָרטוגעזישער מאַראַנען פאַמיליע אין וועלכער די יידישע און קריסטלעכע טענדענצן האָבן געפירט אַ שאַרפן גראַנגל. זיין פאָטער, דער מעדיקער דיעגאָ נוניעז דע סילוואַ און זיין ברודער דיעגאָ דע סילוואַ, זיינען געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט פון דער אינק־וויזיציע, און האָבן אונטער איר דרוק שלום געמאַכט מיט דער קירכע. זיין שוועס־טער פעליפּאַ מאַלדאָנאַדאָ איז געווען אַ מנישקע ביי די יעזואיטן, און זיין שוועסטער איזאַבעל מאַלדאָנאַדאָ האָט אים פאַר'מסר'ט פאַר דער אינקוויזיציע אַז ער זאָל זיך האָבן פאַר איר מודה געווען אַז ער איז אַ ייד און היט אָפּ תורת משה, אַז פאַר־הייליקן איקאָנעס איז ווי געצנדינסט, און אַז עס איז אַ ליגן אַז יעזוס איז געבאָרן געוואָרן פון אַ בתולה, אַז ער היט אָפּ שבת וכו'. איזאַבעל האָט געשריבן איר ברודער אַז ער זאָל פאַרלאָזן זיינע דרכים, אָבער ער האָט איר געענטפערט אַזוי אַז זי האָט

געמוזט פארברענען זיינע בריוו. די צווייטע שוועסטער, פעליפא, האט באשטעטיקט די רייד פון איזאבעל און האט נאך צוגעגעבן אז זי האט געזען איר ברודער פאסטן אין געוויסע טעג, אז ער עסט נישט קיין פלייש, כלומרשט צוליב קראנקהייט אז אין געוויסע שבתים טוט ער אן ריינע וועש, און אז זי איז חושד אז דאס אלץ האט צוטאן מיט יידישקייט.

אויף דער באזע פון אט די מסירות האט מען פראנסיסקא מאלדאנאדא דע סילווא ארעסטירט דעם 12־טן דעצעמבער 1626, און געלייגט אן ארעסט אויף זיין פארמעגן. אין דעם 29־טן אפריל 1627 איז ער פארשפארט געווארן אין א צעל פון קאנוועגט פון סאנטא־דאמינגא, און עס איז איבערגעגעבן געווארן אייניקע גלחים זיי זאלן אים זען מחזיר למוטב זיין.

דעם 2־טן מאי זאגט עדות פאר דער אינקוויזיציע קאמיסיע פון קאנסעפסיאן דער דאמיניקאנער מאנאך דיעגא דע אורעניא. פראנסיסקא זאל אים האבן פארטרויט א סוד אז שוין פון יארן ווי ער היט אפ תורת משה, אז זיין פאטער איז געשטארבן א ייד, אז ער האט געזוכט איבערצייגן זיין שוועסטער איזאבעל אז זי זאל האלטן די דאזיקע אמונה, און אז ער אליין איז גרייט צו לעבן און צו שטארבן אין אט דער לערע.

דעם 27־טן מאי גיט אפ זיין גביות עדות דער אגוסטינער מאנאך, אלאנסא דע אלמיידא, א קוואליפיצירטער *) פון דער אינקוויזיציע וועלכער באריכטעט אז דער ארעסטירטער האט אים דערקלערט אז עס איז פאראן נאר איין ג׳ וואס האט געגעבן זיין תורה צו משה אויפן בארג סיני, אז אט די תורה האבן אפגעהיט זיינע אבות, און אז פונקט ווי ג׳ ענדערט זיך נישט, ענדערט זיך אויך נישט זיין תורה.

דאס זעלביקע באשטעטיקט די מולאטין מאריא מארטינעז, מיטן צוגאב אז פראנסיסקא מאלדאנאדא דע סילווא האט געזוכט זי צו באקערן צו יידישקייט.

די אינקוויזיציע קאמיסארן פון טשילע שיקן איבער דעם „זינדיקן" צום הייליקן טריבונאל אין לימא (פערו), אבער אויך דארטן האלט פראנסיסקא אן זיינען איבערצייגונגען פאר וועלכע ער באצאלט מיט העכער צוועלף יאר עינויים און מיטן טויט לסוף.

קנאפע דרייצען יאר וועט דויערן, זינט מען האט ארעסטירט פראנסיסקא

*) אן אינקוויזיציע באאמטער וואס דארף באשטעטיקן דעם גראד פון די עבירות וואס זיינען באגאנגען געווארן קעגן דער קירכע, און די שטראף וואס דער חוטא פארדינט.

מאלדאנאדא דע סילווא דעם 12־טן סעפטעמבער 1626, ביז מען האט אים פאר־ברענט אויפן אויטא דע פע אין לימא דעם 23־טן יאנואר 1639, צוזאמען מיט די „פארברעכער" פון דער גרויסער „פארשווערונג", ס'הייסט מיט א גרויסע גרופע מאראנען וואס זיינען אנטדעקט געווארן אפהיטנדיק יידישקייט אין לימא. אבער ביז דער לעצטער מינוט האלט ער אויס יידישקייט און ווייזט ארויס די מסירות נפש פון א אמת'ן קדוש.

אויף דער ערשטער אוידיענץ פון דעם אינקוויזיציע טריבונאל, באשטעטיקט פראנסיסקא אליין וואס ער האט פריער דערקלערט, און גיט אויך צו ווי אזוי ער איז געקומען צו יידישקייט. ביז אכצען יאר האט ער זיך געהאלטן פאר א קריסט. אבער ביי דער עלטער קומט אים צום האנט א בוך פון דעם באריעמטן שלמה הלוי וואס האט זיך געשמדט בשעת די רדיפות פון 1391 און איז מיטן קריסטלעכן נאמען פאבלא דע סאנטא־מאריא אויס בורגאס געווארן א גלח און שפעטער ערצבישאף פון בורגאס וואו ער האט פריער געלעבט אלס ייד.

דאס בוך מיטן נאמען „סקרוטיניום סקריפטוראריום", ס'הייסט, א פארשונג פון דער הייליקער שריפט, איז געשריבן אין דער פארם פון א וויכוח צווישן דעם ייד שאול און דעם קריסט פוילוס. אבער די איינווענדונגען פון פוילוסן שטעלן נישט צופרידן פראנסיסקא מאלדאנאדא דע סילווא און ער ווענדעט זיך צו זיין פאטער, דיעגא, וועלכער האט פריער שלום געמאכט מיט דער קירכע, אז ער זאל אים לערנען תורת משה, און דער פאטער עצה'ט אים אז ער זאל לערנען דעם תנ"ך. אזוי ארום איז ער געקומען צו יידישקייט, וואס ער האט אנגעהויבן פראק־טיצירן. ווען אפילו ער פלעגט זיך מתודה זיין פארן גלח, פלעגט ער אבער אין געדאנק זאגן דעם וידוי פאר ג', נישט פאר קיין מענטשן, און ער פלעגט זיך מתודה זיין נאר פאר די זינד וואס ער איז באגאנגען לויט תורת משה. פראנסיסקא דערקלערט מיט שטאלץ: „איך בין א ייד, מיינע הערן! איך גלויב אין תורת משה, און לויט איר וועל איך לעבן, און פאר איר וועל איך שטארבן, און אויב איך וועל שווערן, וועל איך שווערן נאר ביים לעבעדיקן ג' וואס האט געשאפן הימל און ערד, דער ג' פון ישראל..." אזוי זאגט זיך פראנסיסקא אפ אנצונעמען א קריסטלעכע שבועה. ווען דער משומד און צורר היהודים פאבלא דע סאנטא מאריא אויס בורגאס, וואלט געקאנט וויסן צו וואס זיין בוך וועגן תנ"ך־פארשונג האט געבראכט, וואלט ער זיך מסתמא נאך טיפער ארייגעגראבן אין זיין קבר...

אויף דער אוידיענץ פון 27־טן יולי 1627, באווייזט פראנסיסקא מאלדאנאדא דע סילווא זיין געלערנטקייט אין יידישקייט. ער ציטירט אויסנווייניק גאנצע קאפ־יטלעך פון חומש, ער לייענט פאר דאס קאפיטל ל"ב פון ספר דברים, וואס ער־האלט פאר זיין תפילה, א. א. וו. אינטערעסאנט איז דער אינהאלט פון דעם

קאַפּיטל אין מויל פון אַ מאַראַנען־אָפּשטאַמער, וועמענס אבות עס זיינען אָפּ־געשמדט געוואָרן מיט העכער 130 יאָר צוריק, ס׳הייסט אַז ער איז זייער 4־טער אָדער 5־טער דור. דאָס קאַפּיטל לויטעט:

פאַרנעמט איר הימלען און איך וועל רעדן,
און זאָל הערן די ערד די רייד פון מיין מויל,
זאָל טריפן ווי רעגן מיין לערע,
זאָל פליסן ווי טוי מיין וואָרט,
ווי אַ גוס רעגן אויף גראָז
ווי אַ שפּריירעגן אויף קרייטעכץ.
ווען איך רוף דעם נאָמען פון ג׳,
גיט כבוד פאַר אונדזער האַר.
דער פעלז — זיין ווערק איז גאַנץ,
אַלע זיינע וועגן זיינען רעכט,
אַ גאָט פון טריישאַפט, אָן אומרעכט,
גערעכט און רעכטפאַרטיק איז ער.

אויף דער זעלבער אוידעניץ האָט ער פאַרגעלייענט אַ לאַנגע תפילה וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„דער גרויסער, אַלמעכטיקער און פּאָרכטיקער גאָט,
דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב״.

וואָס דערמאָנט אין אָנהויב פון שמונה־עשרה ווען אפילו אין אביסל אַ געענדערטער אָרדנונג. ער האָט אויך פאָרגעלייענט אויסווייניק עטלעכע קאַפּיטלעך פון תהילים.

דעם 5־טן אויגוסט איז ער זיך מודה אַז ער האָט זיך אַליין מל געווען מיט אַ גאָל־מעסער און שער, אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע, און אַז ער האָט געפּריידיקט יידישקייט צו זיין שוועסטער איזאַבעל.

אין די לאַנגע יאָרן וואָס ער זיצט אין געפענגעניש פאַרפאַסט פראַנסיסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ מזמורים אין לאַטיין און שפּאַניש. ער פאַסט פון שבת צו שבת (עסנדיק בלויז ביינאַכט), און פאַסט גאַנצע פיר טעג אַרום צענטן סעפּ־טעמבער, בכדי צו זיין זיכער אַז ער האָט געפאַסט יום־כפור.

עס צעפלאַקערט זיך אַן עקשנות׳דיקער געראַנגל פאַר דער נשמה פון פראַנ־סיסקאָ. די אינקוויזיטאָרן גייט עס נישט אין פאַרברענען זיין קערפּער, זיי ווילן באַזיגן זיין נשמה, סיי מיט פייניקונג, סיי דורך פּרוּוון אים איבערצייגן ער זאָל

שלום מאַכן מיט דער קירכע, פירט זיך אַן אומענדלעכער וויכוח, מינדלעך און שריפטלעך, מען שטעלט צו דעם באַשולדיקטן ביכער — אַ ביבל מיט ביידע טעסטאַמענטן — און מען גיט אים פּאַפּיר און שרייב געצייג. מען חשבונ'ט די צאָלן און דאַטן פון ספר דניאל בכדי איבערצוציינגן זיך קעגנזייטיק צו משיח איז שוין געקומען, צו ער דאַרף ערשט קומען. עס צעברענט זיך אַ טעאָלאָגישער דיס־פּוט, וואָס באַשטייט פון 15 וויכוחים.

סוף כל סוף איז פראַנסיסקאַ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ פאַרמשפּט געוואָרן פאַר־ברענט צו ווערן אויפן אויטאָ דע פע פון דער „גרויסער פאַרשווערונג", און די גלויביקע ווערן גערופן בייצווזיין דעם ספּעקטאַקל, וואָס דאַרף שטאַרקן זייער גלויבן.

דער אָפיציעלער רוף בייצווזיין דעם שייטער הויפן לייענט זיך אַזוי:

„דער הייליקער טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע איז מודיע אַלע טרייע קריסטן, איינוואוינער אָדער וואָס געפינען זיך צייטווייליק אין דער דאָזיקער שטאָט פון די קעניגן, אַז ער וועט דורכפירן אַן אויטאָ־דע־פע פאַר דער דערהויבונג פון אונדזער קאַטוילישן גלויבן, דעם 23־טן יאַנואַר 1639, טאָג פון הייליקן אילדעפאָנסאָ, אין דעם עפנטלעכן סקווער פון שטאָט, בכדי אַז די טרייע קאַטאָליקן וואָס ווילן אים בייזיין זאָלן דערמיט געוואונען די מחילה פאַר זינד וואָס די פּויפּסטן האָבן באַ־וויליקט צו די וואָס ווילן בייזיין אַזעלכע אַקטן. זאָל מען עס לאָזן אויסרופן, בכדי עס זאָל דערגיין צו אַלעמען".

און אָט ווי אַזוי די אָפיציעלע באַריכטן באַשרייבן דעם אויפטריט פון פראַנ־סיסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ אויפן וועג צום שייטער הויפן:

צום סוף קומט מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, מאָגער, גרוי, מיט לאַנגע באָרד און האָר, מיט די ביכער וואָס ער האָט אָנגעשריבן, און וואָס אין זיי ווערט געגעבן דער לעצטער באַווייז פאַר זיין משוגעת, צוגעבונדן צו זיין האַלדז. ווען מען האָט געענדיקט לייענען די געריכט־אורטיילן און ווען דער ווינט האָט אַראָפּגעריסן דעם פאָרהאַנג פון דער טריבונע פונקט איבערן אָרט וואו פראַנסיסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ איז געשטאַנען, האָט ער אויסגערופן: „דאָס האָט אַזוי באַשטימט דער ג' פון ישראל, בכדי מיך אָנצוקוקן פנים אל פנים!"

אַזוי איז געשטאָרבן דער קדוש אליהו הנזיר (פראַנסיסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ), וואָס האָט זיך די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן גישט געלאָזט רופן ביי קיין אַנדער נאָמען ווי העלי נאַזאַרענאַ: ס'הייסט, אליהו הנזיר. געליטערט אין פּיין, פאַרצערט אין פלאַמען, איז ער געבליבן ביז היינט ווי אַ סימבאָל פון מסירת נפש, מיט וועלכן עס דאַרפן זיך גרויסן און אין וועמענס ביישפּיל עס דאַרפן זיך אינ־

ספירירן אַלע יידן, בפרט דער ישוב פון סאַנטיאַגאָ (טשילע), וואו דער קדוש האָט זיך מיט זיין אייגענער האַנט אריינגעבראַכט אין אייביקן בונד פון אברהם אבינו.

---

מיט 25 יאָר שפּעטער, אין 1664, זיינען אין לימאַ פאַרברענט געוואָרן אין זעלביקן דאַטום, 23־טן יאַנואַר, דער אָנוס ראַדריגאַ הענריקעס דע פאַנסעקאַ און זיין פרוי לעאָנאָר דע אַנדראַדע, וועלכע מען האָט אַרעסטירט אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע, וואו זיי האָבן זיך צוזאַמען מיט לעאָנאָראַס ברודער לואיס ריווערא אויס־באַהאַלטן אַ שטיקל צייט, אין זייער אַנטלויפן פון דער אינקוויזיציע, וואָס האָט פאַרפאָלגט זייערע טריט איבער ימים און קאָנטינענטן.

נאָך אין שפּאַניע האָט אַ געוויסער כוזן מאַטעאַס פאַרמסרט ראַדריגאַ הענ־ריקעס דע פאַנסעקאַ פאַרן טריבונאַל פון מאַלאַגאַ אַז ער זאָל האָבן געוואָרנט דעם קעניג פון פעז, אַ מוסולמענער, אַז די עופות וואָס ער וועט עסן זאָל ער לאָזן שחט'ן פאַר זיינע אויגן, און זאָל באַהאַלטן די מעסערס מיט וועלכע מען האָט גע'שחט'ן די עופות, בכדי זיי זאָלן נישט זיין „טריפה" — ער זאָל זיך נישט פאַר־לאָזן אויף קיינעם... אָבער ראַדריגאַן מיט זיין פרוי און שוואָגער איז געלונגען אַפּצוציען באַצייטנס און אַ צייט לאַנג האָט מען נישט געוואוסט וואו זיי זיינען.

ערשט אין 1655 האָט די אינקוויזיציע פון לימאַ דערהאַלטן אַן אָפיציעלע מיטטיילונג אַז ראַדריגאַ דע פאַנסעקאַ מיט זיין פרוי, האָבן געביטן זייערע נעמען אויף דיעגאָ און פראַנסיסקאַ סאַטעלאַ, זיינען אַוועק קיין אַמעריקע און זיינען דורך ב. איירעס, פּאַראַגוואַי און טוקומאַן אָנגעקומען קיין סאַנטיאַגאָ דע טשילע, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט. די אינקוויזיציע שיקט אַרויס די געהעריקע פאַר־אָרדנונגען און ראַדריגאַ הענריקעס דע פאַנסעקאַ — אָדער דיעגאָ סאַטעלאַ, זיין פרוי עלעאָנאָר אָדער פראַנסיסקאַ און איר ברודער לואיס ריווערא, ווערן אַרעס־טירט און אַרויסגעשיקט קיין לימאַ, וואוהין זיי קומען אָן דעם 30־סטן אויגוסט פון 1656.

ביי דער אויספאָרשונג אין לימאַ זיינען זיי זיך מודה. זייערע קרובים זיינען געווען אַרעסטירט אין די אינקוויזיציע פון מאַלאַגאַ און גראַנאַדאַ, זיי היטן אָפּ יידישקייט, תעניתים, ימים־טובים, אַנדערע מנהגים; דערצו איז נאָך דאָן ראָדריגאַ גע'מל'ט. אויף מאָרגן נאָכן מודה זיין זיך געפינט מען לואיס ריווערא אַ טויטן אין זיין צעל, ער האָט זיך אויפגעשניטן די אָדערן מיט אַ ביינדל.

דאָך פאָדערט אַרויס די אינקוויזיציע פון לימאַ די אַנטשצענדענטן פון די אַרעסטירטע וואָס זאָלן זיך געפינען אין שפּאַניע. אין 1661 קומט אָן אַן ענטפער

אַז עס איז נישטאָ קיין שום אַנטעצעדענטן, כאָטש מען האָט געגישטערט אין די אינקוויזיציע טריבונאַלן פון גראַנאַדאַ און קוענקאַ, ווי אויך אין דער צענטראַלע פון הייליקן טריבונאַל אין דער הויפּט שטאָט. מסתמא האָט ראַדריגאָ דע פּאַנסעקאַ אַנגעגעבן די מעשה מיט אַנטעצעדענטן, בכדי צו געוואונען צייט.

די אינקוויזיציע פון לימאַ וויל אָבער נישט אַרויסלאָזן אירע קרבנות. מען פּייניגט דאָן ראַדריגאָ־דיעגאָ און דאַניאַ עלעאַנאָר־פראַנסיסקאַ. מען קריגט ביי זיי אַרויס נאָך דערקלערונגען (מסתמא וועגן אַנדערע מאַראַנען וואָס היטן אָפּ ייִדישקייט), זיי ווערן פאַרמשפּט צום טויט און ווערן פאַרברענט דעם 23־טן יאַנואַר, 1664.

די אינקוויזיטאָרן פון לימאַ האָבן אָפּנים געוואוסט אַז זיי דאַרפן זיך צו־איילן, ווייל דעם 11־טן סעפּטעמבער פון 1664 האָט די רעגירונג אין שפּאַניע געוואָרנט די אינקוויזיציע אין לימאַ אַז „אויב מען דאַרף פאַרמשפּטן די פאַרברעכער צום אומקומען, זאָל מען צושיקן קיין שפּאַניע אַ קאָפּיע פון פּראָצעס און וואַרטן אויף אַן ענדגילטיקער רעזאָלוציע וואָס וועט דיקטירט ווערן". ווער ווייסט וואָס פאַר אַ צד ראַדריגאָ האָט געהאַט אין שפּאַניע... אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. די אינקוויזיציע האָט מקריב געווען נאָך צוויי מענטשלעכע קרבנות צום אָפּגאָט פון פאַנאַטיזם, און נאָך צוויי מאַראַנען האָבן מקדש השם געווען.

אַזוי זיינען אויף טשילענער באָדן געבאָפּט געוואָרן אַנוסים וואָס האָבן אָפּ־געהיט ייִדישקייט און וועלכע האָבן מקדש השם געווען אויף די שייטערהויפנס פון דער אינקוויזיציע, נישט וועלנדיק ביז דער לעצטער שעה אָפּטרעטן פון דעם גלויבן פון זייערע אבות. זייער אַנדענק פון קדושים דאַרף זיין טייער דעם ייִדישן ישוב פון טשילע, בעיקר, אַלס די ערשטע ייִדן אויפן טשילענער באָדן, און זייערע נעמען וואָלטן געדאַרפט דערמאָנט ווערן ביי די תפילות פון הזכרת נשמות, מיט פאַרערונג און שטאָלץ.

מען דאַרף נישט אָננעמען אַז אַבסאָלוט אַלע אַנוסים וואָס האָבן אָפּגעהיט ייִדישקייט זיינען אַנטדעקט געוואָרן. דאָס לאַנד איז געווען צו גרויס, די ישובים צו שיטער, עס איז ביי די גרעסטע אָנשטרענגונגען נישט מעגלעך געווען אַז די שפּיאָנען און מוסרים פון דער אינקוויזיציע זאָלן אַלץ זען און באַמערקן. בעיקר איז געווען כמעט אומצוטריטלעך פאַר די שפּאַניער דער דרום־טייל פון לאַנד, די אַזוי גערופענע אַראַוקאַניאַ, וואו די מוטיקע אינדיאַנער פון שבט אַראַוקאַ, אָנגעפירט פון זייערע העלדישע קעמפער, לאַוטאַראַ, קאַופּאָליקאַן און אַנדערע האָבן אַ צייט לאַנג אָנגעהאַלטן אַ פּאָזיציע פון כמעט אומאָפּהענגיקייט פון שפּאַנישן עול. דאָס אַלץ האָט דערלויבט געוויסע אַנוסים פאַמיליעס צו דערהאַלטן זייער ייִדישקייט און עס איבערגעבן פון דור צו דור.

זאָגט טאַקע דער אויבנדערמאָנטער טשילענער היסטאָריקער: „קיינמאָל (ביז איצט) נישט אפילו אין פּאָריקן יאָרהונדערט פון באַפרייאונג און פרייהייט איז אין טשילע עפנטלעך פּראַקטיצירט געוואָרן דער מאָזאישער גלויבן. דאָך איז אויגנ־שיינלעך אַז אייניקע משפחות האָבן אין געהיים אָנגעהאַלטן אַ געוויסן ריטואַל, ווי עס באַווייזט דאָס געפונען פון אַ גמרא, בשעתן צונעמען אַ רעזידענץ־הויז פון איינער פון אונדזערע אָנגעזעענסטע פאַמיליעס. וואָס האָט געהאַט צו טאָן אָט דער ספר אין צווישנדאַך פון דעם בנין? געוויס איז עס דאָרט נישט געוועזן אַלס לייען־שטאָף פאַר דער דינערשאַפט פון שקלאַפן און אינדיאַנער. דאָס האָט געוויס דער בעל־הבית בסוד סודות באַהאַלטן דעם ספר“....

צו די ווערטער פון חשובן טשילענער היסטאָריע־אַקאַדעמיקער קאָן מען נאָר צוגעבן אַז עס איז נישט בלויז אַן אַלטע גמרא וואָס האָט זיך דערהאַלטן אין טשילע. אייניקע פאַמיליעס האָבן ביז היינט צו טאָג דערהאַלטן פאַרשטיינערטע רעשטלעך פון אמאָליקן אנוסים־ריטואַל. פאַראַן ווער עס איז מל די זכרים, צוליב היגיענישע צוועקן, כלומרשט... פאַראַן ווער עס האָט אַפּעטיט פאַר מצה אין די טעג אַרום דעם יידישן פסח. פאַראַן ווער עס צינדט ליכט און באַהאַלט זיי אין אַ טאָפּ, אָדער טראָגט זיי אַראָפּ אין קעלער, אין די פּריוויט־פאַרנאַכטן. הכלל, סאָציאַל־ אַרכעאָלאָגישע רעשטלעך פון אמאָליקן אנוסים ריטואַל זיינען נישט קיין זעלטנהייט אין טשילע. דער עצם פאַקט וואָס די לאַנדעס־אַקאַדעמיע פאַר געשיכטע, גיט אַרויס אַ בוך פון אַ יידישן מחבר (גונטער בעהם) וועגן די יידן אין טשילע אין די צייטן פון דער קאָלאָניע, און אַ טשילענער אַקאַדעמיקער נעמט דעם זעלביקן ענין אַלס טעמע פאַר זיין אנשליסונג־פאָרטראַג, זיינען פאַר זיך אַליין גענוג כאַראַקטעריסטיש.

איז טאַקע זייער טרעפלעך דער אַקאַדעמיקער קאַרלאָס לאַרראַין דע קאַסטראָ ווען ער פאַרענדיקט זיין דערמאָנטן פאָרטראַג מיט אַ ציטאַטע פון שפּאַנישן פאָלק־לאָר וואָס זאָגט: „האָט געענטפערט דער קרוג צו די דריי טראָפּנס בוימל וואָס האָבן געוואָלט אַריין אין אים: „ווען איר וועט אַריין, וועט איר זיך נישט אויסמישן, איר וועט אַרויפשטייגן צום סאַמע העכסטן פּונקט, און וואָס מיר זאָלן נישט טאָן דערנאָך אויף אויסצוואַשן דעם קרוג וועט ער שטענדיק שמעקן מיט בוימל“.

אין טשילע איז בלויז נישט מקוים געוואָרן דער ערשטער באַדינג: די דריי טראָפּן אנוסים־בוימל האָבן זיך מיט די יאָרהונדערטער י אַ אויסגעמישט, אָבער די אַנדערע צוויי באַדינגונגען פילן זיך נאָך ביז היינט אין טשילענער לעבן. און נאָך מער דערפון: פאַראַן ·אָנגעזעענע פאַמיליעס, וואָס האָבן מיט יידישן אָפּ־שטאַם אַבסאָלוט קיין שייכות נישט, דאָך זאָגט מען אויף זיי, און זיי גופא זאָגן

אויף זיך אליין, אז זיי שטאמען אפּ פון די „דריי טראָפּן בוימל״, און א סך האלטן עס נאָך פאר א כבוד...

## ה) האַלב־יידן אין טשילע

ווי קליין עס זאָל נישט האָבן געווען די געהיים־יידישע עלעמענטן וואָס זיינען פארשלונגען געוואָרן אין דער קאָלאָניאַלער געזעלשאַפט פון טשילע, ווי שוואַך עס זאָל נישט האָבן געווען זייער יידישער באוואוסטזיין; מערסטנטייל כמעט נישט מער ווי א געדעכעניש פון יידישן אָפּשטאַם און, אין בעסטן פאַל, אויך א פּאָר אומפארשטענדלעכע מנהגים, איז אָבער געווען גרויס זייער השפּעה, ווייל זיי האָבן מערסנטיילס געהערט צו די העכערע קלאַסן און האָבן דערצו דערוועקט נייגער מיט דער סודות׳פולקייט וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט. דאָס געהערן צו אָט דעם שיכט האָט אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע געמוזט באַדייטן א געוויסע חשיבות און אזוי איז עס פארבליבן ביז היינט צו טאָג, ווען אפילו די וואָס מען זאָגט בלויז אויף זיי אז זיי האָבן עפּעס א שטיקל קרובה־שאַפט מיטן אָפּגעפרעגטן פאָלק, גרויסן זיך דערמיט.

אויף וויפיל אייניקע משפחות און יחידים האָבן דאָך דערהאַלטן אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע געוויסע סימנים פון יידישן קולט, האָבן זיי נויטיק געהאַט די מיטווירקונג פון זייערע נאָנטסטע שטוב־מענטשן, בעיקר דינערשאַפט, בכדי לכל הפּחות נישט דענונצירט צו ווערן פון זייערע אייגענע און נאָענטע פאר די אַגענטן פון דער אינקוויזיציע. נישט אַלעמאָל האָט זיך עס איינגעגעבן. פראַנסיסקאָ מאַל־דאָנאַדאָ דע סילוואַ איז געמסרט געוואָרן דורך זיין שוועסטער און קעגן אים האָט עדות געזאָגט די מולאַטין (מסתמא א דינסט) וואָס ער האָט געוואָלט באַקערן צו יידישקייט.

לייגט זיך אויפן שכל אַז די אנוסים זאָלן האָבן געזוכט מקרב צו זיין די נישט קאַטוילישע סעקטאַנטן און הערעטיקער, ווי אויך די ערשט־באַקערטע אינד־יאַנער, וואָס זיינען אויך פארפאָלגט געוואָרן פון דער קירכע און האָבן דערפאַר געמוזט האַלטן בסוד אויך זייער רעליגיעזן אייגנאַרט, ווערענדיק דערמיט ווי געצוואונגענע פאַרבינדעטע פון די אנוסים. אויף אַזא אופן איז מעגלעך געווען אַז די פאַרגליווערטע רעשטלעך פון אנוסים־יידישקייט זאָלן באַאיינפלוסן די וויניציקע פּראָטעסטאַנטן וואָס האָבן זינט די ערשטע צייטן פון דער קאָלאָניע געלעבט אין טשילע און האָבן זיך צוליב די אויבנדערמאָנטע סיבות געמוזט דערנענטערן

דערצו האָט זיך די איינוואַנדערונג פון מאַראַנען כמעט ווי נישט אָפּגעשטעלט פאר דער גאַנצער קאָלאָניאַלער עפּאָכע, אויך אין שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער

זיינען אריינגעקומען משפחות פון אנוסים, בעיקר פון פארטוגאל. אייניקע פון זיי מיט א גרעסערן אוצר פון יידישן באוואוסטזיין און יידיש־ריטועלער פראקטיק. אזוי, למשל, האט אין 1926, דער יידיש־שפאנישער זשורנאל „נאסאטראס" באַ־קומען פון א קריסטלעכן אדוואקאט און מוניציפאלן־סעקרעטאר פון א גרעסערער פראווינץ־שטאט, א בריוו מיט דער ביטע אבאנירן אים אויך דער אויסגאבע. אין בריוו זאגט זיך: „דער איינציקער זכות וואס איך האב אויך צו באקומען אייער זשורנאל, איז דאס וואס איך ווייס אז איך שטאם פון א ספרדישער פאמיליע וואס איז געקומען קיין טשילע אין 1756. און א צווייטער טשילענער האט צו דער צייט פון דער באלפור־דעקלאראציע געביטן דעם נאמען פון זיין גוט פון שפאנישן „אוראָרא", אויפן העברעישן „השחר", און האט געבעטן מען זאל אים צושיקן א קרן־קימת־פושקע, ווייל ער איז באוואוסטזיניק וועגן זיין יידישן אפשטאם.

אויף אזא אופן קאן דערקלערט ווערן די דערהאלטונג ביז אונדזערע טעג פון א האלב־יידישער גרופע וואס רופט זיך „איגלעסיא איזראעליטא" — יידישע קירכע, און האט אירע אנהענגער אין די געגנטן פון קורא־קאוטין, קונקא, אין די גרענעץ געביטן פון דער אמאליקער אראוקאניא. א טייל פון אט דער גרופע האט זיך באזעצט אין ארגענטינע, וואו זיי זעצן פאר זייער אייגנארטיקן קולט, און איןביידע גרופן איז שטארק די שטרעבונג עולה צו זיין קיין ישראל.

דער געגנט וואו די דאזיקע גרופע האט זיך דערהאלטן שטימט מיט דער טעאריע פון דער השפעה פון גרענעצן אין יידישן גלות־לעבן. אין מערב־אייראפע האבן זיך יידן אין מיטלאלטער גוט איינגעבירגערט אין שפאניע, א גרענעץ לאנד צווישן קריסטנטום און איסלאם און אין עלזאס, א גרענעץ מדינה צווישן דייטשן און פראנצויזן. אין מזרח אייראפע האט דאס זעלבע פאסירט אין פוילן, א גרענעץ־לאנד, פריער צווישן קריסטנטום און געצנדינסט און שפעטער צווישן קאטוילישן און ארטאדאקסישן קריסטנטום. ווען די יידן ווערן פארטריבן פון שפאניע אין 1492, ס'הייסט פונקט דאן ווען שפאניע איז געווארן אויס גרענעץ־געביט, ווייל די איסלאמישע הערשאפט איז אויסגעלאשן געווארן אין לעצטן טייל פון איבערישן האלב־אינדזל, אין גראנאדא וואו זי האט זיך נאך ווי עס איז געהאט דערהאלטן, האבן זיך די גרעסטע צאל ספרדים געראטעוועט קיין טערקיי, אויך א גרענעץ לאנד צווישן איסלאם און קריסטנטום. די געגנט ווי דער האלב־יידישער שבט האט זיך דערהאלטן אין טשילע איז אויך אין א געוויסן זין א מין גרענעץ־געביט.

מען דארף געדענקען אז אין די צייטן פון דער קאלאניע איז דרום־טשילע פאקטיש געווען אויסער דער דירעקטער קריסטלעכער הערשאפט. אין די קאלאניאלע צייטן האט דער קריגערישער אינדיאנער שבט פון די אראוקאנער, אנגעפירט פון זייערע

העלדן לאוטארא, קאופאליקאן און אנדערע, ביטער געקעמפט קעגן די שפאנישע אריינדרינגער, האט אפט צעשטערט די שטעט און קליינע פעסטונגען (פארטינעס) וואס די שפאניער האבן געגרינדעט אין דער טעריטאריע פון שבט, און האט אנגע־האלטן א מין פאקטישע זעלבסטשטענדיקייט וואס די שפאניער האבן נישט געקאנט אפשאפן.

לאוטארא און קאופאליקאן ווערן ביז היינט אנערקענט ווי די פארקעמפער פאר דער שפאניש־אמעריקאנער זעלבסטשטענדיקייט. די מאסאנען לאזשע אין וועלכע עס זיינען געווען אנגעשלאסן די זיד־אמעריקאנער קעמפער פאר זעלבסט־שטענדיקייט האט געטראגן דעם נאמען פון לאוטארא און אויפן נאמען פון קאופאליקאן ווערן ביז היינט אנגערופן אייניקע אנשטאלטן אין טשילע.

אויך נאך דער זעלבסטשטענדיקייט פון טשילע האט די רעגירונג פון דער רעפובליק נישט אזוי לייכט געקאנט אריינדרינגען אין אראוקאניא, און ווען עס איז געלונגען מיט גוטן צו גרינדן א פאר שטעטלעך, צווישן זיי טראיגען, וואו עס האבן זיך באזעצט אייניקע פון די ערשטע עפענטלעכע יידן אין טשילע, איז נאך אלץ די מאכט פון דער רעפובליק נישט געווען אזוי זיכער אין יענע מקומות. טראיגען איז געגרינדעט געווארן אין 1878, אבער אין יאנואר פון 1881, ווערט די שטאט באלאגערט פון אראוקאנישע אויפשטענדלער און אין נאוועמבער פון זעלביקן יאר ברעכט אויס אן אלגעמיינער אויפשטאנד פון די אראוקאנער, וואס ווערט אונטערגעדריקט נאך גרויסע אנשטרענגונגען און שלאכטן. א פאר יאר שפעטער קומען אהין אן די ערשטע יידישע איינוואוינער.

אט אין די גרענעץ־געגנטן פון אראוקאניע, א האלב זעלבסטשטענדיקער אינ־דישער געגנט, האבן זיך געקאנט דערהאלטן די מאראנען אפשטאמער און אפהיטן די רעשטן פון יידישע מנהגים וואס זיינען נאך ביי זיי פארבליבן, דערהאלטנדיק דעם אנדענק פון זייער יידישן אפשטאם ביז אונדזערע טעג.

די מערקווירדיקע גרופע פון די טשילענער האלב־יידן איז באמת א געמיש פון יידישע־אפשטאמער מיט קריסטלעכע עלעמענטן אין וועלכער עס לאזן זיך אונטערשיידן דריי טיילן: א) א גרופע מיט אויסגעשפראכענער נטיה צו יידיש־קייט. ארום א צוואנציק משפחות, מיט בערך הונדערט נפשות. זיי קאנען באטראכט ווערן ווי אפשטאמער פון מאראנען. זיי דערנענטערן זיך אלץ מער און מער צו יידישקייט. זיי האבן איבערגענומען חוץ שבת, וואס דער גאנצער שבט היט אפ, אויך פסח, יום כפור וכ'. די גאנצע גרופע שטרעבט צו עליה, פון יידיש־נאציאנאלן שטאנדפונקט, און האבן ביז היינט געגעבן 7 עולים פון דער עלית הנוער, 5 חלוצים און איין מדריך. די זכרים צווישן די עולים האבן דורכגעמאכט מילה.

דאָס קוריאָזע דערביי איז וואָס צווישן די דאָקטוירים וואָס האָבן דורכגעפירט די אָפּעראַציעס געפינט זיך אויך אַ טשילענער דאָקטאָרין.

ב) די צווייטע גרופּע, עטוואָס גרעסער פון דער ערשטער, האָט אין זיך כמעט גאָרנישט קיין עטניש־יידישע יסודות, דאָס זיינען סעקטאַנטן מיט פאַרערונג פאַרן אַלטן טעסטאַמענט און מיט אַ גענוג אויסגעשפּראָכענער נייגונג זיך מגייר צו זיין. זיי האָבן אָבער נאָך נישט אויסגעלעבט געצנלעך די קריסטלעכע דאָגמעס און פירונגען. די מיטגלידער פון דער דאָזיקער גרופּע שטרעבן אויך צו עליה קיין ישראל, אין הסכם מיטן פסוק: „ווען ג־ט וועט דערבאַרימען יעקב, און וועט ווידער אויסדערוויילן ישראל, און זיי באַרוען אויף זייער ערד, וועלן פרעמדע זיך באַהעפטן צו זיי און וועלן צושטיין צום הויז פון יעקב". זייער שטרעבונג צו עליה איז באַזעלט פון דער האָפנונג צו ווערן פולקאָמע יידן, מיט דער צייט און אין ישראל.

די דריטע גרופּע איז נאָך נישט אינגאַנצן אויסקריסטאַליזירט, נישט אַרום דעם באַגריף ציון, נישט אַרום יידישקייט, דאָס זיינען סובאָטניקעס, ד. ה. קריסטן שומרי שבת, און פאַראַן צווישן זיי אויך אַזעלכע וואָס שטרעבן צו דערנענטערן זיך צו יידן בכדי דערמיט צו דערנענטערן די יידן צום „אמת'ן" גלויבן און מקרב זיין דאָס קומען פון „דערלייזער" צום צווייטן מאָל. זייער ציון איז נישט די ערדישע, נאָר די הימלישע...

אַלע דריי גרופּעס באַטייליקן זיך אַלס ציוניסטן, קויפן שקלים, זאַמלען פאַרן קרן קימת און שיקן דעלעגאַטן צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן, זינט דעם ערשטן אַל־יידישן קאָנגרעס וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין טשילע אין 1919; כאָטש עס פעלן אויך נישט צווישן די דריי גרופּעס קיין פרומע „נטורי קרתא'ניקעס", וואָס טענה'ן אַז מען טאָר נישט דוחק זיין דעם קץ און מען דאַרף געדולדיק וואַרטן אויף משיח'ן...

## ו) פאַרשלונגענע און האַלבפאַרשלונגענע אָפּשטאַמער פון אשכנזים

נאָך דער באַפרייאונג פון שפּאַנישער הערשאַפט, איז די רעפּובליק טשילע געבליבן אַ צייט־לאַנג כמעט געשלאָסן פאַר אימיגראַציע. טשילע שטייט „באמת מיטן רוקן צו דער וועלט", אָנגעשפּאַרט אין דער הויכער בערג־קייט פון די אַנדען, וואָס ווערט באַזונגען אין דעם טשילענער נאַציאָנאַלן הימן ווי „די פעסטונג וואָס גאָט האָט דיר געגעבן", און מיטן פּנים צום גרויסן שטילן אָקעאַן מיט זיינע אומענדלעכע שטחים וואָס זיינען באַשפּרינקלט מיט רעלאַטיוו ווייניק אינדזלען

ביי די ברעגן פון דרום אַמעריקע. צו קומען קיין טשילע האָט מען דאַן געקאָנט אָדער דורך אַרגענטינע, אָדער פון פּערו, אָדער דורכן ים. האָט אין ערשטן פאַל פאַרשטעלט דעם וועג די אַנדען־קייט, אין צווייטן די אומענדלעכע מדבריות פון צפון טשילע און אין דריטן, דער שטורמדיקער מאַגאַליאַן דורכגוס. דאָס זיינען געווען צוטריט־וועגן שווערע, פולע מיט סכנות, וואָס בלויז געניטע ים־פאָרער אָדער איינשטעלער אַוואַנטוריסטן האָבן זיך אויף זיי געקאָנט לאָזן. האָט זיך אין טשילע געשאַפן אַ שטימונג פון אָפּגעזונדערטקייט פון דער וועלט, אַ מין איינגע־שלאָסנקייט אין זיך, לויט דער גוטער שפּאַנישער טראַדיציע, וואָס האָט זיך דער־האַלטן ביז היינט און האָט ווייניק באַגינסטיקט די איינוואַנדערונג פון פרעמדע.

דערצו האָט די רעפּובליק געהאַט צו פירן אַ לאַנגן ביטערן קאַמף קעגן די מעכטיקע אַראַוקאַנער שבטים וואָס האָבן באַהערשט דעם דרום טייל פון לאַנד, גראָד די געביטן וואָס זיינען מער צוגעפּאַסט פאַר אַגריקולטור, פיצוכט און וואַלד־עקספּלאָטאַציע אויפן אייראָפּעאישן שטייגער.

ערשט אין דער צווייטער העלפט פון ניינצנטן יאָרהונדערט ווען די אַראַוקאַנער זוואַרפן זיך דעפיניטיוו אונטער דער רעפּובליק און דער ליבעראַליזם זעצט דורך אַ רייע רעגירונגס־אָרדענאַנצן און געזעצן וואָס געבן די מעגלעכקייט אויך פאַר נישט־קאַטאָליקן צו לעבן אין לאַנד, ווי דאָס געזעץ פאַר חתונות צווישן נישט־קאַטאָליקן (1870), און דער ציוויל־רעגיסטער פון געבורטן, חתונות און טויט־פאַלן (1885) א. א. ערשט דעמאָלט קאָן טשילע קומען אין אנבעטראַכט אַלס לאַנד פון איינוואַנדערונג פאַר אַנדערש גלויביקע.

די דאָזיקע געזעצן האָבן געעפנט די דרום־געביטן פאַר דער איינוואַנדערונג פון דייטשן, צוזאַמען און איינצייטיק מיט וועלכע עס האָבן אָנגעהויבן צו קומען יידישע משפחות פון אשכנזישן שבט. אַרום דער זעלביקער צייט הויבט אָן טשילע צו אַנטוויקלען די רייכע קופּער מינעס און סאַליטרע פעלדער פון אירע צפון געביטן, און אויך צווישן די וואָס טוען די דאָזיקע וויכטיקע אַרבעט פאַר דער עקאָנאָמיק פון לאַנד באַווייזן זיך אשכנזישע יידן פון מערב אייראָפּע. חוץ די דאָזיקע געקומענע מיט די דינע אימיגראַציע שטראָמען פון מערב־אייראָפּע, קומען אויך אַראָפּ אייניקע איינשטעלער פון מזרח אייראָפּע, צווישן זיי די פאַמיליע פון אליהו בראַון, וואָס איז אָנגעקומען קיין מאַגאַזשאַנעס, אין דרום טשילע.

דער דאָזיקער אימיגראַציע־עלעמענט פון יידן וואָס האָבן לעגאַל געקאָנט דער־קלערן זיך אַלס אַזעלכע איז אָבער געווען צו קליין אין צאָל און צו צעוואָרפן אויף דער גאַנצער לענג פון דער קאָנטינענטאַלער טשילע פון אַריקאַ ביז מאַגאַ־זשאַנעס, העכער 4.000 קילאָמעטער, אַז ער זאָל קאָנען אויפשטעלן אַ יידיש לעבן,

ווען אפילו ער וואָלט עס געוואָלט. ער האָט זיך פולשטענדיק אויפגעלייזט און פאַרשוואונדן געוואָרן אין דער אַרומיקער סביבה.

בשעת די געהיימע יידן פון ספרדישן אָפּשטאַם זיינען געווען צווישן די דעראָבערער פון לאַנד און זייערע אָפּשטאַמער געהערן איצט צום אַריסטאָקראַטישן שיכט פון גוט־באַזיצער, זיינען די ערשטע אָפענע יידן פון אשכנזישן שבט געווען בעיקר בויער און אויפטוער אויף די געביטן פון האַנדל און אינדוסטריע, און זייערע אָפּשטאַמער געהערן ס׳רוב צו דער טשילענער פּלוטאָקראַטיע, דער רייכער שטאַנד פון סוחרים און אייגנטימער.

אויך די טשילענער אָפּשטאַמער פון דעם דאָזיקן אימיגראַציע שיכט האָבן אין אַ היפּשן טייל דערהאַלטן דעם באַוואוסטזיין פון זייער יידישן אָפּשטאַם, מיט וועלכן זיי שעמען זיך נישט, אָבער זיי זיינען אויך ווייט פון גרויסן זיך מיט אים, נאָר זיי נעמען עס אָן ווי אַ פאַקט וואָס קאָן נישט געענדערט ווערן. דאָך פלאַמט ביי אייניקע פון זיי אויף פון צייט צו צייט אַ פונק פון יידישן געפיל. בעיקר האָט זיך עס באַמערקט אין די טעג פון דעם גרעסנגל פאַרן אויפקום פון מדינת ישראל. אויך וועגן די אָפּשטאַמער פון אָט דעם דאָזיקן שיכט וואָס איז אויפגעלייזט געוואָרן אין דער טשילענער סביבה לאָזט זיך דערציילן עטוואס וואָס איז כדאי צו פאַר־פיקסירן פאַר דער געשיכטע.

די אויבנדערמאָנטע פאַמיליע בראַון האָט זיך שנעל איינגעאָרדנט אין לאַנד. די עלטסטע טאָכטער שרה־איטע (סאַראַ) האָט חתונה געהאַט מיט אַ רייכן קריסט, די ברידער זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין זייער שוואָגערס געשעפטן, אינגיכן האָבן זיי זיך אַלע אויסגעמישט מיט קריסטן דורך הייראַט, זייערע קינדער זיינען נעבאָרן געוואָרן קריסטן. זייער צוגעבונדנקייט צום נייעם גלויבן איז געווען אַזאַ אַז ווען זייערס אַ שוועסטערקינד וואָס איז פאַרבליבן אַ יידישקע האָט געוואָלט גיין צוזאַמען מיט איר מאַן, אַ יידישן לערער, האָט מען זיי געלאָזט וויסן מצד די רייכע קרובים אַז מען איז זיי גרייט רייך צו מאַכן, שטענדיק, זיי זאָלן מסכים זיין אָננעמען קריסטנטום... דאָך האָט מען אויך אָן דעם תנאי געשטיצט די אָרעמע קרובים מיט קליינע סומעס.

עס זיינען אָבער פאַראַן באַגלויבטע ידיעות אַז ווען שרה־איטע (סאַראַ) בראַון־וואַלענזועלאַ, אַ פרוי וואָס האָט זיך קונה שם געווען מיט אירע אויפטוען אויפן וואוילטעטיקן און דערציערישן געביט, פלעגט פאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, פלעגט זי דאָרט דווקא פיגורירן אַלס יידישקע...

און אין שיל פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ" איז אויפגעהיט געוואָרן אַ חומש בראשית, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין ווילנע אין יאָר 1863 און האָט געהערט צו אליהו בראַון. אויפן ליידיקן בלעטל צווישן טאָוול און ספר, זיינען אויף יידיש

און לויט דעם אַלטן יידישן מנהג, פאַרשריבן די געבורט׳ס דאַטומס פון זייערע קינדער: שרה־איטע (סאַראַ), מאָריץ, אָסקאַר, אַניטאַ, פאַני, מאיר, כואַן. דער אייגנאַרטיקער „ציוויל־רעגיסטער״, פון די אבות פון די מיליאָנערסקע בראַונס, האָט זיך אויפגעהיט אויף אַ בלעטל פון אַ ספר, ווי עס איז אַמאָל געווען דער מנהג ביי יידן...

אין 1941 איז צו דער הערצל אזכרה איינגעאָרדנט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין סאַנטיאַגאָ, געקומען אַ בכבוד׳יקע טשילענער דאַמע, אַ האַלב־יידישע קרובה פון בנימין זאב־טעאָדאָר הערצל ז״ל. געקומען איז זי מיט איר קריסטלעכן מאַן, וואָס איז געווען מיניסטער פון טשילע אין פּאַריז. זייער זון איז געבליבן אין פראַנקרייך פון וואַנען ער פלעגט צושטעלן די טשילענער יידישע עסקנים אינפאָרמאַציע וועגן דער לאַגע פון די יידן וואָס זיינען פאַרבליבן אין לאַנד און די מעגלעכקייטן זיי צו ראַטעווען. דער יידישער פונק איז, אַלזאָ, נישט אויסגעלאָשן געוואָרן אפילו אין דריטן אָדער פערטן דור.

דער דאָזיקער פונק האָט אויפגעהעלט אין דער נשמה פון אַ הויכן מלוכה־באַאַמטן פון טשילענער אויסערן־מיניסטעריום וואָס וויל זיך דוקא אומאַרמען מיטן פאַרבינדונגס־אָפיציר פון מדינת ישראל, ווען ער טיילט אים מיט אַז טשילע האָט אַנערקענט דעם יידנשטאַאַט.

און דער זעלבער פונק לאָזט נישט שלאָפן אַ טשילענער פון יידישן אָפּשטאַם אין די טעג פון דער באַפרייאונגס מלחמה פון מדינת ישראל און ער באַרואיקט זיך נישט ביז וואַנען ער שיקט נישט אָפּ זיין טשעק פאַר דער „הגנה״.

און אַ הויך געשעצטע טשילענער דאַמע, איינע פון די אַריסטאָקראַטישע פרויען פון לאַנד, רעאַגירט אויף אַ געלונגענעם פינאַנציעלן פּראָיעקט פון אַ יידישן ראַטמאַן מיט די ווערטער: „נישטאָ אַזעלכע ווי מיר, יידן, אויפן געביט פון פינאַנצן״. אַ שימער פון יידישן פונק אין דער נשמה פון אַ טשילענער קריסטין.

און אַ טשילענער אַפּטייקער פון יידישן אָפּשטאַם שטייערט מיט אין אַ קאַמפּיין פאַר יידישע מלחמה־געליטענע, ווייל זיין פאָטער האָט אים אָנגעזאָגט אַז ער זאָל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַז ער איז אַ ייד און אַן אשכנזישער דערצו.

און נאָך אַ טשילענער פון יידישן אָפּשטאַם היט אָפּ די ליבעס־בריוו פון זיינע טאַטע־מאַמע, ווען אפילו זיי זיינען געשריבן פון באַרדיטשעווו קיין אָדעס און צוריק, אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט און דוקא אויף... רוסיש. פאַראַן אין די בריוו אַ לשנה־טובה וואונטש מיט העברעישע בוכשטאַבן מיט אַ בקשה: „דו וועסט דאָך געווים זיין אין שול, זיי זשע מתפּלל פאַר מיר אויך״. דער טשילענער געדענקט נאָך ווי זיין מאַמע פלעגט צינדן ליכט אַלע פרייטיק, ווי זיין פאָטער האָט זיך משתדל געווען אין דער רעגירונג׳ס־שולע אַז מען זאָל

מיט אים נישט לערנען קיין רעליגיע, ווי ער האָט אַלס קינד געכאַפּט אין באַק ווען ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גיין ברענגען טאַבאַק פון אַ גנוויסער קראָם, ווייל ער וויל נישט האָבן צו טאָן מיט קיין יידן... דער פאָטער האָט אים דאַן געזאָגט אַז ער אַליין איז אויך אַ ייד...

און ביי אַ היציקער דעבאַטע אין טשילענער נאַציאָנאַלן קאָנגרעס קאָן זיך דער באַרימטער טשילענער שרייבער ריקאַרדאָ לאַטשאַם פאַרגינען אויסצורעכנען אַ רייע אין לאַנד אָנגעזעענע פאַמיליען נעמען וואָס קאָנען נישט זאָגן קיין קרום וואָרט אויף יידן, ווייל זיי זיינען דאָך אַליין פון יידישן אָפּשטאַם.

מען וואָלט אַזעלכע ביישפּילן געקאָנט ברענגען נאָך און נאָך. עס איז אָבער נישט נויטיק. זיי זיינען גאַנץ גענוג.

פאַראַן נאָך אַ שיכט פון יידן וואָס האָבן זיך אַסימילירט, ווען אפילו נישט אויפגעלייזט, מען איז געבליבן אויף האַלב וועג צווישן יידן און קריסטן. אַזוי קאָן מען טרעפן אויפן סעמענטאַר פון נישט־קאַטאָליקן אַ מאַאַזאָליי פון אַ יידישער משפּחה, וועמענס עלטערן זיינען נאָך געווען כלל־טוער און מנהיגים ביים אויפקומענדיקן ישוב. בכדי הפּנים זיך אָפּגרענעצן פון דער אַרומיקער קריסטלעכער סביבה איז דער מאַוזאָליי איינגעטונקען אין יידישע סימבאָלן. די לוחות מיט העברעאישע אותיות איבערן אַריינגאַנג, אַ גרויסער מגן־דוד אין דער טיר, אַ „וויטראַ" מיט דער געשטאַלט פון משה־רבנו אין דעם פענסטער וואָס לאָזט אַריין אַ דיסקרעטע ליכט אין מאַוזאָליי.

אַזעלכע האַלב פאַרשלונגענע משפּחות זיינען פאַראַן עטלעכע צענדליק. צו דעם שיכט געהערן אויך די קינדער פון געמישטע הייראַטן, וואָס ווייסן פון זייער יידישן אָפּשטאַם שוין צוליב דעם אַליין וואָס אין טשילע טראָגט אַ מענטשביידע פאַמיליעס, סיי פון פאָטער סיי פון דער מוטער, דער יידישער עלעמענט קאָן דאָ נישט פאַרטונקלט ווערן.

## ז) מסקנה

די מסקנה פון דעם קאַפּיטל פאַרגעשיכטע פון יידישן ישוב איז די, אַז אַ געוויסער צאָל יידן, ספרדים ווי אשכנזים זיינען פאַרשלונגען געוואָרן אין דער אַרומיקער סביבה פון גוטן ווילן אָדער דורך צוואַנג. דער יידישער ביישטראָג צו דער פאָרימונג פון טשילענער פאָלק איז אויך אַן עטנישער, און דאָס פאָלק פון טשילע האָט צום יידישן בלוט־ביישטראָג נישט דערלייגט. זיינע אָפּשטאַמער זעט מען מער איז די אוניווערזיטעטן ווי אין די תפיסות...

באַר דעם יידישן היסטאָריע שרייבער און לייענער איז אָבער כדאי דורכצוגיין

אַט דעם פּאָרהיסטאָרישן פּעריאָד, וואָס איז פאַרזייט מיט סאָציאַל־אַרכעאָלאָגישע ברוכשטיקער פון פאַרשוואונדענע יידן ווּעמענס קינדער און קינדס־קינדער האָבן דאָך דערהאַלטן אַ געדעכעניש, אַ פּיעטעט און אַ שטאָלץ מיט זייער אָפּשטאַם. עס שמייכלט הפּנים צו געהערן צו איינעם פון די עלטסטע פעלקער פון דער וועלט, אפשר דעם סאַמע עלטסטן. און צווישן די היסטאָרישע ברוכשטיקער טליען נאָך פונקען פון יידישן באַוואוסטזיין און יידישע געפילן, וואָס צעגליען זיך פון צייט צו צייט און וואַרפן ליכט אויף די ערשטע שריט פון יידישן מענטשן אין דער דרום׳דיקסטער רעפּובליק פון זיד־אַמעריקע: צווישן די אַנדען און דעם פּאַסיפיק: די רעפּובליק טשילע.

דער טשילענער יידישער ישוב קאָן שטאָלץ זיין אויך אויף זיין פאָר־היסטאָריע.

קאַפּיטל דריי

# ערשטע שריט פון דעפיניטיוון ישוב

(1917 — 1906)

א) פּרוּאווּן

ב) ערשטע שפּורן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן

ג) דער ערשטער יידישער פאַראיין „סאָסיעדאַד אוניאָן איזראַעליטאַ"

ד) דער ערשטער קלוב „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ"

ה) ערשטע שפּאַלטונג — „קאָנגרעגאַסיאָן איזראַעליטאַ אי ת"ת"

ו) ציוניסטישע התחלות.

## (א) פּרוּאוון

פון דעם מעכטיקן יידישן אימיגראַציע שטראָם וואָס האָט אָנגעהויבן צו פליסן פון מזרח אייראָפּע אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, נאָך די פּאָגראָמען פון 1881, האָט טשילע דירעקט וויניק געגאָסן. דער פּאַנאַמאַ קאַנאַל האָט נאָך דאַן נישט עקזיסטירט, אויף פאָרן מיטן שיף ארום דעם דרום־שפּיץ פון זיד־אַמעריקע, מאַגאַליאַן־דורכגוס אָדער אַרומבויגנדיק דעם הארנאָס־קאָפּ — האָט מען געדאַרפט זיין א צו גרויסער איינשטעלער, איז די גרעסטע טייל פון די עלעמענטן וואָס האָבן פאַרלייגט די יסודות פון יידישן ישוב אין טשילע געקומען פון אַרגענטינע.

ווען עס האָט נישט באַגליקט אין „מעבר לים ערגעץ, אין אַרגענטין", — ווי עס זינגט זיך אין א יידישן פאָלקס־ליד פון יענע צייטן — איז געבליבן די ברירה זיך אַריבערפּעקלען איבער די אַנדען און פּרוּאוון דאָס מזל אין א נייער מדינה, טשילע.

אָבער אויך די דאָזיקע ברירה איז נישט געווען פון די לייכטע, אין די ערשטע יאָרן. איידער עס האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן די טראַנסאַנדינאַ־אייזנבאַן, וואָס פאַרבינדט אַרגענטינע מיט טשילע, זינט 1910, האָט מען געמוזט די שווערע נסיעה איבער די בערג מאַכן אין קליינע וועגעלעך, אָדער רייטנדיק אויף מויל־אייזלען, און די וואָס האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן דעם גאַנץ הויכן פּרייז פאַר אָט די פּרימיטיווע פּאַרקער מיטלען, האָבן „עולה־רגל" געווען פּשוט מיט די פיס. אין אַלגעמיין איז עס נישט געווען גאָר פריי פון סכנות; האָבן גאָר געוואַגטע נאַטורן מיט א קליין ביסל אוואַנטוריסטישע איינשטעלעניש, אָדער לית ברירה'־ניקעס וואָס האָבן קיין אַנדער אויסוועג נישט געהאַט, געוואַגט אונטערצונעמען אַזאַ נסיעה, פּרוּאווענדיק, אפשר וועט פאָרט מקוים ווערן דער מאַמעס וואונש פון שוין דערמאָנטן פאָלקס־ליד, וואָס איז געמישט מיט יידיש און העברעאיש, און איין פערז פון וועלכן זינגט אַזוי:

השם יצליח דרכך,<br>
פאַר מיין קינד אין א גוטער שעה.<br>
והיה בשלום צאתך ובואך,<br>
און לעב זיך דאָרטן גליקלעכער ווי דאָ.

איינער פון די ערשטע איינשטעלער אויף אזא שריט איז געווען דער קאָלאָ־ניסטישער זון און בן הרב פון ארגענטינע ר׳ דוד האַלפערין־בליץ, א ייד א בן־תורה, וועמען די אומרואיקע נאַטור און שלעכטע געשעפטן האָבן געטריבן קיין טשילע און פון פּאָרט צו פּאָרט און לאַנד צו לאַנד איבער דעם אַמעריקאַנער קאָנ־טינענט, אויף וועלכן ער איז געווען צווישן די יסודות־לייגער פון מער ווי איין יידישן ישוב.

אין 1903 פאַרשלאָגט ער זיך אַזוי ווייט ווי קיין איקיקע. א פּאָרט אין צפון טשילע, אין צענטער פון די סאַליטרע־פעלדער, וואו עס גייט אים אוועק גוט אין די געשעפטן און ער ברענגט אַראָפּ קרובים און באַקאַנטע פון ארגענטינע אַלס שותפים און אָנגעשטעלטע אין זיינע געשעפטן, צווישן זיי דעם קאָלאָניסטישן־זון פון מאָזעסוויללע, ה׳ נחמיה טרומפּער, היינט צו טאָג דער עלטסטער און איינער פון די אָנגעזעענסטע כלל־טוער אין טשילע, ערשטער פּרעזידענט פון סירקולאָ איזראַעליטאַ און פון די גרונטלייגער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין לאַנד.

דעם זעלביקן יאָר ווערט אויך געגרינדעט אין סאַנטיאַגאָ איינס פון די ערשטע סטאַבילע יידישע געשעפטן, די קאַסאַ רוסאַ״ פון ד. יודעלעוויטש וואָס עקזיסטירט ביז היינט אַלס איינגטום פון זיין שוואָגער, דעם געוועזענעם פּרעזידענט פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט פון טשילענער יידישן ישוב ה׳ ישראל (איזידאָראָ) דימאַנד ע״ה.

אַרום דערזעלבער צייט געפינט זיך אין דרום־טשילע, אין שטעטעלע טראַיגען, אַ קליינע יידישע גרופּע, וואָס האָט אָנגעהויבן אָנקומען אַהין אַרום 1885, פון וועלכע די ה״ה א. קאַץ, און ברענער ציען זיך אַריבער קיין סאַנטיאַגאָ, וואו זיי גרינדן אַ געשעפט פאַר לוקסוס־אַרטיקלען אונטערן נאָמען „סאַנטאַ־דאָמינגאָ״.

אַ פּאָר יידישע פאַמיליעס זיינען שוין דאַן אויך דאָ אין וואַלפּאַראַיסאָ, הויפּט־פּאָרט פון טשילע: חיים אהרן בראַפּמאַן, סעגיזמונד שווייצער, שמואל יאַנקעלעוויטש, י. מאַרקמאַן, משה וויינשטיין, דער דייטשישער ייד שוואַבע.

אַזוי האָבן זיך איינצייטיק באַוויזן קליינע יידישע גרופּן כמעט אויף דער גאַנצער לענג פון דער טשילענער טעריטאָריע, פון איקיקאַ אויף צפון ביז טעמוקאַ אין אַראוקאַניאַ אויף דרום.

די סביבה וואָס אָט די ערשטע יידן פון דעפיניטיוון ישוב האָבן געטראָפן האָט ווייניק באַמוטיקט צו וועלן פאַרלייגן אַ יידיש לעבן. די באַפעלקערונג איז געווען פאַנאַטיש קאַטויליש, ווען אפילו אין די העכערע קרייזן זיינען שוין שטאַרק געווען די אומצווייפלבאַרע טענדענצן צו ליבעראַליזם, וואָס האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין דער מאַסאָנען־באַוועגונג, וועלכע איז ביז איצט גאַנץ שטאַרק אין טשילע. אָבער יידן האָבן לכתחילה געהאַט צו טאָן מיט די מאַסן, וואָס זיינען געווען

צעפּרעסן פון שיכרות און דאָמינירט פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם, און דער „רוסאָ" — אַ באַצייכענונג פאַר יידן אין די ערשטע צייטן — איז געווען פאַר זיי אַ שרעקונגס־געשפּענס.

אין טשילע פלעגט מען נאָך דאַן פּראַוועון דעם געלויף פון „לאַ פּאַסקואַ דע לאָס נעגראָס", דעם 6־טן יאַנואַר, ווען שוואַרצע רייטער אויף שוואַרצע פערד, וואָס סימבאָליזירן שדים, יאָגן זיך נאָך אַ רויטן רייטער, אויף אַ רויטן פערד, וואָס האָט סימבאָליזירט יודאשן — דעם יעזוס פאַררעטער, כאַפּן אים און טויטן אים סימבאָליש, אַלס נקמה פאַרוואָס ער האָט איבערגעענטפערט דעם „האַר". דער נאָמען ייד (כודיאָ) קלינגט אין שפּאַניש זייער ענלעך צו יודאש (כודאַס), איז עס געווען אַ היפּשע איינשטעלונג צו פיגורירן עפנטלעך מיט אַזאַ נאָמען, בפרט אין אַ לאַנד וואָס איז נאָך געווען גאַנץ פרעמד צו די ערשטע איינוואַנדערער פון איצטיקן ישוב; און אַ פּשיטאַ שוין פירן אַ קאָלעקטיוו יידיש לעבן.

וועט עס נעמען אַ צייט מיט יאָרן ביז וואַנען יידן וועלן זיך איינבירגערן, באַקענען זיך נענטער מיט דער סביבה, איינזען אַז זי איז גאָרנישט אַזוי געפערלעך, און וועלן וואַגן זיך צונויפקומען צום ערשטן מנין אין די ימים־נוראים תרס"ז, עטלעכע וואָכן נאָך אַן ערד־ציטערניש אין וואַלפּאַראַיסאָ. עס איז נישט אויס־געשלאָסן אַז די דאָזיקע נאַטור־קאַטאַסטראָפע זאָל האָבן אָנגערעגט צו דערמאָנען זיך אין כביכול אין הסכם מיטן רוסישן ווערטל: „יאַק טרעוואָגאַ — טאַק דאָ באָגאַ", אין סכנה לויפט מען צו ג־ט.

## ב) די ערשטע שפּורן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן

דער ערשטער מנין אין 1906 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין הויז פון יוסף ראַבינאָוויטש.

צו יענער צייט האָבן שוין געלעבט אין סאַנטיאַגאָ אַ 30־40 יידישע מענטשן, אייניקע מיט זייערע פאַמיליעס, די הויפּט באַשעפטיקונג איז געווען „סעמאַנאַל", ד. ה. פאַרקויפן חפצים אויף אויסצאָלן אין וועכנטלעכע קוואָטעס, פון דאַנען דער נאָמען: „סעמאַנאַ" — מיינט אין שפּאַניש אַ וואָך. יידן האָבן געשטרעבט צו וואוינען צוזאַמען אין איין שטאָט־ווינקל, און גאַס סאַן־דיעגאָ האָט שוין אָנ־געהויבן צו באַקומען דעם כאַראַקטער פון אַ יידן־גאַס.

אין 1907, קומט אָן קיין סאַנטיאַגאָ שמואל פּיוואָוויטש, וועלכער דערעפנט אַ בעסערע שניידעריי, און וועט מיט דער צייט אַראָפּברענגען פון ארגענטינע זיין ברודער פּאַביאַן מיט זיין פאַמיליע. די ברידער פּיוואָוויטש זיינען געווען, און זייערע קינדער זיינען געבליבן טיכטיקע עסקנים אויף פאַרשידענע געביטן פון

געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן אין טשילע: קהילה, ציוניזם, זשורנאַליזם. אַ זון פון פאַביאַן פּייוואָוויטש, אַנכעל (יעקב), האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער לאַנדעס פּאָליטיק אַלס ראַטמאַן אין דער מוניציפּאַליטעט פון סאַנטיאַגאָ, דעפּוטאַט און סענאַטאָר אין נאַציאָנאַלן קאָנגרעס.

צו די ימים נוראים תרס"ט (1908) זיינען שוין געווען צוויי מנינים, אַ פּועל יוצא פון אַ שטיקל מחלוקת, וועגן דעם ביי וועמען דער מנין זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן. עס זיינען שוין געווען צוויי ספרי־תורה: איינער וואָס האָט געהערט צו יוסף־מיכל טענענבוים ע"ה און דער צווייטער צו ענריקע צימענט ע"ה. האָט מען נישט געקאָנט דורכקומען וואו צו דאַווענען, און די קליינע געמיינדע האָט זיך געשפּאָלטן אויף צוויי צדדים מיט צוויי מנינים.

אָבער ביידע מנינים האָבן נישט געהאַט די נויטיקע צאָל פון צען מתפּללים, און דער ערשטער טאָג ראש־השנה איז אַוועק אויף אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ שלום, וואָס איז טאַקע דערגרייכט געוואָרן. מען איז זיך צענויפגעקומען אויף מאָרגן אין הויז פון זעלבן י. ראַבינאָוויטש, אַ ליבעראַל־געשטימטער מעטאַל־טעכניקער, וואָס האָט דערפינדן אַ ספּעציעלן סיסטעם פון רעדער צו האַנטוועגעלעך און האָט שפּעטער געהאַט אַן אייזן־גיסעריי, אין וועלכער עס האָט געאַרבעט זיין צוקונפטיקער איידעם, דער לאַנגיאָריקער פּרעזידענט פון „סירקולאָ" און יידישער באַנק ה' סאַלאָמאָן סאַק.

אָבער דעם צווייטן טאָג ראש השנה האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז עס זיינען געקומען בלויז נ י י ן מתפּללים. די רעשט זיינען אַוועק אין גאַס אַרבעטן, אין דער האָפנונג אַז נאָך דער פאַראייניקונג פון ביידע צדדים, וועט אויך אָן זיי זיין אַ מנין... וואָס זשע טוט מען?

האָט זיך שלמה דאָרפמאַן, אַ ייד וואָס האָט שוין דאַן געהאַט אַ גאַנץ שיינע קראָם, און איז שפּעטער געווען אַ טיכטיקער ציוניסטישער טוער, דערמאָנט אַז אין דער צענטער קאָמיסאַריע דינט אַ יידישער פּאָליציי־מאַן; איז שלמה דאָרפמאַן צוזאַמען מיט י. פּעפּערמאַן אַוועק צום קאָמיסאַר פון יענעם צירקל, דערקלערט אים וואָס עס מיינט פאַר יידן אַ צענטער צו מנין, בפרט אין די ימים־נוראים. דער קאָמיסאַר איז איינגעגאַנגען צו באַפרייען דעם יידישן פּאָליציסט פון דינסט־פליכט בכדי ער זאָל משלים זיין דעם מנין. דער מנין איז למזל דערגאַנצט געוואָרן און אויף יום־כיפור זיינען שוין קיין פּראָבלעמען מיט מתפּללים נישט געווען.

## ב) דער ערשטער יידישער פאַראיין „סאָסיעדאַד אוניאָן"

דער ישוב וואַקסט לאַנגזאַם נאָר זיכער צוליב דער איינוואַנדערונג, וואָס ציט

זיך אומאויפהערלעך ווען אפילו אין באַגרענעצטע צאָלן. די איינגעוואַנדערטע פון פריער הויבן זיך אָן פילן צוגעבונדן צום אָרט וואו זיי וועלן אויפשטעלן זייער נייע היים. זיי זיינען שוין היימישער מיט דער אַרומיקער סביבה און שרעקן זיך ווייניקער פאַר איר קאַטוילישער אייגנאַרט. דאָס אַלס צוזאַמען באַמוטיקט די פאָלקסטימלעכע עלעמענטן פון קליינעם ישוב אַרויסצוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט אַלס יידן, און דעם 8-טן אויגוסט פון 1909, האַרט פאַר די ימים נוראים, ווערט געגרינדעט אויף אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג אין וועלכער עס באַטייליקן זיך 87 פערזאָן, וואָס שרייבן אונטער דעם אין שפּאַניש־רעדאַגירטן גרינדונגס־אַקט, דער ערשטער יידישער פאַראיין אין טשילע מיטן נאָמען: „סאָסיעדאַד אוניאָן איזראַעליטאַ דע טשילע". דעם 15־טן אויגוסט ווערן אויף אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג אויסגעאַרבעט די סטאַטוטן פון פאַראיין, וואָס ווערן דעם 1־טן סעפּטעמבער רעגיסטרירט ביי אַ נאָטאַריוס, בכדי מען זאָל קאָנען בעטן ביי דער רעגירונג די אָפיציעלע אָנערקענונג פון פאַראיין „אוניאָן" אַלס יורידישע פערזאָן (פּערזאָנעריאַ כורידיקאַ). דעם 20־טן סעפּטעמבער ווערט אויף דער אָנווייזונג פון דער רעגירונג פאַררופן אַ גענ.־פאַרזאַמלונג אויף צו גוטהייסן די סטאַטוטן; אַ צווייטע גענ.־פאַרזאַמלונג ווערט גערופן אויפן 15־טן נאָוועמבער אויף צו ענדערן דעם אַרטיקל 52 פון די סטאַטוטן. נאָך אַזאַ אַקטיווער מעטיקייט פאַרצייכנט אין אַקטן בוך, ווערט אָט דער בוך מיטאַמאָל אַנטשוויגן ביז יוני פון 1911.

די צילן פון דער „אוניאָן" זיינען לויטן אַקטן־בוך פאָלגנדע:

א) „דער פאַראיין האָט נישט קיין פּאָליטישן כאַראַקטער און זיין אויפגאַבע איז, ווי דער נאָמען צייגט עס, צו פאַראייניקן אַלע יידן בכדי צו קאָנען פאָרטזעצן און אָפּהיטן די יידישע רעליגיעזע מנהגים און לערן.

ב) „דער פאַראיין שטעלט זיך אויך אַלס ציל קעגנזייטיקע שוץ, און ער וועט גרינדן אַן אַרביטראַזש קאָמיסיע, וואָס זאָל אויסגלייכן סכסוכים און דערליידיקן שוועריקייטן וואָס קאָנען פאָרקומען צווישן מיטגלידער אָדער נישט־מיטגלידער (יידן).

ג) „דער פאַראיין וועט אויך האָבן די אויפגאַבע צו באַשיצן מאָראַליש אין יעדן פאַל פון אַלגעמיינעם אָדער פּערזענלעכן כאַראַקטער וואָס קאָן באַרירן אַ מיטגליד".

ד) „ווען די געלט־מיטלען וועלן עס דערלויבן וועט געגרינדעט ווערן אַ דערציאונגס־אַנשטאַלט פאַר די קינדער פון די מיטגלידער און עס וועלן געשטיצט ווערן שולן געגרינדעט פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, מוניציפּאַליטעטן, אָדער פּריוואַטע פערזאָנען וואָס וועלן געבן פּראַקטישן לימוד אויף די געביטן פון האַנדל און אינדוסטריע".

ה) „עס וועלן קאָנען געהערן צום פאַראיין בלויז פּערזאָנען פון „אַנשטענדיקער באַשעפטיקונג"... הפּנים די מגפה פון נישט־אַנשטענדיקער באַשעפטיקונג (פּרויען־האַנדל) האָט אויך געהאַט דערגרייכט טשילע.

ו) „עס וועלן נישט קאָנען זיין קיין מיטגלידער די פּערזאָנען וואָס וועלן פאַרמשפט ווערן צו שטראָפן וואָס באַדייטן אַ חרפה אָדער פּחיתת הכבוד".

ז) „אין פאַל דער פאַראיין זאָל בטל ווערן, דאַרף זיין פאַרמעגן צוטיילט ווערן צווישן די אַלמנות און יתומים פון פאַרשטאָרבענע מיטגלידער".

דער ערשטער פּרעזידענט פון „אוניאָן" איז געווען ה' ענריקע צימענט ע"ה.

פאַר דער צייט ווען דער אַקטן־בוך פאַלט אַריין אין שטילשווייגן האָט די „אוניאָן" נישט אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט, נאָר זי האָט פאָרטגעזעצט איר אַרבעט אין דער הינזיכט פון קריגן אַ באַזונדער מקום קבורה פאַר יידישע נפטרים. דאָס האָט געקאָנט זיין נאָר אַ באַזונדער אָפּטיילונג אויפן אַלגעמיינעם צווינטאַר, ווייל קיין פּריוואַטע בית-עלמינס זיינען אין סאַנטיאַגאָ נישט דערלויבט.

דעם 6־טן יוני פון 1911 טיילט מיט קאַרלאָס קאָרסי, אַ אייגנטימער פון אַ שטיינהאַקעריי און מצבות־קריצער, אין אַ בריוו צו דער „אוניאָן", אַז: „דער אַדמיניסטראַטאָר פון אַלגעמיינעם צווינטאַר האָט גאָרנישט דאַגעגן אָפּצוטרעטן אייך דאָס שטיקל פּלאַץ וואָס איר פאַרלאַנגט מיטן תנאי אַז דער פּרייז זאָל באַצאָלט ווערן במזומן, ווייל עס האַנדלט זיך פון דעם פאַראיין פאַר וואוילטעטיקייט נישט פון קיין קאָמערציעלער אונטערנעמונג. ער האָט מיר אויך דערקלערט אַז ער וועט נישט דערלויבן קיין צוים פון ווענט, נאָר בלויז אַ פּאַרקאַן פון שטאַכעטן. איר וועט זיך דאַרפן אונטערוואַרפן אַלע אַנדערע רעגלאַמענטן".

די „אוניאָן" האָט הפּנים נישט מצליח געווען אין באַקומען דעם באַזונדערן מקום־קבורה, ווייל אין 1914 וועט זי זיך זען געצוואונגען זיך צוזאַמענשמעלצן מיט אַ צווייטן פאַראיין וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1911, און האָט געהאַט מער דערפאָלג אויף דעם געביט.

## ד) דער ערשטער קלוב — „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ"

אין די צילן וואָס די „אוניאָן" האָט זיך געשטעלט איז נישט אַריין דאָס פּראָבלעם פון פאַרוויילונג, פון קלוב־לעבן, וואָס שפּילט אַ היפּשע ראָלע אין דעם יידישן לעבן אין די נייע היימען.

אין 1911, בשעת די „אוניאָן" פירט אירע אונטערהאַנדלונגען פאַר אַ באַ־

זונדער מקום־קבורה, ווערט געגרינדעט אַ צווייטער יידישער פאַראיין וואָס שטעלט זיך אַלס צוועק שאַפן אַ מין קלוב וואו יידן זאָלן זיך קאָנען פאַרווײַלן צווישן זיך. אויף דעם זאָגט עדות דער נאָמען פון נייעם פאַראיין, וואָס קלינגט אַביסל מאָדנע: „פילהאַרמאָניקאַ רוסאַ". „פילהאַרמאָניקאַ" האָט אין דאַמאָלסטיקן טשילע נישט באַדייט קיין צענטער פון ערנסטער מוזיק, נאָר גראָד פון מער לייכטע פאַרווײַלונגען. און „רוסאָ" האָט געמיינט סימולירט אונטערצושטרייכן דעם באַזונדערן כאַראַקטער פון אַנשטאַלט, וואוהין קיין זייטיקע עלעמענטן זאָלן נישט האָבן קיין חשק זיך אַריינצורייסן.

גאָר גיך כאַפּט מען זיך אָבער אַז דער נאָמען פּאַסט זיך לחלוטין נישט פאַר קיין י י ד י ש ן פאַראיין, און אויף אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט 54 מיטגלידער, ווערט אויפן פאָרשלאַג פון לעאָן בערקאָוויטש געביטן דער נאָמען אויף „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ". צענטער פון סוחרים פאַר וואוילטעטיקייט. דאָס איז שוין אַביסל קלאָרער יידיש. מסחר און צדקה, צוויי ענינים צו וועלכע יידן האָבן אַ שייכות. דער „סענטראָ" באַקומט פערזאָנעריאַ כורידיקאַ אין 1912, אונטער דער פרעזידענץ פון ה' בערמאַן קאַץ.

פון דעם וואָס איןביידע נעמען: „פילהאַרמאָניקאַ רוסאַ" און „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ" האָט געפעלט דאָס וואָרט „איזראַעליטאַ" — יידישער, איז קלאָר אַז דער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן פון יידן וואָס האָבן זיך געזוכט אויסצולעבן אין אַ יידישער סביבה, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט געגנוג מוטה אויף אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכקייט מיטן יידישן נאָמען: „איז־ראַעליטאַ", בשעת די גרינדער פון דער „אוניאָן" האָבן אַזאַ מוטה יאָ פאַרמאָגט, און אָט אָ די טיילונג אין מער מוטיקע פאָלקסטימלעכע יידן און אין ווייניקער מוטיקע יידן וואָס מען האָט באַצייכנט ווי „אַריסטאָקראַטן", וועט אַ לאַנגע צייט באַאיינפלוסן די התחלה פון אָרגאַניזירטן יידישן לעבן אין טשילע.

אָבער דער „סענטראָ" האָט חוץ קלוב־לעבן און פאַרווײַלונגען אין זינען געהאַט אויך יידישקייט. ער איז זיך אויך משתדל פאַר אַ באַזונדער מקום־קבורה פאַר יידישע נפטרים, און ער האָט אין דער הינזיכט געהאַט מער דערפאָלג פון דער „אוניאָן". אין 1914 באַקומט דער „סענטראָ" אַ דערלויבעניש אויף אַ „מאַוזאָליי" אויפן אַלגעמיינעם צווינטאַר, ס'הייסט אַ באַערדיקונגס פלאַץ וואו די נפטרים ליגן נישט אין קיין באַזונדערע קברים, נאָר אין „כוכים" — לעבער אין די ווענט פון אַ קעלער (נישטאס), ווי עס איז געווען דער מנהג אין פאַרצייטיקן ארץ־ישראל און וואָס ווערט באַטראַכט פאַר אַ שטייגער וואָס איז מער נישט אין הסכם מיט די יידישע קבורה־מנהגים.

דאָך ברענגט דער פאַקט וואָס דער „סענטראָ" באַקומט אַן א י י ג ע נ ע ם,

ווען אפילו נישט קיין באזונדערן מקום־קבורה, צו דעם אז די „אוניאָן״ זאָל זיך צוזאַמענגיסן מיטן „סענטראָ״. דעם 5־טן מאי פון 1914, באַפולמעכטיקט אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג דער פאַרוואַלטונג פון דער „אוניאָן״ צו קויפן אַ ספר־תורה, ס׳הייסט מען האָט געהאַט בדעה פאָרטצוזעצן דעם קיום פון פאַראיין, אָבער דעם 15־טן סעפּטעמבער, פון זעלבן יאָר, ווערט באַשלאָסן צוזאַמענצוגיסן ביידע פאַראיינען. די „אוניאָן״ שליסט זיך אָן אין „סענטראָ״, גיט אים איבער איר גאַנצן פאַרמעגן, און שטעלט בלויז דעם איינציקן באַדינג אַז ביז די נייַנציק טעג זאָל צום נאָמען פון „סענטראָ״ צוגעגעבן ווערן דאָס וואָרט „איזראַעליטאַ״. עס וועט אָבער דויערן פ י ר י אָ ר מיט 90 טעג ביז דער באַשלוס וועט דורכגעפירט ווערן אין לעבן.

חוץ די באַמיאונגען פאַר אַ אייגענעם מקום־קבורה האָט זיך דער „סענטראָ״ אָפּגעגעבן אויך מיט צדקה, כאָטש קיין סך נויטבאַדאַרפטיקע זיינען אין סאַנטיאַגאָ נישט געווען. בלויז איין פאַמיליע פון דעם ערשטן יידישן מלמד־לערער, האָט שווער געקאָנט דורכקומען מיט פרנסה. האָט מען באַשלאָסן אַז די פרוי פון מלמד, זאָל אַכטונג געבן אויף דער ריינקייט פון לאָקאַל, ווי אויך דערלאַנגען טיי מיט צובייסן ביי די זיצונגען, און די פאַרוואַלטונגס מיטגלידער האָבן איר דערפאַר געצאָלט חודש־געלט פון זייערע פריוואַטע קעשענעס. אַזוי איז די פאַמיליע באַזאָרגט געוואָרן מיט פרנסה. אַלס קוריאָז איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז אַן אייניקל פון יענער משפחה איז היינט אַ פאַרלאַמענט־מיטגלידער, אַ געזעצגעבער אין דער מדינה טשילע.

דער „סענטראָ״ האָט אויך אין זינען געהאַט דעם יידישן פּאָליציי־מאַן וואָס האָט דערגענצט דעם מנין אין ראש־השנה תרס״ט (1908). האָט מען אים צוגערעדט זיך אָפּזאָגן פון זיין אַמט און אים גענומען באַזאָרגן מיט אַ בכבוד׳יקער און לייכטערער פרנסה: לכתחילה אַ שפּייז קרעמל, שפּעטער, ווען ער איז דאָס קרעמל איבערגעקומען, האָט מען אים איינגעאָרדנט אַ „סעמאַנאַל״, ס׳הייסט אַ פאַרקויף פון סחורות אויף אויסצאָלן. אָבער, הפנים, אַז דער מענטש האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעוואוינט פון יידישע פרנסות, איז נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה ווי באַשטימען אים אַ לעבנס־לענגלעכע פּענסיע, ווייל מיט רעזיגנירן פון זיין אַמט, האָט ער אַנגעוואוירן די מעגלעכקייט צו פּענסיאָנירן זיך אין דער פּאָליציי.

דער פרויען פאַראיין „לאַ ביעהענטשאַראַ״ — די וואוילטעטיקע, וואָס איז נעגרינדעט געוואָרן ביים „סענטראָ״ אין 1910 האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די קינדער וואָס דער יידישער פּאָליציי־מאַן האָט געהאַט מיט אַ טשילענער פרוי, מען האָט זיי באַקליידט, באַנייט, און צוויי פון זיי, מיידלעך, חתונה געמאַכט פאַר

יידישע יוגנעליט. די משפחה פון ערשטן יידישן פאָליציסט אין טשילע איז נישט פאַרפרעמדט געוואָרן.

דער פרויען פאַראיין „לא ביעהענטשארא״, וואָס עקזיסטירט ביז היינט צו טאָג, איז געגרינדעט געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון אַ גרופּע דאַמען בראש פון וועלכע עס איז געשטאַנען שרה וויינשטיין ע״ה. צווישן די מיטאַרבייטערינס פון די ערשטע שווערע צייטן דאַרפן פאַרצייכנט ווערן די פרויען: ראַמער, ראָזענבליט, קאַין, לערנער און טאַנענבוים.

ביים היינטיקן טאָג באַזיצט די פאַראיין אַרום 800 מיטגלידערינס און זעצט פאָר זיין וויכטיקע אַרבייט צו גונסטן די נויטבאַדאַרפטיקע פון דער געמיינדע.

דעם זעלבן יאָר 1914, גרינדעט דער צענטער די ערשטע יידישע שולע אונטער דער לייטונג פון ר׳ שלמה ראַטטער, אַ געדולדיקער גוט־מוטיקער מענטש וואָס איז געווען באַליבט ביי די תלמידים און אָנגענומען ביים קהל אַלס אַקטיווער כלל־טוער וועגן וועלכן דער איצטיקער גענ.־סעקרעטאַר פון ועד החינוך דצ׳ילי, אַ תלמיד פון יענער שולע־חדר, ד״ר ב. בייטעלמאַן, שרייבט אין זיין איבערזיכט איבער דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער דערציאונג אין טשילע: „נאָכן פאַרענדיקן די אַלגעמיינע קלאַסן אין פאָלקס־שולע אָדער מיטל־שולע, אַרום פינף אַזייגער פאַרנאַכט, איז מען שנעל געלאָפן צו לערנען תורה ביים אַלטן און ליבן לערער, ר׳ שלמה ראַטטער, וועלכער האָט מיט זיין גוטסקייט, געדולד און געלערזאַמקייט, געפּורימט אויף זיין שטייגער דעם יידישן גייסט פון זיינע תלמידים״.

דעם זעלבן יאָר, אַ פּאָר חדשים פאַרן אויסברוך פון וועלט־קריג נומער איינס, האָט באַזוכט טשילע איינער פון די ווינער באַראָנען ראָטשילד, וועלכער האָט געוויילט אין ווינייאַ־דעל־מאַר, אַ זומער רעסאָרט ביי וואַלפּאַראַיסאָ. דער „סענטראָ״ דעלעגירט אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון די פאַרוואַלטונגס מיטגלידער ה״ה פּאַביאַן פּיוואָרוויטש און באַרים קאַבאַנאַ, צו באַגריסן דעם חשובן גאַסט און איבערגעבן אים אַ גאָלדענעם טאָוול מיט אַ פּאַסיקער אויפשריפט פאַר זיין פאָטער אין ווין. דער יידישער ישוב אין טשילע האָט זיך אַזוי צום ערשטן מאָל געמעלדעט פאַר דער גרויסער יידישער וועלט.

באַלד נאָכן אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג, אָרגאַניזירט דער „סענטראָ״ דעם בייטראַג פון טשילענער ישוב צו דער הילף פאַר די יידישע קריגס געליטענע. עס ווערט דאַן דורכגעפירט דער ערשטער עפנטלעכער יידישער באַל אין גרויסן זאַל פון „סענטראָ־עספּאַניאָל״. צום באַל האָט מען געדאַרפט קומען אין פראַק און צילינדער. אַזוי האָט זיך די יידישע טשילע פאָרגעשטעלט פאַר דער אַרומיקער סביבה. פון דאַן איז פאַר די יידן פון „סענטראָ״ געבליבן דער צונאָמען „צילינדער־יידן״.

## (ה) ערשטע שפּאַלטונג
## „קאָנגרעגאַסיאָן איזראַעליטאַ אי תלמוד תורה"

אַ קנאַפּע צוויי יאָר איז דער „סענטראָ", דער איינציקער אַנשטאַלט פון דער קליינער געמיינדע וואָס גיט זיך אָפּ מיט זיינע יידישע הצטרכותן: שיל, שולע, קבורה, צדקה, פאַרוויילונג, פאַרבינדונג מיטן וועלט־יידנטום. דאָס אחדות האָט אָבער לאַנג נישט געהאַלטן. דעם 6־טן יולי פון 1916 ווערט געגרינדעט אַ צווייטע אינסטיטוציע פון אויסגעשפּראָכן רעליגיעזן כאַראַקטער, מיטן נאָמען: „קאָנגרע־גאַסיאָן איזראַעליטאַ ותלמוד תורה". דער יידישער כאַראַקטער איז דאָ צוויי מאָל אונטערגעשטראָכן, סיי מיטן שפּאַנישן וואָרט „איזראַעליטאַ", ווי מיט די העברע־אישע ווערטער תלמוד־תורה.

די סיבות פון דער שפּאַלטונג זיינען געווען סיי גרינטלעכע סיי צופעליקע. ווי אומעטום איז אויך אין סאַנטיאַגאָ דער קליינער ישוב באַשטאַנען פון פאָלקס־טימלעכע עלעמענטן וואָס מען באַצייכנט אַלס „עמך", און פון עלעמענטן וואָס זיינען נישט גורם קיין פאָלקסטימליכקייט און ווערן דערפאַר באַצייכנט ווי „אַריסטאָקראַטן", וואָס מען האָט אין סאַנטיאַגאָ גערופן „די גרויסע צילינדערס". דער צוגאַנג פון די צוויי שיכטן צו די אויפגאַבן פון „סענטראָ" איז געווען גאַנץ פאַרשידן. דער ערשטער האָט געהאַלטן אַז דער פאַראיין דאַרף זיין בלויז אַ יידישער, זאָרגן פאַר די הצטרכותן פון יידישקייט, און דאָס האָט פאַר דעם שיכט געמיינט אַלץ וואָס דער „סענטראָ" האָט געטאָן חוץ פאַרוויילונגען און קלוב־לעבן. דער צווייטער שיכט האָט אוודאי געשעצט די ריין־יידישע טעטיקייטן, ער האָט אָבער געהאַלטן אַז אין די מאָדערנע לעבנס־באַדינגונגען אין די נייע היימען איז אויך נויטיק צו פירן אַ קלוב־לעבן, די מיטגלידער זאָלן זיך צענויפקומען, פאַרברענגען צוזאַמען אין געזעלשאַפטלעכע פאַרוויילונגען און אפילו שפּילן. ביים „סענטראָ" איז אויך געווען אַ ביבליאָטעק פון ר ו ס י ש ע ביכער און אין 1914 איז געזאַמלט געוואָרן העכער טויזנט פּעזאָס אויף צו קויפן יידישע ביכער. צווישן דעם צווייטן שיכט איז אויך געווען אַ קליינער קרייז וואָס האָט געשטעלט דעם טראָפּ בלויז אויפן קלוב־לעבן און פאַרוויילונג, און איז געווען ווייניק פאַראינ־טערעסירט אין די טעטיקייטן אויפן געביט פון יידישקייט. צוליב די דאָזיקע חילוקי דעות האָט אין „סענטראָ" געהערשט אַ געוויסע אָנגעצויגנקייט וואָס איז געקומען צו אַ קריזיס צוליב אַ קליינעם אינצידענט.

ווען דער „סענטראָ" האָט זיך אין 1916 אַריבערגעצויגן אין אַ גרעסערער און שענערער דירה איז אַנטשטאַנען אַ מיינונגס־פאַרשידנהייט וועגן דעם, וואו מען זאָל איינאָרדנען די פאַרשידענע אָפּטיילונגען. לויט דער מיינונג פון אייניקע

האָט מען פאַר דער שיל נישט אָפּגעגעבן קיין געגוג בכבוד׳יק אָרט. איז עס געקומען צו אַ שאַרפן ווערטער־טויש צווישן זיי און אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג: אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און עס איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג. די פּאָלקסטימלעכע גרופּע האָט זיך אָפּגעריסן און געגרינדעט די „קאָנגרעגאַסיאָן", וואָס האָט אויף דער גענ.־פאַרזאַמלונג פון 6־טן אויגוסט, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט 44 מיטגלידער, אָנגענומען אויפן פאָרשלאַג פון ה׳ חיים וואָלף סיני, דעם אויבנ־דערמאָנטן אָפּיציעלן נאָמען.

די „קאָנגרעגאַסיאָן" האָט זיך געשטעלט פיל ברייטערע און פאַרשידנאַרטיקע צילן ווי די וואָס האָבן זיך געשטעלט פריער די „אוניאָן" און שפּעטער דער „סענטראָ". זי שליסט אויך איין אַ געגוג ברייטן פּראָגראַם פון קולטור־טעטיקייט: אַן אָוונט־שולע פאַר דערוואַקסענע צו לערנען זיי די לאַנדעס שפּראַך, אַ ביבליאָ־טעק, פאָרטראַגן אויף פאַרשידענע קולטור־טעמעס, יידישע ווי אַלגעמיינע, ציוני־סטישע טעטיקייט. די קולטור־פּראָגראַם האָט געדאַרפט פאַרבייטן די געזעלשאַפט־לעכע פאַרוויילונגען. עס ווערט אויך געמאַכט אַ וויכטיקער שריט פאַר קעגנ־זייטיקער הילף, לעת־עתה בלויז אין אַ טויט־פאַל, אַ קוואָטע וואָס די מיטגלידער צאָלן איין ביי יעדן טויט־פאַל לטובת דער אלמנה און יתומים פון פאַרשטאָרבענעם. אויפן געביט פון קבורה ווערט אויך באַשלאָסן צו פאָרזעצן די באַמיאונגען פאַר אַ ב אַ ז ו נ ד ע ר בית־עלמין.

די טעטיקייט פון דער „קאָנגרעגאַסיאָן" גייט אָוועק מיט אַ האַסטיקן טעמפּאָ. דעם 12־טן אויגוסט ווערט באַשלאָסן צו דערעפנען די שולע מיטן לערער ר׳ שלמה ראָטטער וואָס איז איבערגעגאַנגען פון „סענטראָ", אַלס גרינדער פון דער „קאָנ־גרעגאַסיאָן", ווי אויך דערעפענען די אָוונט־שולע פאַר דערוואַקסענע מיט די סטודענטן אַנכעל דימענשטיין און אַרטוראָ דיוויס, וואָס טוען זייער אַרבעט אַלס לערער אומענטגעלטיק און ווערן דערפאַר אָנערקענט פאַר מיטגלידער פון פאַראיין אָן דער פליכט צו צאָלן מיטגלידער־שטייער. די שולע האָט 34 שילער, די אָוונט־קורסן בלויז 8. דעם 24־טן אויגוסט ווערט באַשלאָסן צו בעטן אָפּיציעלע רעגירונגס אַנערקענונג (פּערזאָנעריאַ כורידיקאַ), דעם 31־טן אויגוסט ווערט גע־שאַפן די צדקה־אָפּטיילונג, דעם 30־טן סעפּטעמבער ווערט באַשלאָסן צו ווענדן זיך נאָך אַ דערלויבעניש פאַר אַ באַזונדערן בית־עלמין אין דער צו סאַנטיאַגאָ נאָנטער מוניציפּאַליטעט פון באַראַנקאַס. דעם 16־טן אָקטאָבער ווערט באַשלאָסן איינצושאַפן ביכער פאַר דער ביבליאָטעק אויף אַ באַטרעף פון 400 פּעזאָס, פון וועלכע 80 פּראָצענט פאַר יידישע ביכער, 20 פּראָצענט פאַר העברעישע. וועגן שפּאַנישע ביכער רעדט מען נאָך נישט, הפּנים דער עולם מיטגלידער איז נאָך נישט געגוג באַקאַנט מיט דער שפּראַך. אויף דער גענ.־פאַרזאַמלונג פון 17־טן

אָקטאָבער ווערט באַשלאָסן צו איינלאַדן דעם „סענטראַ" ער זאָל זיך מיטבאַטייליקן אין דעם קויף פון בית־עלמין, דעם 14־טן נאָוועמבער ווערט באַהאַנדלט דער ענין פון בשר־כשר, וואָס די „קאָנגרעגאַסיאָן" וויל פירן מיט דער הילף פון שוחט ר' צבי בייטעלמאַן, אַ פרומער ייד און באַדייטנדיקער למדן, וואָס איז אָנגעקומען אין לאַנד אין 1914. פון פריער איז געווען דער שוחט יוסף פרידמאַן.

אָבער די „קאָנגרעגאַסיאָן" האָט צו קעמפן קעגן אַ שווערער עקאָנאָמישער לאַגע. אירע מיטגלידער געהערן הפנים צו די ווייניקער באַמיטלטע שיכטן, אַזוי אַז אויף צו קויפן דעם ערשטן ספר־תורה מוז מען אָנקומען צו אַן הלוואה, און אַ האַלב יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער אינסטיטוציע, דעם 13־טן פעברואַר פון 1917, מוז מען פאַררופן אַ אויסעראָרדנטלעכע גענ.־פאַרזאַמלונג אויף צו באַהאַנדלען די קריטישע לאַגע פון אַנשטאַלט. בכדי צו האָבן אַ באַגריף פון די ביודזשעטאַרע מעגלעכקייטן איז כדאי צו ברענגען אַ מאָנאַטלעכן באַלאַנס פון די וואָס פיגורירן אין אַקטן־בוך: הכנסה — 342.50 פּ. הוצאות: דירה — 102, לערער — 150, צדקה — 30, פאַרשידענע 18, אינקאַסענט (קאָבראַדאָר) — 12, ס"ה 312 פּעזאָס. בלייבט אַן עודף פון קוים 30 פּ. ווי איז דאָ מעגלעך געווען צו אַנטוויקלען אַ גרעסערע טעטיקייט? ביי אַזאַ לאַגע הויבט מען אפילו אָן טראַכטן וועגן צוריק פאַראייניקן זיך מיטן „סענטראַ", אָבער די גענ.־פאַרזאַמלונג פון 12־טן יולי 1917 וואַרפט אָפּ דעם פאָרשלאַג פון פאַראייניקן און באַשליסט בלויז צו־שטיין צום באַזונדערן בית־עלמין וואָס דער „סענטראַ" האָט אין צווישן געקראָגן אויפן אַלגעמיינעם צעמענטער און וואו די נפטרים ווערן באַערדיקט אין קברים נישט אין כוכים (נישעס).

עס ווערט באַשלאָסן פאָרטצוזעצן די עקזיסטענץ פון „קאָנגרעגאַסיאָן", און אויף דער זיצונג פון 26־טן יולי שלאָגט פאָר דער פרעזידענט ה' יצחק דראַפּקין, איינער פון די אַקטיווסטע און פאַרדינסטפולסטע בויער פון יידישן לעבן אין טשילע, אַז מען זאָל קויפן אַ הויז פאַר דער אינסטיטוציע און דערמיט פאַרזיכערן איר קיום. גראָד מאַכט זיך צו קויפן אַ כשר'ע מציאה און אויף גאַנץ לייכטע באַדינגונגען פון אויסצאָלן אין ראַטעס. די פאַרוואַלטונג שרעקט זיך פאַר אַזאַ אונטערנעמונג ביים שווערן מצב פון דער אינסטיטוציע, עס ווערט פאַררופן אַ אויסעראָרדנטלעכע גענ.־פאַרזאַמלונג אויפן 14־טן אויגוסט 1917, אין וועלכער עס באַטייליקן זיך קוים 32 מיטגלידער. אָבער באַאיינפלוסט פון דער אַנטשלאָסנ־קייט פון דער פאַרוואַלטונג, באַשליסט מען צו מאַכן די קניה. די בייוועזענדע צייכענען אַ סכום פון 1620 פּ. אויף אויסצוצאָלן אין קוואָטעס, 360 פּ. ווערן גלייך איינגעצאָלט במזומן, און מען טרעט צו צו דער קניה, וואָס ווערט פיל פאַרלייכטערט מצד דעם פאַרקויפער, אַ מענטש וואָס מען איז חושד אין יידישן



דירעקטאָריום פון ועד החנוך דצ׳ילי



דאָס ערשטע הויז פֿון „סירקולאָ איזראַעליטאַ“ אויף סאַן דיעגאָ 1130



דירעקטאָריום פֿון „סירקולאָ איזראַעליטאַ“ 1957 — 1956

אפשטאם, וועלכער מאכט די גרעסטע פארלייכטערונגען און האט דעם גרעסטן גערודל ביים איינקאסירן די פעליקע ראטעס.

כפי די „קאנגרעגאסיאן" האט נאך נישט קיין פערזאנעריא כורידיקא, ווערט דאס אייגנטום געקויפט אויף די נעמען פון הערש מעלניק, חיים מוטשניק, און חיים וואלף סיני, פאלקסטימלעכע אינטעליגענטע יידן, גרינדער פון דער „קאנ-גרעגאסיאן" און אקטיווע געזעלשאפטלעכע טוער. די עקזיסטענץ פון דער אינסטי-טוציע איז געראטעוועט, און דאס געקויפטע הויז אויף סאן-דיעגא 1130, ווערט העכער צען יאר זיין די געמיינדע-הויז און די היים פון דער יידישער סאנטיאגא.

## (ו) ציוניסטישע התחלות

כמעט איינצייטיק מיט דער גרינדונג פון ערשטן יידישן פאראיין, די „אוניאן", הויבט זיך אן א ספאראדישע ציוניסטישע טעטיקייט. שוין אין 1910 האט דער פיאנער פון ציוניזם אין טשילע ר' אליעזר מירסקי געזאמלט פאר קרן קימת, פאר-קויפט שקלים, און געמאכט א פיר טויזנט פעזאס וואס ער שיקט אפ צום פאראיין „תפארת ציון" קיין ב. איירעס. טשילע איז נאך נישט קיין זעלבסטשטענדיקער פונקט אויף דער ציוניסטישער וועלט-מאפע.

א יאר שפעטער, אין 1911, איינצייטיק כמעט מיטן „סענטרא", ווערט געגרינדעט די ערשטע ארגאניזירטע גרופע פון ציוניסטן, פרעזידירט פון ד"ר מאוריסיא באל-טיאנסקי, דער פאטער פון טשילענער ציוניזם. אין דער גרופע באטייליקן זיך ר' אליעזר מירסקי, ה"ה בארים קאכאנא, יעקב רעמעניק, יעקב בייטעלמאן א. א. די צאל אקטיוויסטן דערגרייכט נישט צו קיין מנין, אבער עס איז פאראן א גרעסערע מיטגלידערשאפט. די גרופע קניפט אן באציאונגען מיט די צענטראלע אינסטאנצן פון דער ציוניסטישער באוועגונג, אנהאלטנדיק פריינטלעכע באצי-אונגען מיט די ציוניסטן אין ארגענטינע.

דעם זעלבן יאר ווען עס קומט פאר די שפאלטונג צווישן „סענטרא" און „קאנגרעגאסיאן" — אין 1916 — דערשיינט אויך דער פראקציאניזם אין די ציוניסטישע רייען פון טשילע. פון לאנדאן קומט דוד יפה, וועלכער גרינדעט א פועלי ציוניסטישע גרופע.

די דאזיקע עמבריאנערע גרופירונגען האבן געהאט צו פירן א גאנץ שווערן קאמף אין דעם קליינעם ישוב וואס האט אליין געהאט שווער צו קעמפן פאר זיין עקאנאמישער און געזעלשאפטלעכער איינארדנונג, און די פירער פון זיין הויפט-אינסטיטוציע, דער „סענטרא", האבן נאך נישט געהאט דעם מוטה צוצוגעבן צום

נאָמען פון אַנשטאַלט דאָס וואָרט „איזראַעליטאַ״, טראָץ דער התחיבות וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען.

שווער געווען אין יענע יאָרן פאַרצוזען די דעצידירנדיקע ראָלע וואָס דער ציוניזם וועט שפּילן אין דער דערהאַלטונג און פורימונג פון טשילענער יידישן ישוב.

קאַפּיטל פיר

# גורל׳דיקע יאָרן

(1919 — 1917)

א) דער ישוב וואַקסט

ב) די באַלפור דעקלאַראַציע און דער ערשטער ציוניסטישער שליח

ג) איניציאַטיוו פאַר אַ יידישן קאָנגרעס

ד) אָנפאַנג פון אַ יידישער פרעסע אויף שפּאַניש

ה) דער ערשטער יידישער קאָנגרעס אין טשילע

ו) צווישן ציוניזם און יידישקייט

ז) צווייטער קאָנגרעס.

## א) דער ישוב וואַקסט

צווישן די ערשטע וואַקלענדיקע שריט אויפן וועג פון עקאָנאָמישער איינ־אָרדנונג און געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, ביי די צעגערנישן און סכסוכים פון אירע מנהיגים, איז דאָך די יידישע געמיינדע אין טשילע געוואַקסן פון די צען־עלף יאָר 1906 — 1917, סיי אין צאָל, סיי אין מעגלעכקייטן.

אין צווישן ווערט דערעפנט דער פּאַנאַמאַ קאַנאַל, וואָס הויבט אָן ברענגען אייניקע יחידים־אימיגראַנטן פון אייראָפּע און שטעלט איין אַ דירעקטע קאָמוני־קאַציע צווישן טשילע און דער גרויסער וועלט. אין 1910, ווען אַרגענטינע פייערט דעם ערשטן יאָרהונדערט פון איר אויפשטאַנד קעגן שפּאַניע, ווערט דערעפנט די טראַנס־אַנדינאַ אייזנבאַן, וועלכע צירקולירט דערווייל איין מאָל אין וואָך, אָבער אויך אַזוי פאַרלייכטערט זי דעם פאַרקער צווישן טשילע און אַרגענטינע, פון וואַנען עס קומען אָן אַלץ מער און מער יידישע אימיגראַנטן. צווישן די דאָזיקע איינוואַנדערער געפינען זיך אויך אייניקע סאָציאַליסטיש־געשטימטע פּערזאָנען, וואָס האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן די רעאַקציע כוואַליע וואָס האָט אויס־געבראָכן אין אַרגענטינע נאָכדעם ווי דער יידישער אַנאַרכיסט ש. ראַדאָוויצקי, האָט געוואָרפן אַ באָמבע אויפן פּאָליציי־שעף פון ב. איירעס, קאָלאָנעל פאַלקאָן, אַלס פּראָטעסט קעגן דער שטרענגקייט מיט וועלכער עס איז אונטערגעדריקט גע־וואָרן אַן אַרבעטער שטרייק, ווי די גאַנצע אַרבעטער באַוועגונג וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין לאַנד.

דער עקאָנאָמישער קריזיס וואָס האָט אויסגעבראָכן אין אַרגענטינע ביים אָנפאַנג פון ערשטן וועלט־קריג און וואָס האָט זיך ווייניקער געפילט אין טשילע, וואו די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען בעסער צוליב דעם געהעכערטן פּרייז פון קופּער און סאַליטרע, וואָס די מלחמה האָט פאַרברויכט, האָט אויך גורם געווען אַ פאַרשטאַרקטע איינוואַנדערונג וואָס איז געקומען פון אַרגענטינע און וואָס האָט זיך שנעלער געקאָנט איינאָרדנען, אַדאַנק דער אָריענטאַציע און הילף וואָס זי האָט באַקומען פון די שוין איינגעזעסענע, וועלכע האָבן מיט דער צייט זיך דערשלאָגן צו מער ווייניקער סטאַבילע פּאָזיציעס ביי „סעמאַנאַל", סטאַבילן מסחר און קליין־אינדוסטריע וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען.

## (ב) די באַלפור־דעקלאַראַציע און איר השפעה

א טיפן איבערברוך אין דעם אינערלעכן לעבן פון ישוב און אין זיין באַציאונג צו יידישקייט און יידישע פּראָבלעמען האָט אַריינגעבראַכט די באַלפור דעקלאַראַציע פון 2־טן נאָוועמבער 1917, מיטן צוזאָג מצד ענגלאַנד צו העלפן אויפבויען די יידישע נאַציאָנאַלע היים אין ארץ ישראל. די דעקלאַראַציע וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע יידישע וועלט, האָט אויך שטאַרק באַווירקט דעם יידישן ישוב אין טשילע. די בעלי־פּחד האָבן אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַרן פיגורירן מיטן נאָמען ייד, די ציוניסטישע און פּאָלקסטימלעכע עלעמענטן האָבן אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָבן זיך דערפילט שטאַרקער אין זייער שטעלונג. די ציוניסטישע גרופּן הויבן אָן צו אַנטוויקלען אַ גרעסערע טעטיקייט, זיי פאַראייניקן זיך אין אַ „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט", וואָס זוכט צו פאַראייניקן אַלע יידן אונטער דער ציוניסטישער פאָן.

אין 1918, דעם 27־טן יוני, קומט אָן קיין טשילע דער ערשטער ציוניסטישער שליח, דעלעגירט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, ד"ר בער עפּשטיין ע"ה. אַ טאַלאַנטירטער רעדנער, און אַ מענטש פון אַ העכערן קולטור־ניוואָ, האָט ער ממש באַצויבערט זיינע צוהערער, און האָט דערהויבן יידישקייט און ציוניזם צו אַ העכערער פּאָזיציע, אפילו אין די אויגן פון די וואָס האָבן פריער „נישט אַזוי געהאַלטן דערפון". ד"ר בער עפּשטיין האָט געגעבן פּאָרטראָגן אפילו פאַר די ספרדים, כאָטש ער האָט קיין שפּאַניש נישט גערעדט, עס האָבן זיך שוין געפינען איבערזעצער פון זיינע יידישע רייד אויף שפּאַניש, און אין יענע צייטן האָט דער עולם געוואָלט הערן און הערן. די רעזולטאַטן פון דעם ערשטן גרעסערן ציוניסטישן קאַמפּיין, דער „קרן הגאולה", וואָס ד"ר עפּשטיין האָט געפירט, זיינען ממש געווען איבעראַשנדיק. יידן אין טשילע האָבן געמאַכט די ערשטע שריט אויפן געביט פון פרייגעביקייט אויף וועלכן זיי האָבן זיך פאַרדינט אַ כשר־פאַרדינטן שם.

אָבער ד"ר עפּשטיין האָט נישט נאָר ג ע נ ו מ ע ן, ער האָט אויך ג ע ג ע ב ן. ער האָט געהאָלפן דעם ישוב אין טשילע זיך אַליין צו געפונען, געהעריק צו באַגריפן זייער יידישע חשיבות, וואָס האָט אויך דערהויבן זייער מענטשלעכע ווירדע. ער איז געווען דער ערשטער צו דערווייזן אַז אויב יידישקייט האָט געפירט צו ציוניזם, קאָן דער ציוניזם, ביי געוויסע אומשטענדן, צוריק פירן צו יידישקייט, און, אין דער הינזיכט, דאַרף ד"ר ב. עפּשטיין פאַררעכנט ווערן פאַר איינעם פון די וואָס האָבן טיף באַאיינפלוסט דאָס יידישע לעבן אין טשילע.

דער רושם פון ד"ר עפּשטיינס באַזוך איז נאָך נישט אויסגעוועפּט געוואָרן, ווען עס איז אונטערגעקומען די פייערונג פון ערשטן אַניווערסאַר פון דער באַלפור־

דעקלאַראַציע. יידן האָבן זיך צום ערשטן מאָל פאַרגינען דורכפירן אַ פייערלעכן יידישן אַקט אין אַ גרויסן שטאָט־טעאַטער — „קאָמעדיאַ". צו דער פייערלעכער פאַראַנשטאַלטונג זיינען געקומען אָנגעזעענע טשילענער שטאַטסלייט, און אויך דער דיפּלאָמאַטישער קאָרפּוס. יידן האָבן זיך דערפילט מיט פעלקער גלייך, עס זיינען געווען שעה'ן פון דערהויבונג, וואָס האָט פיל באַאיינפלוסט דעם וויטערדיקן גאַנג און גורל פון יידישן לעבן אויפן אָרט, אין טשילע.

אין עטלעכע טעג אַרום איז פאָרגעקומען אַ גראַנדיעזע פאָלקס־מאַניפעסטאַציע לכבוד דעם וואָפנשטילשטאַנד נאָכן ערשטן וועלט־קריג. יידן האָבן שוין נישט באַדאַרפט זיין צוריקגעצויגן. אַלע פאַראייניקט אין אַ קאָלומנע פון אַרום 400 מאַן, זיינען זיי אַרויס אונטער דער יידישער פאָן וואָס האָט צום ערשטן מאָל געפלאַטערט אונטער די בלויע הימלען פון טשילע באַגלייט מיט די פענער פון אַנדערע פעלקער און קאָלעקטיווּיטעטן. די שמחה און דער צוריקבאַקומענער שטאָלץ זיינען געווען אָן לשער.

אַלס פועל יוצא פון דעם גאַנצן אויפברויז און טיפע ענדערונגען אין יידישן לעבן, האָט דער „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ", אין אַ חודש אַרום, דעם 13־טן דעצעמבער 1918 געביטן זיין נאָמען אויף „סענטראָ איזראַעליטאַ", און עס איז גלייכצייטיק געביטן געוואָרן די רעדאַקציע פון אייניקע אַרטיקלען אין די סטאַטוטן פון „סענטראָ". צום אַרטיקל 1 ווערן צוגעגעבן די ווערטער: „און האַלטן זיי (די מיטגלידער) פאַראייניקט אין איין נאַציאָנאַלער איינהייט". אין אַרטיקל 2 ווערן פאַרביטן די ווערטער „פאַרשטעלונגען און אַנדערע פאַרווייַלונגען" אויף די ווערטער „פאָרטראַגן און אַ אייגענע פעריאָדישע אויסגאַבע". אין אַרטיקל וועגן מיטגלידערשאַפט ווערט אַנשטאָט די לאַנגע אומרייד וועגן דעם אַז אַ מיט־גלידער דאַרף „זיין אַ סוחר אָדער אינדוסטריאַל פון דעם זעלביקן גלויבן וואָס די גרינדער און ערשטע פאַרוואַלטונג פון „סענטראָ", געזאָגט פּראָסט פשוט, אַז אויף צו זיין אַ מיטגליד דאַרף מען זיין — אַ ייד . . . עס איז אַראָפּ די מורא, מען האָט אויפגעהערט צו שעמען זיך.

## (ג) איניציאַטיוו פאַר אַ יידישן קאָנגרעס אין טשילע

אין צוויי טעג אַרום נאָך דעם באַשלוס וועגן בייטן דעם נאָמען פון „סענטראָ", איז דעם 15־טן דעצעמבער 1918 דערעפנט געוואָרן אין פילאַדעלפיאַ דער ערשטער יידישער קאָנגרעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ווען די ידיעה איז מיט די פּאָר יענע צייטן געהעריקער פאַרשפּעטיקונג אָנגעקומען קיין סאַנטיאַגאָ, איז דאָרט

אויך אויפגעקומען די איניציאַטיוו צו פאַררופן אַ יידישן קאָנגרעס פון אַלע יידישע אינסטיטוציעס און געמיינדעס פון לאַנד.

דערצו האָט צוגעשפּילט אַ טרויעריקע פּאַסירונג אין אַרגענטינע, וואָס האָט געפונען איר אָפּקלאַנג אויך אין טשילע. אין יאַנואַר 1919 אַנטוויקלט זיך אין ב. איירעס אַן ערנסטער אַרבעטער קאָנפליקט וואָס ברענגט צו אַ גענעראַל שטרייק אין וועלכן די מאַכט זעט אַ באַלשעוויסטישע פאַרשווערונג. די גרויסע אויגן פון פּחד מאַכן אַז די פּאָליציי פון ב. איירעס זאָל אַנטדעקן אַ קאָמפּלאָט צו שטירצן די לעגאַלע רעגירונג און איינשטעלן אין אַרגענטינע אַ סאָוועטישע מאַכט. און כּפי, צוליב דער פּראָפּאַגאַנדע פון די רוסישע ווייס־גוואַרדייער, און אַנדערע אַנטי־סעמיטן, איז אין אייניקע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער דער באַלשעוויזם אידענ־טיפיצירט געוואָרן מיט יידן, האָט אין אַרגענטינע — לויט דער פּאָליציי־ווערסיע — געזאָלט שטיין בראש פון דער באַלשעוויסטישער רעגירונג דער יידיש־אַרגענ־טינער זשורנאַליסט, פּנחס וואַלד, אַ סאָציאַליסט און בונדיסט, וואָס איז ביז היינט צו טאָג אַ שאַרפער קעגנער פון קאָמוניזם.

אין דער אומרואיקער וואָך פון יאַנואַר 1919, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „די טראַגישע וואָך" — ווערט וואַלד אַרעסטירט און געפּייניקט אין דער געהיים פּאָליציי. די לאַנדעס־פּרעסע, אַפילו די מער ערנסטע, האָט גערעדט וועגן אַ באַל־שעוויסטישן קאָמפּלאָט. פון דעם שרייבן האָט זיך געפילט אַ שאַרפער אַנטיסעמי־טישער ביי־געשמאַק: פּאַטריאָטישע בחורים'לעך האָבן געהאָלפן דער פּאָליציי אַרעסטירן „רוסאָס" (יידן), זיי האָבן אויך צעראַבירט און פאַרברענט די „ביבליאָ־טעקאַ רוסאַ" — אַ יידישע אינסטיטוציע, און בכלל האָט זיך געפילט אין שטאָט אַ פּאָגראָם שטימונג. די אינטערוועניץ פון די ליבעראַלע און סאָציאַליסטישע עלעמענטן בעיקר פון ד"ר אַלפרעדאָ פּאַלאַסיאָס, האָט געהאָלפן קלאָר מאַכן דעם פּלאָנטער און באַפרייען פּנחס וואַלד. די יידישע פירערשאַפט איז געלונגען איבערצייגן דער מאַכט אַז נישט אַלע באַלשעוויקעס זיינען יידן, אַז די גאָר גרויסע מערהייט פון יידן זיינען קעגנעריש צום באַלשעוויזם. דערווייל האָט זיך געענדיקט דער גענעראַל־שטרייק, די לאַגע האָט זיך נאָרמאַליזירט און מען איז אָפּגעקומען מיט אייניקע פאַרלוסטן און אַ סך שרעק.

אָבער דער נאָמען „רוסאָ" — ווי מען האָט דאַן אין אַ סך לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער גערופן די יידן — האָט באַקומען אַ בייקלאַנג פון באַלשעוויזם. און דאָס האָט אויך ביי געטראָגן אַז יידן זאָלן זיך אָנהויבן מער באַצייכענען מיט: „העברעאָ", „איזראַעליטאַ", „כודיאָ", אַבי נישט פיגורירן אונטערן געפערלעכן נאָמען „רוסאָ".

די שטימונגען פון ב. איירעס האָבן זיך איבערגעטראָגן קיין סאַנטיאַגאָ: דעם 29־טן יאַנואַר 1919, טראָגט אַריין ה' יוסף ראַבינאָוויטש אַ פאָרשלאָג אויף אַ

זיצונג פון „סענטראַ" אַז מען זאָל זיך ווענדן צו דער רעגירונג אין עפנטלעכקייט מיט אַ דעקלאַראַציע אַז דער „סענטראַ" האָט בלויז קולטורעלע און וואוילטעטיקע צוועקן און מישט זיך אַבסאָלוט נישט אין פּאָליטישע ענינים". ביי דער ליכט פון די פּאַסירונגען אין ב. איירעס איז קלאָר געוואָרן אין סאַנטיאַגאָ, אַז מען דאַרף אָרגאַניזירן אַ רעפּרעזענטאַנץ פון ישוב וואָס זאָל אים קאָנען פאַרשטעלן און פאַרטיידיקן כלפּי חוץ, און אויך דאָס האָט מיטגעווירקט צום פאַררופן פון ערשטן יידישן קאָנגרעס אין לאַנד.

געזאָלט האָט פאַררופן דעם קאָנגרעס דער „יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט", וואָס האָט זיך געגרינדעט באַלד נאָך דער באַלפור דעקלאַראַציע. אָבער דער „סענטראָ־איזראַעליטאַ" האָט זיך געפעדערט און איז דער ערשטער, אויפן פאָרשלאַג פון זיין גענ.־סעקרעטאַר באָרים קאָבאַנאָ, ארויס מיט דער איניציאַטיוו, וועגן פאַררופן אַן אַל־טשילענער יידישן קאָנגרעס. דער קאָנגרעס איז טאַקע אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאָקאַל פון סענטראָ אויף אַלאַמעדאַ 2232, אין די טעג פון 18, 19 און 20־טן סעפּטעמבער 1919.

## ד) אָנפאַנג פון אַ יידישער פּרעסע אויף שפּאַניש

אויך די אין לאַנד איינגעבירגערטע און שפּראַכלעך אסימילירטע יוגנט האָט דערפילט איר יידישקייט. דעם 1־טן מערץ פון 1919, האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען די ערשטע יידישע אויסגאַבע אויף שפּאַניש אין טשילע. אַ מאָנאַטלעכער זשורנאַל אונטערן נאָמען „רענאַסימיענטאָ" — ווידעראויפלעב. רעדאַקטאָר — אַרטוראָ דייוויס; סעקרעטאַר — מאַוריסיאָ וויינשטיין.

אין זיינעם אַ לייט אַרטיקל זאָגט „רענאַסימיענטאָ" אַז ער שטעלט זיך די אויפגאַבע: „צו פאַרשפּרייטן אין טשילע דעם געדאַנק און די טעטיקייט פון יידישן פאָלק, צו אינפאָרמירן וועגן דעם איינפלוס פון די יידישע טעטיקייטן אין דעם לאַנד וואָס צייגט זיך אַרויס גאַסטפריינטלעך, און צו פּאָפּולאַריזירן די טשילענער קולטור אינערהאַלב דער יידישער געמיינשאַפט וואָס לעבט אין טשילע, דורכפירנדיק אַ טעטיקייט פאַר קענגזייטיקן דורכדרינגען זיך, וואָס דאַרף פיל ביייטראָגן אין נוצלעכע דערגרייכונגען פון איינשטימיקייט און אַרבעט".

אין דעם זעלביקן נומער פון „רענאַסימיענטאָ" לייענט מען אָבער אַ קורצע נאָטיץ פון סאַלאָמאָן מאַרגולים אונטערן נאָמען „נאָ נעגאַר" — נישט לייקענען, פון וועלכן מען זעט קלאָר וואו דער שיך קוועטשט... דער נאָטיץ זאָגט קלאָר: „זאָלסטו נישט לייקענען! פאַרוואָס זאָלסטו לייקענען? שעמסט זיך דען צו זיין אַ ייד? אָדער דו גלויבסט אַז עס איז נישט קיין באַרעכטיקטער כבוד צו זאָגן אַז דו

ביזט אַ ייד? ווייסטו דען נישט אַז פּאַרלייקענען מיינט טויט און יאָ־זאָגן, בלויז יאָ זאָגן, שטעלט מיט זיך פאָר אַ לעבנס־פּרינציפּ? טאָ זאָג: יאָ! ווייל דאָס יאָ־זאָגן איז אַ מאָטיוו פון פּראָגרעס, פון לעבן, פון איבערלעבן. וועסטו נאָך לייקענען?! לייקען נישט! פאַרוואָס זאָלסטו לייקענען?!"

אין אַ צווייטן פּלאַץ פון זעלביקן נומער דערשיינט אַ קורצע סקיצע אונטער די געננוג אויסדריקלעכע „קעפּלעך" פון „די חרפה צו זיין אַ ייד" און „דער כבוד צו זיין אַ ייד". — עפּיזאָדן פון אָרטיקן לעבן, וואָס באַווייזן ווי פאַרשידן יידן אין טשילע האָבן אויפגענומען זייער ערשטן פּרעסע אָרגאַן אין שפּאַניש. ווער עס האָט אים באַגריסט מיט צופרידנקייט און ווער עס האָט זיך אַביסל אונטער־געשעמט צו דערהאַלטן אים אין געשעפט, וואו עס זיינען דאָך אויך פאַראַן נישט־יידן, די אַנגעשטעלטע...

אין מאַי 1919 הויבט אָן צו דערשיינען אַ צווייטער יידיש־שפּאַנישער זשורנאַל מיטן נאָמען „נועסטראַ אידעאַל", אונדזער אידעאַל. רעדאַקטאָר אַנכעל פּיוואָוויטש, סעקרעטאַר סימאָן קרענאָוויטש. ער שלאָגט שוין אָן אַ מער האַפּערציקן טאָן, טענה'ט ווייניקער און מאָנט מער. אַזוי געפינען מיר אין זיין דריטן העפט אַן אַרטיקל פון לעאָן אַרענסבורג ע"ה אין וועלכן עס געפינט זיך די פאָלגנדיקע כאַ־ראַקטעריסטישע שטעלע. — „מיר קאָנען נישט דורכלאָזן די ענגלישע, דייטשישע, פראַנצויזישע און יענקישע יידן. אַ סך וועלן איבערראַשט ווערן צו וויסן אַז יידישער קאַפּיטאַל פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז טעטיק אויף אונדזער האַנדלס־בירזשע, ווי די „בראַדען קופּער געזעלשאַפט" און די שיפן פון דער פירמע „בראַון און בלאַנשאַרד". מיט יידיש געלט איז אויפגעבויט די אייזנבאַן וואָס שניידט דורך דאָס לאַנד אין דער לענג (לאָנגיטודינאַל).

דאָס איז שוין אַ דירעקטע אָנדייטונג אַז יידן באַטראַכטן זיך פאַר גלייכ־באַרעכטיקטע בירגער פון לאַנד, צו דער אַנטוויקלונג פון וועלכער זיי שטייערן מיט מיט קאַפּיטאַל און אַרבעט.

די יידיש־ציוניסטישע שטימונג שטאַרקן זיך אויך אין „סענטראָ", וואָס טראָגט שוין מיט שטאָלץ דעם נאָמען „איזראַעליטאַ". דעם 17־טן יולי פון 1919, ווערט דורכגעפירט אַ הערצל־אזכרה און דוקא אין אַקטן־זאַל פון אוניווערזיטעט פון טשילע...

## ה) דער ערשטער יידישער קאָנגרעס אין טשילע

אָט אין אַזאַ שטימונג איז פאַררופן געוואָרן דער ערשטער יידישער קאָנגרעס אין טשילע. מיט די צוגרייטונגען האָט זיך אָפּגעגעבן אַ ספּעציעלע אָרגאַניזיר

קאָמיסיע אין באשטאַנד פון: יעקב קוזנעצאוו (פאָרזיצער); מאַטיאַס אַלבאַלאַ —אַ ספרדי—און נחמיה טרומפּער, וויצעס; באָריס קאָבאַנאַ, עליאַס יודעלעוויטש, מאָוריסיאָ פּיוואָוויטש, איסאַק מאַנוסעוויטש, סעקרעטאַרן. דער קאָנגרעס ווערט אָפּגעהאַלטן אין לאָקאַל פון „סענטראָ" — אַלאַמעדאַ 2232.

צום קאָנגרעס זיינען געקומען פאָרטרעטער פון 13 פאַראיינען פון 6 גע־מיינדעס. 5 פון סאַנטיאַגאָ; „סענטראָ איזראַעליטאַ", „קאָנגרעגאַסיאָן איזראַעליטאַ ותלמוד תורה", „בקור חולים", „יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט", „יידישער קאָמיטעט פאַר קעגנזייטיקער הילף" (ספרדים). 4 פון טעמוקאָ, דער דעמאָלסטיקער צענטער פון ספרדישן ישוב: „סירקולאָ סאָסיאַל איזראַעליטאַ",„סענטראָ מאַסע־דאָניאַ", „סענטראָ סיאָניסטאַ", „חסד ואמת". 1 פון פּוערטאָ מאָנט — „ציוניס־טישער צענטער". 1 פון וואַלדיוויאַ, — „ציוניסטישער צענטער", 1 פון טשיזשאַן — „יידישער קאָמיטעט", און 1 פון קוראַ־קאַוטין — „היכאַס דע סיאָן", זין פון ציון, (האַלבע יידן, מאַראַנען־אָפּשטאַמער).

אויף דער ערשטער זיצונג ווערט דערוויילט אַ פּרעזידיום פון: יעקב קוז־ניעצאוו (פּרעזידענט), נאַום ראָזענבליט און דוד שאַטאַן (וויצעס); באָרים קאָבאַנאָ (גענ.־סעקרעטאַר); מאָוריסיאָ פּיוואָוויטש (אַקטן סעקרעטאַר).

די דעבאַטן אויפן קאָנגרעס שפּיגלען אָפּ די מיינונגס־פאַרשידנהייטן וואָס האָבן געהערשט אין קליינעם ישוב, צווישן זיינע פאָלקסטימלעכע און אַריסטאָ־קראַטישע עלעמענטן, אָדער צווישן אַלטע ציוניסטן און באַלפור ציוניסטן. אַרום פּראָיעקט פון הילף פאַר אימיגראַציע, וואָס האָט געמיינט הילף פאַרן אויפבוי פון ארץ ישראל, שאַפן זיך צוויי טענדענצן: די פאָלקסטימלעכע איז פאַר טעטיקייט לטובת דעם פאָלקסטימלעכן קרן קימת, די אַריסטאָקראַטישע האַלט פאַר וויכטיקער דעם ניי־געשאַפענעם „קרן הגאולה", וואָס איז גרעסער אין זיינע פאַרמעסטן, דער־צו באַטאָנט ער מער דעם מאָדערנעם באַגריף פון אויפבוי פון דער נאַציאָנאַלער היים, נישט דעם טראַדיציאָנעלן באַגריף פון ישוב ארץ ישראל, וואָס קלינגט פאַר אַ סך היינטוועלטיקע אַביסל אַלטמאָדיש.

פון די פּראָיעקטן וואָס ווערן באַהאַנדלט אויפן קאָנגרעס איז צו זען וואָס עס האָט באַאומרואיקט די פירער פון דעם קליינעם ישוב, חוץ דער ציוניסטישער אַרבעט:

1) דורכפירן אַ צענז פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד.

2) אויפבויען אַ געמיינדע־הויז אין סאַנטיאַגאָ.

3) גרינדן אַ צענטראַלע ביבליאָטעק וואָס זאָל באַדינען אויך די ישובים פון פּראָווינץ.

4) גרינדן אַן אָפיציעלן פּרעסע אָרגאַן פון ישוב.

5) אָנפירן אַ טעטיקייט אויף די געביטן פון קולטור, קונסט, און אויך פיזקולטור.

6) ווענדן זיך צו דער מאַכט, זי זאָל אויסוואָרצלען דאָס שלעכטע גראָז פון די פאַרברעכערישע עלעמענטן וואָס פאַרמעסטן זיך קעגן דער מאָראַל; די „קאַפּטאַנעס" און רופיאַנעס" (פּרויען הענדלער) — וואָס האָבן טראָץ זייער אומבאַדייטנדיקער צאָל דאָך פאַרשוואַרצט דעם פּנים פון יונגן יידישן ישוב, וועלכער האָט זיי דערקלערט אַ מלחמה מיט אַלע מיטלען און האָט זיי טאַקע דעפיניטיוו אויסגעוואָרצלט פון זיין מיט.

דער באַשלוס וואָס האָט געהאַט די וויטגייענדיקסטע פאָלגן פאַר דער אַנטוויקלונג פון ישוב איז געווען דאָס פאַרוואַנדלען דעם קאָנגרעס פון אַ יידישן אין אַ ציוניסטישן, און די גרינדונג פון אַ ציוניסטישער פעדעראַציע אַלס צענטראַלער אינסטאַנץ פון אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס אין טשילע, ווי אויך אַלס פאָרשטייערשאַפט פון ישוב פאַר דער מאַכט און פאַר דער גרויסער יידישער וועלט, אַ כאַראַקטער וואָס די ציוניסטישע פעדעראַציע האַלט אָן ביז היינט, ווען אפילו זי מוז טיילן איר רעפּרעזענטאַטיווע פונקציעס מיט דעם „קאָמיטע רעפּרעזענטאַטיוואָ" — רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט, וואָס עקזיסטירט זינט 1940. דערמיט האָט דער טשילענער ישוב געבראַכט צום אויסדרוק איינעם פון זיינע אייגנאַרטיקע כאַראַקטער שטריכן: ציוניזם איז אידענטיש מיט יידישקייט.

דער קאָנגרעס באַצייכנט אויך די ערשטע שריט פון טשילענער יידישן ישוב אויפן געביט פון אַלגעמיינע יידישע אינטערעסן, מחוץ ארץ ישראל. ער באַשליסט צו ווענדן זיך מיט אַ פּעטיציע צום מלוכה־פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, אַז די טשילענער רעגירונג זאָל פּראָטעסטירן קעגן די פּאָגראָמען און שחיטות אויף יידן וואָס האָבן דאַן געבושעוועט אין מזרח־אייראָפּע. שיקן טעלעגראַמעס צו די רעגירונגען פון ענגלאַנד, די פאַראייניקטע שטאַטן און פראַנקרייך, די וואָרטזאָגער אויף דער שלום־קאָנפערענץ פון ווערסייל. ווי אויך צום „קאָמיטעט פון די יידישע דעלעגאַציעס" וואָס האָט אָנגעפירט דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייט־רעכט אויף דער שלום־קאָנפערענץ.

די טעטיקייט פון קאָנגרעס האָט פאַראינטערעסירט אויך די נישט־יידישע סביבה, און די זייער אָנגעזעענע צייטונג „מערקוריאָ" האָט געבראַכט באַריכטן פון זיינע זיצונגען. אויך אין דער הינזיכט פון באַציאונגען מיט דער אויסערוועלט, איז דער קאָנגרעס געווען אַ דערפאָלג.

## (ו) צווישן ציוניזם און יידישקייט

אויב דער ערשטער מנין אין די ימים נוראים תרס"ז (1906) באַדייט דעם געבורט פון יידישן ישוב אין טשילע, באַדייט דער ערשטער יידישער קאָנגרעס — די בר־מצוה פון ישוב. פונקט צו די 13 יאָר פון זיין אַנטשטייאונג האָט דער ישוב אויף זיך גענומען די התחיבויות פון גאַנצן אומפאַנג פון יידישן לעבן: אויפן אָרט, אין ארץ ישראל, און די תפוצות.

דערמיט האָט ער געגעבן אינהאַלט און אָנהאַלט דעם לעבן פון דער יונגער און נאָך זייער שוואַכער געמיינדע, וואָס איז געווען אין אַ סכנה פון אַ צו שטאַר־קער אַסימילאַציע, וואָס האָט דערפירט אַז די יידישע גרופּן וועלכע האָבן זיך פריער באַזעצט אין לאַנד, זאָלן פאַרשוואונדן דורך אויפליייזן זיך אין דער אַרומיקער סביבה. די פאַראייניקונג אונטער די לאָזונגען פון יידישקייט און ציוניזם — דעם נעכטן, היינט און מאָרגן פון יידישן לעבן, איז געווען די בעסטע באַוואָרעניש דער סכנה פון אונטערגאַנג.

די קנאַפּע צוויי יאָר, צווישן דער באַלפור דעקלאַראַציע און דעם ערשטן יידישן קאָנגרעס, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ציוניסטישן, דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי די גורל'דיקע יאָרן פון דעם יידישן ישוב אין טשילע, וועלכער איז געווען באַדראָט פון אַ גאַנץ ערנסטער סכנה פון אונטערגאַנג דורך אַסימילאַציע. די ציו־ניסטיש־יידישע איינשטעלונג, צוזאַמען מיטן וואוקס פון ישוב אין צאָלן, האָבן געהאָלפן פורימען דעם אייגנאַרטיקן ישוב, וואָס איז דער מער אידענטיפיצירטער מיט דער אַרומיקער סביבה אין וועלכער ער איז אַריינגעוואַקסן מער פון אַלע אַנ־דערע לאַטיין־אַמעריקאַנער יידישע ישובים און אין וועלכער די פאַקטאָרן פון דער אַלטער יידישער טראַדיציע האָבן זיך זייער שוואַך דערהאַלטן און האָבן אַ נישט גאָר גרויסע השפּעה אין טאָג־טעגלעכן לעבן. דער טשילענער יידישער ישוב איז דער לעבעדיקער באַווייז, אַז עס איז מעגלעך אַ נייע יידישקייט, אַ פאַרשידענע פון דער אַמאָליקער, אָבער אַזאַ שטאַרקע און אַקטיוו דינאַמישע ווי די פאָריקע.

אויב אויף דער גרויסער וועלט האָט יידישקייט דערפירט צו ציוניזם, איז אין טשילע דער פּראָצעס געגאַנגען אין אַ פאַרקערטער ריכטונג: ציוניזם פירט צו יידישקייט. דער ערשטער יידישער קאָנגרעס האָט אָנגענומען דעם באַשלוס אַז אַלע יידישע אינסטיטוציעס דאַרפן צוגעבן צו זייער נאָמען דאָס וואָרט „איזראַעליטאַ" — און דער באַשלוס איז דורכגעפירט געוואָרן אין לעבן. דאָס מורא האָבן, אָדער שעמען זיך מיט יידישקייט, האָט אויפגעהערט.

אַן אַלטער יידישער תושב פון סאַנטיאַגאָ, פּאַבלאָ דוואָרעצקי, וועלכער איז געקומען פון אַרגענטינע אין 1908, און האָט דאָ פאַרלייגט אַ שפּיגל־פאַבריק, דער־

קלערט אין אן אינטערוויו צו „נועסטרא אידעאל" אין 1920: — „איצט האט זיך די לאגע, אדאנק די דורכגעפירטע ארבעטן געענדערט: עס איז גאר א כבוד צו זיין א ייד... אבער ווען איך בין אנגעקומען אין לאנד איז נאך נישט געווען קיין שום יידישער פאראיין, קיינער האט נישט מודה געווען אין זיין יידישער אנ־געהעריקייט, און מען פלעגט עס סימולירן רעדנדיק אויף אנדערע שפראכן".

פאבלא דווארעצקי איז בכלל א ייד מיט אייגנארטיקע השגות. ער דערקלערט: „איך בין נישט קיין אנהענגער פון יידישער אימיגראציע קיין טשילע. איך האלט פאר גליכער, אז די ליידן וואס די אימיגראנטן, אונדזערע פאלקס־ברידער, דארפן סיי ווי דורכמאכן ווען זיי קומען אין יעדן פרעמדן לאנד, זאלן זיי עס בעסער דורכמאכן אויף דעם באדן וואס מיר אלע באגערן, אין ארץ ישראל; כאטש דאס לאנד איז קלענער און ארימער פון טשילע"...

## (ז) צווייטער יידישער און ערשטער ריין־ציונ. קאנגרעס

די דאזיקע ארגאניזיר־ארבעט איז דערגענצט געווארן פון צווייטן יידישן און ערשטן ריין־ציוניסטישן קאנגרעס וואס האט זיך פארזאמלט אין סאנטיאגא אין די טעג פון 19־20־21 פון סעפטעמבער 1920, און אין וועלכן עס האבן זיך באַ־טייליקט פארשטייער פון 13 אינסטיטוציעס.

אויף דעם קאנגרעס זיינען באשטעטיקט געווארן די סטאטוטן פון דער ציוי־ניסטישער פעדעראציע, וועלכע שטעלן פעסט אז: 1) די ציוניסטישע פעדע־ראציע שטעלן צוזאמען די יידישע און ציוניסטישע פאראיינען פון דער הויפט־שטאט און פראווינץ. 2) די פונקציעס פון דער פעדעראציע זיינען: א) פאר־שטעלן די קאלעקטיוויטעט פאר דער מאכט און עפנטלעכקייט. ב) פארשפרייטן דעם ציוניסטישן אידעאל. ג) אנטוויקלען די יידישע דערציאונג. ד) בייטראגן צום אויפבוי פון דער יידישער נאציאנאלער היים אין ארץ ישראל. ה) אנפירן מיט דער ציוניסטישער באוועגונג אין לאנד. ו) באציאונגען מיט די ציוניסטישע צענטראלעס אין לאנדאן און ירושלים.

עס פעלט לחלוטין דער פונקט וועגן אריענטירן די טעטיקייט פון די אנגע־שלאסענע פאראיינען, ווען אפילו אין 1919 איז געמאכט געווארן מצד דער פעדע־ראציע אן ערנסטער פרואוו זיך דערמיט צו באשעפטיקן.

אויף דער זיצונג פון „סענטרא" פון 30־טן אקטאבער 1919 איז פארגעלייענט געווארן א ווענדונג פון דער ציוניסטישער פעדעראציע אין וועלכער עס זאגט זיך צווישן אנדערעס: „יעדע טעטיקייט פון א וועלכער ס'איז אינסטיטוציע, וואס האט א באדייטונג פאר דער גאנצער געמיינדע, וועט אנגעפירט ווערן פון דער פעדע־

ראַציע". די פאַרוואַלטונג פון „סענטראַ" באַשליסט אָבער נישט אָנצונעמען דעם פּאָרשלאַג, וועלכער איז לויט איר מיינונג קעגן די באַשלוסן פון ערשטן קאָנגרעס. די אינסטיטוציעס זיינען געווען גרייט מותר צו זיין אויף זייער רעפּרעזענטאַנץ כלפּי חוץ. זיי האָבן אָבער נישט געוואָלט נאָכגעבן דאָס קלענסטע פון זייער אינער־לעכער אויטאָריטעט. אַזוי, איז עס פאַרבליבן ביז היינט צו טאָג, די פאַרוואַלטונגס פאָרם פון טשילענער יידישן ישוב איז אַ פעדעראַלע, נישט קיין אוניטאַרע.

אויפן צווייטן יידישן און ערשטן ריין־ציוניסטישן קאָנגרעס באַטייליקט זיך אויך און פאַרנעמט דעם אַמט פון סעקרעטאַר בנימין כהן, דעמאָלט אַ באַגאַבטער אָנפאַנגער זשורנאַליסט, שפּעטער אַ הויכער דיפּלאָמאַט אין דינסט פון דער טשי־לענער מלוכה, היינט צו טאָג — איינער פון די סעקרעטאַרן פון דער „און".

קאַפּיטל פינף

# אַ יאָרצענדליק פון קאָנסאָלידאַציע

(1930 — 1920)

א) אונטערן צייכן פון איינקייט

ב) דער יונגער דור קומט צום וואָרט

ג) די ספרדישע געמיינדע באַקומט חיזוק

ד) די יידישע פרוי ווערט ציוניסטיש אַקטיוו: „וויצאָ״

ה) וואוקס ליידן.

ו) געגנט־פאַריינען אין סאַנטיאַגאָ.

## א) אונטערן צייכן פון אייניקייט

די נאַציאָנאַל־יידישע דערוואַכונג וואָס די באַלפור־דעקלאַראַציע און אירע באַגלייט־דערשיינונגען האָבן אַרויסגערופן, און וועלכע זיינען געקומען צום אויס־דרוק אויף די ערשטע צוויי קאָנגרעסן, האָבן אויך געבראַכט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן פאַרן אָרטיקן יידישן ישוב. איצט, ווען אַלע זיינען געווען ציוניסטן, אָנגעשלאָסן אין דער זעלביקער ציוניסטישער פעדעראַציע, האָט נישט געהאַט קיין זין אָנצו־האַלטן די צוטיילונג אין צוויי פאַראיינען „סענטראָ" און קאָנגרעגאַסיאָן", פון וועלכע יעדער איינער האָט געהאַט שווער צו קעמפן פאַר זיין קיום.

דערצו האָבן נאָך צוגעשפּילט פאַקטאָרן פון דער אָרטיקער ווירקלעכקייט. עס האָט זיך גראָד געמאַכט אַזוי, אַז די קהילה־טעטיקייטן וואָס ביידע פאַראיינען האָבן אָנגעפירט זאָלן זיך צוטיילן צווישן ביידע. די שולע איז אַריבערגעגאַנגען פון דעם „סענטראָ" צו דער „קאָנגרעגאַסיאָן", וואָס האָט געציילט צווישן אירע גרינדער אויך דעם לערער ר' שלום ראַטטער, מיט וועלכן עס האָט מיטגעאַרבעט דער לערער באָראָכאָוו. אַרום 1920 קומט קיין טשילע אַ צווייטער קאָמפּעטענטער לערער, ר' שאול שיפּרין, ער האָט אָבער נאָך נישט באַוויזן צו אַנטוויקלען זיין טעטיקייט. די פּרואוון פון „סענטראָ" אָנצוהאַלטן אַ שולע און אפילו דער זשעסט צו דער־לויבן עפּעגען אין זיין לאָקאַל אַ יידישע מיטל־שולע פאַר אַלגעמיינע לימודים (ליסעאָ), האָט זיך נישט איינגעגעבן.

פון דער אַנדער זייט איז דעם „סענטראָ" יאָ געלונגען אויסצובויען דעם מאַוווזאַליי, וואָס איז באַנייט געוואָרן אין 1918, און נאָך צובאַקומען אַ שטיקל פּרייען באָדן, טאַקע אויפן אַלגעמיינעם בית־עלמין, נאָר אין אַ באַזונדער, צום מאַוווזאַליי נאָענטער, אָפּטיילונג, וואו מען האָט געקאַנט באַערדיקן אין קברים, וואָס איז מער אין הסכם מיט די אָנגענומענע יידישע מנהגים. מען האָט געמוזט פאַר־קוקן דעם פאַקט וואָס אָט די אָפּטיילונג איז נישט געווען אַרומגעצוימט, נאָר, אדרבה, אַרומגערינגלט מיט נישט־יידישע קברים און נישעס; די אַדמיניסטראַציע פון צעמענטאַר האָט נישט דערלויבט מאַכן קיין צוים אַרום דער יידישער אָפּטיילונג.

פאַרקערט, האָבן זיך נישט איינגעגעבן די פּרואוון פון דער „קאָנגרעגאַסיאָן"

צו באַקומען אַן אבסאָלוט באַזונדערן בית־עלמין אין דער צו סאַנטיאַגאָ נאָנטער קאָמונע באַרראַנקאַס. וועגן דעם דורכפאַל פון אָ די פּרואוון זיינען פאַראַן צוויי ווערסיעס, וואָס איז כדאי צו פאַרצייכענען, ווייל זיי כאַראַקטעריזירן די שטימונגען פון דער יידישער סאַנטיאַגאָ אין יענער צייט.

די ערשטע ווערסיע איז, אַז דער פּרעזידענט פון דער „קאָנגרעגאַסיאָן" האָט אין אַ בריוו צו זיין שוועער אין אַרגענטינע, אַ שטאַרק פרומער ייד וואָס איז געווען זייער באַזאָרגט וועגן דער יידישער צוקונפט פון זיין טאָכטער און אייניקלעך אין דער ווייטער „הפקר'דיקער" טשילע. געפּרואווט אים באַרואיקן מיט די ידיעות וועגן דעם יידישן לעבן וואָס האַלט זיך ביי איינשטעלן אין נייעם ישוב, האָט ער אים מיטגעטיילט אַז עס איז שוין פאַראַן צוויי שולן צום דאַווענען, ווי אויך אַ שטיקל בית־עלמין. דער באַאומרואיקטער שוועער האָט סאַרקאַסטיש געענטפערט אַז, לויט דער יידישקייט פון סאַנטיאַגער יידן, וואָלט אים נישט געאַרט עס זאָל זיין איין שיל און צוויי בית־עלמינס...

גראָד איז דער בריוו אָנגעקומען קיין סאַנטיאַגאָ בשעת מען האָט געהאַלטן ביי פאַרענדיקן די אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם צווייטן באַזונדערן בית־עלמין. דער פּרעזידענט פון דער „קאָנגרעגאַסיאָן" האָט זיך דערשראָקן פאַר דער אומדירעקטער קללה פון זיין קנאי'דיקן שוועער און האָט אָפּגעבראָכן די פאַרהאַנדלונגען: זאָלן אין סאַנטיאַגאָ נישט זיין קיין צוויי יידישע בית־עלמינס...

די צווייטע ווערסיע איז פון אַ מער פּאָליטישן כאַראַקטער. איינער פון די סאַנטיאַגער תושבים, אַ ייד אַ עושר און אַ תקיף, וואָס האָט געהאַט איינפלוס אין רעגירונגס־קרייזן און האָט געשטרעבט צו פאַראייניקן ביידע אינסטיטוציעס, האָט אַ וואונק געטאָן וואו מען האָט באַדאַרפט און די קאָנצעסיע אויפן בית־עלמין אין „באַרראַנקאַס" איז נישט באַשטעטיקט געוואָרן.

דאָס אַלץ האָט געבראַכט צו דעם אַז אויף דער איניציאַטיוו פון דער „קאָנגרעגאַסיאָן" און מיט דער מיטווירקונג פון דער פעדעראַציע, זאָלן זיך סוף 1919 אָנהויבן פאַרהאַנדלונגען וועגן פאַראייניקן ביידע אינסטיטוציעס פון דעם אַש־כנזישן סעקטאָר אין איין געמיינדע.

אין „סענטראָ" פּרואווט מען זיך לכתחילה ווערן אַנטקעגן דעם. עס ווערט פּראָיעקטירט צו בויען אַן אייגענע געביידע. מען פּלאַנט אַרויסצולאָזן 500 אַקציעס צו 100 פּ. פאַרן בוי־פאָנד, די אַקציעס וועלן טראָגן 6 פּראָצענט יערלעך. דער פּלאַן פון אַקציעס ווערט שפּעטער פאַרביטן אויף אַ פּלאַן פון אָן־פּראָצענטיקע באָנאָס. אָבער דאָס אַלץ העלפט נישט; די שעה פון פאַראייניקונג האָט געשלאָגן. דעם 7־טן אַפּריל 1920 ווערט באַשלאָסן אָנהויבן די פאַרהאַנדלונגען. דעם 9־טן נאָוועמבער ווערט די פאַרוואַלטונג פון „סענטראָ" באַפולמעכטיקט צו באַטייליקן

זיך אין א געמישטער קאָמיסיע וואָס דאַרף אויסאַרבעטן די נייע סטאַטוטן, און דעם 1־טן דעצעמבער 1920, ווערט ביי דער אָנוועזנהייט פון 69 מיטגלידער, דורכגעפירט א גענ.־פאַרזאַמלונג וואָס באַשטעטיקט די צוזאַמענשמעלצונג פוןביידע אינסטיטוציעס אין א נייער מיטן נאָמען: „סירקולאָ איזראַעליטאַ דע סאַנטיאַגאָ”. די פאַראייניקונג ווערט אָפיציעל אָנערקענט און די נייע אינסטיטוציע באַקומט „פערזאנעריא כורידיקא”, דעם 17־טן מאַי 1921.

דער „סירקולאָ”, וועמענס ערשטער פּרעזידענט עס איז געווען ה' נחמיה (נאום) טרומפּער, נעמט אַרום די טעטיקייט פון ביידע אַנשטאַלטן וואָס האָבן זיך אין אים צוזאַמענגעגאָסן: שול, שולע, ביבליאָטעק, קלוב, קולטור־אַרבעט, צדקה, בית־עלמין וכ'. פאַר די 34 יאָר פון זיין עקזיסטענץ, ביז היינט צו טאָג, האָט ער אַנטוויקלט א פּרוכטבאַרע טעטיקייט אויף די פאַרשידנסטע געביטן פון אָרטיקן און אַלגעמיינעם יידישן לעבן. דער „סירקולאָ” וועט זיין די וואַרעמבייט פון וואַנען עס וועלן אויפוואַקסן וויכטיקע אַנשטאַלטן פון דער יידישער סאַנטיאַגאָ, וואָס האָבן אָנגעהויבן ווי סעקציעס פון „סירקולאָ”, און האָבן זיך צעוואַקסן אין זעלבסטשטענדיקע אינסטיטוציעס: ועד־החינוך, רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט וכ'. אַנדערע אַנשטאַלטן, ווי די „באַנקאָ איזראַעליטאַ דע טשילע” זיינען אויפגעקומען אויף דער איניציאַטיוו פון „סירקולאָ”, וועלכער איז אויך געווען דער ערשטער אָראָפּצוברענגען א רב אין טשילע. אין א משך פון צען יאָר, איידער עס וועלן זיך אָנהויבן די און אַנדערע אָפּצווייגונגען, וועט דער „סירקולאָ” זיין די הויפּט־אינסטיטוציע פון דער יידישער סאַנטיאַגאָ, מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם קהילה־כאַראַקטער, און וועט פאַרבלייבן א זאָרגפולע פאַרשטענדיקע מוטער־אינסטיטוציע, וואָס זאָרגט פאַר אירע זעלבסטשטענדיקע קינדער און פרייט זיך מיט זייערע דערגרייכונגען. די דורכגעפירטע פאַראייניקונג איז געווען א ברכה פאַרן יידישן לעבן.

## ב) דער יונגער דור קומט צום וואָרט

פאַר דער צייט וואַקסט אונטער א יונגער דור פון אין לאַנד געבוירענע אָדער דערצויגענע יידישע מענטשן, וואָס האָבן געלערנט אין טשילענער שולעס, שטודירט אין טשילענער אוניווערזיטעטן, זיינען אריינגעוואַקסן אין אָרטיקן לעבן, איבערגענומען די שפּראַך און מנהגים פון לאַנד און אָנגעהויבן אויסצושמידן אַן אייגענעם צוגאַנג צום פּראָבלעם פון יידן און יידישקייט.

אין 1919 באַווייזן זיך אויך די ערשטע סימנים פון מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם אין טשילע, אין שייכות מיט די פּאַסירונגען פון דער טראַגישער וואָך אין

ב. איירעס (זע זייט 85). די אנטיסעמיטישע שטימונגען געפונען אויך אן אפקלאנג אין דער פרעסע און א פראָ־דייטשישער מיטארבעטער פון „על דיאריאָ אילוסטראדא" טרעט ארויס מיט א רייע אנטי־יידישע מאמורים. ער באקומט אָבער דעם געהעריקן ענטפער אויף די שפאלטן פון דער ליבעראלער ציישונג „על מער־קוריאָ", אייגנטום פון דער פאמיליע עדוואַרדס, אויף וועלכער מען מורמלט — ווען אפילו אָן רעכט, לויט אנדערע — אז זי איז פון יידישן אָפשטאם. דער פאר־טיידיקער פון יידן איז דער פריער דערמאָנטער גלח עמיליאָ וויים, וועלכער האָט זיך גענומען דעם העברעישן פסעוודאָנים „אומר־אמת" — דער אמת זאָגער. דער מאָדנער גלח מיטן יידישן נאָמען און העברעאישן פסעוודאָנים, קומט אויך ארויס מיט א פאָרשלאג אז עס זאָל אין דער אוניווערזיטעט פון סאנטיאגאָ דערעפנט ווערן א קאטעדרא פאר העברעיש...

די דאָזיקע פאסירונגען און שטימונגען זיינען משפיע אויף דער אין לאנד דערצויגענער יוגנט, וואָס האָט שוין געגרינדעט די ערשטע צוויי יידיש־שפאנישע אויסגאבן, און וועלכע הויבט זיך אָן ארגאניזירן אויף אן אלגעמיין־יידישער, נישט־ציוניסטישער, באזע, הפנים, בכדי אויסצומיידן די באשולדיקונג אין דאָפל־טער לאָיאליטעט. אויך צווישן די עלטערע עלעמענטן זיינען נישט אלע מסכים מיט דער ציוניסטישער איינשטעלונג. נאום ראָזענבליט, איינער פון די פירער פון „סענטראָ" דערקלערט אין אן אינטערוויו מיט „נועסטראָ אידעאל" (1919) אז עס „איז נישט קיין מוז אז יעדער ייד זאָל זיין א ציוניסט"... ער פרעגט אפילו פארוואָס זאָל מען נישט באגינסטיקן אויך די יידישע אימיגראציע קיין טשילע, פונקט ווי מען ארבעט פאר דער יידישער עליה קיין ארץ ישראל. „סוף כל סוף — זאָגט נ. ראָזענבליט — זיינען מיר דאָך טעטיק אין א לאנד, (די באפעלקערונג פון וועלכער) האָט אין זיך א סך יידיש בלוט..."

אלס פועל יוצא פון די אלע שטימונגען ווערט אין 1920 געגרינדעט דער פאראיין „סענטראָ כאוווענטוד איזראעליטא", — יידישער יוגנט פאראיין — וועלכער וועט אין 1922 גרינדן דעם „פאָליקליניקאָ פובליקאָ איזראעליטא", א פאָפולערער הייל אנשטאלט, אויסגעהאלטן אויף יידישע מיטלען, וואו יידישע סטודענטן און דאָקטוירים, באהאנדלען קראנקע פון די אָרעמע שיכטן פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג. יידישע קראנקע זיינען בלויז א נישטיקע מינדערהייט פון דער אלגעמיינער צאָל. דערמיט ווערט געזוכט אויף א פראקטישן אופן אויס־צודרוקן דאנקבארקייט צום לאנד וואו די יידישע געמיינשאפט איז פריינטלעך אויפגענומען געוואָרן און פראקטישע סימפאטיע צו דער באפעלקערונג צווישן וועלכער יידן לעבן. די ערשטע יאָרן איז דער פאָליקליניק אָפן נאָר צוויי אָדער דריי מאָל א וואָך. פון 1929 הויבט ער אָן צו אויפנעמען קראנקע אלע טאָג, אויסער

שבת און יום־טובים. דעם 24־טן מאַי 1944 באַנייט ער זיין אייגענעם בנין אויף נאַטאַניעל 1558.

דעם זעלבן יאָר, 1922 ווערט אויך געגרינדעט אַ יידישער יוגנט פאַראיין אין וואַלפּאַראַיסאָ. אויך די ציוניסטישע יוגנט הויבט זיך אָן צו אָרגאַניזירן באַזונדער. די שפּראַכן־פראַגע פאָדערט עס. די עלטערע ציוניסטן רעדן גערנער יידיש, אָבער די יוגנט רעדט שוין יידיש שווערלעך, און דערפאַר גיט זי פאָרצוג דער לאַנדעס־שפּראַך אויך אין איר יידישן לעבן. אין 1923, בשעת דעם באַזוך פון ציוניסטישן עסקן לייב יפה ז"ל, ווערט געגרינדעט דער ציוניסטישער יוגנט פאַראיין וואָס טראָגט זיין נאָמען „לעאָן יפה", פון וועלכן עס וועלן אַרויסקומען אַ סך פון די צוקונפטיקע ציוניסטישע פירער און טוער, פון צווישן די יונגע, אין טשילע גע־בוירענע אָדער דערצויגענע קינדער, וואָס דאַרפן שוין באַטראַכט ווערן ווי טשילענער יידן, נישט בלויז ווי יידן אין טשילע.

פון אַפּריל 1924 ביז יולי 1926 ווערט דערשיינען די שפּאַנישע צוויי־וואָכנשריפט „איזראַעל", אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע. דירעקטאָרן: י. וויסמאַן און מ. פּיוואָוויטש ע"ה; סעקרעטאַר, א. טשעטשילניצקי; אַדמיניסטראַטאָר, י. אַרענסבורג.

אין 1926 — נאָכדעם ווי די ערשטע יידיש־שפּאַנישע אויסגאַבעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט — גרינדעט אַ גרופּע יידישע סטודענטן דעם יידיש־שפּאַנישן זשורנאַל „נאָסאָטראָס" — מיר, פון וועלכן ישראל דראַפּקין און נאַטאַליאָ בערמאַן זיינען די רעדאַקטאָרן און לעאָן גאַמבעראָוו מיט דוד טשעטשעלניצקי, די געשעפט־פירער. די אַנדערע דריי מיטגלידער פאַרלאָזן די אויסגאַבע אין ערשטן יאָר פון איר קיום, און דער זשורנאַל ווערט דערשיינען ביז 1930 אונטער דער רעדאַקציע פון נאַטאַליאָ בערמאַן, און ווערט אונטערגיין אין מיטן פון אַ שאַרפן אַלזייטיקן קריזיס, וואָס די געמיינדע און דער ציוניזם אין טשילע ווערט דאַן איבערלעבן.

דער „נאָסאָטראָס" האָט נישט בלויז יידישע מיטאַרבעטער, עס באַטייליקן זיך אין אים אויך טשילענער שרייבער און זשורנאַליסטן. דער ערשטער נומער דערשיינט אין אַפּריל 1926, און האָט דאָס בילד און דעם אויטאָגראַף פון דעם עקס־מלוכה פּרעזידענט, דעם באַרימטן טשילענער שטאַטסמאַן, ד"ר אַרטוראָ אַלעסאַנדרי. אויף די שפּאַלטן פון אָט דעם זשורנאַל ווערט דער טשילענער פּאָעט עדוואַרדאָ מאַדוראַ באַגריסן מיט אַ סאָנעט דער ערשטער וויצאָ־שליחה מאַדאַם אַאידאַ בן־ציון, דער גלח „אומר אמת", ווערט פירן זיין פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַ קאַטעדראַ פון העברעיש אין דער אוניווערזיטעט פון טשילע און ווערט אויך פאָדערן אַז „אין סאַנטיאַגאָ, וואַלפּאַראַיסאָ, קאָנסעפּסיאָן און טעמוקאָ, זאָלן אָרגאַניזירט ווערן יידישע שולעס ווי דער (אַלטער) חדר וועגן וועלכן עס ווערט גערעדט אין אַרטיקל". דאַריאָ

קאַסטראַ, עקס־פּראָפעסאָר פון לאַטיין אין דער אוניווערזיטעט פון טשילע, שטיצט אין „נאָסאָטראָס" די פאַרשלאַגן פון „אומר־אמת", און שרייבט: „אויפן ערשטן פּלאַץ און פאַר אַלעמען דאַרפט איר (יידן) איינשטעלן די איינהייטלעכקייט פון שפּראַך. ווייל, ווי איר ווייסט, רעדן די יידן אין רוסלאַנד, פּוילן אָדער אַמעריקע פאַרשידן אַרוים (די העברעישע ווערטער) און מען מוז דווקא אָנהאַלטן די איינהייטלעכקייט פון אויסשפּראַך". דאָס זיינען אַלץ קוריאָזע דערשיינונגען פון יידיש־טשילענער צוזאַמענלעבן, וואָס זייער גלייכן קאָן מען שווער געפונען אין אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער מדינות.

אין יולי 1926, הויבט אָן דערשיינען דער מימיאָגראַפירטער יידיש־שפּאַנישער ביולעטין פון יוגנט צענטער „לעאָן יפה", וועלכער וועט זיך אָפּשטעלן אין נאָוועמבער 1927.

## (ג) די ספרדישע געמיינדע באַקומט חיזוק

דער ספרדישער ישוב האָט זיך אין טשילע אָנגעהויבן במעט איינצייטיק מיטן אשכנזישן. אָבער כפי איינער פון זייערע ערשטע איינוואַנדערער אין טשילע, ה' אַלבערטאָ לעווי, איז איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ פּאָסטן קיין טעמוקאָ, די הויפּט־שטאָט פון אַראוקאַניאַ, אין דרום פון לאַנד, און האָט אַהין אָנגעהויבן אַראָפּברענגען זיינע קרובים פון מאַנאַסטיר, (יוגאָסלאַוויע), האָט זיך די ערשטע יידיש־ספרדישע געמיינדע אין לאַנד געשאַפן אין טעמוקאָ. באַגלייך מיט די אשכנזים האָבן די ספרדים נישט איינגעשטעלט אָנצורופן זייער ערשטן פאַראיין מיט אַ יידישן נאָמען, און אויב אין סאַנטיאַגאָ האָבן די אשכנזים געהאַט אַ „פילהאַרמאָניקאַ רוסאַ" האָבן די ספרדים אין טעמוקאָ געהאַט אַ „סענטראָ מאַצעדאָניאַ", געגרינדעט אין 1916, אונטערן פאָרזיץ פון ה' מאַטיאַס אַלבאַלאַ. — גלייכע אומשטענדן האָבן געבראַכט צו ענלעכע קאָנסעקווענצן. אין 1919 וועט דער צענטער צוגעבן צו זיין נאָמען דאָס וואָרט „איזראַעליטאַ".

דער יידישער מאָמענט אין דעם לעבן פון דעם קליינעם ספרדישן ישוב אין טעמוקאָ, ווערט שטאַרק געקרעפטיקט מיטן אָנקומען פון ידידיה ישראל, אַ ייד אַ בן־תורה, אַן אויפריכטיק פרומער און בעל־מידות. ער גרינדעט אין 1918, דעם 9־טן סעפּטעמבער, דעם פאַראיין „חסד ואמת", וואָס גיט זיך אָפּ מיט באַקומען אַן אייגענעם מקום־קבורה, און מיט ברענגען די נפטרים צו קבורה לויטן יידישן דין ומנהג. ער איז אויך דער ערשטער צו זאָרגן פאַרן יידישן חינוך פון די אונטערוואַקסנדיקע ספרדישע דורות, און שפּילט בכלל אַ דעצידירנדע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער ספרדישער געמיינדע אין טשילע.

אָבער אויף וויפיל דער ישוב פאַרגרעסערט זיך און זיין עקאָנאָמישע לאַגע פאַרבעסערט זיך, הויבן אָן אייניקע משפּחות אַריבערצופאָרן אין דער הויפּט־שטאָט סאַנטיאַגאָ, וואוהין עס קומען אויך אָן אייניקע פאַמיליעס דירעקט פון דער אַלטער היים. און, ביסלעכווייז, ווערט געשאַפן די איצטיקע ספרדישע קהילה פון סאַנטיאַגאָ.

פון די סאַמע ערשטע צייטן אַרבעטןביידע צווייגן פון יידישן ישוב, ספרדים און אשכנזים, צוזאַמען אין אַלגעמיינע יידישע פּראָבלעמען. אויפן ערשטן יידישן קאָנגרעס אין 1919, זיינען פאַרטראָטן 4 ספרדישע פאַראיינען אויף אַן אַלגעמיינער צאָל פון 13 אינסטיטוציעס, אָבער אַלע 4 זיינען פון טעמוקאָ. דער ספרדישער ישוב אין סאַנטיאַגאָ, האָט נאָך, הפּנים, קיין אייגענעם פאַראיין נישט געהאַט, ווען אפילו מען פלעגט זיך שוין צענויפקומען צוזאַמען במנין אין די ימים־נוראים אין אַ פּריוואַטער דירה, דאָס הויז פון זכריה געני. אין 1926, אין חודש אַפּריל, ווערט געגרינדעט דער ערשטער ספרדישער פאַראיין אין סאַנטיאַגאָ אונטערן נאָמען „מגן דוד". אין 1922 טיילן זיך אָפּ די אשכנזים פון פאַראיין „מאַקס נאָרדאו" אין וואַלפּאַראַיסאָ, וואָס בלייבט אַ ריין ספרדישער פאַראיין ביז היינט צו טאָג. דער ספרדישער ישוב האַלט זיך אין אויסברייטערן.

אין מאַי 1926 קומט קיין טשילע אין אַ ציוניסטישער שליחות דאָס פּאָרפּאָלק ד"ר אוריאל בן־ציון (אַ ספרדי) און זיין פרוי אידאַ (אַן אשכנזישע פרוי פון קאַנאַדע). דער באַזוך פון ד"ר אוריאל בן־ציון וועט זיך אויסוויקלען אין דער ספרדישער סביבה אויף אַן אופן וואָס דערמאָנט די ווירקונג פון ד"ר ב. עפּשטיין אויף די אשכנזים. ער גרינדעט דער פאַראיין „בני־קדם", פּרעזידירט פון יעקב אַרועסטע, וועלכער שליסט זיך אָן אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע, און וועט אַליין ווערן אַ מין צענטראַלע פאַר די ספרדישע פאַראיינען איבערן לאַנד.

די השפּעה פון באַזוך פון ד"ר אוריאל בן־ציון איז פאָרטגעזעצט און אויס־געברייטערט געוואָרן מיט אַ יאָר שפּעטער אין 1927, ווען די ספרדישע געמיינדע און דער גאַנצער יידישער ישוב האָט אויפגענומען מיט די געהעריקע כבודים דעם הויפּט־רב פון די ספרדים אין רומעניע הרב שבתאי דזשאַען, (גאון), וועלכער איז געקומען אין שליחות פון דער וועלט־קאָנפעדעראַציע פון די ספרדים. די רעדעס פון הרב דזשאַען, געהאַלטן אין אַלט־שפּאַניש (לאַדינאָ) האָבן אַרויסגערופן שטאַרקן אינטערעס און קוריאָזיטעט אויך ביי נישט־יידן.

אין יולי 25, פון 1927, ווערט געגרינדעט אין טעמוקאָ, וואו עס האָט זיך נאָך אַלץ געפונען דער רוב פון ספרדים אין יענער צייט, דער ערשטער ספּעציעלער פאַראיין פאַר אַ ספרדישער שולע: „סאָסיעדאַד קאָלעגיאָ העברעאָ", וואָס באַ־צייכנט דעם אָנהויב פון דער מאָדערנער יידישער דערציאונג צווישן די ספרדים. דעם 24־טן מאַי 1928 ווערט אין טעמוקאָ פאַרלייגט דער גרונדשטיין פון אַ

ספּעציעלן בנין פאַר אַ שיל און שולע.

פאַר דער שולע איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אַ ספּעציעלער לערער פון ארץ ישראל ה׳ י. אָפּלאַטקאַ, וועגן וועלכן אַ ספּרדישער מנהיג האָט געמאַכט די פאָל־גנדיקע סאַרקאַסטישע באַמערקונג: „ה׳ אָפּלאַטקאַ איז אפשר געווען אַ גרויסער דערפאָלג אין ארץ ישראל, ער איז אָבער געווען אַ קליינער דערפאָלג אין טע־מוקאַ״... דאָס איז דער ערשטער אָנזאָג אַז די צופּאַסונג פון לערער פון ארץ ישראל צו די אייגנאַרטיקייטן פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער יידישע ישובים וועט נישט אָנקומען לייכט.

אויך דער ספרדישער ישוב אין סאַנטיאַגאָ קרעפטיקט זיך, וואַקסט און אָר־גאַניזירט זיך. דער ניי־געגרינדעטער פאַראיין „מגן דוד״ קויפט אין אַפּריל 1926 אַן אייגענע דירה אויף סאַנטאַ איזאַבעל 356. דעם 1־טן אַפּריל ווערט באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען דעם הויף פון דער געביידע אין אַ שול און סאַלאָן. פרוי מאַרגאַריטאַ כהן איז מנדב צו באַצאָלן דעם באַטרעף פון דער בימה. מאַרקאָס כהן און זיין פרוי זיינען מנדב אַ פיינעם הענג־לאָמפּ וואָס ווערט אימפּאָרטירט פון פּאַריז. אַלע מיטגלידער פון דער נאָך נישט גרויסער געמיינדע טראָגן מיט זייערע תרומות צום אויפבוי פון זייער געמיינדע הויז, וואָס ווערט געהעריק אויסמעבלירט. די בוי אַרבעטן גייען אָן אין די ערשטע צייט אונטער דער לייטונג פון ה׳ סאַנטיאַגאָ אַלבאַגלי, וויצע־פּרעזידענט פון „מגן דוד״, וועלכער פאַרטרעט דעם פּרעזידענט ה׳ יוסף אַרדיטי אין זיין אָפּוועזנהייט אויף אַ רייזע קיין אייראָפּע. דעם 22־טן אויגוסט נעמט איבער ה׳ אַרדיטי דעם פּרעזידענטן אַמט.

דעם 5־טן סעפּטעמבער ווערן מיטן געהעריקן צערעמאָניאַל איבערגעטראָגן די ספרי תורה פון דעם הויז פון ה׳ זכריה געני אין דער אייגענער געמיינדע הויז וואו מען וועט שוין דאַווענען אין די ימים נוראים פון תרפ״ז (1926).

דעם 13־טן נאָוועמבער, שוין נאָך די ימים נוראים, ווערט געפייערט דער אָפיציעלער חנוכת הבית פון דער געמיינדע הויז

דעם 22־טן מערץ פון 1927, ווערט באַקומען די יורידישע אַנערקענונג פון פאַראיין (פּערזאָנעריאַ כורידיקאַ).

דאָס יאָר 1927 איז בכלל זייער אַן אַקטיוום אין דער געשיכטע פון דער ספרדישער קהילה אין סאַנטיאַגאָ. אין לאַנד געפונען זיך צוויי ספרדישע שליחים: הרב שבתאי דזשאַען און אַדאָלפאָ שם־טוב אַרדיטי, אויך דער קרן־היסוד שליח ד״ר י. ל. ווילענסקי ווערט וואַרעם אויפגענומען פון די ספרדים. דעם זעלבן יאָר פאָרט אַריבער פון טעמוקאַ קיין סאַנטיאַגאָ דער ה׳ ידידיה איזראַעל, וועלכער וועט אויסאיבן אַ גרויסע השפעה אויף די מיטגלידער פון דער ספרדישער גע־

מיינדע. עס ווערט געגרינדעט אַ פרויען אָפּטיילונג פאַר צדקה מיטן נאָמען „עוזר דלים".

ווען אַ בוכהאַנדלונג פון מאַדריד באַט אָן אייניקע ביכער וועגן דער געשיכטע פון די ספרדים און די ביכער ווערן געקויפט, ווערט פאַרלייגט אין 1929 דער יסוד פון אַ ביבליאָטעק, פאַר וועלכער דער ה' עמיליאָ סאַמועל שענקט אַ ביכער שראַנק.

אין 1929, ווערט אויך דורכגעפירט דער ערשטער פורים־באַל, אַ התחלה פון פייערן יידישע ימים־טובים אין געמיינדע פאַרנעם, נישט בלויז יעדער איינער אין זיין הויז. פאַר דער צייט און אונטער דער אָנפירונג פון די פרעזידענטן יוסף טבע און עמיליאָ סאַמועל, בעסערט זיך די לאַגע פון דעם פאַראיין „מגן דוד", וועלכער אַרבעט אויך מיט פאַר די אַלגעמיינע אַנשטאַלטן פון דער קאָלעקטיוויטעט: שטיצט דעם וועד החינוך, דעם „בקור חולים", דעם זשורנאַל „נאַסאָטראָס", ווי אויך דעם זשורנאַל „לאַ לוס", וואָס הויבט אָן דערשיינען אין ב. איירעס אונטער דער רעדאַקציע פון אָנגעזעענעם ספרדישן זשורנאַליסט ה' דוד אַלנקוה.

פאַר דער צייט ווערט אויך געמאַכט אַ פּרואוו צו אָרגאַניזירן אַלע ספרדים פון לאַנד אין איין אָרגאַניזאַציע: „די צענטראַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „בני קדם" אין טשילע", וואָס שטעלט זיך פאָלגנדיקע אויפגאַבן:

„פאַרשפּרייטן צווישן די ספרדים אין טשילע דעם ציוניסטישן אידעאַל אין אַלע זיינע אַספּעקטן און אָרגאַניזירן אַלע כוחות וואָס זיינען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד אין פאַראיינען וואָס זאָלן טראָגן דעם נאָמען „בני קדם". די ספרדישע יוגנט וועט אָרגאַניזירט ווערן אין אַ יוגנט צענטער „בני־קדם" וואָס גיט אַרויס אַ ביולעטין אין עברית און שפּאַניש. רב שבתאי דזשאַען פּראָפּאַגאַנדירט צווישן די ספרדים פאַר פאַרשטאַרקן דעם חינוך דורך גרינדן אַ תלמוד תורה, אַ אָנ־שטרענגונג וואָס וועט נישט בלייבן אומפּרוכטבאַר.

אין מיטן פון דער דאָזיקער אַקטיוויטעט רוקן זיך אָן די קריזיס יאָרן 1930־33, וואָס וועלן אַ סך האַמעווען די אַנטוויקלונג פון דער געמיינדע. כדאי צו פאַרצייכענען, אַז אויך ביי די ספרדים האָט געטראָפן אַ פאַל, ווען מען האָט באַערדיקט אַ יידן, ש. מעסערי, אויפן אַלגעמיינעם בית־עלמין דעם 30־טן נאָוועמ־בער, 1930, צוליב פעלן פון מיטלען אויף צו קאָנען דורכפירן אַ יידישע קבורה. גלייכע סיטואַציעס ברענגען אומעטום די ענלעכע דערשיינונגען.

## ד) די יידישע פרוי ווערט ציוניסטיש אַקטיוו „וויצאָ"

פרוי אידאַ בן־ציון גרינדעט אין טשילע די ציוניסטישע פרויען אָרגאַניזאַציע „וויצאָ", וועמענס ערשטע פרעזידענטין איז געווען מ"ם פּאָמעראַנץ. די אָרגאַ־

ניזאציע וועט, אויסער איר שטאַרק אַנטוויקלטע ציוניסטישע טעטיקייט, וואָס איז געווען אַ ברכה פאַר דער דערהויבונג פון דער יידישער פרוי אין טשילע, וועט אויך נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל און שפּילן אַ דעציִדירנדיקע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון יידישן חנוך אין סאַנטיאַגאָ, אַ ראָלע וואָס פאַרשאַפט כבוד דער יידיש־טשילענער פרוי.

דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער דערציאונג אין טשילע ווערט געווידמעט אַ באַזונדער קאַפּיטל. דאָ ווילן מיר נאָר באַצייכענען אַז דאָס יאָר 1927 קאָן באַטראַכט ווערן אַלס אַ יאָר פון אויפשוואונג פאַרן יידישן חנוך אין טשילע. אויסער דער שולע אין טעמוקאָ, ווערט געמאַכט אַן אָנהויב פאַר אַ שולע אין וואַלפּאַראַיסאָ, מיט י. בלאַסער אַלס לערער, און אין דעצעמבער פון 1927, קומט פון ישראל דאָס לערער־פּאָר ד"ר אהרן יואל און פרוי לאה, וואָס דאַרפן פאַררעכנט ווערן ווי די הויפּט־כוחות פון מאָדערנעם יידישן חנוך אין טשילע.

אין 1929 פאַרנעמט די פּרעזידענץ פון „וויצאָ" מ"ם לואיסא דע קרענאָוויטש, וואָס וועט אָנהאַלטן דעם אַמט ביז 1946.

## (ה) וואוקס - ליידן

די פאַראייניקונג פון „סענטראָ" און „קאָנגרעגאַסיאָן" אין „סירקולאָ איזראַעליטאַ", סוף 1920, איז פאָרגעקומען אין אַ צייט ווען דער ישוב האָט געהאַלטן אין שנעלן וואוקס דורך אַן עמיגראַציע וואָס איז געקומען סיי דורך אַרגענטינע, סיי דירעקט פון אייראָפּע דורכן פּאַנאַמאַ קאַנאַל. שוין אין סעפּטעמבער 1918, דאַרף זיך דער „סענטראָ" באַשעפטיקן מיט אַ דרינגענדן הילפס־רוף וואָס עס מאַכט דער פּרעזידענט פון פאַראיין „מאַקס נאָרדוי" פון וואַלפּאַראַיסאָ, איינער פון די ערשטע תושבים פון לאַנד, ה' כואַן מעדווינסקי, אַ שטענדיקער אַקטיווער כלל־טוער, וועלכער קומט נאָך מיטווירקונג ביים אָראַפּנעמען פון שיף דריי הונדערט פּליטים פון רוסלאַנד, וואָס דאַרפן אַריינקומען אין פּאָרט פון וואַלפּאַראַיסאָ, און מיט די יאָרן איז די איינוואַנדערונג געשטיגן און דער ישוב איז געוואַקסן, אַזוי אַז די דירה וואָס דער „סירקולאָ" האָט איבערגענומען פון דער „קאָנגרעגאַסיאָן" איז געוואָרן קליין.

דערצו קלויבט זיך דער יידישער עולם אריבער פון די ווייטע פערטלען פון דער גאַס סאַן־דיעגאָ אין אַנדערע גאַסן און נענטער צו דער הויפּט־גאַס, די אַלאַמעדאַ. דאָס אַלעס באַוועגט די פאַרוואַלטונג פון „סירקולאָ" צו טראַכטן וועגן אַ נייער דירה פאַר דער געמיינדע, און דעם 27־טן מאַי פון 1927, ווערט דורך דער פאַרמיטלונג פון עסקן אפרים קיבליצקי ע"ה געקויפט פאַר אַ סומע פון אַ קנאַפּן

פּערטל מיליאָן פּעזעס, דאָס אייגנטום אויף סעררא‎נאָ און טאַראַפּאַקאַ, וואו עס ווערט געפּלאַנט אויפצובויען אַ נייע, פּאַסיקע און באַקוועמע געמיינדע הויז פאַר דעם ישוב.

די אונטערנעמונג ווערט באַטראַכט פאַר אַ היפּשער איינשטעלעניש, און עס זיינען נישטאָ קיין סך בעלנים איבערצונעמען די פּרעזידענץ פון „סירקולאַ" און אויפנעמען אַזאַ געוואַגטן פּראָיעקט. סוף כל סוף זוכט זיך אָפּ אַזאַ ריזיקאַנט. דער התלהבות׳דיקער הערשל מעלניק, אַ געוועזענער בונדיסט מיט חסידישן ברען און עכטער פּאָלקסטימליכקייט, וואָס האָט שטאַרק באַאיינפלוסט די אַנטוויקלונג פון ישוב אין זיינע ערשטע יאָרן. אין 1928 ווערט הערשל מעלניק דערוויילט אַלס פּרעזידענט פון „סירקולאַ", מיט דער אויטאָריזאַציע צוטרעטן צו די בוי־אַרבעטן. ער ווערט געפינען טיכטיקע מיטהעלפער אין ד״ר מאַוריסיאָ ווײַנשטיין, אַ יונגער יידישער מעדיצינער, וואָס וועט זיין טעטיק אויף אייניקע געביטן פון אָרטיקן יידישן לעבן, און וועט זיין דער שטאַרקסטער באַוועגונגס־כוח ביי די בוי־אַרבעטן פון „סירקולאַ", און אַדאָלפאָ קרענאַוויטש, אַ גרויסצוגיקער סוחר און אַ ציוניסט פון דער ערשטער שעה, וואָס איז געווען איינער פון די סעקרעטאַרן פון צווייטן ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס אין 1898, אַן אַריבערגעקומענער פון אַרגענטינע אין יאָר 1916, וועלכער האָט אויף זיך גענומען די שווערע אויפגאַבע פון די פינאַנ־ציעלע אָפּעראַציעס פאַרן בנין, אין וועלכע ער האָט דערגרייכט צו גאַראַנטירן פאַרן „סירקולאַ" ביז אַ האַלבן מיליאָן פּעזעס. דעם 16־טן נאָוועמבער 1928 איז פאַרלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון נייעם בנין.

דאָ איז אָבער געקומען צום אויסדרוק אַן אייגנשאַפט וואָס מען האָט מיט־געבראַכט פון דער אַלטער היים און פון דעם דהקות אין וועלכן מען האָט געלעבט, צוויי פאַקטאָרן וואָס האָבן באַאיינפלוסט די בויאונג פון די ערשטע געזעלשאַפט־לעכע געביידעס אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער.

אַנשטאָט צענעמען די אַלטע געביידע און אויפבויען אַ נייע, לויט אַ פּלאַן וואָס זאָל זיין אין הסכם מיט די אייגנשאַפטן פון בוי־פּלאַץ, האָט מען געהאַנדלט עכט „יידישלאַך". מען איז געגאַנגען מיט המצאות: צובויען, איבערבויען, אריינ־בויען, בכדי צו קאָנען אויסנוצן וואָס גרעסערע טיילן פון אַלטן בנין. דער דאָזיקער, אַזוי יידישלעכער טעות, האָט געלייגט זיין חותם אויף דער געביידע וואָס דינט ביז היינט ווי די ווירקלעכע היים און צענטער פון יידישן לעבן אין סאַנטיאַגאָ. ביי דער גאַנצער גראַנדיאָזיטעט פון איר פאַרנעם, ביים פיינעם איינדרוק וואָס זי מאַכט אויסערלעך מיט איר האַלב אָריענטאַלישער אַרכיטעקטאָניק, האָט זי נישט, אינערלעך, די באַקוועמלעכקייטן און איינטיילונג וואָס פאָדערן זיך. מיט סאַר־קאַסטישן הומאָר האָבן יידן געקרוינט די געביידע מיטן צונאָמען „דער ווייסער

העלעפאַנט" — ס'הייסט, גאַנץ שיין, נאָר ווייניק באַקוועם. עס איז כדאי צו באַצייכענען אַט די דאָזיקע אייגנשאַפט פון אַ יידישן בנין אין אַ לאַנד וואו יידישע אינזשעניערן האָבן שוין דאָ געבויט אייניקע פון די פּרעכטיקסטע רעגי־רונג'ס געביידעס: הויפּט־באַנהויף, נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק וכ׳., און אין אַ געמיינדע וועמענס קינדער עס פיגורירן היינט צו טאָג צווישן די בעסטע אַרכיטעקטן פון לאַנד, און האָבן פאַר דער צייט געבויט פּרעכטיקע בנינים נישט נאָר אין טשילע נאָר אויך אין מדינת ישראל. מיר האָבן הפּנים, דאָך עפּעס געלערנט אין די נייע היימען...

אין קאַמף מיט גרויסע פינאַנציעלע שוועריקייטן און מאַכענדיק גרויסע חובות, זעצט פאַר דער „סירקולאָ" די בוי־אַרבעטן פון דער נייער געמיינדע־הויז, וועלכע ווערט באַנייט מיט גרוים פּאַראַד דעם 10־טן מאַי פון 1930, פּונקט ווען דער עקאָנאָמישער וועלט־קריזיס וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1929, האָט זיך דערקייקלט קיין טשילע, וואו ער וועט שטערן די רו אין לאַנד און שטעלן אין סכנה די אויפטוען פון איר יידישער געמיינדע וואָס האָט נאָך נישט באַוויזן זיך געהעריק איינצוואָרצלען נישט עקאָנאָמיש, נישט גייסטיק.

דערווייל אָבער, האָט דער ישוב הנאה פון זיין נייער היים, וואָס האָט חוץ פעלערן אויך אַ סך מעלות. אַ גרויסן, אפשר אַביסל אַ צו גרויסן אַקטן־זאַל, זאַלן פאַר בופעט, פאַרווייַלונגען, שפּילן, סעקרעטאַריע, אַ קליינער מקום־קדוש, צימערן פאַר ביוראָען פון „סירקולאָ", ציוניסטישע פעדעראַציע א. א.וו.

פאַר דער צייט וואָס די געביידע פון „סירקולאָ" ווערט אויפגעבויט, קומען פאַר אַ פּאָר צוזאַמענשמעלצונגען וואָס ווירקן אויף צו באַפעסטיקן די סטרוקטור פון ישוב. אַזוי האָבן זיך צום סוף פון 1928, צונויפגעגאָסן די ציוניסטישע יוגנט־פאַראיינען לעאָן יפה און ד"ר טעאָדאָר הערצל, וואָס איז אין דער צווישנצייט אויפגעקומען, מיטן ספרדישן יוגנט־פאַראיין „בני קדם", און דעם נישט־ציוניסטישן „סענטראָ כוּאַוועטוד איזראַעליטאַ", און בילדן צוזאַמען דעם פאַרבאַנד פון יידישער יוגנט, „אַסאָסיאַסיאָן דע כאַווענעס איזראַעליטאַס", ראשי תיבות אכ"י, וועלכער נעמט איבער אין 1929 דעם פּאָליקליניקאָ, און גרינדעט אַ יורידישן ביוראָ, וואו די יונגע יידישע אַדוואָקאַטן קאָנען קומען צום וואָרט. אויך אין טעמוקאָ, דער צענטראַלער ספרדישער ישוב אין יענע צייטן, קומט עס אין 1929 צו אַ צוזאַמענשמעלצונג פון אַלע עקזיסטירנדיקע יידישע אינסטיטוציעס: „סענטראָ מאַ־סעדאָניקאָ איזראַעליטאַ", „חסד ואמת", „קאָלעכיאָ העברעאָ" און „סענטראָ סיאָ־ניסטאַ" אין איין קהילה, „קאָמונידאַד איזראַעליטאַ דע טעמוקאָ". עס בלייבן אויסער דער קהילה דער דאַמען פאַראיין פאַר וואוילטעטיקייט און דער יוגנט פאַראיין „אוניאָן כוּאַווענטוד איזראַעליטאַ".

אין זיין נאָוועמבער־נומער פון 1929, קומט אַרויס דער „נאָסאָטראָס" מיט אַ פאָרשלאָג צו גרינדן אין סאַנטיאַגאָ אַ רעליגיעזע קהילה פאַר ענינים פון ראַבינאַט, בית־החיים, חינוך. דער פאָרשלאָג רופט נישט אַרויס קיין אָפּרוף, כאָטש מיט אַ פּאָר מאָנאַטן פריער, האָט דער „סירקולאָ" אויפגענומען דעם ערשטן רב אין טשילע הרב ר' אליהו מאגענצא, וועלכער וועט אָנפירן מיטן רעליגיעזן לעבן פון דער געמיינדע ביז 1947, ווען ער איז נפטר געוואָרן.

הפנים אַז די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון די געמיינדע פירער איז קאָנצענטרירט אויף דאָס אַרויסענדיקן די נייע געמיינדע הויז, אפילו די יערלעכע וואַלן פון אַ נייער לייטונג פאַרן „סירקולאָ" ווערן אָפּגעלייגט. די יערלעכע גענ.־פראַזאַמלונג באַשטעטיקט בלויז די באַשטימונג פון הרב מאגענצא און העכערט דעם מיטגלידער אָפּצאָל. אַ נויטווענדיקייט צוליב דער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע אין וועלכער דער „סירקולאָ" געפינט זיך.

דער חנוכת הבית פון „סירקולאָ" אין יאָר 1930, אויף העלפט וועג פון דער ביז איצטיקער עגזיסטענץ פון ישוב, באַצייכנט אַן אָפּשלוס פון אַ זייער אינטערעסאַנטער תקופה, וואָס הערשל מעלניק כאַראַקטעריזירט אין אַן אינטערוויו צו „דאָס יידישע וואָרט" לכבוד דער זילבערנער התונה פון „סירקולאָ"־בנין אין 1955. עס איז כדאי צו ברענגען אַ לענגערן אויסצוג פון דעם אינטערוויו, וואָס כאַראַקטעריזירט די „אַמאָליקע אַלטע גוטע יאָרן" פון אַ יונגן ישוב:

... "געווען זיינען דאַן שענערע צייטן ווי איצט און אויך יידן האָבן אַנדערש אויסגעזען און געהאַנדלט. אין יענער צייט האָט מען כמעט נישט געפילט קיין אונטערשייד צווישן די מיטגלידער פון דער קאָלעקטיוויטעט, מען האָט געלעבט ווי איין גרויסע משפּחה. דער עולם איז נאָך דורך און דורך געווען אונטער דעם איינפלוס פון דער אַלטער היים, מען האָט זיך אויסגעלעבט אין יידיש, מען האָט נאָך דאַן געאַטעמט טיף יידיש און דער דאַזיקער שטעמפּל איז געלעגן אויף אַלץ, אויף די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען. איבערהויפּט האָט מען עס געפילט אין די טעג פון ימים־נוראים, און אַנדערע ימים־טובים, וועלכע מען האָט נאָך געפּראַוועט עכט יידיש, אַזוי ווי אין דער אַלטער היים. דוד שאַטאַן, דער ערשטער חזן פון שול און ליבלינג פון אַלעמען, האָט נישט געדאַרפט ראש השנה און יום־כפור קיין משוררים, די גאַנצע שול האָט מיטגעהאָלפן און מיטגעזינגען; אַלע, אַלע, האָבן געלעבט און זיך געפילט ווי איין משפּחה, דאָס אַלץ איז געווען ווען דער „סירקולאָ" איז נאָך געווען אויף סאַן־דיעגאָ".

אונטערן שלייער פון ראָמאַנטיק, ווערט מקוים דאָס שפּאַנישע ווערטל אַז „יעדער פאַרגאַנגענע צייט איז געווען בעסער". דער חנוכת הבית פון דעם „סיר־

קולא״־בנין שליסט אָפּ די ראָמאַנטישע תקופה אין טשילענער יידישן ישוב. זי וועט זיך שוין מער נישט צוריקקערן . . .

## (ו) געגנט־פאַריינען אין סאַנטיאַגאָ
## פאַריין הערצל־ביאַליק

סאַנטיאַגאָ איז געווען אַ פלאַכע שטאָט און איר באַפעלקערונג איז צעוואָרפן אויף אַ גאַנץ גרויסן שטח. דערצו זיינען די פאַרקער־מיטלען געווען גאַנץ שווערע און אַ דיסטאַנץ פון אַ פּאָר צענדליק קוואַרטאַלן האָט שוין געהייסן ווייט.

דאָס האָט געפירט צו דעם אַז אין דעם שטאָט־געגנט סאַן־פּאַבלאָ, וואָס איז היינט כמעט אין צענטער פון שטאָט, זאָל זיך אַרום 1920 גרינדן אַ באַזונדער יידישער פאַריין וואָס האָט לכתחילה אָנגענומען דעם נאָמען פון טעאָדאָר הערצל און שפּעטער — נאָכן טויט פון גרויסן נאַציאָנאַלן דיכטער — איז צוגעגעבן געוואָרן דער נאָמען חיים נחמן ביאַליק. אַזוי אַז דער פאַריין איז באַקאַנט אונטערן נאָמען הערצל־ביאַליק.

אין זיין בליִ־פּעריאָדע האָט דער פאַריין געציילט אַ 60־70 מיטגלידער און האָט געהאַט אַ שיל צום דאַווענען, פּאַרנאַכטיקע קורסן און צייטנווייז אפילו אַ שולע פאַר דערציאונג, אַ קלוב פאַר געזעלשאַפטליכקייט. געווען אויך אַ ביבליאָטעק. עס פלעגן דורכגעפירט ווערן קולטור־אַקטן, בעיקר די הערצל אזכרות, וואָס דער פאַריין האָט אייפערדיק אָפּגעהיט.

אין די קרייזן פון פאַריין, צו וועלכן עס האָט אויך געהערט ה׳ נחום בראָנפמאַן איז אויפגעקומען די איניציאַטיוו צו קויפן אַ באַזונדערן בית־החיים וואָס האָט געפירט צו דער גרינדונג פון דער חברה־קדישא.

## פאַריין מאַקס־נאָרדוי

דער פאַראיין „מאַקס נאָרדוי״ איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1936 אונטערן נאָמען יידישער קולטור פאַראיין „מאַקס־נאָרדוי״ געגרינדעט פון סאַמועל פּיי־וואָוויטש, לעאָפּאָלדאָ ליפשיץ, קאַסיאַנאָ סערעברינסקי, וואָס איז אויך געווען דער ערשטער פּרעזידענט.

דער פאַראיין האָט אָנגעפירט מיט אַ שולע אין משך פון איין יאָר, ס׳ווערן אויך איינגעאָרדנט רעפעראַטן, און פאַמיליען צוזאַמענקונפטן.

אַזוי ווי דער פאַראיין פירט אָן אַ טעטיקייט וואָס איז ענליך צום פאַראיין הערצל־ביאַליק, ווערן געמאַכט באַמיאונגען צו פאַראייניקןביידע אינסטיטוציעס. וואָס וועט האָפענטליך פאַרווירקליכט ווערן אין יובל־יאָר.

צום יובל יאָר ווערן געמאַכט פּרואוון צו פאַרייניקן בײדע פאַרײנען וואָס ווערן האָפנטלעך געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג.

קאַפּיטל זעקס

# יאָרן פון אומרו

## (1933 — 1930)

א) באַנייט דעם געראַנגל צווישן פאָלקסטימלעכע און „אַריסטאָקראַטן"
ב) דער „בקור חולים" ווערט זעלבסטשטענדיק. גרינדונג פון חברה קדישא
ג) קאָנפליקטן אין „סירקולאַ"
ד) שטרייטיקייטן אין ציוניזם
ה) מחלוקת אַרום אימיגראַציע
ו) אויפן ברעג פון כאַאָס
ז) עקאָנאָמישע ענדערונגען.

## (א) באַנייט דעם געראַנגל צווישן פאָלקסטימלעכע און „אַריסטאָקראַטן"

נאָך אַ יאָר צענדליק פון קאָנסאָלידאַציע, זינט דער פאַראייניקונג פון „סענטראָ" און „קאָנגרעגאַסיאָן" אין 1920 ביז דעם חנוכת הבית פון דער נייער געביידע פון „סירקולאָ" אין 1930, אַ יאָרצענדליק, אין משך פון וועלכן דער ישוב איז געוואַקסן אין צאָל און אין אָרגאַניזירטקייט, קומט אַ קורצע פעריאָדע פון אַ דריי יאָר אויפברויז און צעשפּליטערונג, די יאָרן 1930 — 1933, וואָס פאַלן צוזאַמען מיט אַ שאַרפן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קריזיס, וואָס דאָס לאַנד גופא מאַכט דורך.

מען קאָן אָננעמען אַז דער גאַנצער וואוקס פון ישוב, דאָס צוקומען פון גרעסערע צאָלן נייע אימיגראַנטן, וואָס האָבן נאָך נישט דורכגעמאַכט דעם צו־פּאַסונג פּראָצעס צו דער אָרטיקער סביבה און אירע אייגנאַרטן, איז געווען איינער פון די גורמים פון אָט דעם אויפברויז, וואָס וועט צושטערן די איינהייט־לעכקייט פון ישוב און וועט איינשטעלן אַן איניקייט, באַזירט אויף די פאַרשידנאַרטיקייטן פון דעם שטאַרק געוואַקסענעם ישום.

עס ווערט באַנייט דער געראַנגל צווישן די פאָלקסטימלעכע און די אַזוי גע־רופענע „אַריסטאָקראַטישע" עלעמענטן, וואָס האָבן זיך געפירט אין די ערשטע יאָרן פון ישוב, צווישן 1909 און 1920, ווען ער ווערט פאַרענדיקט מיט דער גרינדונג פון „סירקולאָ", און דער קאַמף ווערט באַנייט מיט שטאַרקערע מיטלען און אין אַ פיל גרעסערן פאַרנעם.

די פאָלקסטימלעכע עלעמענטן ווערן געקרעפטיקט ווען אָנפאַנג 1930 (17־טן יאַנואַר) דערשיינט דער ערשטער נומער פון דער פעריאָדישער אויסגאַבע אויף יידיש: דער „טשילענער יידישער וואָכנבלאַט", רעדאַגירט פון דעם געוועזענעם מיטאַרבעטער אין די צייטונגען פון ב. איירעס „די יידישע צייטונג" און „די פרעסע", דעם פיינעם דערציילער נח וויטאַל. די פאָלקסטימלעכע, יידיש־שפּראַכיקע עלעמענטן קאָנען קומען צום וואָרט און אַרויסזאָגן זייער מיינונג אין די אָנגע־לעגנהייטן פון ישוב. ביז דאַן איז די פרעסע פון יידישן קיבוץ געווען הויפּטזעכלעך־

א שפאניש שפראכיקע, ווען אפילו דער „נאסאטראס" האט א שטיקל צייט געהאט א ביילאגע אויף יידיש. איצט זיינען שוין פאראן צוויי פרעסע ארגאנען: א יידישער — וואס דערשיינט וועכנטלעך און א שפאנישער, וואס דערשיינט איין מאל אין חודש. דאס טראגט אויך צו צו דער דיפערענצירונג פון די פארשידענע שיכטן און קלאסן פון דער געמיינדע.

דערווייל איז עס נאך אונטערן צייכן פון אחדות. ווען די יידיש־שפראכיקע שיכטן גרינדן א יידיש־שפראכיקן קולטור־צענטער, געפינט ער אויך זיין פלאץ אין דעם נייעם בנין פון „סירקולא". דעם 17־טן מאי 1930, פירט דער קולטור־צענטער דורך זיין ערשטן עפענטלעכן אקט, אונטערן פארזיץ פון ראבינער פון „סירקולא", הרב א. מאגענצא, וועלכער האלט א פארטראג אין יידיש אויף דער טעמע: „גרונדפרינציפן פון יידישקייט". די וויטערדיקע טעטיקייט פון קולטור־צענטער: פארטראגן, קעסטל־אווענטן, ביכער־קאמפיין פאר א ביבליאטעק וכ', ווי אויך פארשטעלונגען פון דער יידישער טעאטער־גרופע (פערלמאן־דייטש) וואס באזוכט דאן טשילע, קומען פאר אין די סאלאנען פון „סירקולא", צוגלייך מיט אנדערע שפאניש־שפראכיקע גרופירונגען, וואס געפינען אויך פלאץ אין דער ווירקלעכער היים פון יידישן ישוב אין סאנטיאגא, דער „סירקולא".

דער „סירקולא" האט אויך דאן די געלעגנהייט אויפצונעמען דעם רוסישן פירשט סערגיי וואלקאנסקי, וועלכער קומט קיין טשילע אלס רייזנדער אגענט פון אמעריקאנער אויטאמאביל־פירמעס, און זוכט סימפאטיע און קליענטן ביי זיינע יידישע לאנדסלייט. א זיסער ביסן פון נקמה... וואס יידן דרוקן אויס אויף זייער אייגנארטיקן שטייגער, דורך איינארדנען פארן גאסט א פיינע אויפנאמע.

די אויפגעוואכטע אקטיוויטעט פון סאנטיאגא רופט זיך אויך אפ אין דער פראווינץ. דעם 20־טן אויגוסט 1930, ווערט געפייערט אין וואלפאראיסא דער חנוכת הבית פון דער „אוניאן איזראעליטא", וואס איז געגרינדעט געווארן אין 1922. עס קומט אויך אויף אן איניציאטיוו צו גרינדן א ביבליאטעק. דער פיצינקער ישוב פון טשיזשאן גרינדעט א יידישן פאראיין, וואס דערעפנט זיין דירה, א געמיינדע־קלוב, דעם 24־טן יולי, 1930. אין קאנסעפסיאן גרינדעט זיך א יוגנט־פאראיין „לארד באלפור", און די גאר קליינע נאר נאנטע ישובים פון פיר שטעטלעך: טאלקא, קוריקא, לינארעס, סאן פערנאנדא, פאראייניקן זיך אין א פאראיין „אחד־העם", בכדי אנצופירן א וועלכן ס'איז יידישן לעבן.

אבער פאראלעל מיט א די דערשיינונגען פון פאראייניקונג און ארגאניזאציע, באווייזן זיך אויך די ערשטע סימנים פון צושפליטערטקייט, וואס וועט פירן צו מחלוקת.

## (ב) דער „ביקור חולים" ווערט זעלבסטשטענדיק: גרינדונג פון חברה קדישא

דעם 14־טן סעפּטעמבער 1930 ווערט געפייערט די חנוכת הבית, און מיט פיר טאָג שפּעטער, דער סיום־הספר פון פאַראיין „ביקור־חולים", וואָס וועט אויפ־טרעטן ווי א פאָלקס־טימלעכער קעגן־געוויכט צום „אַריסטאָקראַטישן" „סירקולאָ" און איז פּאַקטיש די פאָרטזעצונג פון דער „אוניאָן" (1906 — 1911) און „קאָנ־גרעגאַסיאָן" (1916 — 1920).

דער ביקור חולים איז אייגנטלעך געגרינדעט געוואָרן נאָך אין 1917, ווען די שווערע קראַנקהייט פון אַן עלנטן אימיגראַנט, וואָס איז אָנגעקומען פון ב. איירעס, האָט געבראַכט אַז מען זאָל נעמען טראַכטן וועגן אָרגאַניזירטער מעדי־צינישער הילף און קראַנקן־פלעגע פאַר נויטבאַדאַרפטיקע. די התחלה איז געווען אַ גאַנץ־באַשיידענע: 30 מיטגלידער מיט אַ חודש־אָפּצאָל פון איין פּעזא. די פאַר־וואַלטונגס־מיטגלידער שטייערן אויך מיט מיט זייער פּערזענלעכער אַרבעט, זיי האַלטן וואַך ביי די קראַנקן־בעטן פון די חולאים. די טעטיקייט פון ביקור־חולים ווערט אויסגעברייטערט אויך אויפן געביט פון הכנסת־אורחים, ווען עס ווערט פאַרשאַרפט דאָס פּראָבלעם פון די פילע אימיגראַנטן וואָס קומען פון אַרגענטינע אָן מיטלען, אָפּטמאָל ממש צופוס, און ווענען מען מוז באַזאָרגן אין די ערשטע טעג מיט אַ געלעגער און אויסהאַלטונג, ביז זיי וועלן אָפּרוען פון דער שווערער נסיעה און זיך קאָנען נעמען אַרבעטן.

באַזונדערן אימפּולס באַקומט די טעטיקייט פון ביקור־חולים ווען אין דער לייטונג טרעט אַריין משה ענגעל, אַ ייד וואָס האָט אין משך פון יאָרן געאַרבעט מיט מסירת נפש סיי פאַר געזונטע נויטבאַדאַרפטיקע סיי פאַר קראַנקע. אַרום 1920 בלייבט פון דער אינסטיטוציע כמעט נישט מער ווי דער נאָמען און די אַרבעט פון משה ענגעל. די הכנסה קוועלן זיינען געווען: מיטגלידער אָפּצאָל, זאַמלונגען אויף שמחות און הכנסות פון אַ מנין אין די ימים־נוראים.

די גאַנצע צייט זינט זיין גרינדונג האָט דער ביקור־חולים געהאַט זיין היים אין דער געמיינדע־הויז, פריער אין דער „קאָנגרעגאַסיאָן" און שפּעטער אין „סיר־קולאָ". אין 9־1928 ברעכט אָבער אויס אַ סכסוך אַרום נדרים. די פאָלקסטימלעכע עלעמענטן פאָדערן אַז דער עולה־לתורה זאָל חוץ זיין אָבליגאַטאָרישן נדר פאַר דער שול, אויך איינגעלאַדן ווערן צו מאַכן אַ גוטוויליקן נדר פאַר „ביקור־חולים". כפי די פאַרוואַלטונג פון „סירקולאָ" האָט אויף דעם נישט מסכים געווען, האָט זיך דער „ביקור־חולים" אָפּגעשפּאַלטן, און זיין פאַרוואַלטונג אונטערן פאָרזיץ פון מאַוריסיאָ באַלטיאַנסקי, האָט געקויפט די געביידע אויף אַווענידאַ־מאַטאַ 624,

וועלכער איז באַנייט געוואָרן אַלס אָפיציעלער וואווינאָרט פון דער אינסטיטוציע דעם 14־טן סעפּטעמבער 1930. די געביידע איז לכתחילה געקויפט געוואָרן פון ישראל כהן, וועלכער גיט זי איבער אָן פאַרדינסט דעם „ביקור־חולים".

דאָרט פונקציאָנירט אַ באַזונדער שיל, אַ שולע, און אין יאָרן פון גרויסן וועלט־קריזיס האָט זיך אין דעם זעלבן בנין געפונען אַן הכנסת אורחים, וואו מען האָט לויט דער אָנווייזונג פון דאָקטוירים, „געהיילט" נויטבאַדאַרפטיקע אימיגראַנטן, מיט אָפּרו און עסן: אַ גאַנץ פּראַקטישע פאָרם פון ביקור־חולים.

די אָפּשפּליטערונג פון „ביקור־חולים", האָט אונטערגעגעבן מוטה די אַנדערע פאָלקסטימלעכע עלעמענטן, וואָס האָבן אין משך פון יאָרן געשטרעבט צו אַ באַזונדערן בית החיים. דעם 8־טן דעצעמבער 1930 ווערט געגרינדעט די חברה קדישא, וואָס וועט אַנערקענט ווערן אין 1932, און וועט נישט נאָר גרינדן אַן אייגענעם בית־עלמין, נאָר מיט דער צייט אויך אַ באַזונדער שיל, אַ באַזונדער שולע, אפילו אַ כשר'ע מקוה, וועט האָבן השגחה אויף כשר פלייש, און וועט אין געוויסע צייטן פּרעטענדירן צו ווערן אַ רעליגיעזע קהילה.

די אָפּטיילונג פון „ביקור־חולים", און די גרינדונג פון דער חברה קדישא,ביידע אין יאָר 1930, דאָס יאָר ווען עס איז באַנייט געוואָרן דער בנין פון „סירקולאָ", באַדייטן דעם סוף פון דער איינהייטלעכקייט אין ישוב, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אין משך פון דעם יאָרצענדליק, ווען דער „סירקולאָ" איז געווען די איינציקע אינסטיטוציע פון ישוב, פאַר אַלע זיינע הצטרכותן, 1920 — 1930. אין דעם יידישן לעבן פון טשילע קומט אָן אַ נייע תקופה.

## ג) קאָנפליקטן אין „סירקולאָ"

דערווייל הויבן זיך אָן סכסוכים אין „סירקולאָ" גופא, וועלכער איז פאַרבאָרגן אין חובות פאַר דער געביידע וואָס ער האָט ערשט אַרויסגעענדיקט. אין דער מיט־גלידערשאַפט הערן זיך מיינונגען, אַז די חובות זיינען אַ פועל יוצא פון דער צו ברייטער האַנט מיט וועלכער מען האָט געבויט און אויסגעשטאַט די געביידע. די באַשולדיקונג באַקומט אַן אָפּקלאַנג אויף די שפּאַלטן פון דער יידישער און יידיש־שפּאַנישער פּרעסע און דאָס פייער פון מחלוקת צעפלאַקערט זיך גאָר קיין מעשה נישט.

בכדי אַרויסצוגיין פון שווערן עקאָנאָמישן קריזיס און באַפרייען זיך פון חובות, מיינט די פאַרוואַלטונג פון „סירקולאָ", פּרעזידירט פון אַדאָלפאָ קרענאָוויטש, אַז עס איז נויטיק בעסער צו אַנטוויקלען די קלוב אָפּטיילונגען, דורך געבן בע־סערע באַקוועמלעכקייטן די שפּיל־זאַלן. גלייכצייטיק וויל מען אויך געבן אַ פּאַסיקערן

פּלאַץ פאַר דער שול צום דאַוועננ. אויף דאָס אַלץ דורכצופירן, ווערט פאָרגעשלאָגן דעם יוגנט־פאַראיין „אכי" איבערצוגיין אין אַנדערע צימערן ווי די וואָס ער האָט ביז דאַן פאַרנומען. אָבער די אינסטיטוציע באַטראַכט עס פאַר אַ באַליידיקונג און ציט זיך אינגאַנצן אַרויס פון דער געבײַדע. די שפּאַניש־שפּראַכיקע „אכי", נעמט אויך מיט דעם יידיש־שפּראַכיקן „קולטור־צענטער", ביידע אָרדנען זיך איין אויף סעררּאַנאָ 53, און דער סירקולאָ" פאַרלירט אַ סך פון זיין כאַראַקטער אַלס היים פאַר דער גאַנצער יידישער סאַנטיאַגאָ.

דער „סירקולאָ" ווערט פאַרלאָזן נישט נאָר פון די אינסטיטוציעס וואָס האָבן זיך אין אים געפונען, נאָר אויך פון אַ גרויסער טייל מיטגלידער, וואָס הערן אויף צו צאָלן זייער מיטגלידער אָפּצאָל, ווער צוליב דער שלעכטער צייט, ווער צוליב פּאָליטישע מאָטיוון, אָבער אַלע ווילן דאָך אַריינקומען אין די פּראָווייזונגס־זאַלן פון דער קלוב־אָפּטיילונג. סוף 1930, נעמט אָן די פאַרוואַלטונג אַ באַשלוס, אַז בלויז מיטגלידער, וועלן קאָנען אַריינקומען אין קלוב, וואָס רופט אַרויס נאָך אַ שטאַרקערן אויפברויז.

## (ד) שטרייטיקייטן אין ציוניזם

אויך די ציוניסטישע פעדעראַציע מאַכט דורך אין יענע יאָרן אַ טיפן קריזיס, וואָס ווערט אַרויסגערופן פון אינערלעכע און אויסערלעכע סיבות.

נאָך אויפן ציוניסטישן לאַנדעס־קאָנגרעס פון 1929, דערקלערט דער דעלעגאַט פון וואַלפּאַראַיסאָ, יצחק סמירנאָוו, אַז : „די ציוניסטישע קאָנגרעסן הויבן אָן צו פאַרלירן זייער ענטוזיאַזם און דערפאָלג".

פאַר די צען יאָר צווישן דעם ערשטן און צענטן ציוניסטישע לאַנדעס קאָנ־גרעסן, זיינען אין ישוב פאָרגעקומען טיפע ענדערונגען, סיי צוליב אידענטיפי־קאַציע מיט דער אָרטיקער סביבה, סיי צוליב דער השפעה פון די שטרעמונגען אין דער גרויסער יידישער וועלט. די דאָזיקע ענדערונגען ווערן אָפּגעשפּיגלט אין דער אַרבעט וואָס מנחם אַלוני, אַ פּועלי־ציוניסטישער פירער און טיכטיקער זשורנאַליסט, פאַרעפנטלעכט אין 1944 אין דעם ספּעציעלן נומער וואָס דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע „מונדאָ כודיאָ" לאָזט אַרויס צו דער זילבערנער חתונה פון דער פעדעראַציע. שרייבט אַלוני וועגן די ערשטע יאָרן ציוניזם : — „עס האָט עקזיסטירט אַן אינטימע, שוין אפשר אַ צו אינטים־פאַמיליערע סביבה, מיט אַלע אירע מעלות, אָבער, אויך, מיט אַלע אירע נעגאַטיווע מאָמענטן, ווי : פּערזאָ־נאַליזם, מחלוקת וכ׳., וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר קליינע געמיינדעס".

„דער ציוניזם פון צווייטן דור אונטערשיידט זיך כמעט נישט פון דעם ציוניזם

פון זייערע עלטערן. עס איז דער זעלבער ראָמאַנטישער ציוניזם, אָן דאָקטרינערע באַזן פון אידעאָלאָגיעס און טענדענצן. אַ ציוניזם ווי עס האָבן געפּריידיקט די שליחים פאַר די פאָנדן פון בנין הארץ, אַ ציוניזם קאָנצענטרירט אין קאַמפּיינען, רוטינערע עפנטלעכע אַקטן, און אינערלעכע פּראָבלעמען פון דער קאָלעקטיוויטעט".

פאַר אַלוני מאַכט עס נישט אויס וואָס „אין צווייטן פּעריאָד איז די פאַר־אייניקטע ספּרדישע קהילה צוגעשטאַנען צום ציוניזם, וואָס פאַר דער צייט האָט זיך געשאַפן דער ערשטער קערן פון דער „וויצאָ". מנחם אַלוני געהער צו דער נייער גענעראַציע פון ציוניסטן אין טשילע, געקומענע פון אויסלאַנד, וואָס רעכנט זיך נישט מיט אַזעלכע „קלייניקייטן" ווי פּראַקטישע ציוניסטישע טעטיקייט, אָרטיקע געמיינדע אינטערעסן, אויפקלערונגס אַרבעט וכו'. פאַר זיי איז דאָס וויכטיקסטע די דאָקטרינערע הילוקי־דעות, די דיפערענצירונג און אידעאָלאָגיעס, די צעשפּלי־טערונג אין פּאַרטייען.

די דאָזיקע נייע טענדענצן, סומירט צו די אינערלעכע פּערזענלעכע רייסערייען, וואָס זיינען געווען אָן אָפּקלאַנג פון דער מחלוקת אין „סירקולאָ", שאַפן אַזאַ סיטואַציע, אַז די צענטראַלע פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, זעט זיך געצוואונגען שיקן דער פעדעראַציע אין טשילע אַ טעלעגראַמע פון פאָלגנדיקן אינהאַלט: „נעמענדיק אין אַכט דעם מצב פון יידנטום אויף דער וועלט, בעטן מיר שלום און אחדות אין טשילע.

דער רוף צו שלום איז נישט דערהערט געוואָרן. אין אָקטאָבער 1930, ווערט אָפּגעשטעלט די סובסידיע פאַר דער אויסגאַבע „נאָסאָטראָס", וואָס הערט אויף צו דערשיינען. דעם זעלבן יאָר פאַרענדיקט דער רעדאַקטאָר פון „נאָסאָטראָס", נאַטאַליאָ בערמאַן, זיין שטודיום אַלס מעדיקער, און וועט אין גיכן אַרויספאָרן קיין קאָנסעפּסיאָן, פון וואַנען ער וועט זיך צוריקקערן קיין סאַנטיאַגאָ אַלס וויכטיקע פיגור אין דער נאַציאָנאַלער לאַנדעס־פּאָליטיק, דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט, און וועט אויך באַנייען זיין טעטיקייט אין דער געמיינדע.

אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס פון 1930 ווערט געענדערט די קאָנסטיטוציע פון דער פעדעראַציע. צום קאָנגרעס ווערן צוגעלאָזט נישט נאָר דעלעגאַטן פון אינסטיטוציעס, ווי ביז דאַן, נאָר אויך דעלעגאַטן פון די שקל־צאָלער, אַ דעמאָ־קראַטישער שריט וואָס וועט זיך מיט דער צייט שטאַרק אויסווירקן אויך אין אָרטיקן לעבן. צום קאָנגרעס אין 1931 קומען שוין פאַרטרעטער פון פראַקציעס: מפא"י, רעוויזיאָניסטן, עס דערשיינען אויך אָרטיקע ציוניסטישע אָפּאָזיציאָנעלע גרופּירונגען, ווי דער „פאָלקס־פאַרבאַנד", אַ „העברעיסטישע גרופּע", אויפן קאָנ־גרעס פון 1933, קומען אויך צו מזרחי'סטן. די ציוניסטן פון אַלטן שניט האַלטן זיך נאָך מערסטנטיילס אַלס דעלעגאַטן פון די לאָקאַלע אינסטיטוציעס, וואָס זיי

האָבן געבויט און געהאָלפן בויען. די תקופה פון ראָמאַנטיזם, איינהייטלעכן ציור־ביזם איז אין טשילע דעפיניטיוו אָפּגעשלאָסן.

דאָך ווערט די פעדעראַציע נישט אויפגעלייזט. זי פאַרבלייבט ווי דער ערשטער מוסטער פון אַ ציוניסטישער לאַנדעס אָרגאַניזאַציע, וואָס זוכט פּאָזיטיווע איינהייט אין מיטן פון דער פּאָליטישער פאַרשידנאַרטיקייט, אַ כאַראַקטער וואָס זי האָלט אָן ביז היינט.

## (ה) מחלוקת אַרום אימיגראַציע

ווי דאָס אַלץ וואָלט ווייניק געווען, קומט נאָך צו אַ מחלוקת אַרום ענין אימיגראַציע. שוין אין סוף פון 1929, האָט באַזוכט טשילע אין שליחות פון דעם אימיגראַנטן־שוץ פאַראיין אין ב. איירעס, זיין פּראָ.־סעקרעטאַר ה׳ יוסף לוצקי, וועלכער האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן מעגלעכקייטן פון אימיגראַציע קיין טשילע. אין די רעגירונגס־קרייזן גיט מען צו פאַרשטיין, אַז וועגן קיין מאַסן אימיגראַציע קאָן קיין רייד נישט זיין, עס קאָנען אָבער יאָ באַקומען איינרייזע דערלויבענישן קוואַליפיצירטע אַרבעטער וואָס קאָנען נישט־שלעכט פאַרדינען, עס וועלן אויך אַריינגעלאָזט ווערן ערד־אַרבעטער. י. לוצקי גרינדעט אָן אָרטיקן קאָמיטעט פאַר אימיגראַציע מיט ד״ר מ. וויינשטיין בראַש, און אין „טשילענער יידישן וואָכנבלאַט" הויבט אָן דערשיינען אַ וועכנטלעכער ביולעטין פון דעם קאָמיטעט וואָס איז אָנגעשלאָסן אין „היצעם".

אין 1931 באַזוכט טשילע אין שליחות פון „היצעם" ד״ר יקותיאל אָרנשטאַם, וואָס האָט דאַן געוואוינט אין מאָנטעווידעאָ. אַלס ציוניסט באַטייליקט ער זיך אין 12־טן ציוניסטישן לאַנדעס קאָנגרעס, און עס געלונגט אים איינצושטעלן אַ קורץ־דויערענדיקן שלום אין די ציוניסטישע רייען מיט מאַוריסיאָ ראָזענבלאַט אַלס פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע. דער שלום האָלט אָן אַ קנאַפּע צוויי חדשים.

ד״ר אָרנשטאַם באַשטעטיקט אויך דעם אָרטיקן קאָמיטעט פאַר אימיגראַציע מיט ד״ר מ. וויינשטיין בראַש, אָבער דער קאָמיטעט זאָגט זיך אָפּ צו שטיצן דעם הכנסת־אורחים פון „ביקור־חולים", וואָס איז מערסטנטייל געווען פאַרנומען פון אימיגראַנטן. באַלד שאַפט זיך אַ געזעלשאַפט צו שטיצן אימיגראַנטן וואָס טרעט אַרויס קעגן קאָמיטעט און, ווען עס דערשיינט דער באַריכט פון ד״ר אָרנשטאַם וועגן די מעגלעכקייטן פון אימיגראַציע קיין טשילע, הויבט זיך אויף אַ רעש אַז דער באַריכט איז איבערגעטריבן און רופט אַרויס אומבאַגרינדעטע האָפנונגען, ביי די שוואַכע אויסזיכטן וואָס די דאַמאָלסטיקע אַרבעטס־לאָזיקייט אין טשילע האָט געקאָנט געבן. דער אימיגראַנטן־שוץ קאָמיטעט פון וואַלפּאַראַיסאָ שליסט זיך אָן

אין דער געזעלשאפט און טרעט אויך ארויס קעגן קאמיטעט, די לאגע פון וועלכן ווערט נאך פארערגערט דערמיט וואס ער האט א אינערלעכן קאנפליקט מיט זיין טעכנישן לייטער, יצחק ראזאווסקי, מיט וועמען ער איז געצוואונגען צו פירן א פראצעס.

דאס אלעס קומט פאר אין מיטן פון א שארפן עקאנאמישן און פאליטישן קריזיס וואס דאס לאנד מאכט דורך, ווען עס פאלט די ערשטע רעגירונג פון גענ. איבאניעז און די רעגירונגען פון פרעזידענט כואן ע. מאנטערא און פון פראוויזארישע פרעזידענטן וועלכע בייטן זיך אין קאפשווינדלער־ישער שנעלקייט. דער יידישער ישוב האט געליטן צוויי קרבנות בשעת די רעוואלוציאנערע איבערקערענישן: משה ביליק און איזידאר נודעלמאן. יידיש בלוט האט זיך אויסגעמישט מיט טשילענער אין קאמף פאר דער צוקונפט פון לאנד. נאך א ייד, דניאל שווייצער, האט נאך פריער געשפילט א וויכטיקע ראלע אין דעם אינערלעכן פאליטישן געראנגל אין טשילע, בשעת דעם קאמף פאר דער פרעזידענץ פון ארטורא אלעסאנדרי אין 1920. ער איז געשטאנען בראש פון דער סטודענטן־פעדעראציע, וואס האט זיך אקטיוו באטייליקט אין די קאמפן.

## (ו) „אויפן ברעג פון כאאס"

דאס יאר 1932 דארף פאררעכנט ווערן פארן שווערסטן אין דעם געזעלשאפטלעכן לעבן פון ישוב אין טשילע.

זיין הויפט־אינסטיטוציע, דער „סירקולא", האט צו קעמפן קעגן צאלרייכע בעלי־חובות וואס האבן וויי‌ניק איינזען מיט אים און דערגייען אפילו ביז צו פראטעסטירן זיינע וועקסלען. עס שווימט אפילו ארויף א פראיעקט אויפגעבן דעם בנין, אבי פטור ווערן פון די חובות; בלויז די ענערגיע פון דאמאלסטיקן פרעזידענט ד"ר מאוריסיא וויינשטיין, איינער פון די אנגעזעענסטע פראפעסיאנאלן אין שטאט, האט געקאנט אפהאלטן פון א קאטאסטראפע, אבער לייזן די פראבלעמען איז ער נישט געווען בכוח.

דער „ביקור חולים" קעמפט אויך קעגן א שארפן עקאנאמישן קריזיס, וואס ער קאן נישט איבערוועלטיקן טראץ אלע תחבולות, צווישן זיי די עצה פון מ. רימסקי וועגן א הלוואה ביי די אסעגוראציע געזעלשאפטן, אויף אפצוצאלן מיט די „פרימאס" פון די פארזיכערונגען וואס די מיטגלידער וועלן מאכן. דעם דאזיקן מיטל האט שוין פון פריער אנגעווענדעט דער „סירקולא", וואס עס האט געפירט מיט דער צייט צו דער שאפונג פון דער יידישער אסעגוראציע געזעלשאפט „לא איזראעליטא".

דאַרף נאָך דערצו טרעפן אַז דער פאַרוואַלטער פון בית־עלמין פון „סירקולאַ" זאָל פאָדערן אַ צו גרויסע קבורה־געלט פאַר אַן אָרעמער נפטרת. מיטן אויסרייד אַז עס הויבט אָן אויסצופעלן פּלאַץ פאַר קברים. דער דאָמען פאַראיין „לאַ ביענהע־טשאַראַ" מוז באַערדיקן די געשטאָרבענע אויפן אַלגעמיינעם בית־עלמין. אַרום דעם ענין הויבט זיך אויף אַ שטאַרקער שטורעם, און עס פירט זיך אַ שאַרפע פּאָלעמיק אין די צייטונגען.

דער דאָזיקער אינצידענט פאַרשטאַרקט די ענערגיע פון די עסקנים פון דער נישט־לאַנג געגרינדעטער חברה קדישא, בראש מיט איר אַקטיוון פּרעזידענט ה' נחום בראָנפמאַן, וואָס האָבן שוין אָנפאַנג יאָר געקויפט באָדן און באַקומען דער־לויבעניש אויף אַ באַזונדערן יידישן בית־עלמין אין קאַנטשאַלי, אַ קאָמונע נישט ווייט פון סאַנטיאַגאָ.

דוקא אין אָט דעם שווערן יאָר, אין די מאָנאַטן מערץ־אויגוסט, ווען װעלכע עס איז גאָרנישט געבליבן פאַרצייכנט אין די אַקטן ביכער פון דער חברה, ווערט אַרומגעצוימט דער פּלאַץ, און דעם 25־טן סעפּטעמבער, 1932, ווערט פאַרלייגט דער גרונטשטיין פאַר די נויטיקע בנינים, ביי דער אָנוועזנהייט פון אַ סך מיט־גלידער און פאָרשטייער פון דער מאכט. דאָס אַלץ ווערט געטאָן אין מיטן פון די גרעסטע פינאַנציעלע שוועריקייטן, אַזוי אַז ווען מען דאַרף במזומן אַזאַ קליינע סומע פון 4000 — פיר טויזנט פּעזעס — מוז מען אָנקומען צו אַ הלוואה ביי די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער.

דער מאָנאָפּאָל פון „סירקולאַ" איבער קבורה ענינים איז אַזוי אַרום אָפּגע־שאַפט געוואָרן, וואָס עס האָט פאַרקלענערט די מעגלעכקייטן פון שאַפן אַ קהילה וועלכע זאָל אַרומנעמען דעם גאַנצן ישוב פון שטאָט.

די לאַגע פון דעם ישוב, ווערט געשילדערט אין אַ לייט־אַרטיקל פון „טשי־לענער יידישער וואָכנבלאַט" פון 20־טן יאַנואַר 1933. ווען אפילו דעם 1־טן אַפּריל 1932, דערשיינט אין דער זעלביקער אויסגאַבע אַ לייט־אַרטיקל אונטערן נאָמען: „מען האָט זיך אויפגעכאַפּט", איז עס געווען נאָר אַ צייטווייליקער אויפוואַכן דער פּראָצעס איז נעגאַנגען ווייטער און האָט דערפירט צו אַ מצב וואָס דער לייט־אַרטיקל פון 20־טן יאַנואַר 1933, באַטיטלט „אויפן ברעג פון כאַאָס", און ווען וועלכן עס זאָגט זיך:

..."מיר שטייען ביים ברעג פון אַ געזעלשאַפטלעכן כאַאָס, וואָס איז פיל ערגער ווי אין 1931".

„מיר ווילן נישט וואַרפן די שולד אויף קיינעם, מיר וועלן אָבער נישט שטיין אין אַ זייט, ווי צושויער, ווען עס וועט קומען דער מאָמענט און מען וועט דאַרפן זאָגן דאָס וואָרט".

„ווייל מיר ווייסן, און אַלע אויפריכטיקע ציוניסטן און געזעלשאַפטלעכע טוער ווייסן עס, ווי טייער עס האָבן געקאָסט די באַוואוסטע קאָנפליקטן אין טשילענער ציוניזם און געזעלשאַפטליכקייט".

„און טאַקע ווייל אַלע ווייסן ווי טייער עס האָט געקאָסט, טאָר מען נישט דערלאָזן אַז דער כאַאָס זאָל זיך אַנטוויקלען".

„מען דאַרף זיך איינער דעם אַנדערן רופן צו אָרדנונג, נישט דערלויבן אַריבערגיין אויף פּערזענלעכע אַנגריפן. זוכן שטענדיק אַ מיטל־וועג פאַר אַ פאַרגלייך".

אַט דער דאָזיקער רוף צו שלום און פאַרשטענדניש איז געווען דאָס שוואַנען ליד פון „טשילענער יידישן וואָכנבלאַט", וועלכער הערט טאַקע אויף צו דערשיינען פון דעם דאַטום אין וועלכן דער לייט־אַרטיקל איז געווען פאַרעפנטלעכט.

---

איז עס טאַקע צו באַוואונדערן די לעבנספעאיקייט און ענערגיע פון דעם יידישן ישוב אין טשילע וואָס האָט אויך אין די שווערע יאָרן פון כאַאָס, געקאָנט פאַרצייכנען געוויסע פּאָזיטיווע דערגרייכונגען אין זיין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

עס ווערט געגרינדעט אונטערן פאָרזיץ פון ה' י. דימענטשטיין אַ פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן, וואָס ווערט דערעפנט דעם 3־טן מאַי, 1932.

עס דערשיינט אַ צווייטע יידישע צייטשריפט, „אונדזער לעבן", רעדאַגירט פון מ. ריזענבערג, וועלכע וועט זיך שפּעטער צוזאַמענשמעלצן מיטן „טשילענער יידישע וואָכנבלאַט".

עס ווערט געגרינדעט אַ „איוואָ" סעקציע, פּרעזידירט פון י. גאָלשטיין.

עס ווערט צום ערשטן מאָל דורכגעפירט אַ קאָלעקטיווער סדר אין סאַנטיאַגאָ.

עס דערשיינט אין שפּאַניש „פּאַראַדאָקסן", די ערשטע נאָוועלע פון יידישן לעבן, פאַרפאַסט פון ד"ר נאַטאַליאָ בערמאַן.

די יידישע קינסטלערין אַנאַ גוזמאַן באַקומט אַנערקענונג אויף דער אָפיציעלער אויסשטעלונג פון מאַלעריי און סקולפּטור.

דער שליח פון קרן־היסוד, ד"ר מ. העלפמאַן, גיט אַ פאָרטראַג אין ערן־זאַל פון דער אוניווערזיטעט.

## (ז) עקאָנאָמישע ענדערונגען

די עקאָנאָמישע צערודערונג אין לאַנד, האָט גורם געווען דאָס פאַרשוואונדן פון „סעמאַנאַל" — דאָס פאַרקויף אויף אויסצאָלן — וואָס האָט מפרנס געווען אַ היפּשן טייל פון יידישן ישוב. יידן האָבן זיך געמוזט נעמען צו אַנדערע פּרנסות.

דעם 12־טן יאנואר 1933, דערשיינט אין „טשילענער ידישן וואָכנבלאַט" א לייט־אַרטיקל וואָס שטודירט די שווערע עקאָנאָמישע סיטואַציע און זוכט פאַר איר אַן אויסוועג. זאָגט זיך דאָרט:

„האָט פּאַסירט אַז דער „סעמאַנאַל" איז אונטערגעגאַנגען. יידן האָבן נישט געהאַט צו וואָס צו נעמען זיך און די מערהייט האָט איבערגעלעבט ווירקלעך פאַר־צווייפלטע מאָמענטן. אָבער טשילע איז אַ לאַנד וואו עס איז געווען אַ סך גאָלד און דער מסחר מיט גאָלד האָט געגעבן רעזולטאַטן. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און מען איז ווידער געבליבן ווי אויפן וואַסער. אַלע פרעגן: „צי וואָס נעמט מען זיך?" און דער ענטפער דאַרף זיין — צו אינדוסטריע!"

„טשילע איז אַ לאַנד וואו די קליין־אינדוסטריע איז נאָך ווייט נישט צופרידנ־שטעלנדיק, וואו די אַרבעטס־הענט זיינען ביליק, און וואו עס איז נישט אַזוי שווער צו קאָנקורירן מיט דער גרויס־אינדוסטריע, וועלכע איז נאָך אויך דאָ אין אָנפאַנג פון אַנטוויקלונג".

„יידן האָבן איצט די געלעגנהייט צו באַפעסטיקן זיך ביי סאָלידע אינדוסט־ריעלע צווייגן, זאָל די געלעגנהייט נישט דורכגעלאָזן ווערן".

דער קריזיס וואָס דער ישוב האָט דורכגעמאַכט אין די יאָרן 1930 — 1933, אין אַלע הינזיכטן, האָט נישט נאָר געשטערט, ער האָט אויך אַרויסגערופן נייע ענערגיעס אויף אַלע געביטן, וואָס וועלן צוריקשטעלן דאָס יידישע לעבן אויף פעסטערע יסודות.

## קאַפּיטל זיבן

# אין שאָטן פון האַקנקרייץ

## (1939 — 1933)

## א) נאָכן שטורעם

אין יאָר 1933 הויבט זיך אָן ביסלעכווייז צו סטאַביליזירן די לאַגע אין דער רעפּובליק, נאָך די אויפטרייסלונגען וואָס זי האָט דורכגעמאַכט פאַר די פאַריקע דריי יאָר. די עקאָנאָמישע לאַגע הויבט זיך אָן צו בעסערן, דאָס לאַנד קומט לאַנג־זאַם צו זיך, און דאָס ווירקט זיך אויס צום גוטן אויפן יידישן ישוב, וועלכער לאָזט זיך ביסלעכווייז אָפּ פון שאַרפע מחלוקת׳ן ווען אפילו עס ווערט אָנגעהאַלטן די אינערלעכע צעטיילונג פון אשכנזישן סעקטאָר אין: „סירקולאָ״, ביקור־חולים״ און חברה קדישא, דריי אינסטיטוציעס וואָס פּרעטענדירן צו צענטראַליזירן דאָס יידישע לעבן און בלייבן דאָך נישט מער ווי דער אויסדרוק פון פאַרשידענע שטרע־מונגען אין זעלבן. די ציוניסטישע פעדעראַציע הויבט אָן ביסלעכווייז אָנצווערן איר באַדייטונג אַלס צענטראַלע קערפּערשאַפט און מוז טיילן איר רעפּרעזענטאַ־טיווע פונקציע כלפּי־חוץ מיט נייע אָרגאַניזמען וואָס קומען אויף.

אויב עס געלונגט נישט צו צענטראַליזירן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון אשכנזישן סעקטאָר, אַ זאַך וואָס איז אין אַ פּיל גרעסערער מאָס דערגרייכט געוואָרן אין ספרדישן, וואָס איז קלענער, און וועט שפּעטער דערגרייכט ווערן אין דייטש־שפּראַכיקן, וואָס איז עטוואָס גרעסער, הויבט אָבער אָן פון 1933 זיך איינצושטעלן אַ מין האַרמאָניזירונג צווישן די אינסטיטוציעס פון די מזרח אייראָפּעישע יידן, און עס ווערן געמאַכט פּרואוון צו שאַפן אַ נייע רעפּרעזענטאַנץ כלפּי חוץ אין וועלכער עס זאָלן זיין פאַרטראָטן אַלע סעקטאָרן און נישט ציוניסטן באַגלייט מיט ציוניסטן: „קאָמיטעט פאַר קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם״, „צענטראַל קאָמיטעט״, און לסוף די דעפיניטיווע רעפּרעזענטאַנץ „קאָמיטע רעפּרעזענטאַנטיוואָ״, וואָס ווערט געשאַפן אין 1940.

אַ געוויסן איינפלוס אויף איינצושטעלן די האַרמאָנישקייט, האָט בלי שום ספק געהאַט דער אויפשטייג פון נאַציזם וואָס קומט צו דער מאַכט אין דעם זעלביקן יאָר 1933. עס הויבט זיך אָן דער מאַרטירער וועג פון אייראָפּעישן יידנטום, די שקיעה פון דעם גייסטיקן צענטער וואָס האָט משפּיע געווען אין יידישן לעבן אַרום אַ האַלבן יאָרהונדערט; דער אויפשטייג פון נאַציזם שטאַרקט אויך די אַנטי־

יידישע כוחות אויף דער גאָרער וועלט, און אין טשילע זיינען פאַראַן היפש דייטשן וואָס שפּילן מיט די שפּיל פון וועלט־דעראָבערונג.

דאָס אַלץ שטאַרקט די סאָלידאַריטעט פעדים אינערהאַלב דעם יידישן ישוב. יידן דערפילן אַז עס איז נישט קיין צייט פאַר מחלוקת. אגב הויבט זיך אָן פון 1933 אַ נייע איינוואַנדערונג פון יידן אין מיטל־אייראָפּע, וואָס וועט אין אַ קורצער צייט פאַרדאָפּלען די צאָל פון ישוב און אים באַרייכערן מיט אַ דריטן וויכטיקן סעקטאָר, דעם דייטש־שפּראַכיקן, וואָס וועט מיט זיין אָרגאַניזירטקייט באַאיינפלוסן דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין טשילע. דער עקזיסטירנדיקער ישוב דערפילט ווי אינסטינקטיוו אין 1933, אַז ער איז גערופן צו גרויסע מעשים, און הויבט אָן בים־לעבוויז צוריק צונויפשליסן זיינע רייען. מען הויבט אָן לאַנגזאַם קומען צו זיך נאָך די דריי שטורעמדיקע יאָר.

## ב) דער „סירקולאָ" איבערוועלטיקט זיין קריזיס

אין 1932 איז די לאַגע פון דער הויפּט־אינסטיטוציע פון דאַמאָלסטדיקן ישוב, דער „סירקולאָ איזראַעליטאַ", געווען אַזוי קאַטאַסטראָפאַל, אַז מען האָט ערנסט געדענקט וועגן פאַרקויפן אָדער אויסבייטן די געביידע, וואָס איז מיט אַזוי פיל התלהבות געבויט געוואָרן, אַבי פּטור צו ווערן פון די חובות וואָס האָבן ממש געוואָרגן דעם אַנשטאַלט: 62 בעלי חובות האָבן געמאָנט, געדראָט, פּראָטעסטירט וועקסלען, און דאָס אַלץ האָט דערנידעריקט דעם יידישן נאָמען וואָס דער „סירקולאָ" איז געווען באַרופן הויך צו האַלטן.

אויך אינערלעך איז די לאַגע נישט געווען פיל בעסער. צוליב איבערגעטרי־בענער „דעמאָקראַטישקייט" איז ווי פון זיך אַליין בטל געוואָרן דער אונטערשייד צווישן מיטגלידער און נישט־מיטגלידער, אַלע האָבן געהאַט אַ פרייען צוטריט צו אַלע אָפּטיילונגען פון „סירקולאָ", אויך צו די קלוב־אָפּטיילונגען מיט זייערע פאַר־ווײַלונגס־זאַלן, וואו מען האָט געקאָנט פאַרגעסן די צרות פון די קריזיס יאָרן ביי פאַרשידענע שפּילן: שאַך, דאַמקעס, בלאַנדזש, און, נישט אויסגערעדט זאָל זיין . . . קאָרטן. די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע האָט פיל מיטגעווירקט אַז די מיט־גלידער זאָלן נישט זיין פּינקטלעך מיט זייערע צאָלונגען, בפרט אַז דאָס איז נישט געווען קיין שום שטער אויף צו געניסן די באַקוועמלעכקייטן פון „סירקולאָ". האָט זיך טאַקע באַקומען אַז אין 1933 האָט די אינסטיטוציע פאַרמאָגט קוים אַ 40־50 גוטשטייענדיקע מיטגלידער.

אונטער דעם איינדרוק פון דעם קריזיס וואָס די אינסטיטוציע מאַכט דורך, פּראָיעקטירן אַלע פירער צו גרינדן אין סאַנטיאַגאָ אַ קהילה. די חברה־קדישא איז

מסכים צום פּראָיעקט, אָבער מיטן תּנאַי אַז די קהילה זאָל זיין אַ שטרענג רעליגיעזע. פון דער איניציאַטיוו ווערט גאָרנישט.

אין אַזאַ שווערן מצב נעמט איבער די פּרעזידענץ פון „סירקולאָ", דער יונגער אַנכעל פּייוואָוויטש, אַ פּייאיקער און ענערגישער טוער פון צווישן די אין טשילע דערצויגענע קינדער, אַ זון פון אַ פאַרצווייגטער משפּחה וואָס האָט געהאַט נייגונג צו געזעלשאַפטלעכע עסקנות. אַנכעל פּייוואָוויטש האָט פאַרנומען און פאַרנעמט אַ זייער אָנגעזעענעם אָרט אין לעבן פון דער רעפּובליק. ער איז געווען אוניווערזיטעט פּראָפעסאָר אויפן פאַקולטעט פון וועטערינאַריע און איצט איז ער פּראָפעסאָר אויפן יורידישן פאַקולטעט, געווען ראַטמאַן פון דער מוניציפּאַליטעט אין סאַנטיאַגאָ (1935 — 1937), נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט אין משך פון דריי פּעריאָדן (1937 — 1949) און נאַציאָנאַלער סענאַטאָר (1949 — 1957), מיט שטאַרקע אויסזיכטן אויף ווידערדערוויילונג, ווייל אין 1955 איז ער עפנטלעך אַנערקענט געוואָרן, ווי דער בעסטער סענאַטאָר פון יאָר. אַנכעל פּייוואָוויטש האָט דורכגעזעצט אַ רייע געזעצן, פאַר איינעם פון וועלכע ער איז באַערט געוואָרן פון דער מוניציפּאַליטעט אין וואַלפּאַראַיסאָ מיטן טיטול פון ערן־ראַטמאַן. אין יידישן לעבן, איז ער געווען רעדאַקטאָר פון „נועסטראַ אידעאַל", מערערע מאָל מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון „סירקולאָ", און סעקרעטאַר פון דער אינסטיטוציע אונטער דער פּרעזידענץ פון אַדאָלפאָ קרענאַוויטש, אין די שווערע קריזיס יאָרן.

אונטער דער פירערשאַפט פון אַזאַ יונגער און ענערגישער פּערזאָן, האָט דער „סירקולאָ" אָנגעהויבן אַרויסצוגיין פון שוועריקייטן. מען איז דורכגעקומען מיט די בעלי־חובות וואָס האָבן פאַרקלענערט די סומעס און געגעבן פאַרלייכטערונגען פאַר אויסצאָלן זיי. אין דער אינערלעכער אַדמיניסטראַציע זיינען די אָנגענומענע באַשלוסן דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ פעסטער האַנט. נישט־מיטגלידער אָדער מיטגלידער צוריקגעשטאַנען אין זייער מיטגליד־אָפּצאָל זיינען נישט צוגעלאָזט געוואָרן אין די קלוב־זאַלן. דער מיטגלידער אָפּצאָל האָט אָנגעהויבן איינגעמאָנט צו ווערן פּינקטלעכער, אויך צוליב דעם, וואָס די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד האָט זיך געגומען בעסערן. דאָס האָט דערלויבט צו צאָלן די חובות מיט מער פּינקטלעכקייט. צו דער גענ.־פאַרזאַמלונג פון 1934 זיינען שוין געווען אַרום 500 גוטשטייענדיקע מיטגלידער. דער ענערגישער פּרעזידענט ווערט ווידער דערוויילט דורך אַקלאַמאַציע און וועט פאַרענדיקן זיין צווייטן פּעריאָד, בכדי אַריבערצוגיין אין דער מוניציפּאַליטעט פון דער טשילענער הויפּט־שטאָט אַלס ראַטמאַן.

די פּרעזידענץ נעמט איבער דער אָנגעזעענער סוחר ה' סאַלאָמאָן סאַק, וועלכער וועט נאָך האָבן פיל צו טאָן ביז עס וועט געלונגען אויסצאָלן אַלע חובות פון „סירקולאָ", צוריקשטעלן זיין פּרעסטיזש אויפן עקאָנאָמישן געביט און אַזוי אַרום

ראַטעוועז נישט נאָר די קרוין אינסטיטוציע נאָר אויך דעם גוטן נאָמען פון דער געמיינדע.

די פאַרבעסערטע לאַגע פון „סירקולאָ" רופט זיך אויך אָפּ אויפן חינוך וועזן, וואָס די אינסטיטוציע האָט אַלעמאָל געשטיצט און צייטנווייז כמעט גענצלעך אויסגעהאַלטן.

## (ג) די חברה קדישא ברייטערט אויס איר טעטיקייט

ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג פון דעם פאַרגאַנגענעם מחלוקת שטורעם, קומט אין 1933 פאָר אַ קליינער קאָנפליקט צווישן דער חברה קדישא און דעם ביקור־חולים אין וועמענס דירה די „חברה" האָט געהאַט אירע זיצונגען. ווען די פאַרוואַלטונג פון חברה קדישא רופט אַ גענ. פאַרזאַמלונג אויפן 15־טן יאַנואַר, קאָן זי נישט פאָרקומען, ווייל די פאַרוואַלטונג פון ביקור־חולים האָט פאַראָרדנט צו שליסן די טירן פון דעם לאָקאַל. די געמיטער ווערן צעברויזט. דער ביקור־חולים ווערט באַשולדיקט אין שטרעבן צו אימפּאָנירן זיך אויף די פאַראיינען וואָס וואוינען ביי אים אין דירה. די חברה קדישא ציט זיך צייטווייליק אַריבער אין „בית־הכנסת ות"ת אינדעפּענדענסיאַ" (נ. סאָקאָלאָוו) וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1932 אין איינעם פון די צענטער אָפּגעלייגטע שטאָט־געגנטן וואָס איז שוין גאַנץ געדיכט באַפעלקערט געווען מיט יידן.

דאָס איז נישט די איינציקע שוועריקייט וואָס די חברה קדישא האָט אין יענעם יאָר. די שכנים פון דעם נייעם בית־עלמין אין קאָנטשאַלי פּראָטעסטירן קעגן איינשטעלן אַ מקום־קבורה אין זייער געגנט, און מען מוז זיי פאַרגיטיקן איינשטעלנדיק אַ קליינעם פּאָליקליניק אויף צו היילן אָרעמע קראַנקע פון דער זאָנע. אויך אין דער פאַרוואַלטונג פון דער חברה גופא באַגייט זיך עס נישט אָן רייבונגען. דאָך ווערן אַלע שוועריקייטן איבערגעוועלטיקט. די חברה קדישא דינגט אַ באַזונדערע סעקרעטאַריע, און דעם 22־טן יולי 1933, ווערט באַשלאָסן אויסצוברייטערן די טעטיקייט אויך אויף די לעבעדיקע פּראָבלעמען פון ישוב. עס ווערט באַשטימט אָנהויבן זאָרגן פאַר טהרת המשפחה, דורך אויפבויען אַ מאָדערנע כשר'ע מקוה. דאָס אויפבויען דאַרף קאָסטן 10־15 טויזנט פּ. קיין ליגנער־געלט איז נישטאָ, אָבער דער ענערגישער פּרעזידענט ר' נחום בראָנפמאַן דערקלערט אַז דאָס דאַרף נישט זיין קיין אָפּהאַלט, ווייל: „ווען מיר וואַרטן צו האָבן געלט, וואָלטן מיר די חברה קדישא קיינמאָל נישט געהאַט, מיר האָבן אָנגעהויבן מיט די צען פינגער..." עס ווערט אויפן אָרט געמאַכט די ערשטע געלט זאַמלונג און די חברה קדישא מאַכט

איר ערשטן שריט פאַר פּראַקטישער אַרבעט נישט נאָר פאַר קבר־ישראל, נאָר אויך פאַר די לעבנס אינטערעסן פון יידישקייט אין די פרומערע שיכטן.

עס ווערט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיטן „סירקולאָ" וועגן דעם אַז די קרובים וואָס וועלן עס פאַרלאַנגען קאָנען אריבערטראָגן זייערע נפטרים פון די יידישע אָפּטייל־לונגען פון אַלגעמיינעם צעמענטער אויפן באַזונדערן יידישן בית־עלמין אין קאנטשאַלי.

אויפן חשבון פון דער חברה קדישא ווערן דעם 18־טן מאַי פון 1933, אהין אריבערגעפירט די רעשטן פון דער עלנדער נפטרת, דאָרא ליכטענצווייג, וואָס איז באַערדיקט געוואָרן אויפן אַלגעמיינעם בית־עלמין.

דער פאַל איז באַשריבן אין אַקט 51 פון 6־טן יוני, און עס לוינט זיך איבער־צושרייבן פון דאָרט אַ פּאָר שורות, וואָס וואַרפן ליכט אויף דער באַציאונג פון די חברה קדישא יידן צו אַ פערזענלעכער טראַגעדיע אויפן באָדן פון יידישקייט.

„די פרוי דאָרא ליכטענצווייג, אַ פּיליאַריקע איינוואוינערן פון טשילע, האָט פאַרלוירן איר איינציקן זון, אַן אינזשעניער, און איז געבליבן אין טיפסטן עלענט, איינזאַמקייט און טרייסטלאָזיקייט. פונדעסטוועגן האָט זי זיך נישט געצעגערט קיין איין מינוט אפילו אויף אויסצוגעבן ביז איר לעצטן סענט און נאָך בלייבן אַ בעל־חוב, בכדי צו באַצאָלן די פאַנטאַסטישע (?!) סומע וואָס מען האָט פון איר פאַרלאַנגט דערפאַר אַז די רעשטן פון איר בן־יחיד זאָלן רוען אויפן איינציקן יידישן מקום־קבורה וואָס האָט דאַן עקזיסטירט ביים „סירקולאָ". און דער אָנדענק פון אָט דער אָרעמער פרוי, וואָס האָט געאַרבעט ביז איר לעצטן אָטעם־צוג, בכדי צו באַצאָלן דעם קבורה־חוב, וואָס וואָלט באַדאַרפט פאַלן נישט אויף איר, נאָר אויף דער גאַנצער געמיינדע — האָט נישט אַפּעלירט צום רחמנות געפיל פון די פאַרוואַלטער פון מקום־קבורה, וואָס האָבן זי נישט געבראַכט צו קבר־ישראל ווען זי איז געשטאָרבן, ווייל עס איז נישט געווען גענוג געלט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר איר קבורה, פאַרגעסנדיק די הייליקע מצוה פון כבוד המת, וואָס די געמיינדע איז פאַרפליכטעט צו יעדן איינעם פון אירע קינדער, און בפרט צו אָט דער נפטרת, וואָס האָט עס אודאי פאַרדינט. זי איז באַערדיקט געוואָרן אויפן אַלגעמיינעם צע־מענטער, אָן די מנהגים און דינים פון אונדזער רעליגיע; אויף איר קבר איז אַרויפגעשטעלט געוואָרן אַ קרייץ. די בקשות פון דער „ביענהעטשאַרא" און די אינטערווענץ פון אַנדערע אינסטיטוציעס האָבן נישט געהאָלפן".

דערמאָנען מיר זיך אַז דאָרא ליכטענצווייג איז אַוועק פון צווישן די לעבעדיקע גראָד אין 1932, דאָס שווערסטע יאָר פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין טשילע, ווען דער „סירקולאָ" האָט דורכגעמאַכט ממש אַ קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע, ווערט אויך פאַרשטענדלעכער ווי אַזוי אַזאַ פאַל האָט געקאָנט פּאַסירן אין דער

יידישער סאַנטיאַגאָ, וועמענס ישוב און פירער צייכענען זיך דווקא אויס מיט הארציקער באַציאונג צו נויטבאַדאַרפטיקע אין אַלע אומשטענדן. צו וואָס עקאָ־נאָמישער קריזיס געכפּלט אויף צעשפּליטערטקייט און נצחון קאָנען דערפירן !

ביי דעם אַלעמען איז נאָך די פינאַנציעלע לאַגע פון דער חברה קדישא אַ גאַנץ שווערע. דאָס איינריכטן דעם בית־עלמין האָט געלאָזט אַ חוב פון אַ 40 טויזנט פּעזאָס, און סוף אָקטאָבער, אויף אַ גענעראַל־פאַרזאַמלונג אָפּגעהאַלטן אין בקור־חולים, — הפּנים דער קאָנפליקט צווישןביידע אינסטיטוציעס איז געלייזט גע־וואָרן — ווערט באַשלאָסן צו מאַכן אַ ספּעציעלן קאַמפּיין אויף צו דעקן דעם חוב. דער קאַמפּיין איז משמעות געווען אַ דערפאָלג, ווייל פון 1934 הויבט די חברה קדישא אָן צו פיגורירן מיט סובסידיעס פאַר פאַרשידענע אינסטיטוציעס ווי ראַ־בינאַט, חינוך, קאַמפּיינען וכ׳., און ווערט אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דעם יידישן לעבן פון טשילע.

צום באַדויערן וועט אין 1938 אויסברעכן אַן אינערלעכער קאָנפליקט וואָס וועט אויף אַ פּאָר יאָר האַמעווען די וויטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער אינסטיטוציע.

## ד) פאַרשאַרפט די סכסוכים אַרום אימיגראַציע

אין 1933 הויבט זיך אָן די איינוואַנדערונג פון צענטראַל־אייראָפּעישע יידן, וואָס וועלן מיט דער צייט בילדן דעם דריטן סעקטאָר פון דער יידישער קאָלעק־טיוויטעט און וועלן משפּיע זיין סיי אויף דער אַנטוויקלונג פון יידישן ישוב, סיי אויף דער געשטאַלטונג פון אַלגעמיינעם לעבן אין לאַנד. די דאָזיקע איינוואַנדע־רונג, וואָס איז לכתחילה נישט געווען פון גאָר גרויסן פאַרנעם, האָט דאָך געשאַפן אַ רייע פּראָבלעמען, וואָס האָבן פאַרשאַרפט דעם לאַטענטן סכסוך אַרום דעם ענין אימיגראַציע, וועגן וועלכן מיר האָבן פריער געשריבן (זייט 123)

נאָך אין 1929 איז געגרינדעט געוואָרן אַן אימיגראַציע קאָמיטעט, פּרעזידירט פון ד"ר מאַוריסיאָ וויינשטיין. דער קאָמיטעט איז אָנגעשלאָסן געוואָרן אין „היצעם" און האָט געהאַט אַלס טעכנישן לייטער דעם אַקטיוון כלל־טוער לעאָן דימאַנד ע"ה.

דער קאָמיטעט גיט אָבער וויניק הילף צו די ניי־אָנגעקומענע אימיגראַנטן. צווישן יוני און דעצעמבער 1931 זיינען אריינגעקומען אין לאַנד 103 אימיגראַנטן, וואָס האָבן באַקומען פון „היצעם"־קאָמיטעט אַלס מאַטעריעלע אונטערשטיצונג די סומע פון 892 פּ. אַ דורכשניט פון עטוואָס מער ווי 8 פּעזאָס אויף אַ נפש... דאָס רופט אַרויס אומצופרידנקייט אין די פּאָלקסטימלעכע קרייזן פון דער געמיינדע, וואָס גרינדן אַ פאַראיין פאַר געבן די אימיגראַנטן די אונטערשטיצונג אין וועלכער זיי נויטיקן זיך די ערשטע צייט.

ווען עס דערשיינט דער באַריכט פון ד"ר י. ארנשטאַם וועגן די אימיגראַציע מעגלעכקייטן קיין טשילע פּונקט אין אַ צייט ווען אין לאַנד שטייגט די אַרבעטס־לאָזיקייט און דערגרייכט אין 1932 צו אַ פערטל־מיליאָן, שיקן אַרויס אַ גרופּע כלל־טוער: מ. ראָזענבלאַט, (צ. פעדעראַציע); מ. רימסקי (בקור־חולים); י. דראַפּ־קין און י. פּילאָווסקי, דורך דער יידישער פּרעסע, אַן עפנטלעכע וואָרענונג פאַר די וואָס קלויבן זיך קומען קיין טשילע. אָבער דער „היצעם"־קאָמיטעט שיקט אַרויס אַן אָפיציעלע הכחשה, אין וועלכער ער איז דאָך מודה אז אין לאַנד זיינען פאַראַן 45 טויזנט אַרבעטסלאָזע.

ווען דער אויפשטייג פון היטלערן און זיין באַשטימט ווערן אַלס קאַנצלער אין 1933, צווינגט אַ סך יידן פון דייטשלאַנד צו זוכן אַנדערע היימען אין די ווייטע לאַטיין־אַמעריקאַנער מדינות. הויבן זיך אָן אין טשילע שווערקייטן מיט באַקומען וויזעס.

די אימיגראַציע פון דייטשלאַנד איז אָבער נישט געגאַנגען דורך אַרגענטינע, נאָר דירעקט מיטן ים, דורך פּאַנאַמאַ־קאַנאַל צום פּאָרט פון וואַלפּאַראַיסאָ, און ים־אימיגראַציע ווערט פון שטענדיק און אומעטום בעסער קאָנטראָלירט. דערצו איז צוגעקומען די השפעה פון דער נאַציסטישער פּראָפּאַגאַנדע און דער איינפלוס פון די אָרטיקע פּראָ־דייטשישע עלעמענטן, אַזוי אַז די איינוואַנדערונג פון יידן איז געוואָרן אַ גאַנץ שווערער ענין. חוץ די לעגאַלע שווערקייטן זיינען נאָך אָפּט גע־שטאַנען אין וועג די טשיקאַנעס, פון צו יידן נישט גאָר פריינטלעכע באַאַמטע, וואָס האָבן זיך נישט געאיילט מיט אַרויספאַרטיקן די אויספאָדערונג פאַפּירן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט פון יידן.

אויף צו באַקעמפן די דאָזיקע טשיקאַנעס האָט מען געמוזט אָנקומען צו דער אינטערווענץ פון איינפלוסרייכע פּערזאָנען, מיט וועלכע פאַרשידענע יידישע טוער, ווי אויך די פירער פון „היצעם"־קאָמיטעט האָבן זיך געקאָנט פּערזענלעך, און וועלכע זיינען געווען גרייט צו העלפן מיט אַ גוט וואָרט, בלויז צוליב מענטשלעכקייט און מיטלייד מיט די פאַרפאָלגטע.

אין אַזאַ פאַל פלעגט די באַטרעפנדיקע פּערזענלעכקייט געבן אַ טעלעפאָנישע אָדער שריפטלעכע רעקאָמענדאַציע און די איינרייזע פּאַפּירן פלעגן באַקומען ווערן.

די אימיגראַציע קיין טשילע איז קיינמאָל נישט געווען געגוי רעגלאַמענטירט. געוועז יאָרן ווען די טשילענער רעגירונג האָט ג ע ר ו פ ן אימיגראַנטן, געצאָלט פאַר זיי רייזע הוצאות. געגעבן אומזיסטע באַן־בילעטן זיי זאָלן קאָנען באַקוועם אָפּזוכן אַ וואוינאָרט וואו צו באַזעצן זיך. אָנפאַנג צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זיינען אַ צאָל יידישע פאַמיליעס אַריינגעקומען אין לאַנד מיט דער דירעקטער מיטהילף פון דער רעגירונג.

ווען נאָכן ערשטן וועלט־קריג האָבן זיך אויף דער וועלט אָנגעהויבן אימי־גראַציע־שוועריקייטן, האָט מען אין טשילע נישט צופיל קאָנטראָלירט די קליינע איינוואַנדערונג וואָס איז געגאַנגען בעיקר דורך אַרגענטינע, דורך וואַנען דאָס אַריינקומען אין לאַנד איז שטענדיק געווען לייכטער. נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן איז געווען רעלאַטיוו לייכט צו באַקומען די ניי־איינגעפירטע אַרויספּאָדערונג־פּאַפּירן (זשאַמאַדאַס) פאַר קרובים פון די איינוואוינער פון לאַנד, בירגער אָדער נישט.

די באַציאונג פון די צענטראַלע מלוכה־אָרגאַנען איז די ערשטע צייט געווען אַזאַ גינסטיקע אַז אויף דער ערשטער יידישער קאָנווענץ פאַררופן אין 1934, שלאָגט פאַר אירע וויצע־פּרעזידענט ה׳ ש. גאָרען, אַז עס זאָל אויסגעדריקט ווערן סאָלי־דאַריטעט און אָנערקענונג דעם מלוכה פּרעזידענט, דאָן אַרטוראָ אַלעסאַנדרי און זיין רעגירונג פאַר זייער גרויסמוטיקער האַנדלונג צו דער יידישער אימיגראַציע פון דייטשלאַנד.

מיר ברענגען דאָ אַ טעקסט פון אַזאַ רעקאָמענדאַציע בריוול אויף צו באַקומען אַרויספּאָדערונג פּאַפּירן אָדער אַ וויזע:

הויכגעשעצטער ה׳ און פריינט,

„איך בעט אייך אַרויסצוהעלפן דעם דערלאַנגער פון דעם בריוו. איך דערלויב מיך צו באַמיען אייך, ווייל איר זענט די פּערזאָן, אַ פּערזענלעכער פריינט פון מי־ניסטער וועמען ער האָט פאַרשפּראָכן צו איינאָרדנען דרינגענדע אַרויספּאָדערונג־פּאַפּירן, ווי אין דעם פאַל וואָס איך רעקאָמענדיר דאָ. איך וועל אייך זייער דאַנק־באַר בלייבן און בלייב צו אייער דינסט ביי יעטוועדער זאַך אין וועלכער איך קאָן אייך נוצלעך זיין".

אַזעלכע בריוולעך זיינען געשיקט געוואָרן אין די צענדליקער, און האָבן געהאַט די געהעריקע ווירקונג לטובת די איינוואַנדערער.

עס האָבן זיך אָבער אויך געפונען מענטשן, וואָס האָבן גענוצט אַנדערע „פּאַפּירעלעך" אויף צו באַקומען אַרויספּאָדערונג־פּאַפּירן און וויזעס, באַנקנאָטן מיט וועלכע מען האָט פּשוט אונטערגעקויפט דעם אָדער יענעם באַאַמטן, ער זאָל „צואיילן" די פּאַפּירן. דער היצעם־קאָמיטעט פון זיין צד, האָט אָנגעשטעלט אַ ספּעציעלן באַאַמטן וואָס זאָל פאַרלייכטערן די רעגירונגס־פונקציאָנאַרן זייער אַר־בייט ביי די אַרויספּאָדערונג־פּאַפּירן בכדי די איינרייזע דערלויבענישן זאָלן אַרויס־קומען וואָס פריער.

פון באַקומען באַלוינט פאַר פאַרשנעלערן פּאַפּירן, ביז האַנדלען מיט וויזעס איז שוין געווען בלויז איין שריט. און וואָס נענטער די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגערוקט און די נויט צו באַקומען אַן אָרט וואוהין צו ראַטעווען זיך איז געוואָרן שאַרפער, און די צאָל יידן אונטער נאַצישער הערשאַפט איז געשטיגן מיט

די אַנעקסיעס פון עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע, וואָס האָט געבראַכט צו דער פאַרערגערונג פון דער אַזוי אויך נישט איבעריקער גוטע יידישער לאַגע אין אונ־גאַרן, רומעניע און פוילן, אַלץ מער האָט זיך צעבליט דער האַנדל מיט וויזעס וואָס וועט סוף כל סוף ברענגען צו אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל אין יאָר 1940 און צו אַ געריכט׳ס אויספאָרשונג און אַ פּראָצעס וואָס מען האָט פאַרפירט קעגן אַ פּאָר־הונדערט פּערזאָן, שולדיקע טראַפיקאַנטן און אומשולדיקע אידעאַליסטן צוגלייך.

דערווייל הויבן זיך אָן הערן אויף דער יידישער גאַס אָנקלאַגעס קעגן דער טעטיקייט פון „היצעם״־קאָמיטעט. דעם 23־טן יאַנואַר 1939, קומט פאָר אין ביב־ליאָטעק פון „סירקולאָ״ אַ פאַרזאַמלונג, פּרעזידירט פון מאַרקאָס דובינאָווסקי, אַקטואירנדיק אַלס סעקרעטאַר לעאָן גרושקא (היינט בוסתן, אין ווייצמאַן אינסטי־טוט פון מדינת ישראל), אויף וועלכער עס ווערן אויסגעהערט אַ ריי אָנקלאַגעס קעגן דעם „היצעם״־קאָמיטעט, און עס ווערט באַשלאָסן צו רופן אַ זיצונג פון פאָרשטייער פון אינסטיטוציעס אויפן 30־טן יאַנואַר אין ביקור חולים, בכדי צו באַשליסן וועגן אַ ענערגישער האַנדלונג אויפן געביט פון אימיגראַציע.

די יידישע אויסגאַבע „דאָס וואָרט״, וואָס דערשיינט זינט 1937, שרייבט דעם 26־טן יאַנואַר 1939 אין אַ לייט־אַרטיקל.

„דער יידישער אימיגראַציע וועזן אין טשילע מאַכט דורך אַ געפערלעכן קריי־זיס, דוקא אין אַ מאָמענט ווען אַלע האָבן דערוואַרט, אַז צוליב דעם זיג פון פאָלק׳ס־פראָנט, זאָל די יידישע אימיגראַציע אַ סך אַ סך פאַרלייכטערט ווערן. די נייע רעגירונג האָט מיטאַמאָל אינגאַנצן פאַרמאַכט די טויערן פון לאַנד פאַר דער יידישער איינוואַנדערונג״.

„די סיבה? לויטן בריוו פון דעם אימיגראַנטן שוץ־קאָמיטעט („היצעם״), וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דעם פאָריקן נומער פון אונדזער אויסגאַבע, זיינען שולדיק אין דעם די אַנקלאַגעס וואָס יידן האָבן צוגעשטעלט דער רעגירונג קעגן דער אַרבעט פון זעלביקן קאָמיטעט, צוליב וועלכן די רעגירונג זאָל האָבן געבליבן דעסאָריענטירט און האַלט אין שטודירן די לאַגע. פון דער צווייטער זייט, אָבער האָבן מיר, בייוועזענדיק אויף אַ גרעסערער פאַרזאַמלונג פון יידן פון פאַרשידענע שיכטן, וואָס איז פאָרגעקומען די וואָך, כמעט אויף אַ ספּאָנטאַנעם אופן אין „סירקולאָ״, געהאַט גאָר אַנדערע מיינונגען. עס זיינען געמאַכט געוואָרן שווערע באַשולדיקונגען קעגן דעם אימיגראַנטן־שוץ קאָמיטעט, מצד אַ גאַנצע רייע געקרענקטע פערזאָנען. און עס האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק אַז די דאָזיקע אומצופרידענע מיט דער אַרבעט (פון קאָמיטעט) זאָלן זיך אַליין ווענדן צו דער רעגירונג, אויסמיידענדיק דעם קאָמיטעט.

אויף דער פאַרזאַמלונג אין ביקור־חולים ווערט באַנייט די טעטיקייט פון

פאריין פאר אימיגראנטן־הילף, וואס האט זיך ביז דאן באגרעניצט מיט העלפן די אימיגראנטן וואס זיינען שוין אריין אין לאנד, און באשליסט איצט אויסצו־ברייטערן זיין טעטיקייט אויך אויפן געביט פון באקומען איינרייזע דערלויבענישן. דער פאריין ווענדעט זיך מיט א מעמאראנדום צום אויסערן מיניסטער, בעטענדיק אן אוידענץ און דערקלערענדיק גלייכצייטיק די אומשטענדן וואס האבן געבראכט צו דער שאפונג פון דעם פאריין.

דערווייל מאכט זיך א פאל, וואס גיט דעם ענין פון יידישער איינוואנדערונג קיין לאטיין־אמעריקע א אינטערנאציאנאלע באדייטונג.

אין מערץ 1939 ווערט אפגעהאלטן אין מאנטעווידעא אן אינטערנאציאנאלער קאנגרעס פון דעמאקראטיעס אין וועלכן עס באטייליקן זיך א טשילענער דעלע־גאציע פון וועלכער עס איז א מיטגליד ד״ר נאטאליא בערמאן, אן אקטיווער ציו־ניסט און כלל־טוער, געוועזענער רעדאקטאר פון דער יידיש־שפאנישער אויסגאבע „נאסאטראס״, און צו יענער צייט דעפוטאט אין טשילענער פארלאמענט פון דער סאציאליסטישער פארטיי. ד״ר בערמאן דערוואוסט זיך פון די צייטונגען, ווי אויך פון א טעלעגראמע וואס דער נייגעגרינדעטער פאריין פאר אימיגראנטן הילף האט אים געשיקט, אז 27 יידישע אימיגראנטן וואס זיינען אנגעקומען קיין ארגענטינע מיט דער שיף „קאפנארטע״, ווערן נישט אריינגעלאזט אין לאנד, ווייל די וויזעס וואס זיי האבן באקומען זיינען נישט אינגאנצן אין הסכם מיט די לעגאלע רעג־לאמענטאציעס.

אויפן פארשלאג פון ד״ר בערמאן ווענדעט זיך די טשילענער דעלעגאציע אויפן קאנגרעס פון די דעמאקראטיע, צום טשילענער פרעזידענט ד״ר פעדרא אגיררע־סערדא, מיט אן אפיל ער זאל ראטעווען די מענטשן פון צוריקגעשיקט ווערן קיין אייראפע, און דערלויבן זיי אריינקומען קיין טשילע. עס התמ׳נען די טעלעגראפישע ווענדונג: גבריאל גאנזאלעס ווידעלא, קאנטערדאסע לאבאדקא, פראדענאס, רא־סעטו, סעזאר גאבאי, ריקארדא לאטשאם, הובנער, נ. בערמאן, און אפילו די שפעטער נאציסטיש־געשטימטע גאנזאלעס פאן־מאררעע און ווארגאס־ גאלינארי.

גלייך אויפן צווייטן טאג איז דערהאלטן געווארן דער ענטפער פון טשילענער פרעזידענט און סעזאר גאדאי האט אים אפיציעל פארגעלייענט פארן קאנגרעס. די טעלעגראמע לויטעט:

— „גאנזאלעס ווידעלא און אנדערע דעלעגאטן צום קאנגרעס פון דעמא־קראטיעס, מאנטעווידעא.

— אויפנעמענדיק אייער פעטיציע, בין איך מסכים אז די 27 יידן פון „קאפ־נארטע״ זאלן אריינגעלאזט ווערן קיין טשילע, אין הסכם מיט די באדינ־

גונגען וואָס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן צום קאָנסול אין ב. איירעס, געחתמ׳עט פּעדראָ אגיררע״.

דער גאַנצער קאָנגרעס — דער ציילט בערמאַן — איז ווי באַהערשט פון אַן עלעקטרישן שטראָם אויפגעשטאַנען פון די ערטער, און פרענעטיש פון באַגייס־טערונג. באַגריסט דורך אויסגעשרייען, אַפּלאַדיסמענטן און וויוואַטן, דעם פּרעזי־דענט פון טשילע. העכער צען מינוט האָט געדויערט די אוואַציע.

די באַדינגונג וואָס איז געשטעלט געוואָרן די אימיגראַנטן איז געווען, לויטן טעקסט פון דער אָפיציעלער טעלעגראַמע צום טשילענער קאָנסולאַט אין ב. איירעס, וואָס האָט געלויטעט:

— „דער מלוכה־פּרעזידענט אויטאָריזירט דאָס אַריינקומען קיין טשילע פון די יידישע פּאַסאַזשירן פון „קאַפּ־נאָרטע״ מיטן תּנאַי, אונטערצושרייבן אַ פּאַר־פּליכטונג, נישט צו באַשעפטיקן זיך מיט מסחר, נאָר זיך אָפּגעבן מיט אַגריקולטור, אינדוסטריע אָדער באַאַרבעטן מינעס״.

אין אויגוסט 1939 געלינגט עס דעם צ. ק. פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט צו ליקווידירן דעם סיכסוך אַרום אימיגראַנטן־הילף. עס ווערט געגרינדעט אַ געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט פאַר אימיגראַציע הילף אין וועלכן עס זיינען אָנגע־שלאָסן אי וויכטיקסטע אינסטיטוציעס פון דער געמיינדע. ביידע פריקע אינסטי־טוציעס פאַר אימיגראַנטן הילף, דער „קאָמיטעט״ און דער „פאַריין״ ווערן אויפ־געליזט. דער נייער קאָמיטעט, וואָס ווערט פּרעזידירט און אָנגעפירט פון דעם אָנגעזעענעם ציוניסטישן פירער און כלל־טוער אַדוואָקאַט יחיאל סיני, בלייבט אָנ־געשלאָסן אין „היצעם״ און אַרבייט מיט סאָלידאַריש מיטן הילפס־פאַריין פון דייטש־שפּראַכיקע יידן „סיסראַקאַ״, און מיטן דזשאָינט, וועמענס פאָרשטייער אין טשילע איז דער מינען מאַגנאַט סאַלי האָבשילד.

די דאָזיקע ענגע מיטאַרבייט און סאָלידאַריטעט פון דער גאַנצער קאָלעקטיוויטעט אַרום דעם ענין אייגוואַנדערונג ווערט גאָר אין גיכן האָבן אַ רעטונגס־מיסיע, וואָס האָט בלויז מיט פאַראייניקטע כוחות געקאָנט דורכגעפירט ווערן.

אין יאַנואַר 1940 איז אין פּאָרט פון וואַלפּאַראַיסאָ אַריינגעקומען די שיף „אויגוסטוס״, וועלכע האָט געפירט 400 יידישע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן באַוויזן צו פאַרלאָזן אייראָפּע האַרט פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג. די אימיגראַציע באַאַמטע מאַכן שוועריגקייטן פאַרן לאַנדן פון אָט די איינוואַנדערער, און בלויז די אַקטיווע טעטיקייט פון די פאַראייניקטע יידישע כוחות, האָט געקאָנט אויסווירקן אַז די פּליטים זאָלן יאָ אַריינגעלאָזט ווערן אין לאַנד, ווען אפילו מיטן באַדינג אַז זיי מוזן זיך באַזעצן אין די דרום־געגנטן פון לאַנד, וואוהין זיי זיינען אָפּגעפירט געוואָרן דירעקט פון שיף אין אַ ספּעציעלן צוג. נאָך אַ פּאָר הונדערט יידישע

איינוואַנדערער וואָס זיינען אַריין סוף 1939 און אָנפאַנג 1940 האָבן געמוזט אָננעמען דעם זעלביקן באַדינג, ביז די אימיגראַציע האָט זיך געצליך אָפּגעשטעלט צוליב דער וועלט־מלחמה. מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער וועט דער יידישער קאָ־לעקטיוויטעט און אירע רעפּרעזענטאַטיווע אָרגאַנען, אויסקומען צו קעמפן פאַר דעם, אַז דער באַדינג פון באַזעצן זיך אין דרום געביטן זאָל נישט אויסגעברייטערט ווערן אויף די וואָס האָבן אים לכתחילה נישט געהאַט אָנצונעמען ווייל זיי זיינען אַריינגעלאָזט געוואָרן אָן תנאים. אויך אין דעם פאַל וועלן די באַמיאונגען פון די יידישע עסקנים זיין דערפאָלגרייך, און די מיט אַרבייט פון די פאַרשידענע געמיינדעס אויפן געביט פון אימיגראַציע וועט פיל ביטראָגן צו דער צוזאַמענשמעלצונג פון די דריי געמיינדעס אין איין קאָלעקטיוויטעט.

## ה) אַ פּרואוו פון קאָלאָניזאַציע

די פאַרפליכטונג מצד אַ טייל אימיגראַנטן אָפּצוגעבן זיך מיט ערד־אַרבייט, ווערט גענומען פון דער יידישער געמיינדע מיטן פולן ערנסט, און עס ווערן געמאַכט פּאָזיטיווע באַמיאונגען צי באַזעצן אַ טייל איינוואַנדערער אַלס קאָלאָניסטן.

אין 1938 ווערט געגרינדעט אַלס צווייג פון „סירקולאָ״ די „סיקא״, אַ קאָלאָ־ניזאַציע דעפּאַרטאַמענט, פּרעזידירט פון לעאָן אַרענסבורג, וועלכער באַמיט זיך צו באַזעצן יידן אויף באָדן אין די ראַמען פון דעם קאָלאָניזאַציע ווערק וואָס די רעגירונג פירט דורך אויפן וויטן דרום פון לאַנד, בעיקר אויפן אינדזל „טשילאָע״, וואו אייניקע יידישע קאָלאָניסטן באַזעצן זיך אין דער געגנט פון קאַקיאַאָ.

אין יערליכן באַריכט פון „סירקולאָ״ פון 1939, געפינט מען באַמוטיקנדיקע ידיעות וועגן די רעזולטאַטן פון אָט דער קאָלאָניזאַציע: „מיר האָבן דערוויזן אַז מען קאָן קאָלאָניזירן אָן צו פאַרוועגדן גרויסע קאַפּיטאַלן״. „בשעת׳ן באַזוך וואָס דער פּרעזידענט פון קאָלאָניזאַציע־פאָנד פון טשילע האָט געמאַכט אין מערץ 1939 (אין טשילאָע) האָט ער אויסגעלויבט די אַרבייט פון די יידישע קאָלאָניסטן״. „זיי גיבן זיך אָפּ מיט קאַרטאָפל־קולטיווירן און מילך פּראָדוקציע״.

אָבער מיט דער צייט האָט מען זיך אַרומגעזען אַז דער ענין קאָלאָניזאַציע איז גאָרנישט אַזאַ לייכטער. אין באַריכט פון „סירקולאָ״ פאַרן יאָר 1940 זאָגט זיך שוין אַז: „די קאָלאָניסטן פון קאַקיאַאָ דאַרפן נאָך אַלץ אָנקומען צו אונטער־שטיצונג״. „די ביזאַיצטיקע דערפאַרונג באַווייזט אַז די קאָלאָניזאַציע אונטער־נעמונג פאָדערט גרויסע קאַפּיטאַלן, וואָס מיר קאָנען נישט אַרויסבאַקומען פון אונדזער קאָלעקטיוויטעט. עס פאָדערט זיך די הילף פון אויסלענדישע אָרגאַני־

זאציעס, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין דעם פּראָבלעם. דער „סירקולאָ" זוכט צו באַקומען די קאָאָפּעראַציע פון „דזשאָינט".

באמת זיינען די יידישע קאָלאָניסטן געגאַנגען אויפן וועג מיט דער פולסטער אנטשלאָסנקייט און איבערגעגעבנקייט, אָבער דער שווערער קלימאַט, א קאַלטער און א נאַסער, דאָס פעלן פון געהעריקע געלט־מיטלען און פון דערפאַרונג פאַר ערד־אַרבעט אין אַזא קלימאַט, האָבן צונישט געמאַכט די בעסטע כוונות. דער פּרואוו פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין וויטן דרום האָט זיך נישט איינגעגעבן.

בעסערע רעזולטאַטן האָט געגעבן באַשטאַטישע קאָלאָניזאַציע אין מאַיפו, סאַן־בערנאַרדאָ, סיסטערנאַ און איסלאַ דע מאַיפו. וועגן אָט די קאָלאָניסטן דערציילט דער יערלעכער באַריכט פון „סירקולאָ" פון 1940, אַז „זיי זיינען געוואָרן זעלבסט־שטענדיק און אויסגעצאָלט טייל פון זייערע חובות". אין די אויבנדערמאָנטע מקומות זיינען ביז היינט פאַרבליבן א צאָל יידישע קאָלאָניסטן, צווישן זיי אייניקע וואָס די „סיקאַ" האָט אריענטירט ביים באַזעצן זיך מיט אייגענע מיטלען.

עס איז גאַנץ מעגלעך אַז ביי גרעסערע געלט־מיטלען וואָלט דאָס קאָלאָניזאַציע־ווערק אָנגענומען א פיל גרעסערן מאַסשטאַב; אָבער אויב די צאָל יידן אין דער אַגריקולטור איז קליין, האָט עס נאָר צו באַדויערן די יידישע קאָלעקטיוויטעט; דאָס לאַנד גופא האָט צו דעם וויניק דערלייגט און, אדרבא, אַסך פּראָפּיטירט. ווייל אויף די געביטן פון מסחר און בעיקר, אינדוסטריע, האָבן די יידישע אימיגראַנטן פיל מער בייגעטראָגן צום אַלגעמיינעם וואוילזיין פון לאַנד, ווי זיי וואָלטן עס געקאָנט באַווייזן ביי אַגריקולטור, אפילו ווען דער קאָלאָניזאַציע־פּרואוו וואָלט זיך בעסער איינגעגעבן.

## ו) דער דריטער סעקטאָר קומט אויף

אין די דאָזיקע יאָרן 1933/9 קומט אויך אויף די דייטש־שפּראַכיקע געמיינדע, היינט צו טאָג די צאָלרייכסטע אין דער קאָלעקטיוויטעט. דאָס אָנקומען פון די ערשטע פּליטים וואָס אַנטלויפן פון דער נאַציסטישער פוריע און טעראָר, דערוועקט דעם יידישן געפיל ביי די געציילטע דייטש־שפּראַכיקע פאַמיליעס וואָס האָבן פון פריער געלעבט אין טשילע און וואָס האָבן זיך נאָך נישט פולשטענדיק אַסימילירט. די האַלב־פאַרטריקנטע צווייגן פון יידישן שטאַם האָבן אָנגעהויבן אָפּצולעבן אונטער דער השפּעה פון יידישער נויט: אייניקע פון זיי וועלן אינגאַנצן אָפּגעראַטעוועט ווערן פון אונטערגאַנג.

אין 1933, ווען אין סאַנטיאַגאָ זיינען פאַראַן א 10—12 אַזעלכע פאַמיליעס

און עס באוויזן זיך די ערשטע פליטים־שוואלבן, ווערט דעם 29־טן סעפטעמבער פאררופן אויף דער איניציאטיוו פון בערנארד פינקוס א בעראטונג אין הויז פון סאלי האכשילד אויף וועלכער עס איז געגרינדעט געווארן דער הילפס־פאריין פאר פליטים „סיסראקא".

בערנארד פינקוס איז אין 1925 אראפגעבראכט געווארן אלס אייזן־ספעצ־יאליסט פאר דער געזעלשאפט „פעראסטאל", בראש פון וועלכער עס איז געשטאנען דער דייטשער ייד רודאלף לוסטיק. אין דער הילפס־אקציע פאר די פליטים ווערט אויך טעטיק ד"ר עריק ברי, פארוואלטער פון דער אפטיילונג פון דער האכשילד פירמע אין וואלפאראיסא: פאראלעל מיט דער עקאנאמישער איינארדנונג פון די פליטים, הויבט זיך אן זייער געזעלשאפטליכקייט.

דעם 27־טן יאנואר 1937, ווערט דורך דעם נישט לאנג צוריק אנגעקומענעם לעא ראזענטאל, געגרינדעט די ערשטע „בני ברית" לאזשע אין טשילע, די „פאַ־סיפיקא", אין וועלכע דייטש־שפראכיקע, מזרח יידן און ספרדים ארבייטן צוזאמען.

לעאן ראזענטאל איז געווען א מיטגליד אין דער צענטראלער בני־ברית לאזשע אין דייטשלאנד. אויף זיין ווענדונג שלאגט פאר די דאזיקע לאזשע פאר דער צענטראלע פון בני־ברית אין וואשינגטאן צו גרינדן א לאזשע אין טשילע. די צענטראלע פארארדנט דער לאזשע אין ב. איירעס מיטצוהעלפן ביי דער גרינדונג פון דער לאזשע „פאסיפיקא" אין טשילע. פון ב. איירעס ווערן אראפגעשיקט ד"ר א. מבשן און ה. י. ענגלענדער וועלכע ארבעטן מיט מיט לעאן ראזענטאל אין די ערשטע שריט פון דער לאזשע „פאסיפיקא". אויף אזא אופן איז די גרינדונג פון דער ערשטער בני־ברית לאזשע אין טשילע געווארן אן אויסדרוק פון יידישער סאלידאריטעט אין וועלט־מאסשטאב: אייראפע, צפון־אמעריקע פון אטלאנטיק צום פאסיפיק. היינט צו טאג עקזיסטירן אין טשילע פינף בני־ברית לאזשעס: פאסיפיקא, נגבה, הבונים, וואלפאראיסא און קאנסעפסיאן.

אין אפריל, נאך א יארצייט־מנחה וואס איז געדאוונט געווארן אין „היצעם"־ביורא, אויף מערסעד 568, קומט אויף אן איניציאטיוו צו שאפן א פאריין פון דייטש־שפראכיקע יידן. דעם 8־טן מאי פון זעלבן יאר קומט פאר אין זעלבן ביורא די ערשטע פארבערייטונגס־זיצונג אין וועלכעס עס באטייליקן זיך 14 פערזאן, וואס דערקלערן זיך פאר א גרינדונגס־קאמיטעט. בראש פון קאמיטעט ווערט גע־שטעלט אלס פארזיצער ה' זיגמונד פרוידענטאל, וואס וועט פרעזידירן דעם ניי־געגרינדעטן פאריין אין משך פון 8 יאר (1938—1946). דער פאריין שטעלט זיך צוויי אויפגאבן פון רעליגיעזן כאראקטער און איינע פון סאציאלן: קולט, קבר־ישראל און באזארגונג אין א טויט־פאל.

דעם 27־טן יוני 1938, אויף א פארזאמלונג אין קאפע „טאבו", אין וועלכן




פרויען ליגע „קארידאד", ביי דער געמיינדע „בני־ישראל"



דירעקטאָריום פון פילאַנטראָפּישן פרויען פאַראיין „לאַ ביענהעטשאָרא"
1956 — 57



דירעקטאָריום פון דער יידישער באַנק אין טשילע



די געביידע פון דער יידישער באַנק וואָס האַלט זיך אין בויען

עס באַטייליקן זיך אַרום 100 פּערזאָן, ווערן גוטגעהייסן די סטאַטוטן, דער אָר־גאַניזיר־קאָמיטעט ווערט דערקלערט ווי אַ דעפיניטיווע פאַרוואַלטונג און עס ווערט באַשטעטיקט דער אָפיציעלער נאָמען: „חברה פאַר קולט און באַשטעטיקונגס־געמיינשאַפט" (קבורה).

די פאָרשלאָגן אָנצוהייבן אַ קולטור־טעטיקייט, אָנשליסן זיך אין דער ציוני. פעדעראַציע און אַנדערע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן פון דער קאָלעקטי־וויטעט, ווערן איבערגעלאָזט פאַר שפּעטערדיקער פאַרהאַנדלונג אין דער פאַרוואַל־טונג. די עקאָנאָמישע לאַגע פון די נייַ איינגעוואַנדערטע דערלויבט נאָך נישט צו טראַכטן וועגן אַזעלכע העכערע ענינים.

דעם 3־טן אַפּריל 1939, ווערט אָפּגעריכט דער ערשטער קאָלעקטיווער סדר אין דער קליינער צייטווייליקער סינאַגאָגע, וואָס איז דערעפנט געוואָרן צו די פסח טעג אויפן ערשטן שטאָק פון דער הויז אויף מאַנכיטאַס 507.

אין דעם דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר פון דער קאָלעקטיוויטעט איז אויך אויפ־געקומען די ערשטע חלוצישע יוגנט־באַוועגונג אין טשילע — „קידמה" (פּראָגרעס), וואָס האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין „השומר הצעיר". אונטערן איינדרוק פון די פּאַסירונגען אין דער נאַכט פון 11־טן נאָוועמבער 1938, ווען אין דייטשלאַנד זיינען פאַרברענט געוואָרן אַלע יידישע שילן, האָבן דריי יוגנטלעכע פון דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר פאַרטראַכט אַ „יוגנט גרופּע", וואָס איז דעפיניטיוו געגרינדעט געוואָרן ערשט אין אויגוסט 1939, האַרט פאַרן צווייטן וועלט־קריג, און האָט געציילט לכתחילה 28 מיטגלידער־גרינדער, אַלע פון דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר, וואָס האָבן שוין אַקטואירט אין ציוניסטישע יוגנט באַוועגונגען אין איראָפּע, און האָבן נאָך נישט געהאַט קיין געמיינזאַמען לשון מיט דער אָרטיקער יוגנט, סיי שפּראַכלעך, סיי פּסיכיש.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועט די יוגנט גרופּע בייטן איר נאָמען אויף „קידמה", אַ נאָמען וואָס וועט האָבן פיל צו זאָגן אין יידישן לעבן אין טשילע, אָבער די אַקטואַציע פון אָט דער קערפּערשאַפט געהערט שוין צו אַ צווייטער תקופה און וועט באַהאַנדלט ווערן אין אַן אַנדער קאַפּיטל.

## ז) גייסטיקער אומרו

צו די פּאָזיטיווע דערשיינונג פון דער שמיטה־יאָרן 1933—1939, דאַרף צו־גערעכנט ווערן דאָס דערשיינען פון ערנסטן יידישן זשורנאַל „זיד־אַמעריקע", אין וועלכן עס ווערן פאַרעפנטלעכט ערנסטע אַרבעטן וועגן יידן און יידישקייט אין לאַטיין־אַמעריקע. אַזוי, למשל, שרייבט ד"ר מאַרקאָס וויינשטיין, אַ מעדיצינער,

תלמיד־חכם און אייגנאַרטיקער דענקער, אין ערשטן נומער פון זשורנאַל וואָס דערשיינט אין פעברואַר 1935 אונטער דער רעדאַקציע פון נ. וויטאַל און מ. ד. גיסער.

„די זיד־אַמעריקאַנער יידן פון דעם נייעם אונטערגעוואַקסענעם דור, האָבן זייער ליב צו רעדן וועגן יידישע זאַכן. ווי געוועהנליך ווערן זיי ערשט געוואָר דערפון צו די אכט־צען יאָר פון זייער לעבנס־עלטער. די דאָזיקע בשורה באַקומען זיי צום ערשטן מאָל אין דער שולע, וואו זיי דערוויסן זיך, אגב, אַז די יידן זיינען שלעכטע מענטשן און אַז זיי זיינען עס די וואָס האָבן געקרייציקט דעם „הייליקן זון".

„דער איינדרוק מוז זיין זייער טיף און ווייטיקלעך אויף דעם יונגן יוגנטלעכן געוויסן, קיינער פאַרגעסט עס נישט מער. דער ערשטער צוזאַמענשטויס מיטן אַרומיקן לעבן, וואָס שרייט אים אין די אויערן אַריין דאָס זעלבסטפאַרשטענדלעכע: ביזט אַ ייד! ביזט אַ ייד!

„נאַטירלעך וועלן אַ סך (די מער געשליפענע) יונגע יידן, נישט וועלן אַנער־קענען אַז דער יידישער מאָטיוו שטרייכט נישט איינמאָל אונטער זייער פסיכיש לעבן. סטייטש! — אַ סך פון זיי רעדן אפילו קיין איין מאָל וועגן די בני ישראל, זיי ברענגען אפילו נישט דעם נאָמען „ייד" אויף די ליפּן. אָבער מאַקע דאָס נישט ריידן איז אַ גרויסער צייכן".

„מיר טרעפן אויך אין אַנדערע קלאַסן יונגע יידן אין די פאַרשידענע זיד־אַמעריקאַנער מדינות, זיי פּרואוון נישט אַנטלויפן פון זייערע אייגענע ברידער, זיי בילדן דאָך די הייסע יידישע פּאַטריאָטן, זיינען ציוניסטן; דאָך, אין זייער גאַנצן ענטוזיאַזם, קלינגט עפּעס מאָדנע פאַלש דאָס יידישקייט זייערס. זיי האָבן ביי זייערע עלטערן גאָרנישט געהאַט (וואָס) איבערצוגעמען, כדי צו קאָנען די זעלט־זאַמע אוצרות פון דעם יידישן שאַפן, האָבן זיי זיך קיינמאָל נישט באַמיט דערפאַר. אלזאָ, מיט וואָס קען באַרעכטיקט ווערן זייער אייגנאַרטיקע אינהאַלטסלאָזע יידישקייט?"

דאָך זוכן די נייע דורות וועגן צו זיך גופא, און איניקע פאַרשטייער פון פאַריקן דור העלפן זיי צו אין דעם.

אין פאַרשידענע נומערן פון דעם זעלביקן זשורנאַל „זיד־אַמעריקע", זעצט איבער דער פּאָעט משה דוד גיסער, פון דער לאַטיין־אַמעריקאַנער פּאָעזיע אויף יידיש, און דיכטעט אין יידיש אויף אַלגעמיינע מאָטיוון פון דער לאַטיין־אַמערי־קאַנערווירקלעכקייט. דער פּראָצעס פון אַריינוואַקסן אין דער נייער סביבה דער־האַלטנדיק די יידישע אידענטיטעט און אפילו שפּראַך, האָט זיך ערנסט אָנגעהויבן. אַלס אויסדרוק פון אַט דער דאָפּלטער שטרעבונג קומט אין 1935 די גרינדונג

פון ספאָרט־פאַרײן "מכבי", און דאָס זעלבע יאָר הויבט אָן צו דערשײנען דאָס וואָכן־בלאַט „מונדאָ־כודיאָ", אַרויסגעגעבן פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע. זינט 1937, דערשײנט אַ וואָכנבלאַט אויף ייִדיש מיטן נאָמען „דאָס וואָרט". אין 1939 ווערט געשאַפן די „יונגע וויצאָ". עס איז ניכר אַז די אַסימילאַציע ווערט מער אַ פּראָצעס פון צופּאַסונג, ווי פון אויפלײזונג; זי האָט בעיקר פאַרכאַפּט די שפּראַך־ספערע, נישט אָנרירנדיק די טיפערע שיכטן פון ייִדישן באַוואוסטזײן, און אויך די שפּראַך־ספערע ווערט נישט אָפּגעגעבן אָן גערעאַנגל. דער ייִדישער ישוב אין טשילע פאַרפונדעוועט זיך אין דער נײער סביבה.

## ח) נײַע רעפּרעזענטאַנץ

אָט די אַלע פּאַסירונגען, און די ענדערונגען וואָס זײ ברענגען אַרײן אין אינערלעכן לעבן פון דער געמײנדע, רוקן אַרויס די נויטווענדיקײט צו שאַפן אַ נײַע רעפּרעזענטאַנץ אויפן אָרט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, וואָס האָט בלויז דערהאַלטן דעם נאָמען פון איר אַמאָליקער פונקציע. מיטן זיג פון די דאָקטרינערע ציוניסטן און דאָס דערשײנען פון ציוניסטישע פּאַרטײען, איז די פעדעראַציע געוואָרן מער ציוניסטיש, אָבער ווייניקער רעפּרעזענטאַטיוו פאַר דער קאָלעקטיווּיטעט. דערצו הויבט זיך אָן אין דער גרויסער ייִדישער וועלט די באַוועגונג פאַר אַ וועלט־רעפּרעזענטאַנץ פון ייִדישן פאָלק, וואָס זאָל קאָנען באַקעמפן די אַנטיסעמיטישע מגפה וואָס דער נאַציזם האָט פאַרשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, און אויך אָרגאַניזירן די פאַרשידענע לאַנדעס־קאָלעקטיוויטעטן פאַר זײער אינערלעכן לעבן. די ציוניסטן אַלײן, זוכן צו שאַפן אַ נײַע רעפּרעזענטאַנץ וואָס זאָל זײן אָנגעשלאָסן אין ייִדישן וועלט קאָנגרעס וואָס האַלט זיך דעמאָלט אין גרינדן.

נאָכן ציוניסטישן לאַנדעס־קאָנגרעס פון 1933, הויבן זיך אָן די באַמיאונגען אין דער הינזיכט וואָס זײנען בעיקר אינספּירירט פון דער „דאַיא" אין ב. אײרעס. מיט דער באַוועגונג פירט אָן אַ „קאָמיטע פּראָוויזאָריאָ דע לאַ קאָלעקטיווידאַד" — צײַטווײליקער קאָמיטעט פון דער קאָלעקטיוויטעט. די איניציאַטיוו באַגעגנט לכתּ־חילה אַ קעגנערשאַפט פון געוויסע אינסטיטוציעס. אויף איר זיצונג פון 18־טן פעברואַר 1934, זאָגט זיך אַרויס די פאַרוואַלטונג פון דער חברה קדישא קעגן שיקן אַ דעלעגאַציע צו דער פאַרזאַמלונג פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין גענף אין אַפּריל 1934. מיט דער פאָרשטײער פון פּראָוויזאָרישן קאָמיטעט ה' יעקב גאַמבעראָוו דערקלערן אַז די אויפגאַבע פון וועלט־קאָנגרעס איז בלויז צו באַקעמפן אַנטיסעמיטיזם, אָן זיך אַרײנצומישן אין די אינערלעכע ענינים פון די אָנגעשלאָסענע קאָלעקטיוויטעטן.

עס ווערט פאררופן א ספעציעלע קאָנווענץ, וועגן וועלכער מנחם אלוני זאָגט אין זיין ארבעט אין נומער פון „מונדאָ כודיאָ" צום 25־טן יאָרטאָג פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע: „די קאָנווענץ האָט נישט געגעבן די געגאַרטע רעזול־טאַטן. די אינסטיטוציעס האָבן זיך געשטעלט מן הצד צו די אַספּיראַציעס פון יידישער סאָלידאַריטעט אין וועלט־מאַסשטאַב, ווי אויך פון א דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע פון יידישן געזעלשאַפטליכן לעבן אויף די ערטער. זיי האָבן געמאַכט דורכפאַלן די קאָנווענץ, און האָבן דערמיט נישט דערלאָזט צו קיין דירעקטער אָנשליסונג פון טשילענער יידישער ישוב אין יידישן וועלט־קאָנגרעס".

אַלס פועל יוצא פון דעם אַלעמען ווערט דער „פּראָוויזאָרישער קאָמיטעט" פארוואנדלט בלויז אין א „קאָמיטעט פאר קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם" אָן קיין שום רעפּרעזענטאַטיווער פונקציע.

אָבער דעם 9־טן נאָוועמבער פון 1936, ווערט פון צען יידישע פאַריינען אין סאַנטיאַגאָ געגרינדעט דער „צענטראַל קאָמיטעט פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט אין טשילע", וואָס איז פאַקטיש די פאָרטזעצונג פון אויבנדערמאָנטן „קאָמיטעט פאַר קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם".

אויך דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט געהאַט שווער צו קעמפן ביי זיין דעפי־ניטיווער קאָנסטיטואירונג. עס איז אָנגעגאַנגען א שאַרפער גערانגל וועגן דעם מאָדוס לויט וועלכן דער קאָמיטעט דאַרף צוזאַמענגעשטעלט ווערן, צו אויפן יסוד פון דעלעגאַציעס פון אינסטיטוציעס, אָדער דורך דירעקטע וואַלן, ווי דאָס האָבן געפאָדערט די דאָקטרינערע ציוניסטן, וואָס האָבן דאָמינירט אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע. געזיגט האָט די ערשטע טענדענץ: דער קאָמיטעט ווערט צוזאַמענ־געשטעלט פון דעלעגאַטן פון אינסטיטוציעס. די צאָל פון אָנגעשלאָסענע אינסטי־טוציעס איז גלייך געשטיגן צו 34. אָבער דער געראַנגל האָט געדויערט העכער א יאָר צייט, פון 9־טן נאָוועמבער 1936 ביזן 2־טן פעברואַר 1938, ווען א גרעסערע דעלעגאַטן פאַרזאַמלונג פון די אינסטיטוציעס פון שטאָט און פּראָווינץ האָט געקאָנט באַשטימען דעם ערשטן פּראָוויזאָרישן עקזעקוטיוו, אונטער דער פּרעזידענץ פון ה' שמואל גאָרען, און ה' ראָבערטאָ לעווי אין אַמט פון סעקרעטאַר.

גלייך נאָך זיין קאָנסטיטואירונג דאַרף דער עקזעקוטיוו פון צענטראַל קאָמיטעט אַרויסטרעטן פאַר דער עפנטלעכקייט וועגן אַן ענין פון ספּעציעלער וויכטיקייט פאַר דער קאָלעקטיוויטעט.

צוליב סיבות פון פּאָליטישן כאַראַקטער איז צוגענומען געוואָרן די טשילענער בירגערשאַפט ביים יידישן פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַט ד"ר נאַטאַליאָ בערמאַן, וועלכער איז נאָכן צוריקבאַקומען די בירגערשאַפט אַריין אין פּאַרלאַמענט אין די וואַלן פון „פּאָלקס־פראָנט" אין 1937.

דאָס האָט געגעבן פּלאַץ אַז אין דער צייטונג „לאַ נאַסיאָן" זאָל דערשיינען אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען: „אויסלענדער אין אונדזער פּאַרלאַמענט", אין וועלכן אויסלענדער זיינען באַצייכנט געוואָרן ווי עלעמענטן אויף וועלכע מען קאָן זיך נישט פאַרלאָזן. דער אַרטיקל איז געווען אַזוי דורכזיכטיק געשריבן אַז מען האָט זיך נישט געקאָנט מאַכן נישט וויסנדיק וועגן דעם וועמען מען מיינט צו טרעפן.

דער צענטראַל קאָמיטעט פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט טרעט אַרויס אין דער זעלביקער צייטונג „לאַ נאַסיאָן", דעם 29־טן מערץ 1938, מיט אַ דעקלאַראַציע אין וועלכער עס ווערן אָפּגעוואָנדעט די אַרגומענטן פון דעם אַנגרייפערישן אַרטיקל, אין דער דעקלאַראַציע ווערט געזאָגט צווישן אַנדערס:

די יידן וואָס האָבן באַקומען זייערע בירגער רעכט אין הסכם מיט די דיס־פּאָזיציעס פון דער קאָנסטיטוציע און געזעצן פון לאַנד, זיינען טעטיק אין דער לאַנדעס־פּאָליטיק אַלס בירגער, און אונטער פערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זייערע שטעלונגען איז עס, פאָלגלעך, נישט באַרעכטיקט אַז דער אויטאָר פון דערמאָנטן אַרטיקל זאָל זוכן צו פאַרבינדן אַן אייצעלנעם פערזענלעכן פאַל, מיט דער אַלגעמיינער שטעלונג פון דער געמיינדע, און בעיקר מיט די (יידן) וואָס האָבן באַקומען בירגער־פּאַפּירן. די דאָזיקע וואוינען אין לאַנד אַ סך יאָרן און באַשולדיקן זיי אַז ביים פאַרלאַנגען זייערע בירגער־פּאַפּירן האָבן זיי געהאַט די אָפּשיילעכע אבזיכטן וואָס דער אויטאָר פון אַרטיקל שרייבט זיי צו, מיינט נישט זיין געטריי דעם אמת פון די פאַקטן, ווייל די סטאַטיסטיק באַווייזט, אַז פון די הונדערטער נאַטוראַליזירטע יידן, האָט אפילו קיין איינם פּראָצענט נישט פאַרלאָזן דאָס לאַנד".

„די טשילענער קאָנסטיטוציע און געזעצן, וואָס יידן פאָלגן אויס אויף אַ ביישפּילפולן אופן, שטימען נישט דעם ראַסן־פּאַראָרטייל, וועלכן, דער אויטאָר פון אַרטיקל, מסתמא אונטערן איינפלוס פון פרעמדע דאָקטרינען, זוכט איינצופלאַנצן אין דעם לאַנד אין וועלכן עס הערשט אַבסאָלוטע פרייהייט פון געוויסן, און וועל־כעם די יידן ליבן ווי זייער אייגן לאַנד, ווייל זיי לעבן דאָ רואיק שוין פון אייניקע דורות און עס איז דאָס פאָטערלאַנד פון זייערע אייניקלעך".

דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל וואָס אַ רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט איז מוטיק אַרויסגעטרעטן אין דער עפנטלעכקייט און הויך געלאָזט הערן איר שטימע אין פאַרטיידיקונג פון יידישע אינטערעסן און כבוד. דער אויפטריט פון צענטראַל קאָמיטעט האָט געמאַכט אַ רושם סיי כלפּי חוץ, סיי אינערהאַלב דער קאָלעקטיוויטעט גופא, וואָס האָט זיך דערפילט פעסטער אין איר סטרוקטור.

דער צענטראַל קאָמיטעט פירט דורך אין 1938 אַ קאַמפּיין לטובת די פליכט־לינגע פון עסטרייך, וואָס איז אָקופּירט געוואָרן פון נאַצי־דייטשלאַנד, פאַר וועלכן

צוועק ער שאפט א ספעציעלן קאמיטעט, דער ערשטער סעקרעטאר פון וועלכן איז געוועז ד"ר יעקב שאולזאן, איצט פארלאמענט־דעפוטאט פון דער רעפובליק.

אין נאוועמבער פון זעלבן יאר, פירט דורך דער צענטראל קאמיטעט א גראנד־יעזן עפנטלעכן פראטעסט־אקט קעגן די בארבארישע פאסירונגען אין דייטשלאנד, נאך דער דערמארדונג פון פאן־ראט, ווען עס זיינען פארברענט געווארן אלע יידישע שילן פון דייטשלאנד. אויפן אקט טרעטן ארויס די רעפרעזענטאטיווע פערזאנען פון אלע סעקטארן פון דער טשילענער עפנטלעכער מיינונג, וועלכע פארדאמען דעם נאצי בארבאריזם.

דער צענטראל קאמיטעט פירט גלייכצייטיק אן א פארצווייגטע אויפקלערערישע ארבעט. ער ארגאניזירט צוויי ראדיא־טראנסמיסיעס וועכנטלעך, אין די גרעסטע ראדיא־סטאנציעס פון לאנד: „באקעדאנא" און קאאפעראטיווא וויטאליסיא". ער צושיקט אינפארמאטיוון מאטעריאל צו אלע פרעסע־ארגאנען אין לאנד, ער שטיצט די אויסגאבע פון א ספעציעלן נומער פון דער יידיש־שפאנישן זשורנאל „מונדא כודיא", געווידמעט דער יידישער אינדוסטריע אין טשילע.

דאס פאריייניקן די הילפס־אינסטיטוציעס פאר די אימיגראנטן איז געוועזן דער לעצטער אויפטו פון צענטראל־קאמיטעט, וועלכער האט נישט מיט פיל איבער־געלעבט די פאראייניקונג פוןביידע אימיגראציע קערפערשאפטן. דעם 9־טן אק־טאבער 1939, איז דערוויילט געווארן א נייער עקזעקוטיוו פארן צענטראל קאמיטעט אבער א סך פון די אויסדערוויילטע האבן רענונסירט. דער צענטראל קאמיטעט איז אויפגעלייזט געווארן, און דוקא אין א צייט ווען עס האט אויסגעבראכן דער צווייטער וועלט־קריג, און דער טשילענער ישוב וועט בלייבן אן א עפעקטיווער רעפרעזענטאנץ ביז יוני 1940, ווען עס וועט קאנסטיטואירט ווערן דער רעפרע־זענטאטיווער קאמיטעט. דער סעקרעטאריע־שעף פון דעם געוועזענעם צענטראל קאמיטעט, ה' ראבערטא לעווי, האט אפגעהיט דעם ארכיוו פון אויפגעלייזטן צענט־ראל קאמיטעט און האט אים איבערגעגעבן דעם רעפרעזענטאטיוון קאמיטעט וואס דארף באטראכט ווערן ווי די פארטזעצונג פון די פאריקע רעפרעזענטאטיווע קער־פערשאפטן פון ישוב.

## ט) ספרדים ארגאניזירן זיך אין א קהילה

די דאזיקע אלע אויפטרייסלונגען אין לעבן פון דער קאלעקטיוויטעט האבן זיך ווייניקער אפגערופן אויף דער ספרדישער געמיינדע, ווען אפילו זי האט מיט־געלעבט און זיך מיטבאטייליקט אין דער לייזונג פון די אלגעמיינע פראבלעמען פון דער קאלעקטיוויטעט, האבן די ספרדים דאך געפירט באזונדער זייער אייגענע

געמיינדע, וואָס איז נאָכן קריזיס אריין אין אַ פּעריאָד פון אויפבלי.

אין די מאָנאטן מערץ־אַפּריל 1931, ווערן געפירט און פאַרענדיקט די אונטער־האַנדלונגען וועגן דעם קויף פון אַ באַזונדער ווינקל אויפן אַלגעמיינעם צעמענטאַר פאַר אַ בית־הקברות פון די ספרדים.

אין 1932 ווערט געגרינדעט אַ באַזונדער אָפּטיילונג פאַר חברה קדישא, וואָס דאַרף זיך אָפּגעבן מיטן בית־עלמין ווי אויך טאָן דעם נפטר זיין רעכט — רחיצה, לויה וכ'. די ערשטע פאַרוואַלטונג פון אָט דעם אָפּטיילונג איז באַשטאַנען פון יוסף אַרדיטי אַלס פּרעזידענט און ה"ה ידידי' איזראַעל און יוסף טבע אַלס דירעקטאָרן.

אָבער די געמיינדע שטרעבט צו אַ קהילה־אָרגאַניזאַציע. דער קהילה באַגריף איז ביי די ספרדים שטאַרקער אַנטוויקלט ווי ביי די אשכנזים פון מזרח־אייראָפּע. אין אַ משך פון יאָרהונדערטער האָבן זיי געלעבט אונטער אַ צענטראַליזירטער קהילה־אָרגאַניזאַציע מיט אַ צענטראַלער פאַרוואַלטונג און אַ הויפּט־רב. איז עס פאַרשטענדלעך אַז זיי זאָלן זוכן איינצושטעלן אַ קהילה־מעסיקע אָרדנונג אויך אין די נייע היימען.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען ווערן אַלע אָפּטיילונגען פון פאַריין „מגן דוד" און אַנדערע ספרדישע גרופּן פאַרייניקט דעם 25־טן יוני 1935 אין איין קהילה, אונטערן נאָמען „קאָמוּנידאַד איזראַעליטאַ ספרדי דע סאַנטיאַגאָ", וואָס ווערט אָפיציעל אַנערקענט פון דער רעגירונג אַלס יורידישע פּערזאָן דעם 2־טן אַפּריל 1934. די קהילה שטעלט זיך אַלס אויפגאַבן:

א) ענגער שליסן די פעדים פון ברידערלעכקייט און סאָלידאַריטעט צווישן אירע מיטגלידער און די מיטגלידער פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט אין טשילע.

ב) דורכפירן אין דער פּראַקטיק די הומאַניטאַרע און וואוילטעטיקע דאָק־טרינען דורך העלפן קראַנקע, נויטבאַדאַרפטיקע און שוצלאָזע גלויבנסגענאָסן, און אויסשפּרייטן אָט די טעטיקייט, ווען די מיטלען וועלן עס דערלויבן, אויף אַלע נויטבאַדאַרפטיקע, אַ גלויבנסגענאָסע אָדער נישט.

ג) אויסהאַלטן אַן איינענעם בית־עלמין.

ד) גרינדן און אויסהאַלטן איינע אָדער מער שולן פאַר דער געמיינדע.

ה) אָנהאַלטן דעם יידישן קולט און טראַדיציעס צווישן אירע מיטגלידער ווי אויך דעם גייסט פון קעגנזייטיקער הילף.

ו) שטיצן די ציוניסטישע באַוועגונג מיט אַלע מעגלעכקייטן.

ז) פאַרשפּרייטן יידישן רעליגיעזן און וועלטלעכן חינוך דורך גרינדן שולעס אָדער קורסן אין הסכם מיט די הערשענדיקע געזעצן און רעגלאַמענטן, ווי אויך פון די וואָס די רעגירונג קאָן שפּעטער אַרויסלאָזן.

ח) אויסהאַלטן איינעם אָדער מערערע לאָקאַלן פאַר סאָציאַלע צוזאַמענ־קונפטן און פאַרווײלונגען.

ט) שטיצן אָדער אונטערנעמען אַלע ווערק וואָס קאָנען בייטראָגן צום אַל־געמיינעם וואוילזיין און צום פּרעסטיזש פון די געמיינדע מיטגלידער.

י) דערליידיקן דורך אַרביטראַזש יעדן סיכסוך צווישן די מיטגלידער פון דער קהילה און דורכפירן די באַשלוסן וואָס ווערן אין די פאַלן אָנגענומען ווערן.

די אָפּטיילונגען פון דער קהילה זיינען:

1) חברה קדישא און ביקור חולים; 2) „עוזר דלים” — צדקה; 3) קולט; 4) ציוניזם; 5) געזעלשאַפטלעכקייט — „מגן דוד”; 6) קולטור און דערציאונג; 7) אויפקלערונג און סטאַטיסטיק.

מיט דער גרינדונג פון דער קהילה ווערט דערעפנט אַ ניי קאַפּיטל אין דעם קיום און אַקטיוויטעט פון דער ספרדישער געמיינדע, וואָס וועט מיט איניקע יאָר שפּעטער דערגרייכן אַ גאַנץ הויך גראַד פון אַנטוויקלונג.

## י) „וויצאָ” ברייטערט אויס איר טעטיקייט

אין די דאָזיקע יאָרן פון גרויסער נאַציאָנאַלער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אַנט־וויקלט די יידישע פרוי אין טשילע דורך דער „וויצאָ” אַ שטאַרקע טעטיקייט סיי אויפן געביט פון דעם אָרטיקן יידישן לעבן, סיי אויפן געביט פון דעם אויפבוי פון ארץ ישראל.

צווישן די יאָרן 1933, ווען „וויצאָ”־דאַמען זיין דער וויכטיקסטער פאַרטאָר ביים דערהאַלטן דעם יידישן חינוך אין לאַנד, ווי עס וועט פעסטגעשטעלט ווערן אין קאַפּיטל (10) געווידמעט דעם יידישן דערציאונגס וועזן אין טשילע.

אין 1937 ווערט געגרינדעט די „וויצאָ”־פיליאַל אין וואַלפּאַראַיסאָ.

אין 1938 שטאַט אָפּ איר צווייטן באַזוך קיין טשילע די גרינדערן פון „וויצאָ” אין דעם לאַנד, מ"ם אידאַ בן־ציון, און אַדאַנק איר טעטיקייט, באַקומט די „וויצאָ”־אַרבעט אַ נייעם שטאַרקן אימפּולס. עס ווערן געגרינדעט נייע „וויצאָ”־גרופּעס, צווישן אשכנזים און ספרדים, ווי אויך צווישן דעם פריש־צוגעקומענעם דריטן סעקטאָר פון די דייטש־שפּראַכיקע יידן.

צווישן די אשכנזים ווערן געגרינדעט צוויי גרופּן פאַר הילף דעם קינד אין ישראל וואָס רופן זיך היינט „תל־אביב”, ווי אַ גרופּע יונגע פרויען וואָס שליסט זיך אָן אין דער „וויצאָ” טעטיקייט, נישט נאָר מיט געלט־ביישטייערונגען, נאָר אויך דורך אויסאַרבעטונגען פון האַנט־אַרבעט וואָס ווערן פאַרקויפט לטובת דער „וויצאָ” — דער נאָמען פון דער גרופּע איז „עבודה” — אַרבעט.

צווישן די ספרדים ווערן געגרינדעט א רייע „וויצא״־גרופן אין וועלכן עס זיינען אנגעשלאסן כמעט אלע אן אויסנאם פרויען פון דער קהילה. די טיכ־טיקסטע ערשטע פרעזידענטין פון דער „וויצא״ צווישן די ספרדים, איז מ״ם אנא אלבאלא־לעווי, וואס וועט אנהאלטן איר אמט פון 1938 ביז 1952, ווען זי וועט איבערגעבן די פרעזידענץ די מ״ם ריטא עשהאל.

אין נייעם, ערשט צוגעקומענעם דייטש־שפראכיקן סעקטאר, ווערט געגרינדעט א „וויצא״־גרופע אויפן נאמען פון „הענריעטא סאלד״, וואס ווערט פרעזידירט פון מ״ם לאלא דע רעסלער.

היינט צו טאג ציילט די „וויצא״ אין סאנטיאגא מיט 27 גרופן, וואס האבן א גרויסע ווירקונג נישט נאר אויפן געביט פון דעם בייטראג פון ישוב פארן אויפבוי פון מדינת ישראל, נאר באווירקן אויך די געשטאלטונג פון ארטיקן יידישן לעבן.

## יא) ערשטע יידישע אסעגוראציע געזעלשאפט

די קריזיס־יארן און די שוועריקייטן פון „סירקולא״ האבן זיך מיט דער צייט אויסגעווירקט אויך צום גוטן.

בשעת דעם שארפן קריזיס זיינען אריינגעטראגן געווארן פארשלאגן ארויס־צוהעלפן זיך דורך אנלייען ביי די אסעגוראציע געזעלשאפטן וואו יידישע סוחרים האבן געהאט פארזיכערט זייערע געשעפטן, און אויסצאלן דעם חוב מיט באני־פיקאציעס אויף די „פרימאס״ וואס די מיטגלידער צאלן.

פון דעם איז שוין געווען בלויז איין שריט ביז צו גרינדן א אייגענע יידישע פארזיכערונגס געזעלשאפט, וואס הויבט אן צו פונקציאנירן אין 1936 אונטערן נאמען „לא איזראעליטא״, און ווערט די גאנצע צייט פרעזידירט פון ה׳ כאסע לעווי ג.

די „לא איזראעליטא״ געהער צום קאנסארציום פון אסעגוראציע געזעלשאפטן באקאנט אונטערן נאמען „ארגאניזאסיאן קאפפעס״ און איר הויפט־כערענטע איז ה׳ לואיס קאפפעס ג.

די „לא איזראעליטא״ איז א ביישטייערן צו פארשידענע אונטערנעמונגען פון דער יידישער געמיינע, און העלפט צו פאפולאריזירן דעם יידישן נאמען באַ־גלייך מיט איר יונגערער שוועסטער „לא העבראיקא״, וואס וועט געגרינדעט ווערן מיט צען יאר שפעטער.

קאַפּיטל אַכט

# אין מלחמה־יאָרן

**(1945 — 1940)**

## א) די מלחמה לייגט אַרויף אחריות

די צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס האָט געשטעלט פאַרן יידישן פאָלק אַזעלכע שווערע און טראַגישע פּראָבלעמען, די מלחמה וואָס האָט צעשטערט דעם יידישן צענטער אין אייראָפּע און האָט פאַרטיליקט אַ דריטל פון יידישן וועלט־פאָלק, האָט אַרויסגערופן נייע טענדענצן און האָט אויפגעוועקט פרישע ענערגיען אין די יונגע ישובים פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט, וועלכע האָבן אינטואיטיוו דערפילט אַז זיי וועט אויסקומען צו פאַרפולן די בלויזן און פאַרלוסטן און צו שפּילן אַ דעצידירנ־דיקע ראָלע אין דעם וויטערדיקן גורל פון יידישן פאָלק.

וואָס דער ערשטער וועלט־קריג איז געווען פאַרן יידישן באַוואוסטזיין און אויפוואַכונג פון דעם אחריות געפיל כלפּי דעם כלל־ישראל, מצד די יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז עס די צווייטע וועלט־מלחמה געווען פאַר די ישובים פון לאַטיין־אַמעריקע, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַ הילפס און רעטונגס אַקציע, ווי אויך אַ פּראָטעסט און באַיקאָט טעטיקייט נאָך איידער עס זיינען באַוואוסט געוואָרן די איינצלהייטן פון די גרויסע רציחות און אויסראָטונג פון די אַלטע יידישע ישובים אין אייראָפּע. פּאַראַלעל מיט דעם האָט זיך פאַרשטאַרקט די טעטיקייט פאַרן יידישן לעבן אויף די ערטער. דער טשילענער ישוב איז נישט אָפּגעשטאַנען פון אָט דעם אַלגעמיינעם אויפשוואונג פון יידישן לעבן אין די נייע היימען.

פאַרן ערשטן מלחמה־יאָר וועט געשאַפן און קאָנסאָלידירט ווערן די דעפי־ניטיווע רעפּרעזענטאַנץ פון ישוב, דער „קאָמיטע רעפּרעזענטאַטיוואָ דע לאַ קאָ־לעקטיווידאַד איזראַעליטאַ דע טשילע", וועלכער וועט פיל ביישטראָגן צו קאָאָרדי־נירן דאָס אינערלעכע לעבן פון דעם ישוב וואָס איז האַסטיק געוואַקסן מיטן פאַר־גרעסערטן אימיגראַציע שטראָם. ווי אויך צו האַרמאָניזירן די באַציאונגען צווישן דעם ניי־צוגעקומענעם סעקטאָר פון די דייטש־שפּראַכיקע יידן, מיט די סעקטאָרן וואָס האָבן שוין עקזיסטירט פון פריער, מזרח־אייראָפּעאישע יידן און ספרדים; דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט וועט אויך אָנפירן דעם קאַמף פון די קאָאָר־דינירטע יידישע כוחות קעגן די פּראָוואָקאַציעס און אָנגריפן פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז אונטער דער השפּעה פון נאַציזם, שטאַרק געוואַקסן.

דער „רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט" ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע יידישע אינסטיטוציעס פון לאַנד וואָס ווילן צו אים געהערן. די צאָל דעלעגאַטן פון יעדער אינסטיטוציע איז פאַרשידן, לויט די צאָל פון אירע מיטגלידער און איר וויכטיקייט אין יידישן לעבן פון לאַנד. אָנגעהויבן פון אַ מינימום פון 1 דעלעגאַט, דערגרייכט עס ביז צו אַ מאַקסימום פון 11 דעלעגאַטן פאַר דער ציוניסטישער פעדעראַציע.

די דעלעגאַטן בילדן אַ מין קאָנגרעס, וואָס טראָגט דעם נאָמען „קאָנסעכאָ דירעקטיוואָ דע דעלעגאַדאָס" — דירעקטיווער ראַט פון דעלעגאַטן, וועלכער טיילט אויס פון זיך אַן עקזעקוטיוו פון 17 פּערזאָן, צו וועלכע עס ווערן צוגעגעבן מיט בלויז באַראַטונגס־רעכט דער פּרעזידענט,ביידע וויצעס און דער גענ. סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע.

דער קאָמיטעט ווי די ציוניסטישע פעדעראַציע זיינען אָנגעשלאָסן אין יידישן וועלט־קאָנגרעס, און עס איז פאַראַן אַ געמישטע קאָמיסיע פון פאַרטרעטער פון ביידע אינסטיטוציעס, וואָס איז טעטיק פערמאַנענט, און באַשטימט אין יעדן פאַל ווען עס האָט צו אַקטואירן, איינע פון די צוויי דערמאָנטע אינסטיטוציעס אָדער ביידע, אין די ענינים וואָס האָבן אַ שייכות די פּראָבלעמען פון וועלט יידנטום. די געמישטע קאָמיסיע באַשטייט פון די פּרעזידענטן, וויצעס און גענ. סעקרעטאַרן פון ביידע אינסטיטוציעס און ווערט פּרעזידירט אָלטערנאַטיוו פון דעם פּרעזידענט פון איינער אָדער דער צווייטער אינסטיטוציע.

ווי עס איז צו זען איז די אָרגאַניזאַציע פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט אַ גאַנץ קאָמפּליצירטע און עס האָט גענומען היפּש צייט ביז די דאָזיקע אַזוי נישט־לייכטע מאַשינעריע איז אויפגעשטעלט געוואָרן.

דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט איז געגרינדעט געוואָרן אין אַפּריל 1940, אויף דער דריטער קאָנווענץ פון דעם ישוב. אין דער קאָנווענץ האָט זיך באַטייליקט אַ גאַנץ שטאַרקע דעלעגאַציע פון אויסלאַנד: דער שליח פון וועלט־קאָנגרעס ד"ר יעקב העלמאַן, און די ציוניסטישע שליחים ד"ר א. מבשן, און ד"ר א. ש. יורים; דאָך האָט עס גענומען העכער אַ מאָנאַט זינט דער גרינדונג פון קאָמיטעט, ביז עס איז קאָנסטיטואירט געוואָרן זיין ערשטע עקזעקוטיווע, מיט די ספרדים וויקטאָר קאררי אַלס פּרעזידענט, יחיאל סיני און פערנאַנדאָ פרידמאַן וויצעס, און סאַלוואַדאָר טעליאַס אַלס סעקרעטאַר.

פיל לענגער האָט עס געדויערט ביז עס זיינען רעגולירט געוואָרן די באַציאונגען פון דער נייער רעפּרעזענטאַנץ, דער „קאָמיטעט", מיט דער פאַריקער רעפּרעזענטאַנץ, די ציוניסטישע פעדעראַציע. קנאַפּע פיר יאָר דויערט עס ביז עס ווערן אָנגעצייכנט די דעמאַרקאַציע ליניעס צווישן די קאָמפּעטענצן פון ביידע צענטראַלע

און רעפּרעזענטאַטיווע אינסטיטוציעס. דאָס פּראָבלעם איז נאָך פיל באַשווערט געוואָרן דורך דעם, וואָס אין טשילע קאָן כמעט נישט זיין קיין רייד וועגן אַן אונטערשייד צווישן ציוניסטן און נישט־ציוניסטן. אלע יידן וואָס זיינען אינער־האַלב דעם יידישן לעבן, טיילווייז אפילו קאָמוניסטן, שטייערן מיט פאַרן אויפבוי פון ארץ ישראל (היינט מדינת ישראל), און קאָנען פון פּראַקטישן שטאַנדפּונקט באַטראַכט ווערן ווי ציוניסטן. כמעט אַלע אינסטיטוציעס באַטייליקן זיך ביז היינט אין די קאָנגרעסן פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, אַזוי, אַז עס קאָן העכסטנס זיין אַ רייד פון אַ דיפערענצירונג צווישן אָרגאַניזירטע און נישט־אָרגאַניזירטע ציונים, אַ זאַך וואָס איז אומגעהויער שווער אָפּצוטיילן, ביי דער שוואַכער אָרגאַ־ניזאַציאָנעלער סטרוקטור פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. דאָך האָט דער געפיל פון אחריות געהאָלפן איבערוועלטיקן אַלע שוועריקייטן, און דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט, האָט בהדרגה פאַרנומען אין לעבן פון ישוב די פּאָזיציע צו וועלכער ער איז באַרופן.

## ב) טעטיקייט פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט

דער קאָמיטעט פירט זיין טעטיקייט אין דריי פּאַראַלעלע ליניעס, וואָס דעקן אַלע צוזאַמען דעם גאַנצן לעבנס־שטח פון דער יידישער לאַנדעס־געמיינדע: אי־נערלעכע פּראָבלעמען, באַציאונגען מיט דער אַרטיקער סביבה, יידישע וועלט־פּראָבלעמען; בלויז די ריין־ציוניסטישע טעטיקייט בלייבט אין דער אויסשליסלעכער קאָמפּעטענץ פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, אָבער אויך אין דער הינזיכט האָט דער „קאָמיטעט" צו זאָגן אַלס קאָאָרדינירנדיקע קערפּערשאַפט.

פאַר די פינף מלחמה יאָרן 1940—1945, האָט דער „קאָמיטעט" דורכגעפירט פאָלגענדע טעטיקייט אויף די דריי געביטן פון זיין אַרבעט חוץ זיין אייגענע קאָנסטיטואירונג אין אויסאַרבעטן זיינע אייגענע סטאַטוטן וואָס האָבן פאַרנומען דעם גרעסטן טייל פון זיין ערשטן יאָר קיום.

א) אינערלעכע אנגעלעגנהייטן: 1942, דורכגעפירט מיט דער הילף פון בני ישראל (דייטש־שפּראַכיקע קהילה) און „סיסראַקאַ" (דייטש־שפּראַכיקער הילפס־פאַריין) אַ צענז פון יידישע ערד־אַרבעטער און אינדוסטריאַלן וואָס זיינען אַריין אין לאַנד אין די יאָרן 1933/39; דעם זעלביקן יאָר ווירקט מיט דער קאָמיטעט ביים גרינדן די „אָרט"־„אָזע" אָפּטיילונג, וואָס וועט שפּעטער שאַפן אַן אינדוסטריעלע שולע; דעם זעלביקן יאָר האָט דער „קאָמיטעט" צו קעמפן קעגן אַ פּרואוו צו פאַרבאָטן שחיטה אין סאַנטיאַגאָ. דער אַנטיסעמיטישער פאַרזוך פאַלט דורך.

1943/44. מיטגעווירקט ביים שאפן דעם ועד־החינוך, און פון דעם „טשי־לענער קאמיטעט פאר א יידישער ארץ־ישראל". 1945. צוזאמען מיטן פוילישן פארבאנד ארגאניזירט דעם אנדענק־אקט צום אנייווערסאר פון אויפשטאנד פון ווארשעווער געטא, ווי אויך די יידישע באטייליקונג אין טריומף־פאראד נאכן צווייטן וועלט־קריג.

2) באציאונגען מיטן דער ארומיקער סביבה: אויף דעם געביט האט דער רעפּרעזענטאטיווער קאמיטעט אונטערגענומען די אי־ניציאטיוו צו שענקען דער שטאט סאנטיאגא אן אריגינעלע און וויכטיקע מתנה צו איר פערטן יארהונדערט. (1941), דאס זיינען געווען די ליכטס־סיגנאלן אויף צו רעגולירן דעם טראפיק אויף אייניקע גאסן פון דער הויפּטשטאט, וואס האט פיל פארקלענערט די צאל אקצידענטן. א צייט לאנג האט מען גערופן די ליכט־סיגנאלן „די יידישע לאמטערנעס", וואס האבן אנגעהויבן פונקציאנירן ערשט אין 1944.

אין 1941 באטייליקט זיך דער קאמיטעט אין דעם קאמפּיין פאר מתנות צו ארימע קינדער אין שייכות מיט די ניי־יאר פייערונגען, וואס טראגט דעם נאמען בערנארדא אהיגינס.

אין 1942 נעמט דער קאמיטעט אנטייל אין דעם קאמפּיין „פליגל פאר טשילע" צו גונסטן פון דער נאציאנאלער אוויאציע, ווי אויך אין דער זאמלונג לטובת דער זומער־קאלאניע פאר שול־קינדער אויפן נאמען פון פרעזידענט פּעדרא אגיררע־סערדא.

דעם זעלבן יאר ווערט געגרינדעט מיט זיין מיטהילף דער יידישער קאמיטעט פאר הילף די דעמאקראטיעס, וואס האט אויך א פּרויען סעקציע, פּרעזידירט פון מ"ם אנא א. דע לעווי.

אין 1945 באטייליגט זיך דער קאמיטעט אין דער זאמלונג פארן אויפבוי פון טשילענער פאלקס־טעאטער „סאטש".

ג) אויפן געביט פון אלגעמיין יידישע פּראב־לעמען האט דער רעפּרעזענטאטיווער קאמיטעט צו פארצייכענען פאלגנדיקע ביטראגן:

אין 1941 פירט אן מיט א קאמפּיין לטובת די פּליטים אין פראנצויזישן לאגער גורס, און קניפּט אן קאנטאקטן מיטן „היצעם" אין ליסאבאן וועגן ראטעווען די פּליטים וואס געפונען זיך דארט.

דעם זעלביקן יאר איז דער קאמיטעט צוזאמען מיטן „סירקולא" פארטראטן דורך יחיאל סיני און איזידאר דימאנד ע"ה אויפן צוזאמענפאר אין באלטימאר,

אויף וועלכן עס ווערט געשאפן דער אינטעראמעריקאנער יידישער ראט. שמואל גארען פארטרעט די ציוניסטישע פעדעראציע.

אין 1942 ארגאניזירט דער קאמיטעט א פראטעסט מיטינג קעגן די נאצישע שחיטות אין רוסלאנד און באטייליקט זיך אין דער קליידער־זאמלונג פאר די פוילישע פליטים אין די מזרח־געביטן.

אין 1943 פירט ער דורך מיט דער באטייליקונג פון באקאנטן ציוניסטישן עסקן ברוך צוקערמאן, א קאמפיין פאר מלחמה געליטענע און פליטים. דער טאג ווען דער קאמפיין איז פראקלאמירט געווארן, איז דערקלערט געווארן פאר א טאג פון טרויער, תענית, דערמאנונג און פראטעסט.

אין 1944 איז דער רעפרעזענטאטיווער קאמיטעט פארטראטן אויפן צוזאמענפאר אין אטלאנטיק־סיטי דורך א דעלעגאציע אין באשטאנד פון: ד"ר נאטאליא בערמאן, ד"ר סימאן טאנענבוים ע"ה, ד"ר לואיס לאמאס און ה"ה מאוריסיא פייוואוויטש, ראבערטא לעווי און ענריקע טעסטא. ד"ר נאטאליא בערמאן ווערט דערוויילט אין פרעזידיום פון צוזאמענפאר, און ה' ראבערטא לעווי, אלס שטענדיקער פארטרעטער פון טשילע פון דעם „רעהאביליטאציע פאנד פון יידישן וועלט־קאנגרעס".

אין 1944 האט דער קאמיטעט מיטגעווירקט ביים דורכפירן די הילפס קאמפיינען אין די נאנטע מדינות: בראזיל, באליוויע און פערו, ד"ר נ. בערמאן, קאלאמביע דורך ר. לעווי.

דאס איז דאס איינציקע מאל וואס דער טשילענער יידישער ישוב שיקט זיינע מנהיגים אויף טעטיקייט אין די אנדערע לאטיין־אמעריקאנער מדינות: י. דראפקין (1929); א. דראפקין (1943); ר. אראן (1952); יחיאל סיני 1950, 1953); מ. שאפירא (1955); מ. עפשטיין (1954); אלישבע ראבינאוויטש (1953); ד"ר ישראל דראפקין האט באזוכט א רייע לענדער אין פארטרעטערשאפט פון „בני־ברית".

## ג) ווידעראמאל דאס אימיגראציע פראבלעם

נאכן סקאנדאל אין 1939, ארום די פאר געלט־געקויפטע וויזעס און נאכדעם ווי עס איז פארפירט געווארן א פראצעס קעגן די אלע וואס מען האט אין דעם חושד געווען — שולדיקע ווי אומשולדיקע, איז דאך די אימיגראציע קיין טשילע נישט אפגעשטעלט געווארן. נישט מער, ווי דער נייער ספעציעלער אימיגראציע־אינספעקטאר, ה' ריקארדא אלעגרא מאלינא, וואס איז באשטימט געווארן דעם 16־טן דעצעמבער פון 1939, האט באשלאסן אז די פליטים־אימיגראנטן וואס וועלן אנקומען פון דאן און ווייטער, וועלן זיך דארפן באזעצן אין דרום פון לאנד,

פון יענער זייט טייך ביא־ביא. אין די חדשים יאנואר־אפריל פון 1940 זיינען אנגעקומען אין לאנד 879 פּליטים וועמען עס איז געשטעלט געוואָרן דער אויבן דערמאָנטער באַדינג, וואָס זיי האָבן, בלית ברירה, אָנגענומען. אָבער אויך נאָך דעם זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן וויזעס אָן קיינע באַדינגונגען. דאָס באַשטימען די זאָנע פון באַזעצן איז געווען אַ ציטווייליק מאַסמיטל, און די אימיגראַציע איז אָנגעגאַנגען ווייטער מיט אַלע וועגן אויף וועלכע מען האָט זיך געקאָנט ראַטעווען פון דער טויט־סכנה וואָס האָט געשוועבט אויפן אייראָפּעאישן יידנטום.

סוף דעצעמבער פון 1942, ווען די לאַגע אויף די שלאַכט־פעלדער אין אייראָפּע איז געווען זייער גינסטיק פאַר די נאַציס, און די פאַשיסטן פון אַלע מינים האָבן אומעטום אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט דער צייטווייליקער מיניסטער פון אינערן ה׳ אַלפרעדאָ דוהאַלדע, אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג צו דער דירעקציע פון אידענטיפיקאַציע און אויספאָרשונג, אַז זי זאָל מיטטיילן די אַלע וואָס האָבן נישט דערפילט די באַדינגונגען אויף וועלכע זיי זיינען אַריינגעקומען אין לאַנד, ווי רעזידענץ זאָנע אָדער באַשעפטיקונג, אַז זיי זאָלן זיך אַריינפּאַסן אין די דערמאָנטע באַדינגונגען אין משך פון 60 טעג, אין קעגנפאַל וועלן זיי אַרויסגעשיקט ווערן פון לאַנד.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן די בהלה וואָס האָט זיך אויפגעהויבן צווישן די וואָס האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן איינצואָרדנען אויף די נייע וואוינערטער. ווען אפילו דער מאַסמיטל איז געווען נוגע נאָר אַ קליינער טייל פון דער גאַנצער אימיגראַנטן מאַסע, האָט אָבער די פּאַניק אַרומגעכאַפּט אַלעמען, ווייל די אַנטיסעמיטישע, פאַשיסטישע און סענסאַציאָנאַליסטישע פּרעסע האָט אויפגעהויבן אַ טומל, אַז א ל ע נישט־לאַנג צוריק אַריינגעקומענע יידן דאַרפן זיך אַריבערציען אין די ווייטע דרום־געביטן.

דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט, פּרעזידירט פון ה׳ שמואל גאָרען, אינטערווענירט ענערגיש. ער ווענדעט זיך צום צייטווייליקן אינערן־מיניסטער, דוהאַלדע, וועלכער זוכט פ א ר אַלעמען אָפּצוּווענדן די באַשולדיקונג אין אַנטיסעמעטיזם. ער איז נישט קיין קעגנער פון יידן, און אויב ער שיקט זיי דאָך אַרויס אין די ווייטע דרום־געביטן, אין די פּלעצער וואָס זיינען פאַר די ניי־אָנגעקומענע באַשטימט געוואָרן, איז עס דערפאַר ווייל יעדער פאַרפליכטונג מוז דערפילט ווערן. דערצו, פאַרשטייט ער בכלל נישט, וואָס איז דאָ אַזוי דער גוואַלד? אין די מקומות פון דרום קאָן מען מאַכן אַזעלכע גוטע געשעפטן ווי אין די צענטראַלע געגנטן פון לאַנד. אַ ראיה, ער אַליין איז אַ דאָרטיקער, און דאָס האָט אים נישט געשטערט צו ווערן אַ פּילפאַכיקער מיליאָנער.

דערווייל האָט דער דירעקטאָר פון אידענטיפיקאַציע און אויספאָרשונגען,

ה׳ כאַרבע גאַררעטאַן, איבערגעגעבן דעם 18־טן יאַנואַר 1943 אַ באַריכט וועגן די רעזולטאַטן פון זיין אויספאָרשונג. די גרעסטע טייל יידישע אימיגראַנטן זיינען אָריינגעקומען אין לאַנד לעגאַל און אָן קיין שום באַדינגונגען. פון די 879, וועלכע מען האָט געשטעלט באַדינגונגען אין באַצוג צום אָרט פון זייער באַזעצן זיך, אָדער זייער באַשעפטיקונג, האָבן העכער העלפט, 469, דערפילט די באַדינגונגען, 18 האָבן פאַרלאָזט דאָס לאַנד, אָדער זיינען געשטאָרבן. 135 זיינען נישט געפונען געוואָרן, און 257 האָט מען איבערגעגעבן די פאַראָרדנונג וועגן צופּאַסן זיך צו די באַדינגונגען פון רעזידענץ און באַשעפטיקונג צו וועלכע זיי האָבן בשעתם צוגעשטימט.

אין אנבליק פון דעם באַריכט האָט דער פרעזידענט פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט ה׳ ש. גאָרען, יחיאל סיני און דעפּוטאַט ד״ר נ. בערמאַן און ראָבערטאָ לעווי, מיט דער מיטווירקונג פון ד״ר יצחק האָראָוויץ, געהאַט אַן אוידיענץ ביים ווירקלעכן אינערן מיניסטער ה׳ ראַול מאַראַלעס בעלטראַמי, און אלס פועל יוצא פון דער אינטערווענץ איז לויט אַ מלוכה־דעקרעט באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אויף איבערצוקוקן די באַדינגונגען פאַר רעזידענץ און באַשעפטיקונג פון אַלע אויסלענדער וואָס זיינען אַריינגעקומען אין לאַנד אין די יאָרן 1939־41; בראש פון דער קאָמיסיע איז געשטאַנען דער ה׳ קלאַודיאָ אַליאַגאַ.

דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט האָט צוגעשטעלט דער ספּעציעלער קאָמיסיע די ביטעס פון 150 פאַמיליען פאָטערס וואָס בעטן דערלויבעניש צו בלייבן אויף די ערטער פון זייער רעזידענץ, ווען אפילו זיי זיינען נישט אין הסכם מיט די באַדינגונגען וואָס זיי האָבן אַמאָל אָנגענומען. אָבער זיי פאַרדינען טאָלערירט צו ווערן, ווייל זיי האָבן אַנטוויקלט נייע אינדוסטריען, וואָס גיבן אַרבעט צו פיל טשילענער, אָדער זייערע קינדער שטודירן אין העכערע בילדונגס־אַנשטאַלטן, אָדער זייער געזונט דערלויבט זיי נישט צו באַזעצן זיך אין שווערן קלימאַט פון דרום. די ספּעציעלע קאָמיסיע איז נאָכגעקומען ביטעס וואָס האָבן באַרירט אַרום 400 פּערזאָן.

דערמיט איז פאַרענדיקט געוואָרן אַ פּיינלעך קאַפּיטל פון דער יידישער איינוואַנדערונג קיין טשילע, אַ קאַפּיטל וואָס האָט פאַרשאַפט פיל יסורים דער יידישער קאָלעקטיוויטעט און ווייניק נחת די בעסערע מענטשן פון טשילענער פאָלק, ווי אויך גאָר ווייניק כבוד דעם לאַנד גופא. ביים העלפן ליקווידירן די נישט־אַנגענעמע סיטואַציע האָט דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט געטאָן אַ באמת פּאַטריאָטישע אַרבעט פאַרן פּרעסטיזש פון דער רעפּובליק.

דער קאָמיטעט האָט אויך רייגעוואַשן דעם נאָמען פון דער געמיינדע, דערווייזנדיק אַז די ווייט גרעסערע טייל פון די יידישע אימיגראַנטן זיינען לכתחילה

אריינגעקומען אין לאַנד לעגאַל און אָן קיינע שום באַדינגונגען. פון די וואָס האָבן יאָ צוגעשטימט צו געוויסע תנאים, האָבן העכער העלפט אָרענטלעך דערפילט די פאַרפליכטונגען וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען, און די וואָס האָבן די תנאים נישט דערפילט, האָבן דערצו געהאַט גאַנץ וואגיקע טעמים, וואָס זיינען אנערקענט געוואָרן פון אַ ספּעציעלער רעגירונגס־קאָמיסיע, וואָס האָט זיי דערלויבט צו בלייבן אויף די ערטער, ווייל זיי האָבן דערמיט קיינעם קיין היזק נישט געטאָן, נאָר, אדרבא, געבראַכט נוצן מיט די אינדוסטריען און מאָדערנע געשעפטן וואָס זיי האָבן איינגעשטעלט.

## ד) אַ ציוניסטישער שליח און זיין השפּעה

אין יענע יאָרן ווײַלט אין טשילע אין שליחות פון קרן קימת לישראל דער העברעישער פּאָעט נתן ביסטריצקי, וועלכער באַגרעניצט נישט זיין טעטיקייט אויף דער אויפגאַבע פון זיין אייגענטלעכער מיסיע, נאָר ער פירט אריין אַ נייעם טאָן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. בכלל, פאַראינטערעסירט זיך מיט די פּראָבלעמען פון אָרטיקן יידישן לעבן, און איז דער ערשטער שליח פון ארץ ישראל וואָס טרעט ארוים מיט שפּאַנישע פאָרטראַגן פאַר די אינטעלעקטואלע קרייזן פון לאַנד. זיין פאָרטראַג אויף די טעמע: „פּאַלעסטינע, אַ מאָדערנער בריק צווישן מזרח און מערב" האָט געלאָזט אַ טיפן רושם אויף די יידישע ווי נישט־יידישע צוהערער און האָט פיל מיטגעבראַכט צו דער גרינדונג פון די נישט־יידישע „קאָמיטעטן פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינע" אין אַ רייע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, ווי אויך אין טשילע.

אונטער דער השפּעה פון ביסטריצקי ווערט דעם 17־טן יוני 1944 געגרינדעט דער ועד החינוך, וואָס וועט געבן אַ שטאַרקן אימפּולס דער יידישער דערציאונג אין טשילע, ווי מיר וועלן עס זיין אין דעם קאַפּיטל וואָס ווערט ספּעציעל געווידמעט אָט דעם דאָזיקן אַזוי וויכטיקן אַספּעקט פון יידישן לעבן אין נייעם לאַנד טשילע.

און דעם 5־טן סעפּטעמבער פון זעלבן יאָר איז אין האָטעל „קאַררעראַס" דורכגעפירט געוואָרן דער באַנקעט אויף וועלכן עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די גרינדונג פון אַ „טשילענער קאָמיטעט פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינע".

אַלס אריינפיר צו דער גרינדונג פון דעם קאָמיטעט האָט געדינט אַ דיפּלאָמאַטישע קאָקטייל־פּאַרטי, וואָס דער פאָרשטייער פון קובאַ פאַר דער טשילענער רעגירונג ה' פּיצצי דע פּאררא, האָט געגעבן אין אריסטאָקראַטישן האָטעל קריזשאָן לכבוד נתן ביסטריצקי, וועלכער האָט שוין געהאַט געגרינדעט דעם קובאַנער קאָמיטעט פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינע. ביי דער קאָקטייל־פּאַרטיע זיינען בייגעווען

טשילענער פּאָליטיקער, מיטגלידער פון דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס און פירער פון דער יידישער געמיינדע. אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער גאַנצער אונטערנעמונג האָט געהאַט דער עסקן עדואַרדאָ פּלאַטאַו.

דעם באַנקעט אין „קאַררעראַ" זיינען בייגעווען טשילענער פּאָליטיקער און אינטעלעקטואַלן, דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער פון אַ רייע מלוכות און די פירער פון דער יידישער לאַנדעס קאָלעקטיוויטעט. דעם פולן באַדייט פון דעם אויפטו קאָן מען באַגרייפן ווען מען לייענט איבער די נעמען פון די פּערזאָנען וואָס האָבן געהאַלטן רעדעס ביי דעם באַנקעט: דער פּרעזידענט פון קאָמיטעט ה' גבריאל גאָנזאַלעז ווידעלאַ, עקס געזאַנדעטער פון טשילע אין בראַזיל און צוקונפטיקער מלוכה פּרעזידענט (1946 — 1952), די פאָרזיצערן פון דעם „טשילענער פּרויען קאָמיטעט פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינע", מ"ם לוסי דעלגאַדאָ דע איבאַניעז, דער סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט און סעקרעטאַר פון דער דעמאָקראַטישער פאַרייניקונג ה' אסטאַלפאַ טאַפּיאַ, סעקרעטאַר פון „קאָמיטעט פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינע"; ה' אַלעכאַנדראָ ריאָס וואַלדיוויאַ, פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע פון טשילענער דערציער און בילדונגס מיניסטער; ה' גבריאל אַמונאַטעגי, גענעראַל דירעקטאַר פון ביבליאָטעקן און מוזעאומס; ה' קלאָד קאָוערס, געזאַנדעטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין טשילע; ה' מאַנועל עדואַרדאָ הובנער, טשילענער מיניסטער אין אויסטראַליע; סעסאַר גאַדאַי אָררוטיאַ, נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פון יידישן צד האָבן גערעדט דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, ה' מאָריסיאָ פּייוואָוויטש און נתן ביסטריצקי, אַלס וואָרטזאָגער פון ישראל. דער קאָמיטעט וועט אַנטוויקלען אַ פּרוכטבאַרע טעטיקייט אין די 5 יאָר וואָס זיינען פאַרלאָפן זינט זיין גרינדונג אין 1944, ביז טשילע האָט אַנערקענט מדינת ישראל אין 1949, און דער „קאָמיטעט פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינע" איז אויפגעלייזט געוואָרן האָבנדיק דערפילט זיין אויפגאַבע און דערגרייכט דעם הויכן ציל פאַר וועלכן ער איז געווען אַ מיטקעמפער.

ווען דער פּרעזידענט פון קאָמיטעט ה' גבריאל גאָנזאַלעז ווידעלאַ וועט פאַרלאָזן זיין אַמט, ווען ער וועט דערוויילט פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, וועט דער קאָמיטעט פּרעזידירט ווערן פון סענאַטאָר הומבערטאָ אַלוואַרעז סואַרעז, וועלכער וועט שפּעטער איבערנעמען די פּרעזידענץ פון דעם אינסטיטוט פאַר קולטור־אויסטויש צווישן טשילע און ישראל.

## ה) אונטערן צייכן פון געטאָ און אויפשטאַנד פּוילישער פאַרבאַנד

די גסיסה פון די יידישע ישובים אין מזרח און צענטער אייראָפּע, וועקט די

ענערגיעז פון דעם טשילענער ישוב און באַמוטיקט אים צו מעשים, בכדי צו ראַ־טעווען וואָס נאָר עס לאָזט זיך פון דער שארית־הפליטה פון די אַלטע היימען און באַקרעפטיקן דאָס יידישע לעבן אויפן אָרט.

מיר האָבן שוין געזען די קאַמפּיינען פאַר מלחמה געליטענע און פּליטים, ווי אויך די פּראָטעסט־מיטינגען וואָס דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט פירט דורך אין נאָמען פון דעם גאַנצן ישוב. אָבער די פּוילישע לאַנדסלייט פילן אַז אויף זיי ליגט אַ באַזונדער פליכט, נישט צו לאָזן אויסלעשן זיך דעם נוסח־פּוילן וואָס האַלט ביי אונטערגיין אין אייראָפּע.

אין יולי 1942 קומט אויף די איניציאַטיוו צו גרינדן צום צווייטן מאָל אַ „פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין טשילע״, וואָס ווערט פאַרווירקלעכט אין אויגוסט פון זעלביקן יאָר. עס איז כדאי צו באַמערקן אַז די גרינדונגס פאַרזאַמלונג קומט פאָר אין לאָקאַל פון דער דייטש־שפּראַכיקער געמיינדע „בני ישראל״, וואָס איז פון אַ גאַסט געוואָרן אַ גאַסט־געבערין.

דער פאַרבאַנד נעמט גלייך אונטער אַ רייע ספּעציעלע הילפס־אַקציעס פאַר די יידישע פּליטים פון פּוילן וואָס האָבן זיך געפונען אין רוסלאַנד און די סקאַנ־דינאַווישע לענדער. עס ווערן אָפּגעשיקט דריי טראַנספּאָרטן מיט קליידער. איינער קיין קויבישעוו, בשעתן קריג, און צוויי קיין שוועדן באַלד נאָכן פאַרענדיקן דעם קריג. אין די יאָרן 1945/6 ווערט געשיקט מזומן געלט קיין שוועדן און אַ ביכער־טראַנספּאָרט קיין לאָדזש. דער פאַרבאַנד איז אויך טעטיק ביים אָפּזוכן צווישן די פּליטים קרובים פון יידן אין טשילע און שטעלן זיי אין קעגנזייטיקן קאָנטאַקט.

ווי נאָר עס איז דערהאַלטן געוואָרן די ידיעה פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און זיין טראַגישן סוף, אָרדנט איין דער „פאַרבאַנד״ אַ באַערונג פאַר די העלדן פון העראָאישן אויפשטאַנד. כאָטש אויף דער באַערונג איז אָנוועזנדיק דער פּוילישער מיניסטער ד״ר וו. מאַזורקעוויטש, און דער טשילענער סענאַטאָר ד״ר עדואַרדאָ קרוז־קאָקע, שפּעטערדיקער קאַנדידאַט אויף מלוכה פּרעזידענט, ווערט דער גאַנצער אַקט געפירט אויף י י ד י ש, ווי אויף אונטערצושטרייכן עקשנות׳־דיק: „מיר זיינען דאָ!..״ פון דאַן אָן און ביז היינט היט אָפּ דער „פאַרבאַנד״ דעם יאָר־טאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, דורכפירנדיק דערמאָנונגס־אַקטן, ווי אַ נר־תמיד אין אָנדענק פון די געפאַלענע און אומגעבראַכטע.

די פאָרשטייער פון „פאַרבאַנד״ האָבן אויך געהאַט דעם יידישן מוטה צו רעדן אָפיציעל וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן אויף אַ פאַרזאַמלונג אין אַמע־ריקאַנער־טשילענער קולטור־אינסטיטוט, וואָס איז מערסטנטייל באַשטאַנען פון פּאָלאַקן.

די טשילענער געזעלשאַפט האָט זיך אָפּגערופן אויף די פאַרדאַמונגען פון

אַנטיסעמיטיזם, ווען אויף אַ גאָטעס־דינסט אין קאַטעדראַל פון סאַנטיאַגאָ, איינ־געאָרדנט פון פוילישן מיניסטער מאַזורקעוויטש אין אָנדענק פון די געפאַלענע אין אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין וואַרשע (1944), האָט דער גלח האַמילטאָן דער־מאָנט מיט באַדויערונג אויך די אויפשטענדלער פון געטאָ, און האָט פאַרדאַמט די פאַרברעכער וואָס האָבן צו דעם דערפירט.

אין די מלחמה יאָרן האָט טשילע געשפּילט אַ ראָלע ביים ראַטעווען פּויליש־יידישע פּליטים אין רומעניע פון פאַרשיקט ווערן קיין טראַנסניסטריע. טשילע האָט איבערגענומען די פאַרטיידיקונג פון די פּוילישע אינטערעסן אין רומעניען. און, ווען דעם 7־טן יוני 1942, הויבט זיך אָן דאָס אַרויסשיקן פון יידן אין די חרובע געביטן פון טראַנסניסטריע, ווערן מיט די ערשטע צוויי טראַנספּאָרטן אַרויסגעשיקט אויך פּוילישע יידן. אָבער דער טשילענער קאָנסול, מיגיעל אַנכעל ריוועראַ איינ־טערוועניִרט ענערגיש, ער גיט אַרויס די יידיש־פּוילישע פּליטים טשילענער פּראָ־טעקציע פּאַספּאָרטן און זיי הויבן אָן באַהאַנדלט צו ווערן ווי אַנדערע פרעמדע בירגער אין מלחמה יאָרן. זיי ווערן מער נישט געשיקט אין טראַנסניסטריע. ווען מיגיעל אַנכעל רעוועראַ פאָרט אַרויס פון רומעניע, נעמט ער מיט אַ יידישע פאַמיליע וואָס ער ראַטעוועט פון טויט.

אָבער די טעטיקייט פון פאַרבאַנד באַגרענעצט זיך נישט בלויז אויף הילפס־אַרבעט פאַר אויסלאַנד, דער פאַרבאַנד פירט אויך אָן אַ פאַרצווייגטע קולטור־טעטיקייט אויף יידיש, און איז געוואָרן די פעסטונג פון פאָלקסטימלעך וועלט־לעכער יידישקייט אין טשילע. עס וועט זיין גענוג איבערצוליייענען די רשימה פון די געסט פון אויסלאַנד וואָס זיינען אויפגעטרעטן אויף דער טריבונע פון פאַר־באַנד, בכדי צו שאַפן זיך אַ באַגריף וועגן דעם פאַרנעם פון זיין קולטור טעטיקייט, וועלכע ווערט אָנגעפירט אָן פּאַרטייאישע און אידעאָלאָגישע דיסקרימינאַציעס. מיר ברענגען דאָ די רשימה אין אַלף־בית אָרדנונג, אָנדייטנדיק אין קלאַמערן די צאָל אויפטריטן פון די וואָס האָבן געהאַט מער פון איינעם: ד״ר יוסף בורג; יעקב באָטאָשאַנסקי (2); י. בן־עמי (2); ה. בוזגאַן; ד. בלומענפעלד; י. ל. גרוזמאַן; פנחס גינגאָלד; בערל גרינבערג; חיה׳לע גרובער (2); שרה גאַרבי; איסר גאָלד־בערג; דזשיגאַן־שומאַכער; ז. הירשפעלד; הרב האַלבערשטאַם; י. הרכבי; חזן ד. היצקאָף; ש. וואַסערמאַן (3); ז. וויינפער; ר. ווייץ; פ. וויינינגער; ד״ר א. טאַרטאַקאָווער (2); מ. טורקאָוו; ז. טורקאָוו (8); י. טורקאָוו; ד. יפה; א. כהן; ד״ר י. לייבאָוויטש, ב. לעווין (2); ד״ר ל. לאַפּאַקאַ; פ. לערנער; נ. לערער; ד״ר מ. מערקין (14); ד״ר ש. מאַרגאָשעס; ח. מילקאָוו; ד״ר ב. סוראָוויטש (4); נ. סיבירצעוואַ; א. סוצקעווער (3); ל. סיגאַל; י. פרנס; ד״ר מ. פּאַליאַקעוויטש; ב. צוקערמאַן; ש. צעסלער; ד״ר מ. קויפמאַן; מ. קאַסטרינסקי; ש. ראָזשאַנסקי (4);

ז. ראַבינאָוויטש; ד"ר א. ראָזענפעלד (2); מ. ראָלניק; ראָזענבלום־מעלניק; ד"ר י. שאַצקי (3); ד"ר ח. שאָשקעס (5); מ. שענדעריי (4).

אַרום און אַרום זיינען פאַר די 13 יאָר קיום פון פאַרבאַנד געגעבן געוואָרן, פון אָרטיקע כוחות און געסט, העכער דריי הונדערט לעקציעס, פּאָרטראַגן, קאָנ־צערטן, וואָס מאַכט אויס אַ דורכשניט פון אַרום 25 פאָרטראַגן אַ יאָר. אַ גאָר פיינער דורכשניט פאַר קולטור־טעטיקייט אויף יידיש אין אַ געמיינדע אין וועלכער די יידיש רעדנדיקע עלעמענטן בילדן אַ רעלאַטיוו קליינע מינדערהייט.

אויסער די צוגעפּאָרענע געסט האָבן זיך אין דער קולטור־טעטיקייט פון פאַר־באַנד באַטייליקט די אָרטיקע שרייבער. י. בלומשטיין, מ. ד. גיסער, נ. וויטאַל, י. פּילאָווסקי, ג. רויזנער, און דער פּאָרלעזער י. ראַפּאַלאָווסקי, געוועזענער פּרע־זידענט פון פאַרבאַנד א. א.

דער פאַרבאַנד האָט אויך געהאַט דעם כבוד אַז דער וועלט־קאַמפּעאָן פון שאַך־שפּיל, דער פּוילישער ייד מענדל ניידאָרף, זאָל אין זיין לאָקאַל שפּילן אַ סימולטאַנעא פון 20 שאַך־ברעטער, מיט זייערע יידישע לאַנדסלייט.

ביים פאַרבאַנד עקזיסטירט אויך אַ לייען־קרייז אויפן נאָמען פון די נפטרים מ. ד. גיסער און י. ראַפּאַלאָווסקי, געוועזענע אַקטיווע קולטור־טוער אין די ראַמען פון פאַרבאַנד און אויסער זיי.

אָבער אין פאַרבאַנד באַגנוגענט מען זיך נישט מיט לייענען ביכער בחבורתא, ער איז אויך אַ פאַרקויף שטעלע פאַר יידישע ביכער אויף צו לייענען ביחידות. פאַר דער צייט פון זיין עקזיסטענץ האָט דער פאַרבאַנד פאַרשפּרייט אַ דריי טויזנט עקזעמפּלאַרן פון פאַרשידענע יידישע אויסגאַבן, הויפּטזעכלעך פון די אויסגאַבן פון פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום". דער פאַרבאַנד שאַפט אויך דעם פילם „וואַרשע אין חורבות", אויף דער באַזע פון בילדער געבראַכט פון מיכאל זיל־בערבערג.

דער פּוילישער פאַרבאַנד איז נישט די איינציקע קולטור־שאַפונג פאַר די מלחמה יאָרן. אין 1943 ווערט געשאַפן דער שרייבער קרייז, וואָס זעצט פאָר זיין טעטיקייט ביז היינט, אונטער דער פאָרזיצונג פון נח וויטאַל.

דעם זעלבן יאָר ווערט אויך געגרינדעט דורך ד. באַגאָסלאַווסקי אַ יידישע ראַדיאָ־שעה מיטן נאָמען „האָראַ העברעאַ", וואָס פונקציאָנירט דערפּאָלגרייך ביז היינט, אונטער דער לייטונג פון עליאַס אַראָן.

דעם 13־טן אַפּריל 1944, דערשיינט, נאָך אַ לענגערע צייט וואָס עס איז נישט געווען קיין אויסגאַבע אויף יידיש — „דאָס יידישע וואָרט", אַרויסגעגעבן פון אַ געזעלשאַפטליכן קאָמיטעט אונטער דער פאָרזיץ פון דוד דובינאָווסקי, מיט פאַליק לערנער אַלס רעדאַקטאָר.

אין סעפּטעמבער 1944 דערשיינט אַ בוך אין שפּאַניש פון יידישן אינהאַלט: „לא לעי" — די תורה. פאַרפאַסט און אַרויסגעגעבן פון ראַבינער הרב א. מאַנגענצאַ ז"ל, אַן אָנפאַנג פון אַ שפּאַנישער ליטעראַטור וועגן פונדאַמענטאַלע יידישע ענינים, פאַר די יונגע דורות, וואָס קאָנען שוין לײדער נישט קיין יידיש, נישט קיין העברעיש.

דעם 15־טן יוני 1943, ווערט דערעפנט ביי דער חברה קדישא אַ שטרענג רעליגיעזע תלמוד־תורה מיטן נאָמען „יסוד הדת", וואו עס ווערן געלערנט די לימודים וואָס מען האָט אַמאָל געלערנט אין חדר. די ערשטע צייט לערנען דאָרט מלמדים וואָלונטירן, יידן בני־תורה וואָס ווילן מקים זיין בפועל ממש דעם „ושננתם לבניך" — זאָלט עס איינחזרן דיינע קינדער. כדאי צו פאַרצייכענען די נעמען פון אָט די וואָלונטירן פאַר פאַרשפּרייטן יידישקייט. אויך אין אלף־בית אָרדנונג: ח. ד. בעראַנט; א. דאַווידאָוויטש; ע. טאַובער; א. כהן; ע. לאַווין; מ. פּעטערפרוינט (וועלכער לערנט אויך אין די זונטיק טעג מיט די מיידלעך, די ערשטע זונטיק שול אין טשילע); א. צוריק, ש. שיפּפּער.

ווי עס איז צו זען שטרעבן **אַלע** שיכטן פון ישוב, צו פאַרשטאַרקן יידיש־קייט, און פאַרריכטן די וואָס עס ווערט צעבראָכן דאָרט.

## ו) דייטש־שפּראַכיקע געמיינדע אַנטוויקלט זיך

פאַר די מלחמה־יאָרן אָרגאַניזירט זיך און אַנטוויקלט זיך דער דייטש־שפּראַ־כיקער סעקטאָר פון דער געמיינדע, טראָץ די שוועריקייטן וואָס ער באַגעגנט אויפן געביט פון זיין ראַדיקאַציע אין לאַנד.

אַלע אָנפאַלן אויף דער „אומפּראָדוקטיווער" יידישער אימיגראַציע וואָס „פאַרפּלייצט דאָס לאַנד", ווערן אָפּגעשלאָגן און אָפּגעלייקנט, נישט נאָר מיט אַרטיקלען און דערקלערונגען אין די צייטונגען און פאַר דער מאַכט, נאָר מיט טאַטזאַכלעכע פאַקטן וואָס הויבן אָן באַמערקט צו ווערן אויך פון דעם „מענטש אין גאַס". די ערשט־אָנגעקומענע פּליטים פאַרלייגן אינדוסטריען און האַנדלס־אונטערנעמונגען, וואָס זיינען ביז דאַן נישט באַקאַנט געווען אין דער טשילענער סביבה און וואָס ווען מיט דער צייט אויסאיבן אַ גאָר גרויסן איינפלוס אויף דער געשטאַלטונג פון טשילענער לעבנסשטייגער און העכערן זיין ניוואָ, בעיקר צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן.

פּאַראַלעל מיט דעם אַנטוויקלט זיך די אָרגאַניזירונג פון קהילה־לעבן פון אָט דעם סעקטאָר, וואָס טרעט לאַנגזאַם אַריין אין דער יידישער קאָלעקטיוויטעט, און באַאיינפלוסט אויך איר ווירקלעכקייט. אין יולי 1940 ווערט דערעפנט אַ פאַר־

מאַנענטער געמיינדע־סעקרעטאַריאַט, וועלכער אָרדנט זיך איין אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר אויף טאַראַפּאַקאַ 812, אין „סירקולאָ". דער וואוקס פון דער מיט־גלידערשאַפט צווינגט זיך אַריבערציען אַלעמאָל אין אַלץ גרעסערע וואוינונגען. פריער אויף עסטאַדאָ 141, נאָכהער אויף סאַן־דיעגאָ 216, וואו אַמאָל איז געווען דער „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ", בשעת די שול ווערט איינגעאָרדנט אויף מאַנכיטאַס 507. פאַר דער צייט בייט דער געמיינדע־אָרגאַניזם זיין אָפיציעלן נאָמען אויף „סאָסיעדאַד קולטוראַל איזראַעליטאַ „בני ישראל" — יידישע קולטור־פאַריין „בני ישראל", אונטער וועלכן זי וועט אין יולי 1944 אַנערקענט ווערן ווי אַ יורידישע פּערזאָן (פּערזאָנעריאַ כורידיקאַ).

אין דער נאַכט פון 26־טן אָקטאָבער 1944, ברעכט אויס אַ שׂרפה אין וועלכער עס ווערן פאַרברענט 14 ספרי־תורה, ווי אויך דאָס גאַנצע מעבל פון דער שיל. די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע מאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף דער גאַנצער קאָלעקטיוויטעט, בעיקר אָבער זיינען נידערגעשלאָגן די דייטש־שפּראַכיקע פּליטים וואָס האָבן זיך דערפילט ווי פאַרגאָלגט פון אַ גרויזאַמען גורל, וועלכער האָט אויך זייערע ספרי־תורה, וואָס זיי האָבן מיט אַזוי פיל אָנשטרענגונג געראַטעוועט פון דער נאַצישער פוריע, פאַרוואַנדלט פון פּליטים אין קדושים... דער יידישער באַגריף אַז „גווילין נשרפים ואותיות פורחות" — בלויז דאָס פאַרמעט ווערט פאַר־ברענט, אָבער זייערע אותיות און לערן בלייבן אייביק שוועבן, אַ געדאַנק וואָס אַ פאַרצייטיקער יידישער קדוש האָט אַרויסגעשריען פאַר זיינע תלמידים ווען ער איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן ספר־תורה פון וועלכן ער האָט געלערנט, האָט געהאָלפן דער געמיינדע איבערוועלטיקן די שווערע פּרוּוו.

די רעשטן פון די פאַרברענטע ספרים זיינען באַערדיקט געוואָרן אויפן בית־עלמין פון קאַנטשאַלי, און זיי ווערן באַגלייט צו זייער אייביקער רוה פון אַ גרויסן עולם אין וועלכן עס באַטייליגט זיך די גאַנצע קאָלעקטיוויטעט. נאָך אַ תפילת־מנחה, און נאָך די דרשה פון פּראָפ. זאָנענפעלד, אַ חשובער רב און באַרימטער געלערנטער פון וויען, וואָס איז געוואָרן דער גייסטיקער פירער פון דער נייער געמיינדע, ווערן די רעשטן פון די פאַרברענטע פאַרמעטן געבראַכט צו קבורה. דעם קבר פאַרשיטן די וואָס האָבן די ספרי־תורה אַרויסגעראַטעוועט פון דייטשלאַנד: ה"ה הערמאַן שוואַרץ, לעאָן ראָזענטאַל, אַדאָלף קופּערשטיין, היימאַן אַבראַמטשיק, ריכאַרד ראָזענבערג, אַרמענדאָ דאַווידאָוויטש, פרוי ראָזאַ גרובנער, ראַבינער לעווענשטיין, פעליקס פינטשאָווער, ווילי ברויכפעלד, אַדאָלף הערליך, מאַקס וועטשטיין, בעני מענדל, קורט איזאַק, זיגפריד לעווי. שפּעטער וועט אויף דעם קבר אויפגעשטעלט ווערן אַן אוהל, וואו עס ברענט אַ נר תמיד און וואו די אויפשריפט: „וכל בית ישראל יבכו את השריפה אשר שרף ד'" — און דאָס גאַנצע הויז פון ישראל

זאָל באוויינען די שריפה וואָס ג׳ האָט פאַרברענט, רירט אָן די טיפסטע סטרונעס פון יעדן יידיש האַרץ.

דער דאָזיקער אומגליק האָט אָבער נישט אָפּגעשוואַכט די דינאַמישע ענערגיע פון די פּליטים, נאָר אדרבא, ער שפּאָרט אָן די אַנטשלאָסנקייט פון דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר אויפצובויען און אַנטוויקלען דעם פּערזענלעכן לעבן פון די יחידים און דעם קאָלעקטיוון לעבן פון דער געמיינשאַפט, אַ שטרעבונג וואָס וועט געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג אין קומענדיקן יאָרצענדליק.

## ז) חלוציות און ספּאָרט

אין דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר איז אויפגעקומען די איניציאַטיוו פאַר חלוציִשער עליה פון טשילענער יידישער יוגנט. אין אויגוסט 1943 שליסט זיך אָן די „קידמה" אין „השומר הצעיר". די ביז דאַמאָלסטיקע טעטיקייט וואָס איז בעיקר באַשטאַנען פון מושבות — זומער קעמפּן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט ביז אַ דריי הונדערט יוגנטלעכע פון פאַרשידענע עלטער (ערשטע מושבה אָפּגעהאַלטן אין 1941), פייערונגען פון 1־טן מאַי, ווי אויך אַ פאַרשטעלונג אין שטאָט־טעאַטער פון דער ישראל־פּיעסע „יוגנט־צוזאָג", ווערט אויסגעברייטערט אויפן געביט פון הכשרה ד. ה. פּראַקטישע צוגרייטונג פון יוגנט פאַר עליה קיין ארץ־ישראל. די ערשטע הכשרה־פאַרם ווערט איינגעאָרדנט אין 1945, און די ערשטע גרופּע „גאָרדאָן" אָדער „בוגרים", גייט אַרויס אויף פּראַקטישער צוגרייטונג צו עליה אין אַ לעבן אויפן לאַנד אין ארץ ישראל. עס ווערט אויך געגרינדעט אַ קן אין וואַלפּאַראַיסאָ. אין דעם פאָרשריט פון „השומר הצעיר" האָבן אַ גרויסן טייל די שליחים שלמה פּרלה און אילנה מרגלית, און נתן ביסטריצקי, שליח פון קרן קימת. אין דער איינשאַפונג און איינאָרדנונג פון דער „הכשרה" באַטייליקן זיך שטאַרק די „פריינט פון קידמה", צו וועלכע עס געהערן נישט מער השומר־הצעיר־ניקעס, און נישט מער דייטש־שפּראַכיקע, נאָר מענטשן פון די פאַרשידנסטע שיכטן און פאַרשידענע ציוניסטישע טענדענצן, צווישן וועלכע עס פאָרדינען ספּעציעל דערמאָנט צו ווערן: די ה"ה סאַלאָמאָן סאַק און ד"ר לואיס לאַמאַס, וועלכע, באַאיינפלוסט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, קויפן דעם באָדן פון דער הכשרה און גיבן אים איבער פאַר די חלוצים פריי פון יעדן אָפּצאָל.

די דייטש־שפּראַכיקע אימיגראַציע האָט אויך גינסטיק באַאיינפלוסט די יידישע ספּאָרט־באַוועגונג אין טשילע.

נאָך פ א ר ן יאָר 1930, איז ביים יידישן יוגנט־פאַריין „אכי" געווען אַ ספּאָרט־סעקציע; אָבער ערשט אין 1934 הויבט זיך אָן די באַוועגונג צו גרינדן

אַ באַזונדערן ספּאָרט פאַריין, וועלכער ווערט געגרינדעט אין 1935 אונטערן נאָמען: „יידישער צענטער פאַר גימנאַסטיק און ספּאָרט — „מכבי". דער גרינדער און פּרעזידענט פון אָט דעם ערשטן ספּאָרט־פאַריין איז דער ה' איזידאָרא אָרענס־בורג, און עס אַקטואירן אין אים פאָרשטייער פון די דריי סעקטאָרן: מזרח־יידן, ספרדים, דייטש־שפּראַכיקע. אין 1937 באַקומט מיגעל אָראַנאָווסקי דעם טיטול פון טשילענער באָקס־קאַמפּעאָן און וויצע קאַמפּעאָן פון זיד־אַמעריקע. דעם זעלבן יאָר האַלט אָן דיאַנאַ בורשטיין איר טיטול פון דער שנעלסטער שווימערין אין טשילע, וואָס זי האָט באַקומען אין 1936.

טראָץ דער אונטערשטיצונג וואָס דער ספּאָרט־פאַריין באַקומט פון „ביקור־חולים", וועלכער האָט געשטעלט צו דיספּאָזיציע פון די ספּאָרט־איבונגען די גרויסע טעראַסע פון זיין בנין, מאַכט דער ספּאָרט דורך אַ שאַרפן קריזיס און שליסט זיך אין 1939. אָבער אין נאָוועמבער 1940, גרינדן די יוגנטלעכע פון דעם דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר דעם „יידישן ספּאָרט קלוב „מכבי", וועלכער שליסט זיך אָן אין וועלט־פאַרבאַנד „מכבי". דער דאָזיקער „מכבי" האָט נאָך נישט געהאַט קיין אייגענע ספּאָרט־פעלדער און ער אַקטואירט אַלס שכן אין די ספּאָרט־פעלדער פון דער פּאָליציי־שול (קאַראַבינעראָס) און פון דעם אינסטיטוט „ווידאַ־סאַנאַ" — געזונט לעבן. דער אויפטריט פון „מכבי" אויף דער ספּאָרט־קאָנצענטראַציע אין 1941 לכבוד דעם וויצע־פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ה' הענרי וואַללאַס, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַ 70 טויזנט פּערזאָן, איז פון אַלעמען געלויבט געוואָרן.

אין 1943, ווערט אונטערן פּאָרזיץ פון עדואַרדאָ פּלאַטאַו געגרינדעט אַ ציוניסטישער ספּאָרט־פאַריין אונטערן נאָמען „בר־כוכבא", וועלכער שליסט זיך אינגיכן אָן אין „מכבי". דער „מכבי" שליסט זיך אויך אָן אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע.

די אַקטיוויסטן פון „מכבי" זיינען געווען געמישט פון דייטש־שפּראַכיקע און מזרח־אייראָפּעאישע יידן. דער פּרעזידענט איז געווען ד"ר ווילי ראָזענבוש. די ספרדישע געמיינדע האָט געהאַט איז באַזונדער „דעפּאַרטאַמענט פאַר יוגנט און ספּאָרט", אויך אין אייניקע פּראָווינץ־שטעט זיינען אויפגעקומען יידישע ספּאָרט־גרופּעס, בעיקר דער „דעפּאָרטיוואָ" פון וואַלפּאַראַיסאָ. אָבער אַלע פּרואוון און אָנשטרענגונגען האָבן נישט געגעבן די פאַרהאָפטע רעזולטאַטן. מיטן סוף פון צווייטן וועלט־קריג איז די יידישע ספּאָרט־באַוועגונג אין טשילע אריינגעפאַלן אין אַ טיפן קריזיס, דער „מכבי" איז אונטערגעגאַנגען. עס קומט אויף אַן אַנדער ספּאָרט־פאַריין, אַ קלוב פאַר אַטלעטיק וואָס דויערט אויך ווייניק. ערשט אין 1948, ווען זיך אַלע כוחות וואָס זיינען טעטיק אויפן ספּאָרט־געביט נאָכאַמאָל פאַראייניקן

און ווען גרינדן דעם „קאים" — קלוב אטלעטיקא איזראעליטא „מכבי" — וועט זיך אָנהויבן אַן אויפלעבונג אין דער יידישער ספּאָרט באַוועגונג אין לאַנד.

## ח) יידישע פינאַנץ־אינסטיטוציעס אין טשילע

אין די מלחמה יאָרן, ווען די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער קאָלעקטיוויטעט בעסערט זיך צוליב דעם אַלגעמיינער פּראָספּעריטי, וואָס הערשט אין לאַנד, גע־לונגט עס אויך צו גרונדפעסטיקן אַ פינאַנץ־אינסטיטוציע פאַרן יידישן ישוב אין טשילע.

נאָך אין די צוואַנציקער יאָרן האָט עקזיסטירט אַ קליינע ליי־קאַסע מיטן פּאָמפּעזן נאָמען „באַנק", אָבער מיטן אָנהויב פון די קריזיס יאָרן איז זי אונטער־געגאַנגען. און ווען ל. שוחט, פאָדערט (אין 1930) אין דער פּאָלקס־טריבונע פון „טשילענער יידישן וואָכנבלאַט" אַז די „באַנק" זאָל ווידער דערעפנט ווערן, אָנ־דייטנדיק אַז עס איז פאַרבליבן דאָס מעבל מיט אַ קאַפּיטאַל פון ניין־הונדערט פּ. במזומן, ווערט זיין פאָדערונג פאַרשלונגען אין דעם גערויש פון דער גרויסער מחלוקת וואָס שטורמט דאַן אויף דער יידישער גאַס אין טשילע.

אין 1935, ווערט ביים „סירקולאָ" געגרינדעט אַ ליי־קאַסע פאַר סאָציאַלער הילף דורך הלוואות, וואָס איז טעטיק ביז היינט צו טאָג, אָבער דאָס איז מער אַן ענין פון צדקה, ווי פון ערנסטע קאָמערציעלע פינאַנץ־אָפּעראַציעס.

אין משך פון לאַנגע יאָרן האָט זיך דער טיכטיקער און ענטוזיאַסטישער הערשל מעלניק ארומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו גרינדן אַ יידישע באַנק. אָבער די אידעע האָט אָנגעהויבן פאַרווירקלעכט צו ווערן ערשט ווען דער „סירקולאָ" האָט זיך ערנסט גענומען צום ענין. דעם 14־טן אַפּריל 1943, איז, אויפן פאָרשלאָג פון ש. וואורגאפט געשאַפן געוואָרן אַן איניציאַטיוו־גרופּע פאַר אַ יידישער באַנק, וועל־כע איז באַשטאַנען פון: ה. מעלניק, ש. וואורגאפט, א. פלימאַן, ל. גאַמבעראָוו און יחיאל סיני.

די איניציאַטיוו־גרופּע פאַררופט אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אויפן 14־טן אַפּריל 1943 אויף וועלכער עס ווערט דערוויילט אַן אָרגאַניזיר קאָמיטעט אין באַשטאַנד פון: א. אסערמאַן (פּרעז.); פּ. פרידמאַן (סעק.); א. פלימאַן (קאסיר). וו. קאָררי, א. דימאַנד ע"ה, ד"ר ל. לאַמאַס, נ. פורמאַן, ס. סאַק, ל. גאַמבעראָוו, י. סיני און מאַריאָ קראוס. שוין דעם 14־טן יאַנואַר 1944 ווערט אויטאָריזירט די דערעפנונג פון „באַנקאָ איזראעליטאַ דע טשילע" וואָס ווערט באַשטעטיקט פון דער סופּער־אינטענדענץ דעם 1־טן פעברואַר 1944. דעם 17־טן יולי פון זעלבן יאָר ווערט די באַנק דערעפנט אין איר אייגענעם בנין אויף מאָנעדאַ 830. ווי עס איז צו

זען האָט דער גאַנצער פּראָצעס פון שאַפונג נישט מער געדויערט פון 15 חדשים, וואָס זאָגט עדות אויף די ענערגיע מיט וועלכער די איניציאַטיוו־גרופּע און דער אָרגאַניזיר קאָמיטעט האָבן דורכגעפירט זייער אַרבעט.

דער אויטאָריזירטער קאַפּיטאַל פון דער באַנק איז ביי דער דערעפנונג געווען פון 20 מיליאָן פּעזאָס (היינט 300 מיליאָן). די ציפערן גיבן אַ באַגריף וועגן דער וויכטיקייט פון אָט דער יידישער אינסטיטוציע.

ביים אָרגאַניזירן דעם באַנק שווימט אַרויף דאָס פּראָבלעם פון פּערזאָנאַל. די געמיינדע האָט נישט געהאַט קיין סך גוט־דערפאַרענע באַנק־באַאַמטע. די וואָס זיינען יאָ געווען פּעאיק און דערפאַרן אויף אָנצונעמען די פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס, האָבן זיך נישט געקאָנט צופרידנשטעלן מיט די רעלאַטיוו קליינע גע־האַלטן וואָס באַנק־באַאַמטע באַקומען אין טשילע. פּריוואַטע אונטערנעמונג האָט נעגעבן פיל מער פּאַרדינסט ווי אַ סך גוט־באַצאָלטע שטעלעס אין באַנק. דערצו איז צוגעקומען די יידישע נייגונג צו זעלבסטשטענדיקייט: „בעסער אַן אָרעמער באַלעבאָס, ווי אַ רייכער אָנגעשטעלטער", אַן אויסדרוק פון יידישער נייגונג צו פּערזענלעכער און עקאָנאָמישער אומאָפּהענגיקייט. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט גורם געווען אַז די „באַנקאָ איזראַעליטאַ דע טשילע" זאָל ביז היינט צו טאָג האָבן אַן איבערוועגנדיקע מערהייט פון נישט־יידישע אָנגעשטעלטע, וואָס האָט אַרויסגערופן קאָמענטאַרן אין געוויסע קרייזן.

דאָס האָט אָבער נישט געשטערט אַז די באַנק זאָל ווערן דער פינאַנץ־אינסטרומענט, נישט נאָר פון יידישע יחידים, נאָר אויך פון דער געמיינדע אַלס גאַנצע און אירע פאַרשידענע אינסטיטוציעס. טשילע איז בכלל אַ לאַנד וואָס שטייט אויף קרעדיט. מיט אַ „לעטערל" — אַ וועקסל, צאָלט מען נישט נאָר אַ קאָמערציעלן חוב אָדער אַן „ערן־פאַרפליכטונג", נאָר מען לייט אויך אַ גמילות־חסד, מען צאָלט שכר־לימוד, מען שטייערט מיט פאַר אָרטיקע און אַל־יידישע קאַמפּיינען. קורץ, אַ לעטערל" איז ווי אַ מין אינערלעכע מטבע וואָס האָט אַן אָנגענומענע צירקולאַציע אינערהאַלב דער געמיינדע און אויסער איר. אין לעצטן סך־הכל קומט אָן דער גרעסטער טייל „לעטערלעך" אין דער יידישער באַנק וואו זיי ווערן דיסקאָנטירט, נעמענדיק אין אַכט נישט נאָר די קאָמערציעלע, נאָר אויך די מאָראַלישע סאָלווענץ פון די וואָס האָבן דאָס לעטערל אונטערגעשריבן, ווי אויך די אונטערנעמונגען וואָס שטעלן זיי צו. ווי אומעטום ביי יידן, גייט מאָראַלישע סאָלווענץ האַנט ביי האַנט מיט פינאַנציעלער, און אָפטמאָל האָט זי אפילו די אויבנהאַנט . . .

אַלס פינאַנץ־אַגענט און דיסקאָנט אַנשטאַלט פון דער געמיינדע האָט די „באַנקאָ איזראַעליטאַ דע טשילע" געשפּילט אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָל ביים באַ־

פעסטיקן דאָס עקאָנאָמישע און אויסבויען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון די דריי סעקטאָרן פון דער געמיינדע, אויסער דעם וואָס עס ווירקט גוט אויפן פּרעס־טיזש פון נאָמען „איזראַעליטאַ", ווען ער ווערט דערמאָנט אין שייכות מיט אַ סאָלידער פינאַנציעלער אינסטיטוציע וואָס האָט אָנזען אין טשילענער באַנק־וועזן.

אינערהאַלב די לעגאַלע רעגלאַמענטן פאַר אינסטיטוציעס פון איר כאַראַקטער, האָט די „באַנקאַ איזראַעליטאַ דע טשילע" געפונען מעגלעכקייטן צו באַשטייערן אויף צדקה ענינים אין און אויסער דער געמיינדע, פאַרטיילענדיק גאַנץ אָנגעזעענע סכומים.

די „באַנקאַ איזראַעליטאַ דע טשילע" שפּילט אויך אַ ביז גאָר אָנגעזעענע ראָלע אין די פינאַנצן און עקאָנאָמיק פון לאַנד. אויסער איר יידישע קליענטעלע באַדינט די באַנק אַ נישט־יידישע קונדשאַפט וואָס שטייגט אַריבער אין צאָל די יידישע קליענטן. די באַנק געניסט פון דעם פולסטן צוטרוי אין די פירנדיקע פינאַנץ קרייזן און די לאַנדעס רעגירונג מאַכט אין איר געלט־דעפּאָזיטן גלייך ווי אין די באַדייטנדיקע בענק פון לאַנד.

די גאַנצע צייט פון איר ביז־איצטיקן קיום ווערט די באַנק פּרעזידירט פון אַקטיוון נדבן ה' סאַלאָמאָן סאַק, און אין איר דירעקטאָריום פיגורירן די אָנגע־זעענסטע מיטגלידער פון דער קאָלעקטיוויטעט. אין יום־העצמאות הענגט די באַנק אַרויס די ישראל פאָן.

## ט) שטרייטקייטן אין ציוניזם

ביים גאַנצן שוואונג און אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן פון טשי־לענער ישוב, מאַכט די ציוניסטישע פעדעראַציע דורך אַ שאַרפן קריזיס, וואָס האָט פיל פאַרמינערט פון איר אַמאָליקער באַדייטונג.

די פּאַרטיי־צושפּליטערטקייט, די נויטווענדיקייט צו טיילן די פונקציע פון רעפּרעזענטאַנץ כלפּי חוץ מיט דעם „קאָמיטע רעפּרעזענטאַטיוואָ", די רייבונגען צווישן די צוויי גרויסע סעקטאָרן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג: אַלגעמיינע און מפא"י, דאָס אַלץ צוזאַמען צעשטערט דעם שלום־בית אין די ציוניסטישע רייען און פאַרמינערט די וואָג פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין דעם אָרטיקן לעבן. די באַמיאונגען פון דעם שליח ד"ר מיכאל טראוב צו ברענגען אַן איינפאַרשטענ־דניש אין די ציוניסטישע רייען, האָבן נישט מצליח געווען.

די דאָזיקע שווערע סיטואַציע ווערט אָפּגעשפּיגלט אין אַ קאָמענטאַר אין דער יידישער אויסגאַבע „דאָס יידישע וואָרט", אין דער אָפּטיילונג: „געהערט, געזען און געדרוקט", געחת'מעט פון ר' פּעפּערל לייענטזוק.

„די איינקייט אין דער טשילענער ציוניסטישער משפחה, איז אונדזער גאַנצע שטאָלץ געווען, ציוניסטישע מנהיגים וואָס האָבן אונדז באַזוכט האָבן אונדז באַ־וואונדערט און נחת געקליבן פון אַ מוסטערהאַפט־אָרגאַניזירטער פעדעראַציע אין וועלכער עס זיינען פאַרטראָטן: רעכטס און לינקס, קרן קימת און קרן היסוד, ריין ציוניסטישע גרופּעס און אַנשטאַלטן ווי הברה קדישאַ, יוגנט, ביקור חולים. אַלע האָבן זיך ביי איין טיש געזעצט, און ווען די שעה פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז געקומען, האָבן זיי אַלע גלייך אויפגענומען און אַלע גלייך דערפילט. אָבער עפּעס אַ „נישט־גוטער" האָט זיך פאַרלייגט דעם דאָזיקן טייערן אוצר פון ציוניס־טישער איינקייט צו צעשטערן, און איך האָב זייער, זייער מורא, אַז דאָס מאָל קען דאָס שפּיל געלונגען; אויב די געזעלשאַפט, וואָס האָט שוין די דאָזיקע נעגאַטיווע כוחות אידענטיפיצירט און ווייסט וואו זיי זיצן, וועט זיי באַצייטנס נישט באַזייטיקן".

## י) „וויצאָ" טעטיקייטן

דוקא אין די יאָרן ווען עס הויבן זיך אָן די שטרייטיקייטן אין ציוניזם, פירט דורך די „וויצאָ" אַ גרויסע אַרבעט פון אָרגאַניזאַציע און קאָנסאָלידאַציע פון אירע רייען.

אין 1941, ווערט אָפּגעהאַלטן דער ערשטער קאָנגרעס פון „וויצאָ" אין טשילע, אויף וועלכן עס ווערט געגרינדעט די לאַנדעס פעדעראַציע „וויצאָ". אין קאָנגרעס באַטייליקט זיך די פּרעזידענטין פון דער אַרגענטינער „וויצאָ", מ"ם בערטאַ גערשינאָוו, וועלכע העלפט גרינדן די „וויצאָ"־צענטערן אין דרום פון לאַנד: ראַנקאַגוא, טאַלקאַ, וואַלדיוויאַ.

אין 1943 הויבט מען אָן צו דערשיינען דער „וויצאָ ביולעטין, וואָס ווערט רעדאַ־גירט פון מ"ם אַנאַ אלבאלא־לעווי, עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן די וועכענטליכע ראַדיאָ־זענדונגען אונטערן נאָמען „די שטימע פון וויצאָ", וואָס ווערט געהערט אין דער „יידישער שעה" פון דער ראַדיאָ „לאַ אַמעריקאַנאַ", די ספּיקערין פון דער „וויצאָ"־זענדונג איז מ"ם פּערלאַ אַראָן.

קאַפּיטל נײַן

# אין יאָרן פון געראַנגל פאַר דער מדינה
## (1949 — 1945)

א) אונטערגעפירטע סך־הכלן

ב) ווידער אַמאָל די אימיגראַציע פראַגע

ג) באַציאונגען מיטן וועלט יידנטום און דער אויסערליכער סביבה

ד) וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער חברה קדישא

ה) נייער יידישער בנין: „בני ישראל"

ו) פונדאַציע סאַלאָמאָן־סאַק־מאַטט

ז) אַסעגוראַציע געזעלשאַפטן.

## א) אונטערגעפירטע סך־הכלען

פון די מלחמה־יאָרן איז דער ישוב אין טשילע ארויסגעקומען געשטאַרקט עקאָנאָמיש און געקרעפטיקט גייסטיק. די דריי סעקטאָרן פון דעם ישוב האָבן פאַר דער צייט אויסקריסטאַליזירט זייער באַציאונג צו אַ רייע יידישע פּראָבלעמען פון די אויפן אָרט, און פון דאָרט, ארץ־ישראל און די תפוצות, און דער ישוב איז אַוועק מיט פעסטערע שריט צו אַ פולן, אַלזייטיקן יידישן לעבן.

די דאָזיקע שטימונג קומט צום אויסדרוק אַרום די פייערונגען פון דעם ערשטן האַלבן יובל זינט דער גרינדונג פון „סירקולאָ" (1920 — 1945). די פייערונגען קומען פאָר אין דער געביידע וואָס דער „סירקולאָ" האָט זיך איינגע־שאַפט פאַר זייער קלוב־אָפּטיילונג, בכדי להבדיל בין קודש לחול, נעבן זיין בנין, אויף סעררא‌נאָ 214.

„דאָס יידישע וואָרט", דאָן רעדאַגירט פון פאליק לערנער, לאָזט אַרויס צו דער געלעגנהייט אַ ספּעציעלן נומער (נומ. 85), אין וועלכן ער ברענגט די מיינונ־גען פון די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון ישוב. מיר ברענגען דאָ די מיינונגען פון די פאַרטרעטער פון די צוויי עקסטרעמע פליגל פון וועלכע די מזרח־אייראָ־פּעאישע געמיינדע איז צוזאַמענגעשטעלט: דער שרייבער י. פּילאָווסקי, וואָס האָט דאַן געהערט צו די „פּראָגרעסיווע" (איבערגייענדיק שפּעטער אין נאַציאָנאַלן לאַגער), און דער גרויס־אינדוסטריאַל און אייגנטימער פון אַן אוניווערסאַל־מאַגאַזין ה' אַדאָלפאָ קרענאָוויטש, וואָס האָט געהאַט באַציאונגען מיט דער העכסטער טשילענער געזעלשאַפט, ביי וועלכער ער איז פאַררעכנט געוואָרן ווי אַן איינגענער מענש.

זאָגט י. פּילאָווסקי:

„דער היינטיקער „סירקולאָ" איז געבליבן געטריי זיין אָפּשטאַמונג. ער איז לוקסוסדיק אין זיין אויסערלעכקייט — די ירושה פון די אַמאָליקע צילינדער יידן,

און פאָלקסטימלעך אין זיין תוך — די השפּעה פון פאָלקס־יידן". ביי אַ צווייטער געלעגנהייט האָט דער זעלבער „לינקער" געשריבן: „האָט איר שוין געזען אַ „יאהודימשן" קלוב וואָס זאָל אויפנעמען אַ (יידישן) דיכטער און אים איינאָרדנען אַן אָוונט? האָט איר שוין געזען אַז אַ יאהודימשער" קלוב זאָל שטעלן אין רשות פון „איוואָ" זיין וואוינונג?"

און אַדאָלפאָ קרענאָוויטש דערקלערט:

„מיין מיינונג איז, אַז דער „סירקולאָ" איז נישט אַ מיטגלידס־פאַריין בכדי צו געבן באַקוועמלעכקייטן, נאָר ער איז און דאַרף רעפּרעזענטירן אונדזער גע־מיינדע, אַ מין קהילה, לאָמיר זאָגן. עס דאַרף אויסגעבויט ווערן אַ טעמפּל, אויס־געטיילט ווערן אַן אויטאָנאמע חברה קדישא קאָמיסיע, אַן אימיגראַציע־קאָמיטעט, אַ הילפס־קאָמיטעט, וכו'".

די דאָזיקע דערקלערונגען פון די פאָרשטייער פון די צוויי עקסטרעמען, כאַ־ראַקטעריזירן נישט נאָר דעם „סירקולאָ", נאָר אויך די גאַנצע אייגנאַרטיקייט פון דער יידישער טשילע.

ביסלעכוויז הויבט אָן די רעליגיעזע פירערשאַפט צו ווערן אַ וויכטיקע הצ־טרכות פון דער קהילה. דער אימיגראַציע שטראָם פון זינט 1933, האָט אַריינגע־בראַכט אין לאַנד אַ שיכט פון אויפריכטיק רעליגיעזע יידן. מיט דער צייט, און אויך אַלס פועל יוצא פון דער קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע, האָט זיך צווישן די אַלטגעזעסענע יידן געשטאַרקט דער געפיל פאַר רעליגיע און טראַדיציע. אַ סך האָט צו דעם בייגעטראָגן די טעטיקייט פון הרב ר' אליהו מאגענצא ז"ל, וואָס איז פאַר דער צייט פון זיין טעטיקייט זייער באַליבט געוואָרן ביי די פאַרשידנסטע שיכטן פון דער געמיינדע; אַזוי אַז ווען הרב מאגינצא איז נפטר געוואָרן דעם 18־טן סעפּטעמבער פון 1947, קאָן זיך שוין די געמיינדע נישט באַגיין אָן קיין רעליגיעזן מנהיג, און דעם 14־טן יאַנואַר 1948, ווערט הרב ר' נתן בלום באַשטימט אַלס רב פון דער קאָלעקטיוויטעט. די באַשטימונג פון הרב בלום ווערט שוין געמאַכט נישט פון דעם „סירקולאָ", וואָס פאַרטרעט דאָך נאָך אַלעמען בלויז אַ סעקטאָר פון דער געמיינדע, נאָר פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט, וועלכער איז דער פאָר־שטייער פון דעם גאַנצן ישוב. דעם 16־טן מאַי פון זעלביקן יאָר, ווערט געגרינדעט אַ „ועד לעניני הדת", אין וועלכן עס באַטייליקן זיך רבנים און באַלעבאַטים. היינט צו טאָג זיינען פאַראַן אין טשילע פינף רבנים און ראַבינערס, צו איין רב ביים רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט, חברה קדישא און ביקור־חולים, און צוויי ראַבינער ביי דער דייטש־שפּראַכיקער געמיינדע „בני־ישראל". די ענינים פון רעליגיעזן אויסלעבן זיך פאַרנעמען אַ גאַנץ אָנגעזעענעם אָרט צווישן די אַלע אַנדערע קהילה־באַדערפענישן.

די פאסירונגען ארום דעם אויפקום פון מדינת־ישראל, ווירקן זיך אויך אויס אין דעם אינערלעכן לעבן פון דעם טשילענער יידישן ישוב, וועלכער דארף פאר זיך אליין און פאר דער סביבה וואס רינגלט אים ארום, דעפינירן און קלאר מאכן זיין שטעלונג און באציאונג צו דער אייגנארטיקער דערשיינונג אין לעבן פון יידישן וועלט פאלק.

אלס א ישוב וואס איז באמת אויפגעקומען אונטער דער השפעה פון ציוניזם, באטייליקן זיך די יידן אין טשילע גאנץ אקטיוו אין די פאליטישע און פינאנציעלן אנשטרענגונגען וואס האבן דערמעגלעכט די אנטשטייאונג פון דער מדינה. אבער די דאזיקע אקטיוויטעטן פארדינען באהאנדלט צו ווערן אין א באזונדער קאפיטל. דא ווילן מיר זיך באגרעניצן מיט פארצייכענען בלויז צוויי זייטיקע עפיזאדן, וואס האבן אן אומדירעקטע שייכות מיטן אויפקום פון דער מדינה, און שפיגלען מער אפ די פאזיציע פון טשילענער ישוב אין לאנד אין וועלכן ער לעבט.

אין דער נאכט פון 2־טן פעברואר 1948 — אין רעכטן מיטן פון דעם געראנגל אין ארץ־ישראל — רייסט אויף א צייט־באמבע, וואס איז אונטערגעלייגט געווארן אויף איינעם פון די באלקאנען פון דער געביידע פון „סירקולא איזראע־ליטא”. דער אויפרייס פאראורזאכט געוויסע מאטעריעלע היזקות, אבער אן מענש־לעכע קרבנות. די גאנצע פרעסע פון סאנטיאגא פארדאמט דעם וואנדאלישן אקט און, טראץ דעם „בורג־פרידן” וואס הערשט אומאפיציעל צווישן יידן און אראבער אין טשילע, ווערן ארויסגעזאגט השערות אז די באמבע איז אונטערגעלייגט גע־ווארן פון אראבישע הענט.

אויף אפצוליייקענען אזא מעגלעכקייט, פארעפנטלעכט דער פרעזידענט פון אראבישן צענטראל־קאמיטעט אין טשילע, וואס האט פארטראגן די אראבישע ליגע פאר דער „און” און געהאט דיפלאמאטישן סטאטוס, ה' ניקאלאס יארור, א קריסטלעכער אראבער וואס שטאמט פון בית־לחם, א בריוו אין „מערקוריא”, די גרעסטע צייטונג פון לאנד, אין וועלכן ער זאגט צווישן אנדערעם:

— „ביים פארדאמען מיט קרעפטיקער און בארעכטיקטער פעסטקייט דעם אטענטאט קעגן דעם „סירקולא איזראעליטא”, מאכט דער לייט־ארטיקל פון דער חשובער צייטונג וואס איר רעדאגירט, א גענוג דורכזיכטיקע אנצוהערעניש, אז עס איז נישט דערלאזבאר צו דערקלערן אט דעם אטענטאט, צושרייבנדיק אים דעם ראסן־קאנפליקט, א זאך, וואס קאן אפילו נישט קומען אויפן געדאנק, ווייל עס זיינען קיינמאל נישט געהערט געווארן קיין מיינונגען וואס זאלן קאנען אנרעגן צו קיין אנדערע רייצונגען ווי די פון קעגנזייטיקער און רעספעקטפולער אויפמערק־זאמקייט, צווישן דער אראבישער קאלעקטיוויטעט און דער יידישער, וואס לעבן

און ארבעטן אונטער דער גרויסמוטיקער שוץ פון דער דאָזיקער גרויסער דעמאָ־קראַטיע".

ה׳ יאַרור גיט דאָן איבער די געשיכטע פון אראַביש־יידישן קאָנפליקט אין ארץ־ישראל, און פאַרענדיקט: „עס איז פאַר דעם אַלעמען וואָס מיר פאַרדאַמען מיט אַ רואיקן געוויסן און גרעסטער ענערגיע, דעם אומדערהערטן אַטענטאַט, פון וועלכן עס האָט געליטן דער בנין פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ" אין סאַנטיאַגאָ".

ווען עס ווערט פּראָקלאַמירט מדינת ישראל, נעמט אויף דעם ענין ד"ר נאַטאַליאָ בערמאַן, צו יענער צייט קאָמוניסטישער דעפּוטאַט אין דער טשילענער דעפּוטאַטן קאַמער, און האַלט אַ לענגערע רעדע וועגן דעם געשעעניש, אין וועלכער ער באַטאָנט די באַטייליקונג פון טשילענער יידישן ישוב אין דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל און דריקט אויס צווישן אַנדערעס זיין איבערצייגונג אַז טשילע וועט נישט פאַרזאַמען צו אַנערקענען די נייַ־געגרינדעטע מדינה. ד"ר בערמאַן זאָגט: „ה׳ פּרעזידענט! ביים אונטערשטרייכן די פאַקטאָרן וואָס האָבן מיטגעווירקט צו דער גרינדונג פון מדינת ישראל, וויל איך אויסדריקן מיין באַערונג פאַר די יידן פון טשילע, וואָס זיינען באַגייסטערט פאַרן ציוניסטישן אידעאַל. איך וויל אויך דערמאָנען די פאַרשטאָרבענע וואָס האָבן נישט דערלעבט דעם גרויסן טאָג: דעם גוט באַקאַנטן אינדוסטריאַל ה׳ אַדאָלפאָ קרעגאַוויטש, און דעם אומדערמידלעכן טוער פאַרן יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד ר׳ אליעזר מירסקי".

בערמאַן דערמאָנט אויך הערצלען און זיין שלאַג־וואָרט: „ווען איר ווילט איז עס נישט קיין לעגענדע", און די לעצטע ווערטער פון טרומפּעלדאָר: „טוב למות בעד ארצנו" — עס איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונדזער לאַנד, און פאַרענדיקט זיין רעדע מיט אַ ציטאַט פון דער וויזיע פון אייביקן און אַלוועלטליכן שלום, פון די יידישע נביאים ישעיהו און מיכה: „לא ישא גוי אל גוי חרב, ולא ילמדו עוד מלחמה" — אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט נישט הייבן קיין שווערד און מען וועט נישט לערנען זיך פירן מלחמה".

סיי די רעדע פון ד"ר בערמאַן אין דעפּוטאַטן קאַמער, סיי דער בריוו פון ניקאָלאַס יאַרור אין „מערקוריאָ", פאַרדאַמענדיק דעם באָמבען־אַטענטאַט קעגן דעם „סירקולאָ", זיינען אַן אויסדרוק פון באַציאונג צום יידישן ישוב אין טשילע, און דעם אָנגעזעענעם פּלאַץ וואָס ער האָט זיך געשאַפן אין דער טשילענער ווירק־לעכקייט פאַר די ערשטע פערציק יאָר פון זיין קיום. דער אונטערגעפירטער סך־הכל איז אַ ביז גאָר פּאָזיטיווער.

כדאי צו פאַרצייכענען אַז נאָך די פּראַגער פּראָצעסן האָט ד"ר נאַטאַליאָ בערמאַן פאַרלאָזט די קאָמוניסטישע באַוועגונג, פאַרבלייבנדיק ביי זיין ציוניס־טישער איינשטעלונג.

## כ) ווידער אמאל די אימיגראציע־פראגע

ביי דער גאנצער פעסטקייט פון דער פאזיציע וואס דער ישוב פארנעמט אין לאנד, זיינען נאך געווען און פאראן עלעמענטן אין דער אלגעמיינער באפעלקערונג וואס זיינען קעגנעריש צו יידישער איינוואנדערונג אין טשילע.

עס איז כדאי אפצושטעלן זיך אביסל גענויער אויף דער באציאונג פון די לאטיין־אמעריקאנער פעלקער און רעגירונגען צו זייערע יידישע מיטבירגער. עס לאזן זיך אנצייכנען דריי ריכט־ליניעס. די אין־לאנד געבוירענע יידן זיינען פולקאם גלייכבארעכטיקט און עס ווערט קעגן זיי נישט געמאכט מער דיסקרימינאציעס ווי קעגן אלע אנדערע קינדער פון אימיגראנטן. די נאטוראליזירטע אימיגראנטן ווערן מערסטנטייל באטראכט פראקטיש און פאקטיש ווי בירגער פון א באזונדער מדרגה, וואס זיינען עס בלויז לויטן פאספארט. וואס שייך אריינלאזן נייע יידישע איינוואוינער האלטן זיך די מערהייט לענדער ביי דער מיינונג אז זיי האבן גענוג מיט די יידישע ישובים וואס זיי פארמאגן שוין. אן אויסערן מיניסטער פון א גאנץ־ליבעראלער מדינה, האט אפילו געפרואווט דערקלערן די דאזיקע נעגאטיווע שטעלונג צו יידישער איינוואנדערונג מיט דער נויטיקייט אפצוהיטן די רו און פרידן פון די יידן וואס געפינען זיך שוין אין לאנד. עס איז אנגענומען א געוויסער טאלעראנץ־מאקסימום פון דולדן יידן: צווישן דריי און פערטהאלבן פראצענט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג, האלטן געוויסע רעגירונגס־לייט אז זיי מוזן אפ־היטן אט דעם מאקסימום, בכדי נישט צו ברענגען קיין היזק די יידן וואס לעבן שוין אין לאנד... דערפאר קאן עס טרעפן אין לאטיין־אמעריקע אז אין מדינות וואו יידן פארנעמען די העכסטע אמטן, זאל דאך זיין שווער צו קריגן וויזעס פאר נייע איינוואנדערער פון יידישן גלויבן.

גראד צו דער צייט פון דעם אויבנדערמאנטן אטענטאט אויפן „סירקולא", פירט זיך אין אייניקע פרעסע־ארגאנען א שטארקע העצע קעגן דער באנייאונג פון דער יידישער איינוואנדערונג אין טשילע, וואס האט זיך באוויזן נאך דער צווייטער וועלט־מלחמה, און אפשר טראגט די העצע דאס אחריות פארן אטענטאט.

דעם 24־טן יאנואר 1948, פארעפנטליכט דער זשורנאל „עסטאנקערא" א שארפן אנגריף קעגן יידן וואס קומען אריין אין לאנד. אין א לייט־ארטיקל פון דעם זשורנאל זאגט זיך: „דינסטיק, דעם 20־טן ד. מ., זיינען אנגעקומען דירעקט פון בראזיל דריי ספעציעלע עראפלאנען, די פאסאזשירן פון וועלכע האבן בא־צייכנט זייער רעליגיע ווי „יידישע". דאס האט ארויסגערופן א נאטירלעכע באזארגט־קייט אין דער עפנטלעכער מיינונג, ווייל עס באווייזט אן צווייפל, די באנייאונג פון דער יידישער אימיגראציע וואס האט נישט געגעבן קיין רעזולטאטן אין 1939,

און וואָס האָט פאַראורזאַכט אַ גאַנץ היפּשן געריכטס־פּראָצעס אין וועלכן מען האָט נאָך ביז היינט נישט אַרויסגעטראָגן קיין פּסק־דין.

דאָס שער־בלאַט פון דעם דערמאָנטן זשורנאַל, מאָלט אויס אַ רעגן פון „פּאַראַשוטיסטן", וואָס פאַרפלייצן טשילע, און צו זייערע בגדים זיינען צוגע־טשעפּעט צעטלעך מיט די אויפשריפטן: „פּאַרמיטלער", „קאָמיסיאָניסט", „ספּע־קולאַנט", וכ'.

דער לייט אַרטיקל פון „עסטאַנקערא" אַנטהאַלט אויך אַ געגוג קלאָרן וואונק אויפן ענין מדינת ישראל, ווען ער זאָגט:

„די האַנדלונג באַקומט ספּעציעלע געפערלעכקייט, ווען מען נעמט אין באַ־טראַכט אַז אין איצטיקן מאָמענט זיינען מער נישט גילטיק די באַטראַכטונגען וואָס האָבן גורם געווען אַז אין 1939 זאָלן זיך די טויערן פון לאַנד ברייט עפענען פאַר די פאַרשטייער פון דער ראַסע וואָס איז אומגערעכט באַפאַלן און צעשטערט געוואָרן; דאָס יאָר 1948, ציינט פאַר אָט דער ראַסע אַ צייט פון איין זיג נאָכן צווייטן: די פאַרניכטונג פון דעם פאָלק וואָס האָט איר שלעכט געטאָן און דער געבורט פון אַ פאָטערלאַנד אין דער ביבלישער וויג פון אירע אבות. פאַר וואָס־זשע זאָל מען דערלויבן אַז סענטימענטן זאָלן משפּיע זיין אין אַ פּראָבלעם וואָס איז אַזוי וויכטיק פאַר טשילע?"

די לאַנדעס־פּרעסע, די רעגירונגס־אינסטאַנצן און דער רעפּרעזענטאַטיווער־קאָמיטעט פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט, לאָזן נישט דורך אומבאַענטפערט אָט די אָנפאַלן. די ציימונג „נאַסיאָן" שרייבט וועגן דעם ענין אין אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען: „דער אמת וועגן דער אימיגראַציע", אין וועלכן עס זאָגט זיך צווישן אַנדערעס: „אין תוך פון די אַלע אָנגריפן, האַלב פאַרשטעלטע און גאַנץ פאַר־דרייטע, קאָן מען באַמערקן די אַפּשיילעכע כוונה צו פאַרזייען די זריעה פון האַס אָדער פון אַ קעגנערשאַפט־קאַמפּיין קעגן באַשטימטע מענטשלעכע ראַסן".

דער פּאָרזיצער פון דער רעגירונגס־קאָמיסיע פאַר אימיגראַציע, ה' דאַריאָ פּאַבלעטע, דערקלערט אויף אַ ווענדונג פון „עסטאַנקערא" וועגן מער אויסקונפטן וועגן דעם ענין, אַז: „אין דער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע פאַר אימיגראַציע זיינען נישטאָ קיין מאַטעריאַלן פאַר די וואָס זוכן בלויז סקאַנדאַלן".

דער „רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט" פאַרעפנטלעכט אַ הכחשה קעגן די אויספירן פון „עסטאַנקערא", אין וועלכער עס זאָגט זיך: „דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט אין טשילע, איז זייער פאַרוואונדערט איבער דעם וואָס, צוליב מאָטיוון פון אינערלעכער פּאָליטיק, אָדער אַלס אָפּקלאַנג פון געוויסע ראַסן־דאָקטרינעס, זאָל מען זאָגן אַז דאָס אַריינקומען פון יידן אין לאַנד ווערט ספּעציעל באַגינסטיקט". דער קאָמיטעט באַציט זיך צו אַ מעמאָ־

ראנדום וואָס ער האָט וועגן דעם ענין אימיגראַציע צוגעשטעלט דער רעגירונג, און פון וועלכן עס איז צו זען אַז פּונקט דאָס פּאַרקערטע איז ריכטיק. עס קומט אָן זייער שווער פאַר אַ יידן אַריינצוקומען קיין טשילע.

דער ענין אימיגראַציע רופט אויך אַרויס אַן עפּנטלעכע דעבאַטע וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער אוניווערזיטעט פון סאַנטיאַגאָ, און אין וועלכער דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט האָט גענומען אַ טיכטיקן אַנטייל. דער ענין איז געבליבן ווי געווען: אָן נייע שוועריקייטן, ווייל עס האָבן גענוגט די אַלטע...

## ג) באַציאונגען מיטן וועלט־יידנטום און דער אויסערלעכער סביבה

דער אָפּשלוס פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט נאָך נישט באַדייט דעם סוף פון די יידישע ליידן און יידישן געראַנגל אויף דער וועלט. חוץ דעם קאַמף פאַרן אויפקום פון מדינת ישראל וואָס ווערט באַהאַנדלט אין אַ באַזונדער קאַפּיטל איז נאָך פאַרבליבן דאָס הארבע פּראָבלעם פון די פּליטים, וואָס האָבן אַ שטראָם־געטאָן פון מזרח קיין מערב־אייראָפּע נאָכן פּאָגראָם אין קיעלץ. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער געראַנגל מיט ענגלאַנד פאַר אַ פרייער עליה קיין ארץ־ישראל.

דער קליינער ישוב אין טשילע, אָנגעפירט פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע און רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט, באַטייליקט זיך אַקטיוו אין די אַלע ענינים און איבט אויס דורך דעם „טשילענער קאָמיטעט פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינע" אַ היפּשע השפּעה אויף אַנדערע ענלעכע קאָמיטעטן אין לאַטיין־אַמעריקע.

דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט אַנטוויקלט אַן ענערגישע טעטיקייט אין דער הינזיכט. ער איז פאַרטראָטן מיט אַ דירעקטער דעלעגאַציע אויפן צוזאַמענפאָר אין אַטלאַנטיק סיטי (זע זייט 161), ער באַטייליקט זיך אין דער לאַטיין־אַמע־ריקאַנער קאָנפערענץ פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, אָפּגעהאַלטן אין ב. איירעס אין יאָר 1946, מיט אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון די ה"ה, שמואל גאָרען, יחיאל סיני, בערנאַרד בערדיטשעווסקי און איזידאָר דימאַנד ע"ה. ער שיקט מאַנדאַטן צו דער קאָנפערענץ אין מאָנטרע, פאַר די ה"ה ד"ר א. טאַרטאַקאָווער, ד"ר מאַר־קאָס קויפמאַן און סאַם סעגאַל.

צוזאַמען מיטן פּוילישן פאַרבאַנד שיקט דער „רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט" פּעקלעך שפּייז און קליידער פאַר די פּליטים אין די לאַגערן. ער אָרגאַניזירט אויך די הילפס־קאַמפּיינען. אין 6־5־1944 ווערט דער קאַמפּיין געפירט בשותפות מיטן קרן־קימת. אין 1947, ווערן אַריינגענומען אויך דער „דזשאָינט" און „היאַס",

און אזוי ארום ווערן געמאכט די ערשטע שריט פאר די צוקונפטיקע „פאראייניקטע קאמפיינען".

אין יאר 1947 ווערט געשאפן דער ראט פון הילף און רעהאביליטאציע, וואס ארבעט אין קאאפעראציע מיטן „דזשאינט". די צוועקן וואס דער ראט שטעלט זיך זיינען:

1) שטיצן דעם „דזשאינט", וועמענס ווערק האט אנגענומען דעם כאראקטער פון א יידיש־נאציאנאלן אויפבוי, און מיטארבעטן מיט דער אינסטיטוציע אין אלע זיינע אויפגאבעס וואס האבן א שייכות מיט טשילע.

2) האלטן אינפארמירט די יידישע קאלעקטיוויטעט פון טשילע וועגן דער ארבעט פון „דזשאינט" אין אלע טיילן פון דער וועלט.

3) אויפנעמען פון די יידישע געמיינדעס אין לאנד פעקלעך שפייז און קליידונג אויף איבערצושיקן קיין אייראפע און ישראל דורכן „דזשאינט". די פעקלעך וועלן איבערגעגעבן ווערן אין נאמען פון די געמיינדעס וואס וועלן זיי צושיקן.

דער ראט איז געגרינדעט געווארן בשעתן באזוך אין טשילע פון די ה"ה כ. ב. לייטמאן און פלאט־ראבינער י. גאלדבערג, ביידע פארשטייער פון „דזשאינט". דער ערשטער פרעזידענט פון דעם ראט וועלכער זעצט פאר זיין טעטיקייט ביז היינט איז ה' יצחק דראפקין.

דער רעפרעזענטאטיווער קאמיטעט ברענגט אויך דעם בייטראג פון דער קאלעקטיוויטעט צו ענינים פון אלגעמיינעם אינטערעס אין לאנד, ווי למשל, די זאמלונג פאר ארבעטער הייזער, וואס עס איז פאטראניזירט געווארן פון דער פרוי פון מלוכה־פרעזידענט מ"ם ראזא מארקמאן דע גאנזאלעז ווידעלא, ביישטייערונגען פאר עמערגענץ־וואוינונגען, עפענטלעכע ביבליאטעקן וכו'.

די טעטיקייט פון קאמיטעט ווערט אויך אויסגעברייטערט אויפן געביט פון אינערלעכן לעבן. אלס פארשטייער פון דער קאלעקטיוויטעט, ווייזט ער ארויס אויפמערקזאמקייט צו די יידישע קינסטלער וואס באזוכן דאס לאנד. אזוי ווערן איינגעארדנט אויפנאמען פארן קינסטלער פון די פאראייניקטע שטאטן, י. בן־עמי, פארן ישראל־ווירטואז ז. וויסענבערג, פארן ארטיקן שרייבער י. פילאווסקי, ביי דער געלעגנהייט פון דערגרייכן דעם פופציק יאריקן עלטער וכו'.

די ציוניסטישע פעדעראציע רעפרעזענטירט דעם יאר אויפן לאטיין־אמעריקאנער ציוניסטישן קאנגרעס, אפגעהאלטן אין מאנטעווידעא אין 1945, מיט א דעלעגאציע אין באשטאנד פון מ. מאלדראווסקי, ש. גלייזער און ש. גארען, ווי אויך אויפן כינוס אין ב. איירעס (1950) דורך א דעלעגאציע אין באשטאנד פון יחיאל סיני, ג. ראזענבערג און ס. פרידמאן.

דעם זעלביקן יאר, ווערט אויך געגרינדעט א פאריין פון פריינט פון דער

חברה „כל ישראל חברים" (אליאַנס איזראעליט אוניווערסאַל), אַלס ערשטער פּרע־זידענט פון פאַריין האָט אַקטואירט ה' נאַרסיסאַ פּערעז ק., אַ געוועזענער שילער פון די אליאַנס שולן.

צוליב געוויסע סיבות האָט דער פאַריין געקאָנט אַנטוויקלען בלויז אַ שוואַכע טעטיקייט ביזן יאָר 1952. עס זיינען די יאָרן פון דעם געראַנגל פאַרן אויפקום פון מדינת ישראל, פון די ערשטע נישט־זיכערע שריט פון דעם יידישן שטאַט. די אויפמערקזאַמקייט פון ישוב איז געווען קאָנצענטרירט אין דעם אַזוי וויכטיקן פּונקט און עס איז נישט מעגלעך געווען אָפּציען דעם אינטערעס פאַר נייע איניציאַטיוון, נישט דירעקט פאַרבינדן מיט ישראל.

די לאַגע האָט זיך געבעסערט אין 1952, ווען עס האָט באַזוכט טשילע ד"ר אַנדרע טשוראַקי, ספּעציעלער פאָרשטייער פון דער חברה „כל ישראל חברים" — אליאַנס. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג פון דעם פאַריין, בראש פון וועלכער עס שטייט ביז היינט דער אַקטיווער ספרדישער טוער ה' וויקטאָר קאַרי. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ דאַמען־קאָמיסיע וואָס ווערט פּרעזידירט פון מ"ם שרה ר. דע פאַנאַט.

דער פאַריין שטייט אין קאָנטאַקט מיט דער צענטראַלע פון דער אליאַנס אין פּאַריז, און מיט די ענלעכע פאַריינען אין ניו־יאָרק און ב. איירעס, בכדי מיטצו־העלפן דער חברה „כל ישראל חברים", וואָס וועט אין גיכן פייערן דעם ערשטן יאָרהונדערט זינט איר גרינדונג, און וואָס האָט פאַרצייכנט אין איר געשיכטע אַ סך פאַרדינסטן פאַרן רענעסאַנס פון יידישן פאָלק.

שוין דער נאָמען אליין „כל ישראל חברים", אָדער אַלוועלטלעכער יידישער פאַרבאַנד, שטעלט אַריין דער קערפּערשאַפט אין די ערשטע רייען פון קעמפער פאַר יידישע רעכט און רעכט פון יידן אין אַ סך פּונקטן פון די תפוצות, און צווישן די וואָס האָבן צו פאַרצייכענען וויכטיקע אויפטוען אין ארץ־ישראל.

## ד) וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער חברה־קדישא

די יאָרן 1945 — 1949 זיינען יאָרן פון ראַשיקן וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער חברה קדישא, וואָס הויבט אָן אַליץ מער צו באַטייליקן זיך אין די לעבנס־פּראָבלעמען פון דער געמיינדע, צו וועלכע זי שטייערט מיט מיט באַדייטנדיקע סכומים, ווי למשל פאַרן ועד החינוך וכו'.

אַ געוויסע אָנרעגונג אין דער הינזיכט האָט געגעבן די אַנטוויקלונג פון דער חברה־קדישא אין ב. איירעס, וואָס האָט אין 1945 באַנייט איר גראַניעזן בנין, וואָס טראָגט דעם כאַראַקטער און דערפילט די פונקציעס פון אַ ריכטיקן־בית־הקהל.

דערצו האָט נאָך בייגעטראָגן די פאַרגרעסערונג פון די שטרענג־רעליגיעזע עלע־מענטן, וואָס זיינען אָנגעקומען מיט דער אימיגראַציע כוואַליע פון דייטש־שפּראַכיקע יידן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1933. די חברה־קדישא הויבט אָן צו פאַר־טענדירן אויף דער פּאָזיציע פון אַ רעליגיעזער קהילה, ווי אַ מין קעגנזאַץ צום „סירקולאָ" וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צו אַן ערזאַץ פון אַ וועלטלעכער קהילה.

עס פאַרשטייט זיך אַז די אַנטוויקלונג פון דער חברה־קדישא, איר שטאַרקער באַטייליקונג אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, און איר אַספּיראַציע צו אַריינטראָגן אין אים נייע, ווען אַפילו אַלט־פאַרגעסענע טענער, זיינען זיך נישט באַגאַנגען אָן קיין קאָנפליקטן און מיספאַרשטענדנישן, סיי אינערהאַלב דער חברה, סיי אויסער איר.

שוין אין 1946 ברעכט אויס אַ סיכסוך צווישן דער ח. ק. און דער דייטשישער געמיינדע „בני־ישראל", וועגן מיספאַרשטענדענישן אַרום קבורה־אָפּצאָל פון די נפטרים פון דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר, וואָס קומען צו קבורה אויפן בית־עלמין אין קאָנטשאַלי. דער סיכסוך ווערט דערליידיקט אינערהאַלב דער קאָלעקטיוויטעט, אַדאַנק דער אינטערווענץ פון דעם רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט, וועלכער באַשטימט, נאָך אַ רייע פאַרהאַנדלונגען, אַלס איינציקן בורר זיין געוו. סעקרעטאַר ה׳ ראָבערטאָ לעווי, וועלכער דערליידיקט דעם ענין צו דער צופרידנקייט פון ביידע צדדים.

די טענדענץ פון דער ח. ק. צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַ רעליגיעזער קהילה, באַקומט פרישן שוואונג אין 1947, ווען די פּרעזידענץ פון דער אינסטיטוציע נעמט איבער ה׳ יצחק גאָרען, אַ פרייגעזאָנענער מענטש וואָס איז באַקערט געוואָרן צו אָרטאָדאָקסיע און האָט אַרויסגעוויזן אַ סך אײפער אין זיין נייער שטעלונג.

אין יאָר 1947, ווערט געקויפט דער בנין אויף סאַן־פראַנסיסקאָ 1018, וואָס גרענעצט מיט דער פריערדיקער דירה פון דער ח. ק. און דאָרט וועט איינגעאָרדנט ווערן אַ רעליגיעזע שולע, אַ בית־השחיטה פאַר עופות און אַ כשר׳ע מקווה. דעם זעלבן יאָר ווערט איינגעפירט אַ רעגיסטער פון רעליגיעזע צערעמאָניעס וואָס ווערן דורכגעפירט אין שול פון דער ח. ק. אָדער דורך פאַרמיטלונג פון אירע כלי־קודש: חתונות, ברית׳ן, בר־מצוות, תנאימס וכ׳. די ח. ק. זוכט אויך אַראָפּצו־ברענגען אַ באַזונדערן רב. דער רב נתן בלום, פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט, ווערט פון דער ח. ק. אָנערקענט, בלויז ווי אַ מורה־דרך פאַר דער יוגנט. עס איז נאָך פון פריער אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אַ באַזונדערער שוחט, ה׳ אברהם גאָלדבערג, וואָס האָט פריער אַקטואירט אין מאָנטעווידעאָ.

די ח. ק. הויבט אָן איינלאַדן די קאַנדידאַטן וואָס האָבן מעגלעכקייטן צו פאַרנעמען דעם כסא־הרבנות פון דער צוקונפטיקער רעליגיעזער געמיינדע: אין 1948 ווערט אַראָפּגעבראַכט אויף באַזוך הרב יהושע פייגנבוים פון ניו־יאָרק, אין 1949, באַזוכט טשילע הרב יעקב פינק פון ב. איירעס. אָבער, הפּנים, אַז דער ענין

פון א באזונדער רב איז נאך געווען פרי־צייטיק. דערווייל, ווערט ארגאניזירט א באזונדער „ועד לעניני הדת", א באזונדער „ועד הכשרות" און עס ווערט אסיג־נירט 50 טויזנט פעזאס אויף די הוצאות פון אראפברענגען א באזונדערן רב. די ה. ק. גרייט זיך ערנסט צו פארוואנדלען זיך אין א באזונדער רעליגיעזער קהילה, מיט אדער אן א רב.

סוף 1949, ברעכט אויס א שארפע אינערלעכע מחלוקת ארום דעם ענין, וואס קאן ברענגען צו דעם אז די קאלעקטיוויטעט זאל אפיציעל געטיילט ווערן אין א רעליגיעזן און נישט־רעליגיעזן סעקטאר. אויף דער אויסערארדנטלעכער גענ.־פארזאמלונג פון 12־טן אקטאבער, ווערט דער פראיעקט פון פארוואנדלען די ה. ק. אין א רעליגיעזע קהילה, און רעפארמירן אירע סטאטוטן אין דער הינזיכט, גוט־געהייסן מיט 72 שטימען קעגן 22, ביי 17 אפגעהאלטענע. באלד אבער קומט אן א ביטע מיט 200 חתימות וועגן ווידעראמאל צו באהאנדלען דעם אזוי וויכטיקן ענין און אפזוכן וועגן ווי אזוי אויסצומיידן אפשפאלטונג אין דער קאלעקטיוויטעט.

צו דער אויסערארדענטלעכער פארזאמלונג וואס איז פארגעקומען דעם 18־טן דעצעמבער פון זעלביקן יאר, זיינען געקומען 330 מיטגלידער, א זייער גרויסער צאל פאר יענע צייטן. עס ווערט געפאדערט די רעזיגנאציע פון דער פארוואלטונג און נייע וואלן. נאך א היציקער דעבאטע קומט עס צו אן אפשטימונג, וואס דריקט זיך אויס אין פאר אדער קעגן דער פארוואלטונג, וואס ווערט אידענטיפיצירט מיט פאר אדער קעגן פארוואנדלען די ה. ק. אין א רעליגיעזער קהילה. די פארוואלטונג און איר פראיעקט וועגן א רעליגיעזער קהילה ציען 175 שטימען, ווערענד 155 שטימען זיינען קעגן. אזוי ארום איז אזא וויכטיקער ענין באשלאסן געווארן מיט א קליינער מערהייט פון 20 שטימען אויף 330 שטים־בארעכטיקטע, וואס באווייזט אז די קאלעקטיוויטעט איז געווען שטארק מחולק ארום דעם פרא־יעקט, וואס וועט סוף כל סוף נישט מצליח זיין.

## ה) נייער יידישער בנין: „בני־ישראל"

פאר דער צייט האט זיך די דייטש־שפראכיקע געמיינדע „בני־ישראל" שטארק אנטוויקלט און געמאכט היפשן פארשריט סיי אין איר אריינוואקסן אין די נייע לעבנס־באדינגונגען, סיי אין צופאסן איר ארגאניזירטקייט צו די נייע אומשטענדן.

די עקאנאמישע לאגע פון די ניי־אנגעקומענע בעסערט זיך שנעל, דאנק דעם טעכנישן וויסן און די איניציאטיוו אויפן געביט פון מסחר און אינדוסטריע וואס דער רוב פון זיי האבן מיטגעבראכט פון דער אלטער היים. די קהילה פילט זיך

שוין אָרגאַניזאַציאָנאַל און עקאָנאָמיש געגוג קרעפטיק אויף אונטערצונעמען דעם אויפבוי פון אַ פּאַסיקן בנין פאַר אַ שול, קלוב, סאַלאָן, ביוראָען, שולע וכו׳.

דעם 13־טן אַפּריל פון 1947, ווערט פאַרלייגט דער גרונדשטיין פון אַ נייער, פּרעכטיקער געביידע אויף דער שיינער, ברייטער גאַס פּאָרטוגאַל, נומער 810. פּרעזידענט פון די „בני־ישראל" איז דעמאָלט דער טיכטיקער און אונטערנעמעריש ד"ר יוסף הירשבערג, וועלכער וועט די געביידע אויך פאַרענדיקן, און וועט פאַרנעמען דעם פּרעזידענטן־אַמט אין משך פון קנאַפּע זעקס יאָר, (אָקטאָבער 1946 — אַפּריל 1952), ווען ער וועט עולה זיין קיין מדינת ישראל.

## ו) פונדאַציע סאַלאָמאָן־סאַק־מאַטט

יידן האָבן אומעטום זיך אויסגעצייכנט מיט גרויסע בייטראָגן פאַרן וואוילזיין פון דעם לאַנד אין וועלכן זיי האָבן געלעבט. די יידישע געמיינדעס אַלס גאַנצע און אירע אויסגעצייכנטע יחידים באַזונדער, האָבן אַלעמאָל געהאַט אין זינען די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג מיט וועלכער און צווישן וועלכער זיי האָבן געלעבט.

דער יידישער ישוב אין טשילע איז נישט אָפּגעטראָטן פון דעם כלל. קאָלעקטיוו האָט די געמיינדע געגרינדעט דעם „פּאָליקליניקאָ" אין 1922, און האָט געשאָנקען דער שטאָט סאַנטיאַגאָ אירע ערשטע ליכט־סיגנאַלן צו רעגולירן דעם טראַפיק אין 1941. איצט איז געקומען די צייט פאַר יחידים, און דער ערשטער אין דער הינזיכט איז געווען אַ מאַן וואָס האָט אויך אינערהאַלב דער געמיינדע געדינט מערערע מאָל אַלס ביישפּיל מיט זיינע ביישטייערונגען פאַר לאָקאַלע און אַלוועלטלעכע יידישע ענינים.

דאָס איז דער ה׳ סאַלאָמאָן סאַק־מאַטט, אַ ווילנער ייד, אַ גרויסער סוחר אין דער אייזן־בראַנזשע, וואָס איז אויך געזעלשאַפטלעך אַקטיוו. ער איז 15 יאָר געווען פּרעזידענט פון „סירקולאָ", ער איז זינט איר גרינדונג דער פּרעזידענט פון דער „באַנקאָ איזראַעליטאַ דע טשילע", אַזוי אַז זיין אויפטו, ווען אפילו פון פּריוואַטן כאַראַקטער, האָט אויך אַ געוויסע געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג.

דעם 6־טן מערץ פון 1948 האָט די רעגירונג פון פּרעזידענט גבריאל גאָנזאַלעז ווידעלאַ, באַוויליקט יורידישע פּערזענלעכקייט צו אַ פונדאַציע פון סאַלאָמאָן סאַק, וואָס טראָגט זיין נאָמען: „סאַלאָמאָן סאַק־מאַטט" און באַצוועקט פאָלגענדע קולטור־אויפטועך. 1) גרינדן פאַך און אינדוסטריעלע שולן; 2) איינשטעלן ספּעציעלע קורסן פאַר פאַך־ספּעציאַליזאַציע; 3) אַרויסגעבן סטיפּענדיעס און פּרעמיעס פאַר טעכניקער וואָס ווילן זיך פאַרפולקאָמען אין זייערע פאַכן; 4) אָנפירן יעט־

זועדע טעטיקייט וואָס די פאַרוואַלטונג וועט האַלטן פאַר איינשטימיק מיט די צוועקן וואָס דער גרינדער פון דער פונדאַציע האָט זיך געשטעלט.

ה׳ סאַלאָמאָן סאַק־מאַטט האָט געגרינדעט די פונדאַציע מיט אַ סכום פון דרייסיק מיליאָן פעזאָס (דעמאָלט אַ מיליאָן דאָלאַר) וואָס איז שפּעטער געהעכערט געוואָרן ביז 200 מיליאָן פעזאָס. אין דעם אומגעבונג פון סאַנטיאַגאָ, קעגנאיבער דעם לופט־פּאָרט פון „לאָס סעריזשאָס״, ווערן אויפגעשטעלט די געביידעס פאַר דער טעכנישער אוניווערזיטעט וואָס די פונדאַציע פּלאַנט צו גרינדן.

דער זשעסט פון ה׳ סאַלאָמאָן סאַק־מאַטט איז נאָך אַ באַווייז אויף וויפיל יידן ווערן צוגעבונדן צום לאַנד אין וועלכן זיי לעבן און אַקטואירן, און פאַר דעם וואוילזיין און פאָרשריט פון וועלכער, זיי זיינען גרייט צו מאַכן די גרעסטע אָנ־שטרענגונגען.

## אַסעגוראַציע געזעלשאַפט „לאַ־העבראַיקאַ״

געגרינדעט אין 1946 אויף דער איניציאַטיוו פון נח וויטאַל, האָט די אַסעגו־ראַציע געזעלשאַפט „לאַ העבראַיקאַ״ געהאַט אַלס איר ערשטן פּרעזידענט ה׳ אברהם אַסערמאַן און אַלס לעגאַלן ראַטגעבער דעם אַדוואָקאַט ראָבערטאָ אַראָן.

דער צוועק פון דער געזעלשאַפט איז געווען אַריינציען אין די אַסעגוראַציע געשעפטן ברייטערע קרייזן פון דער יידישער געמיינדע, וואָס האָט שוין געהאַט זינט 1937 די אַסעגוראַציע געזעלשאַפט „לאַ איזראַעליטאַ״.

ביידע געזעלשאַפטן געהערן איצט צום קאָנסאָרציום פון די ענלעכע געזעל־שאַפטן אין לאַנד וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „קאַפּפּעס אָרגאַניזאַציע״, און ווערט אָנגעפירט פון ה׳ לואיס קאַפּפּעס גיבערט.

דער קאַפּיטאַל פון דער געזעלשאַפט וואָס איז לכתחילה געווען באַשטימט אין דריי מיליאָן פעזעס, איז לעצטנס געהעכערט געוואָרן אויף צוועלף מיליאָן. צוזאַ־מען מיט די רעזערוו פאָנדן דערגרייכט דער קאַפּיטאַל צו 23 מיליאָן פעזעס, פון וועלכע קנאַפּע פיר מיליאָן זיינען אינוועסטירט אין אַקציעס פון דער „באַנקאָ איזראַעליטאַ דע טשילע״.

פאַר איר לעצטן פינאַנציעלן פּעריאָד האָט די „לאַ העבראַיקאַ״ אויסגעצאָלט שטייערן און ביישטייערן פאַר פאַרשידענע צוועקן העכער זעקס מיליאָן פעזעס.

## ז) אַסעגוראַציע געזעלשאַפט „לאַ איזראַעליטאַ״

די דאָזיקע געזעלשאַפט איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1935 דורך די הערן

ארטוראָ דאוויס, ענריקע לינארעס, און זי איז באַלד אינקאָרפּאָרירט געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע „קאפּפּעם" אין יאָר 1936.

דאָס איז געווען די ערשטע יידישע געזעלשאַפט פון דעם מין אין לאַנד. זי איז אָנגעהויבן געוואָרן מיט אַ קאַפּיטאַל פון איין מיליאָן פּעזעס און ערשט דעם יאָר איז דער קאַפּיטאַל פאַרגרעסערט געוואָרן אויף 12 מיליאָן.

די רעזערוו־פאָנדן דערגרייכן אין יאָר 1956 צו 36 מיליאָן פּעזעס, און עס איז געצאָלט געוואָרן דיווידענדן 33 פּעזעס פאַר יעדער אַקציע.

דער ערשטער פּרעזידענט און גרינדער, ה' כאַסע לעווי, איז אויך היינט דער פּרעזידענט פון דירעקטאָריום.



דירעקטאָריום פון „עסטאַדיאָ איזראַעליטאַ"



ציוניסטישע פרויען ארגאניזאציע „וויצא״.
ערשטער דירעקטאריום יאר 1926.



דירעקטאריום פון דער „וויצא״ 57 — 1956

קאַפּיטל צען

# די געשיכטע פון יידישן חינוך אין טשילע

(דער ועד־החינוך)

א) ערשטער פּעריאָד: 1906 — 1914

ב) צווייטע תקופה: 1914 — 1925

ג) דריטער פּעריאָד: געבורט פון אַן אינטעגראַלע שולע

ד) די יידישע פּרוּוו ראַטעווען דעם יידישן חינוך

ה) גרינדונג און טעטיקייט פון ועד־החינוך

ו) געזאַנג־פאַריין: „הזמיר".

## א) ערשטער פּעריאָד: 1906 — 1914

ווי יעדער יידישער קיבוץ האָט אויך דער טשילענער ישוב געזאָרגט, כמעט זינט זיין אנטשטייאונג פאַר דער דערציאונג פון די אונטערוואַקסענדיקע דורות. נאָך איידער דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט אָנגענומען וועלכע ס׳איז אָרגאַ־ניזירטע פאָרם, האָט שוין עקזיסטירט די פּריוואַטע דערציאונג דורך אַ מלמד ה״ גומהויזער, וואָס פלעגט גיין אויף שטונדן פון הויז צו הויז און לערנען יידישע קינדער אַביסל סידור, חומש וכ׳.

דער יידישער חינוך אין טשילע, אָרגאַניזירטער ווי נישט אָרגאַניזירטער, האָט זיך פון לכתחילה אָנגעשטויסן אין גאָר אַ גרויסער שוועריקייט, וואָס מען מוז גוט נעמען אין אַכט ביים באַטראַכטן זיין אַנטוויקלונג. די שוועריקייט איז אַרויסגע־פלאָסן פון די באַדינגונגען אין די לאַנדעס־שולן, קעגן וועלכער דער יידישער ישוב איז אין די ערשטע שווערע יאָרן פון זיין אויפקום, געווען אוממעכטיק צו קעמפן.

די טשילענער רעגירונגס־שולע האָט אַ גאַנץ ברייטן לערן־פּראָגראַם, און פאַרנעמט ביים קינד אַלע שעה׳ן פון פאַרמיטיק און אַ גרויסן טייל פון נאָכמיטיק. ערשט אַרום פינף אַזייגער פאַרנאַכט באַפרייט זיך דאָס קינד פון זיינע אַלגעמיינע אָבליגאַטאָרישע לימודים, און ערשט דאַן האָט עס געקאָנט אויפנעמען אַ יידישע לעקציע ביי אַ פּריוואַט־לערער, אָדער באַזוכן אַ חדר, אָדער די קורסן וואו מ׳ען האָט געלערנט פון 5 פאַרנאַכט ביז אַרום אַכט אין אָוונט, בכלל שווערע שעה׳ן, בפרט ווען דאָס קינד איז שוין געווען מיד פון כמעט אַ גאַנצן טאָג לערנען אין דער אַלגעמיינער שולע. דערצו האָבן די יידישע לימודים צוגענומען ביים יידישן קינד זיין גאַנצע פרייע צייט, וואָס ער האָט געדאַרפט און געוואָלט אָפּגעבן אויף פאַרוויילן זיך אין פאַרשידענע שפּילערייען, וואָס זיינען אַזוי נאַטירלעך און וויכ־טיק אין דעם עלטער. יידישע טאַטע־מאַמע און יידישע קינדער אין טשילע זיינען געשטאַנען פאַר גרויסע נסיונות ביים אָנהאַלטן דעם יידישן חינוך אין וועלכער

ס'איז נישט פאַרם. און צו זייער שבח דאַרף עס פאַרשריבן ווערן אַז אַ גאַר היפּשע טייל פון ישוב איז דעם נסיון בייגעשטאַנען.

די דאָזיקע סיטואַציע וועט צווינגען דעם ישוב צו גרינדן, מיט דער צייט, ווען ער וועט קומען צו פולער אַנטוויקלונג פון זיינע כוחות און מעגלעכקייטן, אינטעגראַלע שולן, וואו די יידישע לימודים ווערן געלערנט צוזאַמען מיט די אַלגעמיינע. דאָס פאַרטייערט דעם אונטערריכט און רופט זיך אָפּ אומגינסטיק אויף דער אַנטוויקלונג פון די יידישע לימודים, ווייל ביים איבערגיין פון איין יאָר צום צווייטן, ווערן גענומען אין חשבון בלויז די אַלגעמיינע לימודים, דאָס מאַכט דעם איינדרוק אַז די יידישע לימודים זיינען נישט אַזוי וויכטיק, און עס פאָדערט זיך נאָכאַמאָל גוטער ווילן מצד עלטערן און קינדער אויף אָנצוהאַלטן די יידישע לימודים אויף אַ געהעריקן ניוואָ. אויך דאָס איז, ביז אַ געוויסער מאָס דערגרייכט געוואָרן.

אַ צווייטע שוועריקייט איז פון די ערשטע צייטן געווען און ביז היינט פאַרבליבן דאָס פעלן פון לערער. עס איז פאַרשטענדלעך אַז אין די ערשטע יאָרן פון ישוב זאָל מען אין דער הינזיכט זיין אָנגעוויזן אויף צופעליקייטן. אָדער אַ פּראָפעסיאָנאַלער לערער וואָס איז צופעליק פאַרוואָרפן געוואָרן קיין טשילע, אָדער סתם אַ ייד אַ בן־תורה, וואָס האָט זיך צייטווייליק גענומען צו לערעריי, ביז עס וועט זיך מאַכן אַ בעסערע פּרנסה. אויך שפּעטער, ווען עס זיינען אונטערגעוואַקסן די אין לאַנד געבוירענע קינדער, איז שווער צו באַוואויגן זיי אָפּצוגעבן זיך מיט לערעריי, אַ פאַך וואָס האָט נישט קיין גאַר גרויסע אויסזיכטן ווי אַן עקאָנאָמישע באַזע אין לעבן. ווען אפילו דער לערער פון יידישע קעגנשטאַנדן קריגט אַ פּיל בעסערן געהאַלט ווי די לערער פון אַלגעמיינע קעגנשטאַנדן, איז עס דאָך נישט גענוג אויף צו קאָנען אָנהאַלטן דעם לעבנסשטאַנדאַרט וואָס ווערט באַטראַכט ווי אַ מינימאַלער אין דער געמיינדע, און פשיטא שוין אַז עס קאָן נישט זיין קיין רייד פון מאַכן אַ קלענערע אָדער גרעסערע „אַמעריקע".

איז דער יידישער חינוך אין טשילע אָנגעוויזן בעיקר אויף אַראָפּגעבראַכטע לערער. אין די ערשטע יאָרן פון דער אַלטער היים און פון דער נאָנטער אַרגענטינע, און די שפּעטערע יאָרן האָט מען געבראַכט לערער פון ארץ־ישראל. עס איז לייכט פאָרצושטעלן זיך וויפיל דאָס קאָסט אָפּ, און וועט נאָך קאָסטן, ביז עס וועט דאָך געלונגען אויפצושטעלן אַן אָרטיקע לערערשאַפט, וואָס וועט דערצו האָבן אַ געמיינזאַמע שפּראַך, סיי אין לשון סיי אין צוגאַנג צו פאַרשידענע פּראָבלעמען, מיט די קינדער וואָס זי דאַרף דערציען.

די תקופה פון פּריוואַטע־לעקציעס וואָס קאָן אָנגערופן ווערן די פאַר־היסטאָריע פון אייגנטלעכן חינוך אין טשילע, ווערט אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1914, ווען די

צוויי פאריינען וואס האבן דאן עקזיסטירט, די „אוניאן" און דער „סענטרא", גיסן זיך צענויף אין איין אנשטאלט און עס ווערט באפרייט א סכום פון געזעל־שאפטלעכע ענערגיעו וואס קאנען פארוואנדעט ווערן אויף אויסצוברייטערן דעם טעטיקייטס־קרייז און אויך נעמען טראכטן וועגן ארגאניזירן דעם חינוך.

## ב) צווייטע תקופה: 1914 — 1925

די ערשטע ארגאניזירטע שולע איז דערעפנט געווארן ביים „סענטרא קאמער־סיאל דע בענעפיסענסיא" אין 1914. דער לערער איז געווען ר' שלמה ראטטער, א געדולדיקער גוטמוטיקער מענטש, שטארק באליבט ביי זיינע תלמידים, דערצו אן אקטיווער געזעלשאפטליכער עסקן, וואס האט געזען אין זיין פאסטן נישט נאר א פרנסה, אויך אן אידעאל.

געלערנט האט מען לויטן אלטן נוסח: עברי, תפילות, אביסל חומש און דערציילונגען פון יידישער געשיכטע, ימים־טובים און מנהגים; מען האט אויך צוגעגרייט די אינגלעך צו זייער בר־מצוה, ווען אפילו די שולע איז געווען א גע־מישטע פאר אינגלעך און מיידלעך צוזאמען. צום סוף יאר פלעגן דורכגעפירט ווערן עקזאמענס. מען האט פארהערט די תלמידים, בעיקר צו זיי קאנען דאוונען פון סידור און זאגן פון אויסנווייניק די געהעריקע תפלות און ברכות.

אין 1916 קומט פאר א שפאלטונג. עס ווערט געגרינדעט א צווייטער פאריין מיט אן אויסדריקלעך יידישן נאמען און מיט א קלארע טענדענץ צו זארגן ספעציעל פאר חינוך: „קאנגרעגאסיאן איזראעליטא תלמוד תורה". דער לערער שלמה ראטטער איז איינער פון די גרינדער פון דעם נייעם פאריין, און די שולע ווערט געשלאסן אין „סענטרא" און דערעפנט אין דער „קאנגרעגאסיאן" מיטן זעלביקן לערער און זעלביקן פראגראם וואס פריער. די שולע אנטוויקלט זיך, עס קומען צו תלמידים, עס פעלן אוים בענק, און די „קאנגרעגאסיאן" ווענדעט זיך מיט א בקשה צום „צענטער", מען זאל איר אויסלייען די שול־בענק וואס געפינען זיך אין איר באזיץ. דער „צענטער" שיקט א ספעציעלן באאבאכטער זען צו עס פעלן טאקע אוים שול־בענק, און כפי דער באאבאכטער אינפארמירט אז ביי זיין באזוך אין שולע האט ער געטראפן אז יעדער קינד האט זיין ארט, ווערט די בקשה נישט אנגענומען . . .

דער „צענטער" וועט זיך פרוואון צו עפענען זיין שולע, ער וועט אננעמען דעם אנבאט פון א יידישן לערער פון אלגעמיינע לימודים צו דערעפענען אויף זיין אחריות, נאר אין לאקאל פון „צענטער" א יידישע מיטל־שולע פאר אלגעמיינע לימודים. דער ערשטער פרואוו פאר אן אינטעגראלע שולע, ווען אפילו אנגעהויבן

פון דער צווייטער העלפט,אָבער די פּרואוו האָט נישט קיין הצלחה, און די איינציקע שולע בלייבט די תלמוד תורה פון דער „קאָנגרעגאַסיאָן".

נאָך ר׳ שלום ראַטטער לערנט אַ קורצע צייט דער לערער אהרן פריערמאַן און שפּעטער מ. באַראַכאָוו, וועלכע זעצן פאָר מיטן זעלביקן פּראָגראַם.

סוף 1920 פאַרייניקן זיך דער „צענטער" מיט דער „קאָנגרעגאַציע" און עס ווערט געשאַפן דער „סירקולאָ", וועלכער נעמט איבער די זאָרג פאַרן חינוך. דעם זעלבן יאָר קומען אָן אין לאַנד איינצקע נייע לערער, צווישן זיי דער אָנגעזעענער פּעדאַגאָג ר׳ שאול שיפּרין ע״ה, וואָס האָט נאָך אין רוסלאַנד פאַרוואַלטעט מיט אַ חדר־מתוקן, וואו עס האָט געאַרבעט מער ווי איין לערער. די שולע ביים „סירקולאָ" ווערט פאַרגרעסערט. ר׳ שלום ראַטטער ווערט באַשטימט פאַר שול אינספּעקטאָר, אַן אַמט וואָס ער וועט אָנהאַלטן ביזן סוף פון זיין לעבן. אין דער שולע ווערן לערנען אין פאַרשידענע צייטן, אַמאָל אויך צוזאַמען די לערער ש. שיפּרין, משה באַראַכאָוו, אהרן פריעדמאַן, יצחק ניסים, וועלכע ווערן אויך געבן פּריוואַטע לעקציעס, פאַר די קינדער וואָס קאָנען נישט באַזוכן די שולע. דער חינוך אין טשילע האָט באַקומען פון 1921 אַ באַדייטנדיקן שטויס פאָראויס.

סוף 1919, אויפן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז געגרינדעט געוואָרן די ציוניסטישע פעדעראַציע, וואָס שפּילט די ראָלע פון אַ צענטראַלער אינסטיטוציע וועלכע דאַרף זאָרגן אויך פאַר די אַספּעקטן פון אָרטיקן לעבן. ווען די לאַסט פון חינוך ווערט צו שווער פאַר די באַגרענעצטע מיטלען פון „סירקולאָ", נעמט איבער די פעדעראַציע דעם שול ווען אין 1923, שטענדיק סובסידירט פון סירקולאָ". עס ווערן אָנגעשטעלט נייע לערער, טאַקע מאָדערנערע, יעקב פּילאָווסקי און אַדאָלפאָ לאַם, און די פּראָגראַם ווערט אַביסל מאָדערניזירט און מער צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען אין נייעם לאַנד.

אין 1925 ווערט אונטער דערדירעקציע פון יעקב פּילאָווסקי געמאַכט די ערשטע פּרואוו פון אַ אינטעגראַלע שולע, אין וועלכער עס ווערן געלערנט סיי יידיש, סיי אַלגעמיינע לימודים און די קלאַסן קומען פאָר סיי פאַר מיטיק סיי נאָך מיטיק. די שולע וועט עקזיסטירן צוויי יאָר, און דאַרף באַטראַכט ווערן ווי די פאָרגייערן פון דער שפּעטערדיקער אינטעגראַלער שולע „אינסטיטוטאָ העברעאָ", וואָס עקזיסטירט ביז צו היינטיקן טאָג.

מיט דער שאַפונג פון דער ערשטער אינטעגראַלער שולע, וואָס באַדייט אַ שטרעבונג זיך בעסער צופּאַסן צו די אָרטיקע באַדינגונגען, ווערט אָפּגעשלאָסן דער ערשטער פּעריאָד פון אָרגאַניזירטן יידישן חינוך, אין פאָרם פון אַ דער־גענצונג שולע, אָדער, ווי מען האָט עס גערופן „קורסן", וואָס האָט אָנגעהאַלטן עטוואָס מער פון צען יאָר פון 1914 ביז 1925.

## ג) דריטער פּעריאָד: געבורט ווייען פון אַן אינטעגראַלער שולע

דער ערשטער פּרואוו פון אַן אינטעגראַלער שולע האָט זיך נישט איינגעגעבן. אין 1927 צווינגען די אומשטענדן זיך אומצוקערן צום סיסטעם פאַר פאַרנאַכטיקע דערציאונגס־קורסן. די שוואַכע פינאַנסן פון דער געמיינדע און פון אירע אינסטי־טוציעס האָבן נישט דערלויבט די גרויסע אויסגאַבן פון אַן אינטעגראַלער שולע וועלכע דאַרף אויך צאָלן פאַר די אַלגעמיינע לימודים, וואָס מען קאָן באַקומען אומזיסט אין דער אַלגעמיינער שולע.

דאָך ווערן די באַמיאונגען פאַר אַ אינטעגראַלן יידישן חינוך נישט אויפגעגעבן. דעם זעלביקן יאָר 1927, ווערן אַראָפּגעבראַכט די ערשטע ספּעציעל קאָנטראַקטירטע לערער פון ארץ־ישראל: ד״ר אהרן יואל און זיין פרוי לאה ליאָן דע יואל, וואָס דאַרפן פאַררעכנט ווערן ווי די פּאָטער און מוטער פון דעם מאָדערנעם אינטעגראַלן יידישן חינוך אין טשילע.

ד״ר יואל איז אַ געשולטער פּעדאַגאָג, און ווען ער קומט קיין טשילע אַלס טעכנישער דירעקטאָר פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, האָט ער אָבער אויך אין אויג דעם חינוך, וואָס ווערט דאָך געלייטעט פון דער פעדעראַציע. אַ מענטש מיט דייטשישער גרינטלעכקייט און יידישער עקשנות, ווייסט ער אַז אויב מען וויל אויפשטעלן אַ שול־וועזן מוז מען אָנהויבן פון דעם יסוד, און אין 1928 ווערט געגרינדעט דער ערשטער מאָדערנער העברעאישער קינדער גאָרטן, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערן ווי דער יסוד פון היינטיקן יידישן שול־וועזן אין טשילע.

דער קינדער־גאָרטן האָט בלויז 20 שילער, ער ווערט אָנגעפירט פון פרוי לאה יואל, וואָס האָט אַלס מיטהעלפערין די ערשטע יידישע טאָכטער פון לאַנד, וואָס פאַראינטערעסירט זיך מיט יידישע דערציאונגס־פּראָבלעמען, פריילין ראָזאַ דאַלבערג, (היינט מ״ם שטיינסאַפּיר, אַן אַקטיווע וויצאָ־טוערין.) דעם אויפזיכט איבער דעם קינדער־גאָרטן האָט ד״ר יואל.

די רעזולטאַטן באַרעכטיקן אָבער נישט די אָנשטרענגונגען, דערצו לייזט נישט דער קינדער־גאָרטן דעם היינט פון די שול פּראָבלעמען. מען קאָן דאָך נישט מותר זיין אויף די עלטערע קינדער און לייגן די גאַנצע האָפנונג אויף די צוואַנציק פּיצעלעך פון קינדער־גאָרטן, עפּעס מוז געטאָן ווערן אויך פאַרן היינט און נאָנטסטן מאָרגן. באַשליסן זיך די פירער פון טשילענער יידנטום ה״ה יצחק דראַפּ־קין און אַדאָלפאָ קרענאָוויטש, וואָס זיינען אין 1929 געוועזן דעלעגאַטן צום ציו־ניסטישן קאָנגרעס אין גענף, אויף אַ זייער געוואַגטן און קאָסטבאַרן שריט. באַפרייען די לערער אהרן יואל און פרוי פון זייערע שול־פליכטן פאַרן סוף יאָר, און

שיקן זיי קיין ארץ־ישראל בכדי פון דאָרט אַראָפּצוברענגען עטלעכע פּעאיקע און געשולטע לערער וואָס זאָלן פּאַראַמאָל און אַלזייטיק אַנטוויקלען דעם חינוך־וועזן פון יידישן ישוב אין טשילע.

דערווייל, פאַר דער צייט וואָס די יואל׳ס וועלן זיין אָפּוועזענד, ברענגט אַראָפּ דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון דער ציונ. פעדעראַציע צוויי לערערס פון אַרגענטינע: ה׳ משה יודעלעוויטש און פרוי טאַניא געלמאַן דע יאַקער (אַ גננת). מיט וועלכע עס האָט אויך מיטגעאַרבעט די אַרטיקע לערערין מ״ם אָלגאַ דע אַרענסבורג.

מיטן צוריקקער פון די יואל׳ס אין 1930, ווערט באַנייט די אינטעגראַלע שולע וואָס באַקומט דעם נאָמען „אינסטיטוטאָ העברעאָ״, וואָס ווערט אַנערקענט און סובסידירט פון דער רעגירונג. דערווייל אָבער, ברעכט אויס אין לאַנד דער שאַרפער עקאָנאָמישער קריזיס פון די יאָרן 1929־33, און די יידישע געזעלשאַפט איז נאָך דערצו פאַרזונקען אין חובות אויף דעם נייעם בנין פון „סירקולאָ״ וואָס איז געוואָרן אין 1930. די אינסטיטוציע קאָן מער נישט אָנהאַלטן אפילו די נישט־גרויסע סובסידיע פון 600 פעזעס אַ מאָנאַט, וואָס זי האָט צוגעזאָגט פאַרן „אינסטיטוטאָ״, די אַנדערע אינסטיטוציעס קאָנען אויך נישט אויסצאָלן די צוגעזאָגטע סובסידיעס. דער עקאָנאָמישער קריזיס ווערט פאַרערגערט דורך אַ געזעלשאַפטלעכער מחלוקת, וועגן וועלכער עס ווערט פריער גערעדט. אַלס פּועל יוצא פון די ביידע קריזיסן האָט זיך דער אינסטיטוטאָ העברעאָ געמוזט שליסן, און זיינע 95 שילער: 20 פון קינדער־גאָרטן און צו 25 אין די ערשטע דריי יאָר פון פּרימאַר־שולע וואָס האָבן פונקציאָנירט, זיינען געבליבן אָן יידישן אונטערריכט. ווער עס האָט געקאָנט האָט זיך צוריקגעקערט צו פּריוואַטע לעקציעס, אַ געביט אויף וועלכן עס האָט זיך באַזונדער געמאַכט אַקטיוו דער לערער יהושע גינעסין; די אינסטיטוציעס האָבן זיך אויך באַמיט אָנצוהאַלטן דעם פּאָריקן סיסטעם פון דערגענצונג׳ס קורסן אין די פאַרנאַכטיקע שטונדן, אַ סיסטעם וואָס האָט געגעבן גאָר מאָגערע רעזולטאַטן. אַלס לערערין אַקטואירט פרוי זילבערמאַן.

אַ דריי יאָר ווערט אָנגעהאַלטן די דאָזיקע לאַגע, ביז 1933, ווען דער עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטליכער קריזיס וועט איבערגעוואַלטיקט ווערן און דער „אינסטיטוטאָ העברעאָ״ וועט צוריק קאָנען דערעפנט ווערן מיט אַ קינדער־גאָרטן און די ערשטע צוויי יאָר פּריוואַט־שולע, אונטער דער דירעקציע פון פרוי לאה יואל.

די דערעפנונג פון „אינסטיטוטאָ העברעאָ״ שטעלט נישט אָפּ די פונקציאָנירונג פון די פאַרנאַכטיקע דערציאונגס־קורסן, וואָס ווערן אָנגעפירט פון אַ ספּעציעלן קאָמיטעט געבילדעט פון פאָרשטייער פון אינסטיטוציעס, פּרעזידירט פון ש. גאָרען, און אין וועלכן עס אַקטואירט אַלס אינספּעקטאָר דער ראַבינער הרב א. מאַגענצאָ.

אין 1935 ווערט אַראָפּגעבראַכט דורך דער ציונ. פעדעראַציע פון אַרגענטינע

דער לערער און פּאָעט יצחק בלומשטיין, וועלכער וועט אין אַ משך פון יאָרן צו־זאַמען מיט די לערער י. גנווערץ און דעם פּאָעט משה דוד גיסער ע״ה אָנפירן מיט די קורסן אין „מגן־דוד״, „ספרדים״, „הערצל־ביאַליק פאַריין״ אין דער פאַרשטאָט סאַן־פּאַבלאָ, און „נחום סאָקאָלאָוו פאַריין״ — שטאָטגעגנט אינדעפּענדענסיאַ. די ציוניסטישע פעדעראַציע האַלט אויך אויס אָוונט קורסן פאַר העברעאיש. די „אכי״ אָרגאַניזירט אויך קורסן אויף וועלכע עס אַקטואירט אַלס לערער שלא על מנת לקבל פרס, ה׳ מ׳ שאַפּירא.

## ד) די יידישע פרוי ראַטעוועט דעם יידישע חינוך

כאָטש אָפיציעל האָט עס געהייסן אַז דער ביודזשעט פון „אינסטיטוטאָ העב־רעאָ״ ווערט גאַראַנטירט פון סירקולאָ, איז אָבער די הויפּט זאָרג פאַר דער פינאַנסירונג פון לער־אַנשטאַלט אריבער צו די וויצאָ־דאַמען, צווישן וועלכע עס האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט די לאַנגיאָריקע פרעזידענטין מ״ם לואיסאַ ט. דע קרענאָוויטש און די פּאַקטישע קאַסירן פון אַנשטאַלט מ״ם שרה ד. דע פּייואָוויטש. מיט זיי האָבן מיטגעאַרבעט די דאַמען: שרה טרומפּער ע״ה; אַנאַ דע טליתניק; רבקה אַלעקסאַנדראָוויטש; ראָזאַ ש. דע שאַפּירא.

אונטער דער זאָרגפעליקער טעטיקייט פון די חשובע דאַמען, הויבט אָן דער „אינסטיטוטאָ״ צו וואַקסן און באַפעסטיקן זיך. ער ציט זיך אַריבער אין אַ מער צוגעפּאַסטן בנין און אין יאָר 1936, ציילט ער שוין 129 שילער, איינגעטיילט צווישן קינדער־גאָרטן און פינף ערשטע יאָרן פון פּרימאַר שולע.

אין 1937 ציט זיך אַריבער דער „אינסטיטוטאָ״ אין אַ גאָר פיינער געביידע מיט אַ גאָרטן און באַקוועמלעכקייטן, וואָס ער וועט אין 1939 קריגן אַלס אייגנ־טום, אַ געשאַנק פון ה׳ לעאָן אַרענסבורג ע״ה אין אָנדענק פון זיין פרוי קאַטאַלינאַ ראָזענבליט און קינדער רחל און מאַוריסיאָ, וואָס זיינען טראַגיש אומגעקומען אין ערדציטערניש פון 1939.

די אַנטוויקלונג פון „אינסטיטוטאָ״ גייט אָוועק האַסטיקער און ווערט נישט צופיל געשטערט פון דעם פּערמאַנענטן עקאָנאָמישן קריזיס אין וועלכן ער לעבט. אין 1943 דערגרייכט שוין די צאָל שילער צו אַריבער 200, אַ פאַרגרעסערונג וואָס איז אַ פועל יוצא פון דער אימיגראַציע־כוואַליע פון דייטש־שפּראַכיקע יידן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1933 און איז פאַרשטאַרקט געוואָרן אין 1939.

אין 1941 נעמט איבער דער „סירקולאָ״ דעם „אינסטיטוטאָ העברעאָ״ און באַשטימט אַ שול־קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון עדוארדאָ פלאַטאָו (דירעקטאָר),

משה אבעליוק און לעאָן אַרענסבורג ע"ה, וועלכע אַרבעטן מיט מיט די וויצאָ דאַמען וואָס זענען פאַר זייער אַקטיווע טעטיקייט.

אין יאָר 1944 ווערט געגרינדעט דער ועד־החינוך, פּרעזידירט פון עדוּאַרדאָ פּלאַטאַו און האָבנדיק אַלס סעקרעטאַר ה' דוב בראָנפעלד, וואָס וועט איבערנעמען די זאָרג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דעם חינוך־וועזן. דערמיט ווערט אָפּגעשלאָסן אַ וויכטיקע תקופה פון דער יידישער דערציאונג אין טשילע.

ביים אָפּשליסן אָט דעם אַזוי וויכטיקן פּעריאָד איז עס אַן ערן חוב פון דעם היסטאָריקער און לייענער אָפּגעבן טיפע האַרציקע באַערונג די וויצאָ־דאַמען, וואָס האָבן געטראָגן דעם שווערן עול פון חינוך אין משך פון העכער צען יאָר, און האָבן געבראַכט צו דער אַנטוויקלונג און באַפעסטיקונג פון חינוך וועזן, אפשר דער איינציקער פאַל אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע.

## ה) גרינדונג און טעטיקייט פון ועד־החינוך

מיט דער גרינדונג פון ועד־החינוך, וואָס וועט מיט דער צייט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ זעלבסטשטענדיקער אינסטיטוציע מיט אַן אייגענער פאַרוואַלטונג און אַ יערלעכן צוזאַמענפאָר וואָס באַהאַנדלט די חינוך פּראָבלעמען: איןביידע זיינען פאַראַן פאַרטרעטער פון כמעט אַלע אינסטיטוציעס — באַקומט די דערציאונג פון יונגן דור אַ נייעם שוואונג און שטאַרקן אימפּולס.

אין 1945 נעמט איבער דער ועד־החינוך דעם „אינסטיטוטאָ העברעאָ", וועלכן ער וועט דערפירן צו אַ גאַנץ הויכער מדרגה, דורך דערעפענען בהדרגה די לערן־יאָרן וואָס עס האָבן געפעלט בכדי דער אינסטיטוטאָ העברעאָ זאָל אַנערקענט ווערן ווי אַ פולקאָמע מיטל־שולע.

די דאָזיקע אַנטוויקלונג ווערט געמאַכט אונטער דער דירעקציע פון ד"ר אהרן יואל, וועלכער זעט אויף דעם וועג די פּרוכטן פון זיין טעטיקייט אַלס לערער אין משך פון אַרום צוואַנציק יאָר.

מ"ם לואיסאַ ט. דע קרענאָוויטש, ווערט דערוויילט אַלס עהרן פּרעזידענטין פון ועד־החינוך אין אַנערקענונג פאַר אירע לייסטונגען און דער מיטאַרבעט פון אירע וויצאָ־חברות אין די שווערע יאָרן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם „אינסטי־טוטאָ העברעאָ".

אָבער די ערשטע שריט פון דער אַזוי וויכטיקער אינסטיטוציעס קומען אָן נישט לייכט. אין משך פון ערשטן יאָר אַנטשטייען אַ רייע שוועריקייטן און דעם ועד־החינוך געלונגט נישט צו דערוועקן די געזעלשאַפטלעכער אויפמערקזאַמקייט וואָס איז אַזוי וואַך געוועז צום ערשטן כינוס אויף וועלכן די חינוך־צענטראַלע

איז געגרינדעט געוואָרן. עס האַלט נישט ווייט פון דעם אַז דער ועד־החינוך זאָל אָפּשליסן זיין טעטיקייט מיטן ערשטן יאָר קיום.

די ענערגיע פון די חינוך טוער, בראש מיט אַ קליינער גרופּע אין באַשטאַנד פון ע. פּלאַטאַו, מ. שאַפּיראָ, ד. דובינאָוסקי און גדליה שאַפּיראָ — וועלכער איז אין משך פון יאָרן געווען דער פּאָרזיצער פון דער פּעדאַגאָגישער קאָמיסיע — באַזיגט דעם קריזיס. אויפן צווייטן כינוס, פּאררופן אין 1945, ווערט געקרעפטיקט די אָרגאַניזאַציע פון ועד־החינוך, וואָס וועט זיך פון דאַן אָן אַנטוויקלען אָן איבער־שלאָגן און וועט ווערן מיט זיין טעטיקייט און דער געזעלשאַפטלעכער אויפלעבונג וואָס הערשט אַרום און אויף זיינע כינוסים. דער לעבעדיקסטער נערוו פון דער טשילענער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, און ווערט שטאַרק געשטיצט פון דער פּרעסע מיט „דאָס יידישע וואָרט" בראש.

דער ועד החינוך נעמט אויך אויף דאָס פּראָבלעם יידיש־העברעאיש וואָס האָט ביז אַ געוויסן גראַד ספּעציפיש אָרטיקע שטריכן. אַ פּועל יוצא פון דער טיילונג אין אַ פּאָלקסטימלעכן שיכט, וואָס איז נישט לאַנג אין לאַנד, און דערהאַלט נאָך יידיש אַלס די הויז־שפּראַך, לכל הפּחות פּאַר די עלטערן, און די אַלטגעוועזענע וואָס זיינען שוין שפּראַכלעך שטאַרק אַסימילירט, די הויז־שפּראַך זייערע אין שפּאַניש און דער פּראָצענט קינדער און יוגנטלעכע וואָס פאַרשטייען ממש נישט קיין יידיש, איז צווישן זיי אַ גאָר הויכער.

אַ גרויסער טייל פון דעם ישוב האָט שלום־געמאַכט מיט דער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע, און ער האָפט צו קאָנען דערהאַלטן דאָס יידישקייט פון די קינדער בלויז מיט צוגעבונדנקייט צו די יסודות פון דער יידישער רעליגיע און טראַדיציע, וואָס האָבן זיך פעסט דערהאַלטן אין אַלע שיכטן פון ישוב: חופּה־קידושין, מילה, קבר־ישראל, יאָרצייט, קדיש, ימים־נוראים, פּסח און אַנדערע ימים־טובים, נאַצ־יאָנאַלע ווי טראַדיציאָנעלע. דערצו דאַרף צוהעלפן די צוגעבונדנקייט צו מדינת ישראל און די אַקטיווע באַטייליקונג אין איר אויפבוי, ביז עליה איינגעשלאָסן, און דאָס לערנען פון העברעאיש וואָס פאַרנעמט אַ ביז גאָר אָנגעזעענעם אָרט אין די לימודים פון אינסטיטוטאָ העברעאָ". דער פּאָלקסטימלעכער סעקטאָר איז נאָך אָבער שטאַרק צוגעבונדן צו יידיש, און שאַצט אָפּ דעם פולן ווערט פון דער שפּראַך פּאַר דערהאַלטן יידישקייט און אויסלעבן זיך יידיש אין טאָג־טעגלעכן לעבן, נישט נאָר ביי פייערלעכע געלעגנהייטן.

דער ועד־החינוך האָט זיך נישט צופיל אַריינגעלאָזט אין קיין וכוחים און פּאָלעמיקעס; ער האָט דערעפנט אַ צווייטע שולע, אויך אַן אינטעגראַלע, אין וועלכער יידיש איז געלערנט געוואָרן באַגלייך מיט העברעאיש. די דאָזיקע שולע וואָס טראָגט דעם נאָמען פון ח. נ. ביאַליק איז דערעפנט געוואָרן אין מערץ פון 1946.

אויף אָנצופירן מיט דער שולע זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פון ארגענטינע די לערער גדליהו רויזנער, זיין פרוי עטל און איר שוועסטער שרה גאָלדשטיין אַלס פּרעבעליסטינס. די שולע איז דערעפנט געוואָרן מיט 40 שילער אין קינדער־גאָרטן און 52 אין די גראַדן פון דער פּרימאַר שולע, אזוי אַז צוזאַמען מיט די 284 שילער וואָס האָבן שוין דאַן געלערנט אין „אינסטיטוטאָ העברעאָ" איז די צאָל קינדער אין סאַנטיאַגאָ וואָס האָבן באַקומען אַ יידישן חינוך געשטיגן אין 1946 צו 376 תלמידים. אין 1947, האָט שוין די ביאַליק־שולע 180 שילער, און די אַלגעמיינע צאָל תלמידים אין די שולן פון ועד־החינוך שטייגט אַריבער די פינף־הונדערט. עס ווערן צוגענומען נאָך דריי לערער: מ. פּרעצל און י קאַנאַניטש און פרוי.

ביי דער ביאַליק־שולע ווערן אויך דערעפנט אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע אויף וועלכע עס ווערט געלערנט: יידיש, העברעאיש, יידישע געשיכטע; לכתחילה דורכן לערער ג. רויזנער, און, שפּעטער, דורכן לערער מ. פּרעצל.

דער דערפאָלג פון די לימודים פון יידיש, שטויסט זיך אָבער אָן אויף אַ צווייטער שוועריקייט. פון דער פּרימאַר־שולע טראָגן די שילער אַרויס אַ מער־ווייניקער גענוגענדע קענטעניש פון יידיש, אָבער די וואָס זעצן נישט פאָר זייערע לימודים אין מיטל־שולע פאַרגעסן עס רעלאַטיוו שנעל, און אפילו די וואָס גייען יאָ אַריבער אין דער מיטל־שולע פון ועד־החינוך, דאַרפן לערנען חוץ שפּאַניש, העברעאיש און יידיש, אויך נאָך צוויי פרעמד־שפּראַכן, וואָס דער אָפיציעלער פּראָגראַם פאָדערט, קאָן מען דאָרט פאַר יידיש אויסטיילן נאָר ווייניק לערן־שעהן און די שילער קאָנען נישט נאָר נישט פאַרפולקאָמען זייערע ידיעות אין דער שפּראַך, נאָר זיי הויבן זי אפילו אָן ביסלעכווייז צו פאַרגעסן.

אין ועד־החינוך זיצן אויך די פאָרשטייער פון שטרענג־אָרטאָדאָקסישן סעקטאָר, וואָס האָט באַזונדערן אינטערעס פאַר רעליגיעזן אונטעררריכט. פאַרן רוב פון זייערע קינדער האַלטן די אָרטאָדאָקסישע עלעמענטן ספּעציעלע שולן פון חדר־טיפּ, וואָס ווערן אויך סובסידירט פון ועד־החינוך, אָבער זיי זיינען פאַראינטערעסירט אַז אויך אַלע אַנדערע שילער פון די ועד־החינוך שולן זאָלן באַקומען רעליגיאָנס־אונטעררריכט, און אויף וויפיל די אומשטענדן דערלויבן עס, באַמיט זיך דער ועד־החינוך נאָכצוקומען די דאָזיקע שטרעמונגען. ווען דער ועד־החינוך אָרדנט איין אַז די שילער פון זיינע אַנשטאַלטן זאָלן אויך באַקומען מיטיק אין די שולן, זיינען די קיכן און די עס־צימערן שטרענג כשר, קאָנטראָלירט דורכן ועד־הכשרות, אזוי אַז אַלע קינדער אָן אויסנאַם זאָלן קאָנען אין זיי עסן. די חשובע דאַמען: צ. שאַפּאָשניק ע"ה, ח. עלקין און ר. אַלעקסאַנדראָוויטש אָרגאַניזירן און פירן אָן מיט דער באַשפּייזונג פון די שילער.

צוזאמען מיט די פאָרשטייער פון דער אָרטאָדאָקסיע זיצן אין ועד־החינוך אויך די פאָרשטייער פון דער „פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט", און ווען איינער פון אַט די פאָרשטייער קומט אַרויס מיטן פּזמון אַז „רעליגיע איז אָפּיום פאַר די פעל־קער", ענטפערט אים אַ צווייטער פאָרשטייער פון זעלבן סעקטאָר, ה' יעקב פּי־לאַווסקי, „זאָל זיין אָפּיום. עס טרעפט דאָך אַז מען גיט אַ געפערלעכן חולה אָפּיום בכדי צו דערהאַלטן אים ביים לעבן. אונדזער פאָלק איז אַזוי געפערליך אָפּגעשוואַכט פון דעם בלוט־פאַרלוסט פון די נאַצי־שחיטות אַז מען מעג פּרואוון אפילו אָפּיום, אַבי עס זאָל העלפן צו דערהאַלטן ביים לעבן . . ."

אין ועד־החינוך זיצן צוזאַמען פאָרשטייער פון פאַרשידענע אידעאָלאָגישע סעקטאָרן, און ער באַמיט זיך אויך צו צעמענטירן דעם אחדות־פאַקטאָר צווישן די פאַרשידענע עדות פון דער געמיינדע. נעמט ער איבער דעם אויפזיכט איבער דער שולע פון דער ספרדישער געמיינדע, און אין 1947 דערעפנט ער אַ קינדער־גאָרטן פאַר די קינדער פון דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר, וואָס באַזעצט זיך אין גרויסע צאָלן אין שטאָט־פערטל ניוניאָא. מיטן קינדער־גאָרטן פירן אָן צוויי פּרע־בעליסטינס פון דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר, די פריילינס נאַטאַן און שלאָס. מיט דער צייט וועט זיך דער קינדער־גאָרטן צעוואַקסן אין אַ פולער פּרימאַר־שולע.

דער ועד־החינוך באַמיט זיך אויך אויסצושפּרייטן זיין טעטיקייט איבער דער פּראָווינץ. ער שאַפט די שולע אין וואַלפּאַראַיסאָ וואָס ציילט היינט 100 שילער. אַ שולע אין קאָנסעפּסיאָן מיט 70 שילער, און העלפט מיט די שולע אין טעמוקאָ וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1927, אַדאַנק די באַמיאונגען און השפּעה פון ר' ידידיה איזראַעל, און האָט געהאַט אַלס לערער דעם ה' לעאָן גאַבאַי ע"ה, וואָס טוט זיין אַרבעט שלא על מנת לקבל פּרס, מיט אַ סך איבערגעגעבנקייט און התלהבות, ווי אַן אמת'ער אידעאַליסט.

אויפן פערטן כינוס דורכגעפירט דעם 17־טן און 18־טן אָקטאָבער פון 1947, ווערט אָנגענומען אַ באַשלוס אַז דער ועד־החינוך זאָל אויסברייטערן זיין טעטי־קייט אויך אויפן געביט פון יידישער קולטור, דורך קורסן פאַר דערוואַקסענע, גרינדונג פון ביבליאָטעקן וכו'.

איינער פון די וויכטיקסטע אויפטוען אויף דעם געביט איז דער „חודש פון יידישן בוך", וואָס ווערט דורכגעפירט אין 1948 אויף דער איניציאַטיוו פון ועד־החינוך מיט דער מיטווירקונג פון „סירקולאָ", פּוילישער פאַרבאַנד און דעם בוכ־האַנדלער דוד לאַקס. אַדאַנק די איניציאַטיוו פון פּרעזידענט פון ועד־החינוך ה' יחזקאל פלאַטאָו, וואָס האָט פּרעזידירט די אינסטיטוציע פון זינט איר גרינדונג ביז 1950, ווערט אַראָפּגעבראַכט אַ היפּשע צאָל ביכער, וואָס זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין גאַנץ באַדייטנדע צאָלן. במשך פון דעם חודש זיינען אויך דורכ־

געפירט געוואָרן אַ רייע פּאָרטראַגן איבער ביכער, שרייבער און אַנדערע קולטור־טעמעס.

פון זינט 1947, איז אויך איינגעשטעלט געוואָרן אין די שולן פון ועד־החינוך אַ רעגלמעסיקע מעדיצינישע באַדינונג, וואָס ווערט געלייטעט פון ד"ר ב. בייטעל־מאַן, גענ.־סעקרעטאַר פון דער אינסטיטוציע.

דער דאָזיקער באַרג־אַרויף אין דער אַנטוויקלונג פון דעם שול־וועזן קומט אָבער אָן נישט לייכט די פירער און טוער פון ועד־החינוך. עס פילט זיך אַ מאַנגל אין אַלץ: אין פינאַנצן, אין צוגעפּאַסטע בנינים, אין לערער און לערן־ביכער. דאָס איינציקע וואָס עס איז פאַראַן אין אַ גענוגענדיקער מאָס איז גוטער ווילן און איבערגעגעבענע טעטיקייט מצד די מיטגלידער פון ועד־החינוך און זיינע אָנפירער.

די הכנסה־קוועלן פון ועד־החינוך זיינען: שכר־לימוד, ביישטייערונגען פון אינסטיטוציעס, מיטגלידערשאַפט־אָפּצאָל און זאַמלונגען. אין פּעריאָד 1948-9, ווערט געמאַכט אַ פּרוּוו צו שאַפן גרעסערע געלט־מיטלען דורך אַ ספּעציעלן קאַמפּיין וואָס ווערט אָנגערופן „חודש פאַרן יידישן חינוך", און וועלכער ווערט געפירט בשותפות מיטן „אָרט". די רעזולטאַטן זיינען נישט געווען איבעריק גרויס. אָבער דער ביודזשעט האָט שוין דאַן דערגרייכט צו דריי מיליאָן פּעזעס, און מען האָט געמוזט זוכן מקורות אויף צו דעקן אים. פון 1949, באַטייליקט זיך דער ועד־החינוך אין די הכנסות פון דעם פאַרייניקטן קאַמפּיין. אין דערמאָנטן יאָר טראָגט אויס זיין טייל אַ מיליאָן פּעזעס, און די סומע וועט מוזן שטייגן פון יאָר צו יאָר, פּאַראַלעל מיט די הצטרכותן.

שווער גייט עס אויך צו מיטן פּראָבלעם פון דירה. אויף וויפיל די לער־אַנשטאַלטן וואַקסן און אַנטוויקלען זיך מוז מען האָבן אַלץ גרעסערע און מער צוגעפּאַסטע דירות. די שטרעבונג איז פון לכתחילה, אויפבויען איין צענטראַלן בנין, וואָס זאָל האָבן גענוג פּלאַץ־באַקוועמלעכקייטן און איינריכטונגען פאַר אַלע לער־אַנשטאַלטן, וואָס זאָלן צענטראַליזירט ווערן אין איין פּלאַץ. אַזאַ מין בוי־פּלאַץ אין צענטער פון שטאָט דאַרף אָפּקאָסטן אַ מאַיאָנטעק, ווענן וועלכן די גע־מיינדע קאָן אפילו נישט טרוימען. מען מוז טראַכטן וועגן אַביסל אַ ווייטערן שטאָט־טייל.

אין 1947, ווערט, מיט אַ ביישטייערונג פון 600 טויזנט פּעזעס מצד לעאָן אַרענסבורג ע"ה געקויפט אַ גרויסער פּלאַץ מיט אַן אַלטן בנין אויף דער גאַס מאַקול, אין אַ שטאָט־טייל וואו עס געפינען זיך אייניקע אינטעגראַלע שולן פון אַנדערע קאָלעקטיווּיטעטן. דער פּלאַץ איז זייער אַ רחבות'דיקער, אָבער דער בנין מוז אינגאַנצן אַראָפּגעטראָגן ווערן, בכדי מען זאָל קאָנען געהעריק אויספּלאַנירן

די נייע, מאָדערנע שול־בנינים. און ביז מען וועט דאָס אַלץ דורכפירן מוז מען זוכן צייטווייליקע לייזונגען פאַרן פּראָבלעם פון וואוינונג.

אין 1948־9 ווערט מיט אַ גרויסער סובסידיע פון דער חברה קדישא, וואָס איז דאַן פּרעזידירט פון ה׳ יצחק גאָרען, געקויפט די בנינים אויף דער גאַס קאָפּיאַפּאָ 742־4, פּונקט קעגנאיבער דעם בנין פון „אינסטיטוטאָ העברעאָ". דאָס איינאָרדנען אַלע לערער־אַנשטאַלטן נאָענט איינער פון צווייטן, ווערט באַטראַכט מיט רעכט, ווי אַ וויכטיקער שריט צו צענטראַליזאַציע פון שול־וועזן, אָבער די געקויפטע בנינים מוזן ערשט צוגעפּאַסט ווערן בכדי זיי זאָלן קאָנען געברויכט ווערן פאַר אַ שולע. אויף צו שאַפן די נויטיקע סכומים פאַר די געהעריקע רעפּאַראַציעס ווערט באַשלאָסן אַנצורופן די קלאַס־צימערן אויפן נאָמען פון די ביישטייערער פון פופציק טויזנט פּעזעס און העכער, אָדער אויף די קרובים וואָס זיי וועלן באַשליסן צו פאַראייביקן זייער נאָמען.

די רעסטאַווירטע בנינים וועלן דערעפנט ווערן צום שול־יאָר 1949. ביי דער געלעגנהייט וועלן פאַרטיילט ווערן ערן דיפּלאָמען פאַר די ה"ה ל. אַרענסבורג ע"ה, דער גרעסטער ביישטייערער פאַרן ועד־החינוך, וואָס דאַרף אויך באַטראַכט ווערן ווי אַ מעצענאַט פון גאַנצן ישוב, ד"ר ב. בייטעלמאַן, ג. אַלעקסאַנדראָוויטש און י. סובאָטניק, וואָס האָבן פיל געלייסטעט ביים דורכפירן די בוי־אַרבעטן.

פּאַראַלעל מיטן לייזן די עקאָנאָמישע שוועריקייטן פון דירה און ביודזשעט, מוז אויך דער ועד־החינוך צוטרעטן צו לייזן דאָס פּראָבלעם פון לערער, וואָס ווערט אַלץ שאַרפער, אויף וויפיל די שולעס אַנטוויקלען זיך און עס וואַקסט די צאָל שילער.

ווי מיר האָבן עס שוין געזען זיינען אָרטיקע לערער געווען אין אַ באַגרעניצטער צאָל. מען האָט שטענדיק געדאַרפט אַראָפּברענגען לערער פון אויסלאַנד: פון דער אַלטער היים, פון אַרגענטינע אָדער פון ארץ ישראל. מיט דער קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע איז אָפּגעשניטן געוואָרן די מעגלעכקייט אַראָפּצוברענגען פון דאָרט לערער; דער וואוקס פון יידישן שול־וועזן אין אַרגענטינע האָט אויך אין יענעם ישוב אַרויסגערופן אַ שאַרפן מאַנגל אין לערער, און דאָס אַראָפּברענגען לערער פון ישראל, האָט זיך שווער געלייגט אויפן ביודזשעט. עפּעס האָט געמוזט געטאָן ווערן אויף צו לייזן דאָס פּראָבלעם מיט אָרטיקע מיטלען.

אין 1948 ווערט געמאַכט אַן ענערגישער פּרוּוו אויסצובילדן און פאַרפולקאָמען אַן אָרטיקע לערערשאַפט. עס ווערן געגרינדעט צייטווייליקע לערער־קורסן וואָס זאָלן דינען אַלס באַזע פאַר די צוקונפטיקע לערער־סעמינאַר. די צאָל שילער אויף די קורסן איז געווען אַרום דרייסיק. דאָס זיינען געווען שילער פון די העכערע יאָרן פון „אינסטיטוטאָ העברעאָ", און יידישע יונגעלייט און פרייליינס מיט דיפּ

לאָמען פון אָפיציעלע לערער־אנשטאַלטן, וואָס האָבן געדאַרפט דערגענצן זייערע יידישע קענטעניש אויף צו קאָנען ווערן יידישע לערער. עס זיינען אויך געווען א פּאָר יונגע לערער אין די ועד־החינוך שולן וואָס האָבן געזוכט זיך צו פּאַרפולקאָמען.

ביי דער גאַנצער פאַרשידנאַרטיקייט פון די קורסאַנטן, איז דאָך געלונגען די לערער פון די קורסן, ד״ר א. יואל, פרוי לאה יואל, יצחק בלומשטיין און ג. קאָפּשטיין, אונטער דער דירעקציע פון מ. שענדעריי, צו אָרגאַניזירן אויף די קורסן איינהייטלעכע גרופּעס און דורכפירן א פּאָזיטיווע ארבעט. דער פּרואוו איז באַטראַכט געוואָרן ווי א גאַנץ געלונגענער.

עס איז אָבער געווען אין די ערשטע יאָרן פון מדינת ישראל. דער ענטוזיאַזם אַרום איר אויפקום האָט גורם געווען אז מען זאָל פון דאָרט פּריצייטיק דערוואַרטן הילף פאַר די קולטור־נויטן פון די ישובים אין די תפוצות, און דער ועד־החינוך צוזאַמענפאָר פון 1949, אין וועלכן עס האָט זיך אויך באַטייליקט דער קרן־קימת טוער פון ישראל י. ל. טויבמאַן (יהונתן), האָט באַשלאָסן צו אָריענטירן די באַזאָרגונג פון לערערשאַפט אויסשליסלעך אויף ישראל: א) אראָפּברענגען פון דאָרט דירעקטאָרן און לערער; ב) דורך שיקן אַהין די אָרטיקע לערער און קאַנדידאַטן אויף דריי־חדשימ׳דיקע קורסן. פון 1950 הויבט זיך אָן אין טשילע די תקופה פון ישראל־לערער.

אויפן צוזאַמענפאָר פון 1949, ווערן באַערט דער פּרעזידענט פון ועד־החינוך ה׳ עדוארדאָ פלאַטאָו און ד״ר א. יואל מיט אריינשרייבן זייערע נעמען אין ספר־הזהב פון קרן־קימת לישראל, אַלס אַנערקענונג פאַר זייערע לייסטונגען לטובת דעם יידישן חינוך אין לאַנד.

עס ווערט אויך באַשלאָסן צו איינאָרדנען זומער־קאָלאָניעס פון די תלמידים פון די ועד־החינוך שולן.

דער 5־טער אַניווערסאַר פון ועד־החינוך (1944 — 1949) איז באַצייכנט געוואָרן מיט א רייע קולטור־אַקטן אין: „סירקולאָ״, פּוילישער פאַרבאַנד, בני־ישראל, ביי די אונגאַרישע יידן א. א. וו.

פאַר די ערשטע פינף יאָר פון קיום פון ועד־החינוך איז די צאָל שילער אין די יידישע שולן געוואַקסן כמעט דרייפאַך. פון 230 אין 1944 אויף 602 אין 1949. אין 1946 איז דערעפנט געוואָרן די 6־טע כתה אין די פּרימאַר שולן און אין 1947 זיינען דערעפנט געוואָרן די העכערע צוויי יאָר (5־טער און 6־טער) פון דער מיטלשולע.

דער טיכטיקער גרינדער פון ועד־החינוך, זיין ערשטער פרעזידענט ה׳ עדוארדאָ פלאַטאָו, האָט אָנגעפירט מיט דער אינסטיטוציע ביזן סוף פון 1950, ווען ער

האָט איבערגעגעבן די פּרעזידענץ צו ה׳ מתתיהו שאַפּיראָ, וועלכער וועט אָנהאַלטן זיין אַמט אין פאַרלויף פון דריי פעריאָדן 3־2־1951, אין משך פון וועלכע דער ועד־החינוך וועט מאַכן פאָרשריט בעיקר אין צוויי הינזיכטן: א) פאַרגרעסערן די צאָל שעהן פאַר יידישע לימודים, הן אין די אָנפאַנג־שולן, הן אין די מיטל־שולן, און ב) אויפבויען אַ נייעם, מאָדערנעם און פּאַסיקן בנין פאַרן שול־וועזן פון ועד־החינוך. די טעטיקייט פון דער נייער פאַרוואַלטונג איז בעיקר געווען אָריענטירט אין דער הינזיכט. די רעזולטאַטן ווערן אָפּגעשפּיגלט אין דער פאָלגענדער טאַבעלע:

שעהן פאַר העברעאישע לימודים

| יאָר | אָנפאַנג־שולע | מיטל־שולע | שילער | לערער: אַלגעמיינע | לערער: יידישע |
|---|---|---|---|---|---|
| 1950 | 6 — 5 | — — | 628 | 24 | 16 |
| 1951 | 17 — 15 | 15 13 | 645 | 32 | 12 |
| 1952 | 15 — 12 | 12 10 | 765 | 31 | 21 |
| 1953 | 15 — 12 | 12 10 | 730 | 34 | 22 |

דעם 23־טן דעצעמבער 1951 איז אויפן פּלאַץ פון דער גאַס מאַקול (געקויפט אין 1947), פאַרלייגט געוואָרן דער גרונד־שטיין פאַר דער נייער שול־געביידע. די בוי־אַרבעטן האָבן זיך דערוויילן נישט אָנגעהויבן, ווייל ערשט אָנפאַנג 1955 וועט מען קאָנען צוטרעטן צו דער זאַמלונג פאַרן בוי־פאָנד.

אין משך פון 1954 האָט פּרעזידירט דעם ועד־החינוך גיזשערמאָ ראָזענבערג. די צאָל שילער וואָס האָט שוין אין פריקן יאָר אַרויסגעוויזן אַ טענדענץ צו פאַרמינערונג איז ווייטער געפאַלן, ווען אפילו אין אַ קליינעם פּראָצענט. פון 730 איז זי אַראָפּ אויף 703, אַן ערך פון פיר פּראָצענט. די צאָל אַלגעמיינע לערער איז געבליבן ווי פריער, אָבער די צאָל העברעאישע לערער איז פאַרקלענערט געוואָרן פון 22 אויף 20, די צאָל שעהן פאַר יידישע לימודים איז אויך פאַרקלענערט געוואָרן, פון 21 — 15 אויף 10 — 15, אָבער בלויז אין די אָנפאַנג שולן, אין דער מיטל־שולע איז די צאָל שעהן געבליבן ווי געווען.

אין 1955 נעמט איבער די פּרעזידענץ פון ועד החינוך ה׳ ישראל פּאָלאַק און די טעטיקייט פון דער אינסטיטוציע באַקומט אַ נייעם שוואונג. גלייך הויבט זיך אָן די זאַמלונג פאַרן בוי־פאָנד, וואָס האָט פון 250 ביישטייערער, אינסטיטוציעס

און יחידים, אריינגעבראכט א 43 מיליאן טשילענער פעזעס. באלד האבן זיך אנגעהויבן די בוי־ארבעטן און דעם 15־טן אפריל 1956 איז איבערגעגעבן געווארן ביי דער געלעגנהייט פון די יום־העצמאות פייערונגען דער פאוועליאן ג׳ פון א מאנומענטאלער 3 שטאקיקער געביידע, אין וועלכן עס איז אינסטאלירט געווארן די מיטל־שולע.

דער בנין איז אויסגערעכנט געווארן אויף טויזנט שילער, מיט אלע קלאס־צימערן, דירעקציע, לאבאראטאריעס, אקטן־זאל, ספעציעלע זאלן פאר צייכנען, געזאנג, און אלע אנדערע באקוועמלעכקייטן. דער קאסט פון דער געביידע איז אויסגערעכנט אויף 120 מיליאן פעזעס, פון וועלכע א דריטל איז שוין אריינגע־פלאסן במזומן. צווישן די גרעסטע ביישטייערער פארן בוי־פאנד דארפן דערמאנט ווערן די ה״ה ישראל פאלאק, סאלאמאן סאק, ד״ר לואיס לאמאס און דער פאר־שטארבענער לעאן ארענסבורג ע״ה. די קליימס קאנפערענץ האט באשטימט צו שטיצן דעם בנין מיט 50 טויזנט דאלאר.

די פלענער פארן בנין זיינען געצייכנט געווארן פון די יידישע ארכיטעקטן: יוסף דווארעצקי, פאבלא העגעדוס, שמעון פערלמאן און דוד וויסבלוט. די אר־בעטן ווערן אנגעפירט אונטער דער דירעקציע פון אינזשעניר גיזשערמא ראזענ־בערג, געוועזענער פרעזידענט פון ועד־החינוך, מיט א בוי־קאמיסיע אין באשטאנד פון די חינוך עסקנים: ישעיהו פופקין, יעקב מאנדערער און ג. אלעקסאנדראוויטש.

אונטער דער פרעזידענץ פון ה׳ ישראל פאלאק איז די צאל שילער און שעהן פאר יידישע לימודים געשטיגן אין פאלגנדיקן אופן:

ל ע ר ע ר

| יאר | שילער | אנפאנג־שול | מיטל־שול | אלגעמיינע | יידישע |
|---|---|---|---|---|---|
| 1954 | 703 | 15 — 10 | 12 — 10 | 34 | 20 |
| 1955 | 760 | 15 — 10 | 10 — 8 | 32 | 19 |
| 1956 | 850 | 16 — 14 | 14 — 9 | 32 | 22 |

פאר דער צייט האט דער ועד־החינוך אראפגעבראכט מערער לערער פון מדינת ישראל. די האפענונגען וואס זיינען אויף זיי געלייגט געווארן זיינען, ליידער, נישט אלעמאל איינגאנצן באַרעכטיקט געווארן. עס איז נישט אונדזער אויפגאבע אריינצולאזן זיך אין א גענויעם אנאליז פון דער דאזיקער נישט באמוטיקנדיקער דערשיינונג, וועלכע קאן בלויז דינען אלס באווייז, אז מיט אייניקע אויסנאמען, קאנען זיך די ישראל לערער שווער איינלעבן אין די אייגנארטיקע פראבלעמען

פון יידישן שול־וועזן אין לאטיין־אמעריקע. זיי האבן נישט קיין געמיינזאמע שפראך מיט די שילער פון אנפאנגס־שולע, וועמענס מוטער־שפראך איז מערסטנטייל שפאניש, אויך אין דער מיטל־שולע איז רעלאטיוו קליין די צאל שילער מיט וועלכע מען זאל זיך קאנען פריי צונויפרעדן אין העברעאיש. עס מוז קומען צום קוריאז אז נאך איידער די תלמידים לערנען זיך אויס געהעריק העברעאיש, כאפן די ישראל לערער פון זיי די לאנדעס־שפראך, וואס זיי הויבן אן גאנץ פיין צו רעדן. אבער כפי די צייט פון דינסט פון די ישראל־לערער אין די תפוצות איז באגרעניצט אויף בלויז צוויי יאר, באקומט זיך אז ווען די לערער קאנען זיך שוין איינפארשטיין מיט די שילער — זאל זיין אויף א נישט־יידישער שפראך — מוזן זיי צוריקקערן קיין ישראל, און די ארבעט פון די ישראל לערער אין טשילע — און אויך אין אנדערע לאטיין־אמעריקאנער מדינות — גייט ליידער זעלטן ארויס פון סטאדיום פון התחלה אין די אנפאנג־שולן. אביסל בעסער איז די לאגע אין די מיטל־שולן.

די באמיאונגען פון „ועד החינוך דצ׳ילי" האבן באוואוינגן דער געהעריקער אפטיילונג פון דער יידישער אגענץ צו פארלענגערן די שליחות פון די ישראל־לערער אין טשילע ביז מאקסימום פיר יאר. דאס איז א באדייטנדיקע דערגרייכונג וואס עס גיט האפנונג אז פאר אזא לענגערע צייט וועלן די קינדער קאנען דעפיניטיוו באפעסטיקן זייערע ידיעות אין דער העברעאישער שפראך, און זיך פריי קאנען באנוצן מיט איר אין ווארט און שריפט, ווייל טראץ אלע שוועריקייטן מערקט זיך דאך א פארבעסערונג אין דער דערלערנונג פון העברעאיש אונטער דער לייטונג פון די ישראל־לערער.

אין 1955, האט דער ועד החינוך געשיקט קיין ישראל פינף אביטוריענטן פון זיין מיטל־שולע אויף א פארפולקאמונגס קורס פון איין יאר אין סעמינאר אויפן נאמען פון חיים גרינבערג ז"ל. אין 1956 איז דערעפנט געווארן א פארפולקאמונגס־קורס פאר אלע אביטוריענטן פון דער מיטל־שולע, ווי אויך פאר יונגע לערער און מדריכים פון צווישן די ארטיקע קינדער, וואס האבן געוויילט א פאר חדשים אין ישראל. פון דעם איז צו האפן אז עס זאל זיך מיט דער צייט שאפן א קאמפעטענטע ארטיקע לערערשאפט. די אביטוריענטן פון ועד החינוך שולן זיינען אקטיוו אין די יוגנט־באוועגונגען פון דער געמיינדע, און העלפן זי צו געפונען איר יידישן דרך.

אויף אזא אופן ווערט דער ועד החינוך, דורך זיינע שולן, שילער און לערער, דער הויפט אינסטרומענט פאר דער פורימונג פון דעם יידישן אספעקט פון ישוב אין דער צוקונפט. צו די 850 תלמידים פון די ועד החינוך שולן דארפן צוגערעכנט ווערן 150 שילער פון די רעליגיאנס־קורסן ביי דער דייטש־שפראכיקער געמיינדע בני ישראל, ווי אויך א 250 שילער אין די שולן פון פראווינץ, און א

צאָל קינדער פון דער רעליגיעזער שולע ביי דער חברה קדישא, וואָס באַזוכן נישט די שולע פון ועד החינוך. אַרום און אַרום באַקומען אין שולע אַ וועלכע ס'איז יידישן שול־אונטערריכט אַרום 1300 קינדער אויף אַ באַפעלקערונג פון קרוב 30 טויזנט נפשות כן ירבו. אַן ערך 100 קינדער נעמען פּריוואַטע לעקציעס און עס זיינען פאַראַן קורסן פאַר העברעאיש אין איינקע יוגנט באַוועגונגען.

דער ביודזשעט פון ועד החינוך באַטרעפט אַ 35 מיליאָן טשילענער פּעזעס וואָס ווערן געדעקט אויף פאָלגנדיקן אופן: פערציק פּראָצענט פון פאַראייניקטן קאַמפּיין, אַרום צען פּראָצענט פון סובסידיעס פון אינסטיטוציעס, צווישן וועלכע די חברה קדישא און די דייטש־שפּראַכיקע בני ישראל זיינען די גרעסטע ביי־שטייערער. די רעגירונג פון דער רעפּובליק וואָס אַנערקענט די שולן ווי אַ טייל פון דער אָפיציעלער שול־נעץ אין קאָאָפּעראַציע מיטן שול־וועזן פון לאַנד, שטייערט מיט אַכט פּראָצענט פון ביודזשעט. די איבעריקע פערציק פּראָצענט קומען אַריין פון שכר לימוד, ביישטייערונגען פון יחידים וכדומה.

ביים אַריינטרעטן אין זיין בר־מצוה יאָר (1944 — 1956) קאָן דער ועד החינוך, זיינע טוער און טעטיקייט, באַטראַכט ווערן ווי אַ ברכה פאַר דער אַנט־וויקלונג פון יידישקייט אין טשילע.

## ו) געזאַנג־פאַריין „הזמיר"

אין 1952 נעמט אונטער דער ועד החינוך אַ וויכטיקע קולטור־איניציאַטיוו אויפן געביט פון יידישער נגינה אין די שולן, וואָס וועט מיט דער צייט ברענגען צו דער גרינדונג פון אַ באַזונדערן געזאַנגס־פאַריין מיטן נאָמען „הזמיר".

אונטער דער פּרעזידענץ פון מתתיהו שאַפּיראָ ווערט אַראָפּגעבראַכט פון אַרגענטינע דער קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט ה' בערנאַרד פּייער, אויף צו לערנען געזאַנג אין די שולן פון ועד החינוך, אַן אַמט וואָס ער פאַרנעמט ביז היינט צו טאָג.

די אָנוועזנהייט אין לאַנד פון אַזאַ פאַכמענישן דיריגענט, איז גורם אַז דער „סירקולאָ" זאָל גרינדן דעם ערשטן האַמאָגענישן געשולטן ליטורגישן כאָר פאַר זיין שיל אין וועלכער עס דאַוונט דער חזן ישראל פאַרבאַ. די תפילות פון ימים־נוראים, ווען עס דאַוונען פאַרן עמוד חזן און כאָר, באַקומען מער פייערלעכקייט און באַווירקן שטאַרקער די מתפללים.

מיט דער צייט ווערט אָרגאַניזירט ביי די שולן פון ועד החינוך אַ קינדער־כאָר פון אַ הונדערט שטימען, און אַ כאָר פון דערוואַקסענע אין וועלכן עס באַטייליקן

זיך אַ דרייסיק פּערזאָן פון די אָנגעזעענסטע עסקנים און קולטור־טוער פון שטאָט, איניקע צוזאַמען מיט זייערע פרויען.

די אָנפירונג און אויסהאַלטונג פון די כאָרן פּאָדערן היפּש אויסגאַבן און גאָר אַ סך אויפמערקזאַמקייט; ברענגט עס דערצו אַז, אונטערן פּאַטראָנאַט פון ועד החינוך, זאָל געגרינדעט ווערן דער יידישער קולטור־צענטער „הזמיר”, וועמענס לאָזונג עס איז: „קולטור דורך געזאַנג”. די פּאַרוואַלטונג פון „הזמיר” איז פּרעזידירט פון ד”ר ב. בייטעלמאַן, לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פון ועד החינוך.

דער „הזמיר”־כאָר, דיריגירט פון ב. פייער, פירט דורך יערליך דריי קאָנצערטן, און באַטייליקט זיך אין די צענטראַלע עפנטלעכע פּראַנשטאַלטונגען פון דער קאָלעקטיוויטעט: יום־העצמאות, געטאָ־אָנדענק, הערצל־ביאַליק יאָרצייט, מגבית פּראָקלאַמירונג וכו׳. ביי אַ געלעגנהייט האָבן אויף איין קאָנצערט געזונגען אין כאָר דריי דורות: פון זיידעס ביז אייניקלעך.

דער כאָר „הזמיר” האָט אויך אַריינגעזונגען דריי פּלאַטן מיט זעקס לידער אין יידיש און העברעאיש, אויף די פּלאַטן פון דער באַרימטער וועלט־פירמע „ר. ס. אַ. וויקטאָר”. אַלס סאָליסטן זיינען אויפגעטראָטן: חזן ישראל פּאַרבאַ (סירקולאָ), חזן דוד היצקאָפּ, ספּעציעל איינגעלאַדן פון ראַזאַריאַ (אַרגענטינע), און די אָרטיקע זינגערין צביה קליין. דערצו לאָזט אַרויס ב. פייער צוויי לידער זאַמלונגען: איינע אין 1953 מיט פינפאונדרייסיק לידער, און די צווייטע אין 1955 מיט 50 לידער, אַלע מיט די פּאַסיקע נאָטן. די צווייטע לידער־זאַמלונג איז סובסידירט געוואָרן פון דעם „קולטור־ראַט ביים רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט”, וואָס עקזיסטירט זינט 1954.

טשילע הויבט אָן זינגען. יידישע ניגונים הערן זיך אין שיל און שולע, אויף עפנטלעכע אַקטן און היימישע פּאַרוויילונגען. די דייטש־שפּראַכיקע געמיינדע „בני ישראל”, פירט אַריין געזאַנג אין די לימודים פון אירע זונטיק־קורסן; די ספּרדישע געמיינדע גרינדעט אַ כאָר. די פּלאַטן פון „הזמיר”, ווי אַנדערע פּלאַטן, ווערן געשפּילט דורך דער שטאַט־ראַדיאָ ביי יעדן יידישן יום־טוב און פייערונג; גלייכצייטיק ווערט אויך דערקלערט די באַדייטונג פון די באַטרעפנדיקע ימים־טובים. אויף אַזאַ אופן, דרינגען אַריין אויף די פליגלען פון יידישן געזאַנג, אויך דאָס יידישע וואָרט און דער יידישער אינהאַלט, אין יידישע היימען און אין יידישע הערצער. דער ועד החינוך האָט דורכן „הזמיר”, אויסגעברייטערט זיין דערציערישע טעטיקייט אויך אויסער די שול־ווענט, און עס געפינען זיך אויך קריסטלעכע זינגער וואָס טרעטן אויף מיט יידישן און העברעאישן פאָלקלאָר.

קאַפּיטל עלף

# יאָרן פון באַרוּאיקטן אויפקום

(1956 — 1949)

א) דייטש־שפּראַכיקע קהילה מאַכט פאָרשריט
ב) די חברה קדישא האָט שוועריקייטן
ג) געגרינדעט אַ מושב זקנים
ד) עסטאַדיאָ איזראַעליטאַ
ה) פאַריין פון בעסאַראַבער יידן
ו) די געמיינדע פון אונגאַריש־שפּראַכיקע יידן
ז) פאַריין פון בוקאָווינער יידן.

## א) די דייטש־שפּראַכיקע קהילה מאַכט פאָרשריט

פאַרענדיקט דעם גערא־נגל ארום דעם אויפקום פון מדינת ישראל, אין וועלכן ייִדן פון טשילע זיינען געווען מיטבאַטייליקט מיט אויפמערקזאַמקייט, פּאָליטישע טעטיקייט, פינאַנציעלער־בייטראָג און אויך דעם קרבן פון בלוט, קאָן זיך דער ישוב מיט מער רואיקייט ווידמען זיינע אינערלעכע אינטערעסן.

דעם 17־טן יאַנואַר 1950 ציט זיך אַריבער די דייטש־שפּראַכיקע קהילה „בני ישראל" אין איר פרעכטיקן בנין אויף אַוועני‌דאַ פּאָרטוגאַל 810, דער גרונדשטיין פון וועלכער איז פאַרלייגט געוואָרן דעם 13־טן אַפּריל 1947. דעם 3־טן סעפּ־טעמבער 1950, ווערט מיט דער געהעריקער פייערלעכקייט געפּראַוועט דער חנוכת־הבית פון דער געביידע וואָס איז אַ ווירקלעכער צירונג סיי פאַר דער קאָלעקטיוויטעט סיי פאַר דער הויפּט־שטאָט פון לאַנד. די פייערונגען איז בייגעווען ד"ר י. בורג, וויצע־פּרעזידענט פון דער כנסת פון מדינת־ישראל.

דער אויפבוי פון אָט דעם בנין איז אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דעם טיכטיקן פּרעזידענט פון די „בני ישראל" ד"ר יוסף הירשבערג ע"ה, וועלכער וועט פאָרזעצן אין זיין אַמט ביז 1952, ווען ער איז עולה קיין מדינת ישראל. די פּרעזידענץ וועט איבערנעמען ד"ר ז. לאַנדאַו, וואָס האַלט אָן דעם אַמט ביז היינט צו טאָג.

אין דעם נייעם בנין קאָן די קהילה „בני ישראל" אַנטוויקלען אַ פּלאַנמעסיקע טעטיקייט אויף די פאַרשידנסטע געביטן אין אַ פיל גרעסערן מאַסשטאַב: רעליגי־יעזער־קולט אין דער שיל; געזעלשאַפטליכקייט, דורכן קלוב וואָס האָט פיינע פאַר־ווייַלונגס־זאַלן און אַ כשר'ן רעסטאָראַן, ווי אויך דורך דעם אַקטן־זאַל וואָס קאָן אַריינעמען איבער טויזנט מענטשן און ווערט גענוצט פון דער גאַנצער קאָלעק־טיוויטעט. עס ווערט אויך אָנגעפירט אַ גאַנץ ברייטע דערציערישע טעטיקייט צווישן די אונטערוואַקסענדיקע דורות, קינדער און יוגנט. אין דעם בנין אַמטירן אויך

די בני־ברית לאָזשען, פּאַסיפיקאָ" און „נגבה", וואָס האָבן אַ ספּעציעלן זאַל פאַר זייערע זיצונגען.

די געמיינדע „בני ישראל" פירט אויך אַן אָפיציעלן רעגיסטער פון פאַמיליען־פּאַסירונגען: געבורטן, בר־מצוות, חתונות און — להבדיל בין החיים והמתים — לוויות. דער רעגיסטער פונקציאָנירט פון 1944. עס ווערט אויך אַרויסגעגעבן אַ צייטשריפט אויף דייטש: „מיטטיילונגס־בלאַט", וואָס באַהאַנדלט די לויפנדיקע ענינים פון דער געמיינדע און מיט אינפאָרמאַציע וועגן אָרטיקע און אַלגעמיינע יידישע ענינים.

די טעטיקייט פאַר מדינת ישראל איז אַן אינטעגראַלער טייל פון דער אַל־געמיינער אַרבעט פון די „בני ישראל". די ציוניסטישע עלעמענטן, אָרגאַניזירט לכתחילה אין דער „אוניאָן סיאָניסטאַ", און שפּעטער געשטאַרקט מיטן אויפקום פון מדינת ישראל, האָבן אין דער הינזיכט דערגרייכט אַ מאַקסימום, און דער דייטש־שפּראַכיקער סעקטאָר פון דער קאָלעקטיוויטעט איז אַזוי ציוניסטיש און פּראָ־ישראל, ווי די אַנדערע צוויי סעקטאָרן: אשכנזים און ספרדים.

די דייטש־שפּראַכיקע געמיינדע האָט געקאָנט אַנטוויקלען אַזאַ אַלזייטיקע יידישע טעטיקייט מיט דער מיטווירקונג פון דריי חשובע רבנים: איינער פון וועלכע איז שוין אָפּגעגאַנגען אין אייביקן לעבן און צוויי, יבדלו לחיים, לייסטן היינט צו טאָג און וועלן נאָך פיל לייסטן אין דער צוקונפט, סיי פאַר דער דייטש־שפּראַכיקער געמיינדע ווי פאַרן ישוב אַלס גאַנצן.

צום ערשטן דאַרף דערמאָנט ווערן הרב פּראָפ. משה (מאָריץ) ראָזענפעלד ז"ל, פון אונגאַרישן אָפּשטאַם, אַ באַדייטנדיקער למדן און געלערנטער, וועלכער האָט מיטגעאַרבעט אין דער יידישער ענציקלאָפּעדיע וואָס איז דערשינען אין בערלין אין 1919, און איז שפּעטער געווען פּראָפעסאָר אין ראַבינער סעמינאַר וואָס הרב צבי חיות ז"ל האָט געגרינדעט אין ווין. אַ ציוניסט פון דער ערשטער שעה, האָט ער אין זיין עזבון געלאָזט איינעם פון די ערשטע שקלים פון דער עמיסיע פון 1898.

הרב ראָזענפעלד איז געקומען קיין טשילע אין 1939. ער האָט נישט אָנגענומען קיין אָפיציעלן ראַבינער־פּאָסטן, לאָזענדיק די אָפיציעלע אַמטן פאַר די צוויי יונגערע קאָלעגן. ער פלעגט נאָר פּריידיקן אין די צוגאַב־שולן וואָס פלעגן אָרגאַניזירט ווערן אויף די ימים־נוראים, און איז בכלל געווען דער נישט־אָפיציעלער גייסטיקער מנהיג פון דער געמיינדע.

הרב מ. ראָזענפעלד איז אויך געווען פון די איניציאַטאָרן און גרינדער פון ועד החינוך, וואו ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון שול־אינספּעקטאָר אין משך פון די ערשטע שווערע יאָרן. ער האָט אויך פאַרפאַסט אַ לערע־בוך פון העברעאיש צוגעפּאַסט צו דערלערנען די שפּראַך אין די רעליגיאָנס־שולן פון לאַטיין־אַמעריקע.

הרב ראָזענפעלד איז נפטר געוואָרן ד׳ אלול תשי״ב, און דער אויפ־שריפט אויף זיין קבר, וואָס ער האָט אַליין פאַרפאַסט, זאָגט עדות אויפן אינטעלעקטועלן עלנט וואָס ער האָט געפילט אין דעם קליינעם, וויטן, דאָן נאָך נישט גענוג אָרגאַניזירטן ישוב, ווען אפילו ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט דער ליבע פון זיינע קינדער און פאַרערונג פון דער גאַנצער געמיינדע. די אויפשריפט הויבט זיך אָן מיט אַ פסוק פון ישעיהו: „מה לך פה ומי לך פה, כי חצבת לך פה קבר?״ — וואָס האָסטו דאָ און וועמען האָסטו דאָ, וואָס דו האָסט זיך דאָ געגראָבן אַ קבר. אַן אויפשריפט וואָס איז זייער צוגעפּאַסט צום געמיט פון אַ פּליט וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון זיין גייסטיקער סביבה אין „דער וועלט פון נעכטן״.

---

די צוויי יונגערע קאָלעגן פון הרב ראָזענפעלד ז״ל, די ראַבינער עגאָן לעווענשטיין און מאַנפרעד לובלינער, האָבן געהאַט די שווערע אויפגאַבע צו פורימען די נייע־יידישקייט פון זייער עדה אין דער נייער היים.

עס איז פאַר אַלעמען נויטיק געווען צו ברענגען צו אַן אויסגלייך צווישן די פאַרשידענע טענדענצן אין וואָס איז שייך דעם נוסח התפילה. עס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן צוויי נוסחאות. איינער, אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישער, לויט דער אָנגענומענער טראַדיציע. דער צווייטער, אַ ביסעלע געענדערט, נישט אין די תפילות וואָס זיינען געבליבן נישט באַרירט, נאָר אין צוגאַב ענינים, ווי אָרגל און כאָר. אין שיל פון בני ישראל ווערט אָפּגעהיט דער אָרטאָדאָקסישער נוסח, דער ליבעראַלער ווערט אָנגעווענדעט אין די צוגאַב־שולן וואָס די געמיינדע אָרדנט איין אויף די ימים־נוראים, און ביים צווייטן מנין, וואָס ווערט דורכגעפירט אין שבתים און ימים־טובים אין דער הויפּט־שול. אויף אַזאַ אופן איז דערגרייכט געוואָרן אַז די פאַרשידנקייט פון די טענדענצן זאָל נישט באַרירן די גאַנצקייט פון דער געמיינדע.

די צוויי דערמאָנטע ראַבינער, וואָס זיינען אויך לערער אין דער שולע פון ועד החינוך, האָבן דערגרייכט אַז אַרום ניינציק פּראָצענט פון די קינדער פון דער דייטש־שפּראַכיקער געמיינדע זאָלן באַקומען וועלכע ס׳איז יידישן אונטעררירכט: אין דער אינטעגראַלער שולע פון ועד החינוך, אין דער רעליגיאָנס־שולע ביי דער געמיינדע וואָס איז טעטיק אין די זונטיק־פרימאָרגנס און שבת נאָכמיטיק, אין די בר־מצוה קורסן, וואָס די בר־מצוה בחורים דאַרפן דורכמאַכן, ווי אויך דורך פּריוואַטע לעקציעס צו הויז.

די ראַבינערס פון דער געמיינדע אנטוויקלען אויך אַ טעטיקייט צווישן די יונגע פאַרפאָלקן, און האָבן איינגעאָרדנט ספּעציעלע קורסן פאַר יידישקייט, וואָס ווערן באַזוכט פון אַ דרייסיק יונגע פאָרלעך, וועלכע לערנען יידישע געשיכטע,

טראַדיציעס לויט וועלכע עס דאַרף געפירט ווערן אַ יידיש הויז, ווי אויך פּראָב־לעמען פון יידישער אַקטואַליטעט.

די ניי־איינגעוואַנדערטע דייטש־שפּראַכיקע יידן וואָרצלען זיך איין נישט בלויז אין דער טשילענער סביבה נאָר אויך אין יידישקייט.

## ב) די חברה קדישא האָט שוועריקייטן

אויך די חברה קדישא מאַכט פאָרשריט. אין 1951 דערשלאָגן זיך די שטרענג אָרטאָדאָקסישע עלעמענטן צו דער רעאַליזירונג פון זייער לאַנגסטיקער אַספּיראַציע, אויפצונעמען אַ באַזונדערן רב וואָס זאָל צופרידן שטעלן די פאָדערונגען אפילו פון די פרומסטע קרייזן.

אויף דעם וויכטיקן אַמט ווערט אויפגענומען הרב ד"ר דוד גרינוואַלד. די חברה קדישא טוט דאָס מעגלעכע צו פּרעסטיזשירן איר רב. זי קויפט אַ באַזונדער דירה פאַרן בית־הרבנות און וואוינונג פאַרן רב.

די האָפנונג איז געווען אַז אַן אָרטאָדאָקסישער רב וואָס האָט אויך פאַרענ־דיקט אַן אוניווערזיטעט, וועט האָבן השפּעה נישט נאָר אויף די אָרטאָדאָקסן נאָר אויך אויפן גאַנצן ישוב, וואָס איז, טראָץ זיין וועלטלעכקייט, וואָך און פול מיט בענקשאַפט נאָך יידישער טראַדיציע, ווען אפילו אַביסל מאָדערניזירט. מען האָט געהאַט אַ רעכט צו דענקען אַז אַ רב וואָס וואָרצלט סיי אין דער יידישער סיי אין דער אַלגעמיינער קולטור וועט זיין אַ ברכה פאַרן גייסטיקע לעבן פון גאַנצן ישוב.

האָט זיך אָבער אריינגעמישט דער שטן פון סכסוכים און מחלוקת. עס אַנטשטייען אַ רייע מיספאַרשטענדענישן מיט הרב גרינוואַלד, נישט דווקא אויפן רעליגיעזן געביט, נאָר אַרום אַזעלכע ענינים, ווי דוויער פון דער התמנות, רעפּרע־זענטאַנץ כלפּי חוץ, און דער אַלטער געראַנגל צווישן דער רעליגיעזער און קהלה'שער פירערשאַפט האָט זיך אָפּגערופן אויך אין דער ווייטער טשילע.

דער סיכסוך דויערט אַרום אַ יאָר. אויף דער גענ. פאַרזאַמלונג פון מאַי 1953, ווערט באַשטימט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון די ה"ה ד"ר נ. בערמאַן, איזידאָראָ דימאַנד ע"ה, מתתיהו שאַפּיראָ, ישעיהו פופּקין, לעאָן קוריעל און איזי־דאָראָ אַרענסבורג, וואָס האָט דערגרייכט אַן אויסגלייך לויט פאָלגנדיקע פּונקטן:

א) די התמנות פון הרב ד"ר גרינוואַלד ווערט פאַרלענגערט ביזן 30־טן סעפּטעמבער 1956.

ב) הרב גרינוואַלד האָט בלויז רעליגיעזע פונקציעס. ער טאָר נישט אַרויס־טרעטן מיט דערקלערונגען אין דער עפנטלעכקייט אָן דער אויסדריקלעכער צו־שטימונג פון דער פאַרוואַלטונג פון דער חברה קדישא.

ג) דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט וועט האָבן די השגחה איבער דער אויספירונג פון דעם אויסגלייך.

נישט אַריינגייענדיק צו משפּטן ווער עס איז מער שולדיק אין דעם סיכסוך, בלייבט מיר צו באַדויערן, וואָס ער האָט באַשווערט דעם וועג פון ווירקונג פון רעליגיעז־אָרטאָדאָקסישער יידישקייט, וואָס האָט דורך די מיספּאַרשטענדענישן נישט געוואונען קיין פּרעסטיזש און קיין סימפּאַטיע אין די אויגן פון די אונטער־וואַקסענדיקע דורות וועלכע ווייזן דווקא אַרויס אינטערעס פאַר די טראַדיציאָנעלע פאָרמען פון דעם געפיל פאַר רעליגיאָזיטעט וואָס איז ביי זיי גענוג שטאַרק.

עס איז באמת אַ שאָד.

## ג) געגרינדעט אַ מושב זקנים

אַלס אומדירעקטער פּועל־יוצא פון דעם סיכסוך מיט הרב דוד גרינוואַלד, ווערט אַקטועל די פראַגע פון שאַפן אַ מושב זקנים: נישטאָ קיין שלעכטס אָן קיין גוטס.

עס איז שוין געווען אַ לאַנגסטיקער פאַרלאַנג פון דער קאָלעקטיוויטעט צו שאַפן אַ בכבוד'יקע היים פאַר די זקנים וואָס האָבן נישט קיין קינדער, אָדער וואָס קאָנען נישט צוליב אַ רייע סיבות, ווי כשרות, קולטור־איינשטעלונג, סאָציאַלע פּאָזיציע, פאַמיליע אָנגעלעגנהייטן וכ', נישט מיטוואוינען מיט זייערע קינדער. אַ דערשיינונג וואָס ווערט שטאַרקער און פאַרשטענדלעכער אין די ערשטע דורות פון אימיגראַציע. אייניקע מאָל זיינען אפילו אויפגעקומען איניציאַטיוון צו שאַפן אַזאַ היים, אָבער מיט ווייניק דערפאָלג. בלויז דער דייטש־שפּראַכיקער סעקטאָר האָט געגרינדעט זיין „אַלטענהויז" אין 1948.

דער געדאַנק איז אָבער נישט אויפגעגעבן געוואָרן, און דאָ איז צוליבן סיכסוך מיטן רב געבליבן ליידיק אַ קהלישע דירה, וואָס איז לכתחילה געקויפט געוואָרן פאַר אַ בית־הרבנות, אויף גאַס טשילאַע 1268, האָבן אייניקע כלל־טוער דערזען אין דעם אַ געלעגנהייט צו רעאַליזירן די אַספּיראַציע פאַר אַ מושב זקנים.

אויף דער איניציאַטיוו פון פּרעזידענט פון דער חברה קדישא ה' יצחק גאָרען, און פון ביקור חולים ה' ישעיהו פּופּקין, ווערט דעם 10־טן מאַי 1951 פאַררופן אַ דעלעגאַטן פאַרזאַמלונג פון אייניקע אינסטיטוציעס און עס ווערט באַשלאָסן איינאָרדנען אַ מושב זקנים אין דער דירה אויף טשילאַע. אַלס פּרעזידענט פון דעם נייעם אַנשטאַלט ווערט באַשטימט ה' נחמיה טרומפּער, איינער פון די עלטסטע תושבים און טיכטיקסטע עסקנים פון דער קהילה. דעם 15־טן יולי 1951 ווערט דערעפנט דער נייער אַנשטאַלט אויף טשילאַע 1268.

א יאָר שפּעטער, אין יולי 1952, ווערט דער מושב זקנים געגרינדעט ווערן ווי א באַזונדער אינסטיטוציע, וואָס וועט באַקומען א באַזונדער שוואונג זינט 1952, ווען בראש פון דעם אנשטאַלט וועט זיך שטעלן ד״ר אברהם וויינשטיין, אַן אָנגעזעענער מעדיקער און אוניווערזיטעט פּראָפעסאָר, מיט געפיל און נייגונגען פאַר יידישער כלל ארבעט.

עס ווערט געקויפט א בוי־פּלאַץ אויף וויזשאגא 325 און עס ווערט אויך פאַרלייגט דער גרונדשטיין פאַר די פּרעכטיקע בנינים וואָס וועלן פאַרענדיקט ווערן אין פאַרלויף פון יובל־יאָר און וועלן זיין נישט נאָר א פיינע באַקוועמע היים פאַר זקנים און זקנות, נאָר אויך א צירונג פאַרן ישוב אַלס גאַנצער.

ביים מושב זקנים איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן א קליינער הייל־אַנשטאַלט פאַר די איינוואוינער פון מוסד וואָס קאָנען זיך אין דעם נויטיקן. עס איז פאַראַן א שטרעבונג אין געוויסע שיכטן פון דער געמיינדע צו פאַרוואַנדלען, מיט דער צייט, דעם קליינעם הייל־אַנשטאַלט אין א פולן יידישן שפּיטאָל, וואָס זאָל דינען נישט נאָר ווי א הייל־אַנשטאַלט פאַר יידישע חולאים, נאָר אויך ווי א פאָרש־צענטער פאַר יידישע וויסנשאַפטלער.

די דאָזיקע שטרעבונג וועט פיל פאַרלייכטערט ווערן ווען די געמיינדע וועט איבערנעמען די ירושה וואָס דער ד״ר טאנענבוים האָט אין זיין ירושה פאַרזאָגט פאַר אַזאַ צוועק.

## ד) יידישער סטאַדיום

ווי א סך איניציאַטיוועס אויפן געביט פון אָרטיקן יידישן לעבן איז אויך די איניציאַטיוו צו גרינדן א יידישן ספּאָרט־פעלד (סטאַדיום) אויפגעקומען און אונטערגענומען געוואָרן פון „סירקולאָ איזראַעליטאַ״, וועלכער האָט אין 1949 באַאויפטראַגט זיין ספּאָרט־קאָמיסיע צו שטודירן די מעגלעכקייטן פון גרינדן אַן אַקציען־געזעלשאַפט פאַר אַן יידישן סטאַדיום. נאָך מיט א 15 יאָר צוריק האָט אַזעלכעס פאָרגעשלאָגן מאַרקאָס פייערשטיין ע״ה.

א געוויסן שטויס צו דער איניציאַטיוו האָט געגעבן דער פאַקט וואָס א געוויסער סטאַדיום זאָל זיך האָבן אָפּגעזאָגט, ווען אפילו אויף א גאַנץ איידעלן אופן, אויפצונעמען יידן אַלס מיטגלידער. יידן האָבן אויף דעם געענטפערט דירעקט און ווירדיק, דורך גרינדן אַן אייגענעם סטאַדיום. עס איז צוגעקומען נאָך א וויכטיקער יידישער אַנשטאַלט און די פריינטלעכע באַציאונגען מיט דער ארו־מיקער סביבה זיינען דערפון נישט געשטערט געוואָרן.

דעם 27־טן מערץ פון 1950, ווערט באַשטימט דער פּראָוויזאָרישער דירעק־

טאָריום פון דער צוקונפטיקער אַקציען געזעלשאַפט, וואָס ווערט פּרעזידירט פון יונגן אַדוואָקאַט ראָבערטאָ אַראָן, דער אַקטיוועסטער טוער אין דער אונטערנעמונג. צוזאַמען מיטן ספּרדישן אַדוואָקאַט ענריקע טעסטאַ, וועט אַראָן (אַן אשכנזי), אויסאַרבעטן די סטאַטוטן פון דעם סטאַדיום, אַן אונטערנעמונג אין וועלכער עס אַרבעטן מיט אַלע געמיינדעס פון דער קאָלעקטיוויטעט.

דעם 5־טן יוני 1950, ווערן די סטאַטוטן גוטגעהייסן און דער אַקציען קאַפּיטאַל ווערט באַשטימט אין צוועלף מיט אַ האַלבן מיליאָן פּעזאָס. דער פּראָוויזאָרישער דירעקטאָריום ווערט דערקלערט ווי אַ דעפיניטיווער.

גלייך ווערט געקויפט אַ גרויסער שטח באָדן פון קרוב זיבן העקטאַר, אין דער געגנט לאָס קאָנדעס, וואו עס געפינען זיך די ספּאָרט פעלדער פון אייניקע אַנדערע קאָלעקטיוויטעטן.

דעם 1־טן יולי 1952, ווערט באַשלאָסן אָנצוהויבן די בוי־אַרבעטן פאַר די ספּאָרט־פעלדער, שווים־באַסיין א. א. וו. היינט צו טאָג האָט דער יידישער סטאַדיום פּרעכטיקע פעלדער פאַר פוס־באַל, אַטלעטיזם, שפּרונגען, צוויי פעלדער פאַר באַס־קעט־באָל, זעקס פאַר טעניס, נאָך פיר פעלדער האַלטן אין אויסגעלייגט ווערן. עס איז אויך אויפגעבויט געוואָרן פּרעכטיקע שווים־באַסיינען מיט אַלע נויטיקע איינריכטונגען, ווי אויך 500 מעטער פּרעכטיקע געפלאַסטערטע שטעגן.

די אַלע אינסטאַלאַציעס זיינען אַרומגערינגלט מיט פיין געפלעגטע גערטנער, סעדער און גראָז־פעלדער, וואָס גיבן אַ שיינעם אויסבליק און נאָך אַ פיינערן אָפּרו־פּלאַץ פאַר די מיטגלידער־אַקציאָנערן און זייערע פאַמיליעס.

דעם 15־טן מאַי 1953 האָט די אַקציען געזעלשאַפט באַקומען די אָפיציעלע אַנערקענונג פון דער רעגירונג (פּערזאָנעריאַ כורידיקא) און דעם 6־טן יוני 1955 איז זי אויטאָריזירט געוואָרן צו העכערן איר קאַפּיטאַל ביז 37 מיט אַ האַלבן מיליאָן טשילענער פּעזאָס.

דעם 25־טן אָקטאָבער 1953 איז דערוויילט געוואָרן אַ נייער דירעקטאָריום, וואָס האָט איינשטימיק באַשטימט ד״ר לואיס לאַמאַס אַלס פּרעזידענט און אַדוואָ־קאַט ראָבערטאָ אַראָן אַלס עקזעקוטיוו און וויצע פּרעזידענט. די צוויי יונגע דינאַ־מישע טוער האָבן מיט דער מיטהילף פון אַנדערע דירעקטאָריום־מיטגלידער, ווי אויך דער טעכנישער מיטאַרבעט פון בערענטע ה׳ מאָרים איזראַעל און מיט דער פולסטער אונטערשטיצונג און סימפּאַטיע פון דער גאַנצער געמיינדע, געבראַכט דעם סטאַדיום צו זיין איצטיקן מצב,ווען ער קאָן שוין, אין דעם יובל יאָר פון דער געמיינדע, צוטרעטן אויפצובויען דעם הויפּט־בנין — דעם אַזוי גערופענעם „קאַסינאָ״.

דאָס אייגנטום וואָס איז פּראָוויזאָריש געקויפט געוואָרן אויף די נעמען

פון די דירעקטאָרן ה"ה נאום נודמאַן, פערנאַנדאָ פרידמאַן, נאָרמאַן שווארץ, איסאַק געננדעלמאַן און ראָבערטאָ אראָן, אין נאָכן באַקומען די יורידישע אַנערקענונג, איבערגעשריבן געוואָרן אויפן נאָמען פון דער אַקציען־געזעלשאַפט.

ביסלעכווייז האָט די גאַנצע קאָלעקטיוויטעט אָנגעהויבן איינצוזען די וויכטיקייט פון נייעם אַנשטאַלט. ווער עס האָט אין אים דערזען אַ מיטל צו דערהויבן יידישן פּרעסטיזש, ווער עס באַטראַכט אים פאַר אַ סגולה צו שידוכים אינערהאַלב דער געמיינדע, ווער עס נעמט אפילו אָן דעם שטאַדיום ווי אַ מיטל צוציען די יוגנט צו יידישקייט. דער שטאַדיום איז געוואָרן אַ צענטער פון יידישן אינטערעס און יידישע טעטיקייט, בפרט אַז די פאַרוואַלטונג פון אַנשטאַלט באַטראַכט אים נישט ווי אַן עקסקלוסיוויסטישן רעסאָרט פאַר די אַקציאָנערן, נאָר זי שטעלט אים צו פאַרפיגונג דער גאַנצער געמיינדע: דעם 10־טן דעצעמבער 1955 איז אויף די פעלדער פון שטאַדיום דורכגעפירט געוואָרן די ערשטע וויצאָ־קערמעסע אין טשילע וואָס האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג. שפּעטער איז אין שטאַדיום דורכגעפירט געוואָרן אַ קאָנצענטראַציע פון דער יידישער יוגנט אָן אונטערשיד פון קלאַס און אידעאָלאָגיע. די ספּאָרט־פאַרמעסטן און אַנדערע קאָנצענטראַציעס פון דער חלוצישער יוגנט ווערן אויך אָפּגעהאַלטן אין סטאַדיום, און יידן האָבן דערזען אַז עס איז גוט צו האָבן אייגענעם באָדן אונטער די פיס אונטער ג־ט׳ס פרייע הימלען און אַז יידישקייט קאָן אויסגעדריקט ווערן אפילו דורך ספּאָרט און פאַרוויילונג.

## ה) פאַריין פון בעסאַראַבער יידן אין טשילע

די פראַגע פון לאַנדסמאַנשאַפטן איז פון גרויס באַדייטונג אין די ערשטע פאָר דורות פון די ישובים אין נייע לענדער. ביי זיין גאַנצער איינהייטליכקייט אין אַ סך לעבנס־אַספּעקטן איז דאָס יידישע פאָלק פאָרט דיפערענצירט פון אַנדערע. אויך די יידישע שפּראַך ווערט אַרויסגערעדט פאַרשידן אין פוילן, ליטא, אוקראַינע, בעסאַראַביע, רומעניע א. א. וו. דער ישוב פון יעדער מדינה אָדער געגנט נעמט איבער פון דער אַרומיקער סביבה, נישט נאָר ווערטלעך און רעדנאַרטן, נאָר אויך מנהגים, אבערגלויבנס, קליידונג, מאכלים, לידער, נגונים א. א. וו. און דאָס ווירקט זיך אויס אין דעם זינען פון דיפערענצירן ביז אַ געוויסן גראַד די פאַרשידענע יידישע ישובים.

אין די נייע היימען, וואו דער מענטש פילט זיך די ערשטע צייט אַביסל פרעמד און פאַרשטויסן, שטאַרקט זיך די בענקשאַפט נאָך די ערטער וואו מען איז געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן, ווי אויך די צוגעבונדנקייט צו די מענטשן פון

זעלביקן געגענט מיט וועלכע מען קאָן טיילן די בענקשאַפט און די זכרונות פון ווייטן נאָר אַזוי ליבן אַמאָל. עס איז דערפאַר וואָס אין אַלע אימיגראַציע לענדער בילדן זיך לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס העלפן אַרוים דעם אימיגראַנט גייסטיק און אַמאָל טאַקע מאַטעריעל אין די ערשטע שווערע יאָרן פון אַריינוואָרצלען אין דער נייער סביבה. אַפילו מדינת ישראל איז נישט קיין אויסנאַם אין דער הינזיכט. דעראינערונגען און בענקשאַפט זיינען אַ צו שטאַרקער כוח אין דער מענטשלעכער פּסיכיק, אַז זיי זאָלן קאָנען לייכט און שנעל איבערגעריסן ווערן.

האָבן מיר שוין אין די פאַריקע קאַפּיטלען געזען ווי אַזוי עס איז נאָך אַ פּאָר נישט געלונגענע פּרואוון געגרינדעט געוואָרן דער פאַריין פון פוילישע יידן און די וויכטיקע ראָלע וואָס ער שפּילט אין דעם אַלגעמיינעם לעבן פון דער לאַנדעס־קאָלעקטיוויטעט.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אויף אַ צווייטע לאַנדס־מאַנשאַפט גרופּע, פון בעסאַראַבער לאַנדסלייט. אָנגעהויבן האָט זיך די אָרגאַני־זירונג זייער באַשיידן און גראָד אויפן גייסטיקן געביט. דורך אַ גרופּע בעסאַראַבער יידן איז געשאַפן געוואָרן אַ „לייען־קרייז" וואָס פלעגט זיך פון צייט צו צייט פאַרזאַמלען אין פּריוואַטע הייזער, לייענען צוזאַמען ליטעראַרישע ווערק אויף יידיש, פאַרברענגען ביי אַ יידישער ליד, אַ ניגון, דערמאָנען די אַלטע היים און בענקען נאָך איר.

מיט דער צייט האָט זיך דער לייען־קרייז צעוואַקסן און דעם 31־טן מאַי 1953, איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַריין, וואָס איז אָפיציעל אַנערקענט געוואָרן פון דער רעגירונג אין דעצעמבער 1954 (פּערזאָנעריאַ כורידיקאַ).

דער פאַריין האָט נישט אויפגעגעבן זיין טעטיקייט אַלס לייען קרייז. אַרום 120 פון זיינע מיטגלידער פאַרזאַמלען זיך רעגולמעסיק יעדע צוויי וואָכן אויף אַ לייען אָוונט, וואָס איז אויך ביז אַ געוויסן גראָד אַ זכרונות אָוונט. אַנדערע 180 מיטגלידער קומען נישט רעגולמעסיק צו די לייען־אָוונטן, זיי זיינען אָבער אַקטיוו אין די אַנדערע טעטיקייטן פון פאַריין און באַזוכן די קולטור־אַקטן אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב, וואָס ער פאַראַנשטאַלטעט פון צייט צו צייט, ווי אויך די אויפנאַמעס פאַר געסט וואָס באַזוכן דעם ישוב אין דעם אָדער יענעם אַלגעמיין יידישן אינטערעס. די אַלגעמיינע צאָל מיטגלידער דערגרייכט צו אַרום 300. דער פאַריין פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק מיט אַרום 1000 ביכער.

דער בעסאַראַבער פאַריין איז אַקטיוו אויף די פאַרשידנסטע געביטן פון אָרטיקן יידישן לעבן. ער איז אָנגעשלאָסן אין דער פעדעראַציע, אין רעפּרעזענ־טאַטיוון קאָמיטעט, אַרבעט אַקטיוו מיט פאַרן חינוך וועזן, און אין אַלע קאַמפּיינען פאַר מדינת ישראל. נויטבאַדאַרפטיקע לאַנדסלייט ווערן אויך אַרויסגעהאָלפן דורך

דעם פאריין. די לעצטע צוויי טעטיקייטן, פאר מדינת ישראל און פאר לאנדסלייט, ווערן באטראכט ווי א פראקטישע פאזיטיווע באערונג פאר די לאנדסלייט וואס זיינען אין דער אלטער היים אומגעבראכט געווארן.

דער פאריין האט א גאנץ פיינעם לאקאל, וואו די מיטגלידער קומען זיך צענויף אויך אויף געזעלשאפטליכע פארוויילונגען, וואס זיינען ליבער אין דער היימישער סביבה.

## ו) די געמיינדע פון אונגאריש־שפראכיקע יידן

לויט זייער צאל, איינגאנצן א פאר טויזנט נפשות, כן ירבו, וואלטן די אונגאריש־שפראכיקע יידן אפשר געדארפט קלאסיפיצירט ווערן ווי א לאנדסלייט פאריין, אבער לויט זייער אפשטאם פון פארשידענע און פארשידנארטיקע מדינות ווי: אונגארן, טראנסילוואניע, קארפאטא־רוס, טשעכאסלאוואקיי, א. א., ווי אויך לויט זייער צעטיילונג לכתחילה אין פארשידענע גרופירונגען וואס האבן זיך נאך א געננג לאנגן פראצעס, וואס האט געדויערט ארום א פערטל יארהונדערט, זיך לסוף פאראייניקט אין איין געזעלשאפטלעכן ארגאניזם, פארדינען די אונגאריש־שפראכיקע יידן בלי ספק פאררעכנט צו ווערן פאר א באזונדער געמיינדע וואס בילדעט צוזאמען מיט די אנדערע, מזרח־איראפעאישע אשכנזים, ספרדים און מערב־איראפעאישע אשכנזים, די טשילענער יידישע קאלעקטיוויטעט.

די גרעסטע טייל פון אט דער אייגנארטיקער געמיינדע איז אנגעקומען אין טשילע מיטן אימיגראציע שטראם פון די דרייסיקער יארן 1931-39. ביז יענער צייט איז די צאל אונגאריש־שפראכיקע יידן געווען זייער א קליינע. ארום 70 נפשות אין 1927 און אן ערך פון 250 נפשות אין 1931.

אבער שוין אויך דאן האבן זיי ארויסגעוויזן אן אקטיווע באטייליקונג אין ארטיקן יידישן לעבן, און שמואל שווארץ, ארמאנדא דאווידאוויטש ע"ה און יוסף קארניש יבדל לחיים ארבעטן מיט מיטן אקטיוון פרעזידענט פון דער חברה קדישא ר' נחום בראנפמאן, ביים באקומען די קאנצעסיע אויפן אייגענעם בית־עלמין אין קאנטשאלי.

די אונגאריש־שפראכיקע יידן מאכן דורך אין זייער ארגאניזירונג אלס געמיינדע א רייע עטאפן וואס דערמאנען אין די ענלעכע פעריאדן פון די מזרח־אשכנזים און ספרדים. מיר האבן שוין געזען ווי איינער פון די ערשטע יידיש־אשכנזישע פאריינען איז געגרינדעט געווארן אין 1911 אונטערן נאמען „פילהארמאניקא רוסא", אין 1916 איז אין טעמוקא געגרינדעט געווארן דער ספרדישער פאריין „סענטרא מאצעדאניא". די זעלביקע סיבות האבן גורם געווען אז אין 1930

זאָל געגרינדעט ווערן דער „סירקולאָ אונגאַראָ", אין וועלכן כמעט אַלע מיטגלידער זיינען געווען יידן, און אַן „אמת'ן" מאַדיאַר האָט מען געקאָנט געפינען אויף אַ רפואה. דער „סירקולאָ" שטעלט זיך אַלגעמיינע, סאָציאַלע און קולטורעלע אויפגאַבן.

אין 1940 ווערט געגרינדעט דער קלוב פון אונגאַריש־שפּראַכיקע יידן מיטן נאָמען „קאָנקאָרדיאַ", וועלכער וועט אין געוויסע יאָרן ליידן פון אַ שטאַרקער אינפילטראַציע פון עקסטרעם־לינקע עלעמענטן, ווען אפילו דער פאַריין טראָגט אויך דעם העברעאישן נאָמען „אחדות".

אין 1947 ווערט געגרינדעט דער פאַריין „מאַזשע", ראשי־תיבות פון די אונגאַרישע ווערטער וואָס באַדייטן „פאַריין פון אונגאַריש־שפּראַכיקע יידן, וואָס האָט יוסף קליין אַלס ערשטן פּרעזידענט. אין אַ קורצער צייט אַרום ווערט אויך געגרינדעט אַ וויצאָ גרופּע פון אונגאַריש־שפּראַכיקע יידישע פרויען. די גרופּע טראָגט דעם נאָמען „חנה סענעש".

אינערהאַלב דער געמיינדע קומט פאָר אַ שטילער געראַנגל צווישן ציונים־טישע און נישט־ציוניסטישע עלעמענטן. די ציוניסטן שטרעבן פון לכתחילה צו אָריענטירן די געזעלשאַפטליכע טעטיקייט פון דער געמיינדע אויף יידישע אינ־טערעסן. אַזוי גרינדעט אויך אַלעקסאַנדער קעלער אַ גרופּע פון 33 אינערהאַלב דער „קאָנקאָרדיאַ", וואָס דאַרף באַאיינפלוסן די אָריענטאַציע פון דעם פאַריין אויף מער יידישע דרכים. אין 1950 ווערט געגרינדעט דער „הגבור", וואָס האָט די זעלביקע אבזיכטן. אין 1956 פאַראייניקן זיך „מאַזשע" און „הגבור" אין איין געמיינדע אונטערן נאָמען „מאַזשע", וואָס שטעלט זיך ברייטערע קהילה־מעסיקע אויפגאַבן: שיל, קלוב, ביבליאָטעק, צדקה וכו'.

אויסער זייערע אייגענע פאַריינען, זיינען די אונגאַריש־שפּראַכיקע יידן היפּש אָנגעשלאָסן אין די אַנדערע אָרגאַניזמען פון דער קאָלעקטיוויטעט: ציוניסטישע פעדעראַציע, „סירקולאָ", חברה קדישא, ועד־החינוך, וויצאָ, א. א. וו.

די דערנענטערונג מיט די אַנדערע יידישע גרופּירונגען ווערט פיל געקרעפטיקט דורך אַ הויכן פּראָצענט „געמישטע חתונות" צווישן אונגאַריש־שפּראַכיקע מיט אַנדערע יידן. דאַקעגן איז די צאָל הייראַטן מיט נישט־יידן אַ זייער נידעריקע, כמעט אַ נישטיקע.

די אונגאַריש־שפּראַכיקע יידן זיינען עקאָנאָמיש גוט סיטואירט. זיי זיינען שטאַרק פאַרטראָטן אין אַ רייע אינדוסטריען וואָס זיי זיינען געווען די ערשטע אַריינצופירן אין לאַנד, ווי: באַקעליט, עלעקטרישע מכשירים, פרויען קאָנפעקציאָן א. א. וו. זיי זיינען אויך פאַרטראָטן אין דער מינען אינדוסטריע, אין ערד אַרבעט, שאָקאָלאַד־פּראָדוקציע, טעקסטיל וכו', און האָבן אַ באַדייטנדן צאָל פּראָפעסיאָנאַלן

און סוחרים. דאקעגן גיבן זיי זיך ווינציק אָפּ מיט עקספּאָרט און אימפּאָרט מסחר.

די רעלאַטיוו קליינע געמיינדע דינט ווי א פאַקטאָר פון סטאַביליזאַציע אין לעבן פון דער קאָלעקטיוויטעט, איז היפּש אַקטיוו אין די ציוניסטישע טעטיקייטן און אַנטוויקלט זיך ווי אַ פאַקטאָר פון פאָרשריט אין יידישן ווי אין אַלגעמיינעם לעבן.

## ז) פאַריין פון בוקאָווינער יידן

די יידישע איינגעוואַנדערטע פון אַט דער אייגנאַרטיקער געגנט פון מזרח־אייראָפּע, וואָס האָט פאַרן ערשטן וועלט־קריג געהערט צו עסטרייך, און נאָכן ערשטן וועלט־קריג האָט זיך אַרום איר געפירט אַ גענוג שאַרפער געראַנגל צווישן רומעניען און אונגאַרן: אַ רעלאַטיוו קליינע געגנט וואו עס ווערן גערעדט פיר שפּראַכן און אין דער הויפּטשטאָט פון וועלכער, טשערנאָוויץ, האָט אַ יידישע שפּראַכן־קאָנפערענץ, אָפּגעהאַלטן אין 1908, פּראָקלאַמירט יידיש אַלס אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק, האָבן אין 1942, ביים ערשטן הילפס־רוף וואָס זיי האָבן דערהאַלטן פון זייערע ברידער אין דער אַלטער היים, וועלכע האָבן געהאַט אויסצושטיין די גרויזאַמע רדיפות און שחיטות פון די נאַצישע און רומענישע רוצחים (אייזערנע גוואַרדיע), געגרינדעט אַ הילפס־פאַריין אונטערן אויבנדערמאָנטן נאָמען אויף צו איבערשיקן הילף די וואָס זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין טראַנסניסטריע.

די הילפס־טעטיקייט פון דעם פאַריין האָט זיך נישט באַגרעניצט בלויז אויף בוקאָווינע. ער האָט געשיקט פּעקלעך שפּייז, מעדיצין און קליידער אויך קיין רומעניע גופא, און האָט געשטיצט אויף די פאַרשידנסטע אופנים די עולים וואָס האָבן זיך געראַטעוועט קיין מדינת ישראל.

ביסלעכווייז האָט זיך אַרום דער הילפס־טעטיקייט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ רעגיאָנאַלע געזעלשאַפטלעכקייט דורכגענומען מיט היים־ווײ און בענקשאַפט נאָכן אַמאָל. דער פאַריין האָט נישט נאָר פאַראייביקט דעם אָנדענק פון די בוקאָווינער קדושים דורך אַ טאָפּל אויפן אַלגעמיינעם מאָנומענט וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף דעם בית־החיים אין קאָנטשאַלי, און ביי וועלכן עס ווערן יערליך אָפּגעריכט הזכרות נאָך די אומגעקומענע, נאָר ער האָט אויך איינגעאָרדנט אַן איינענעם לאָקאַל וואו די אָפּשטאַמער פון בוקאָווינע קומען זיך צוזאַמען אויף קולטור־אַקטן, אויף געזעלשאַפטלעכע פאַרווייַלונגען, אויף צו באַראַטן זיך וועגן דער הילפס־אַרבעט, וואָס איז אויך געגעבן געוואָרן די אימיגראַנטן פון בוקאָווינע וואָס האָבן דערגרייכט קיין טשילע. אין דעם יובל־יאָר פון ישוב, ימים נוראים

תשי"ז, האָבן שוין די בוקאָווינער לאַנדסלייט געדאַווענט אין אַן אייגענעם מנין, וואָס וועט אויך אָנגעהאַלטן ווערן להבא.

דער בוקאָווינער פאַריין איז אָנגעשלאָסן אין די צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון דעם ישוב: רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט און ציוניסטישע פעדעראַציע, און זיינע מיטגלידער זיינען טעטיק אין אַ רייע אָרטיקע אינסטיטוציעס ווי אין דער אַקטיוויטעט פאַר מדינת ישראל, אַריינטראָגנדיק אומעטום די אייגנאַרטן פון זייער אַלטער היים, וואָס האָט געהאַט אָריגינעלע שטריכן פון אַ יידישן ישוב, וואָס האָט זיך געפונען אויפן סאַמע גרעניץ צווישן מזרח־אייראָפּעאישן און מערב־אייראָפּעאישן יידנטום.

קאַפּיטל צוועלף

# פון ציוניסטישער צו שטאַטלעכער פּאָליטיק

(1956 — 1949)

א) משילענער קאָמיטעט פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינא

ב) „און״-באַשלוס און אָפיציעלע אַנערקענונג

ג) פון מלוכה צו מלוכה

## א) טשילענער קאָמיטעט פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינא

מיר האָבן שוין געזען די גרויסע ראָלע וואָס דער ציוניזם און בעיקר דער אויפבוי פון דער יידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ ישראל האָבן געשפּילט אין דער אנטוויקלונג פון פורימונג פון יידישן ישוב אין טשילע, וועלן מיר איצט זען די נישט גאָר קליינע ראָלע וואָס דער יידישער ישוב אין טשילע האָט געשפּילט ביים פאַרוואַנדלען די יידישע נאַציאָנאַלע היים אין מדינת ישראל.

פאַר דער צייט וואָס די ציוניסטישע פעדעראַציע איז געווען די איינציקע רעפּרעזענטאַנץ פון דער קאָלעקטיוויטעט און אויך נאָך 1940, ווען זי האָט די דאָזיקע פונקציע געדאַרפט טיילן מיטן רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט, האָט דער ישוב אָנגעקניפּט פּאָליטישע באַציאונגען אין די פאַרשידענע רעגירונגס־קרייזן ווי אויך מיט אַ רייע דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטערשאַפטן פון אויסלענדישע רעגירונגען אין טשילע, אַזוי אַז די קאָלעקטיוויטעט האָט געהאַט אַ מין דע־פאַקטאָ אַנערקענונג סטאַטוס פון אַ האַלב־פּאָליטישער קערפּערשאַפט, ווען אפילו דער ישוב האָט אַלע־מאָל באַטאָנט אַז ער באַטראַכט זיך פאַר אַ קאָלעקטיוויטעט נישט ווי קיין קאָלאָניע, ווייל מיטן צווייטן טערמין באַצייכנט מען מערסטנטייל אַ ישוב פון אויסלענדער אין אַ צווייטער מדינה, בעת די טשילענער יידן זיינען בירגער און באַטראַכטן זיך פאַר קינדער פון לאַנד, וואָס עס שליסט נישט אויס זייער צוגעבונדנקייט צום יידישן פאָלק און זייער מיטאַרבעט פאַר זיינע לעבנס־אינטערעסן. עס איז אַ האַרב שטיקל גמרא פאַר דער מענטאַליטעט פון ווייניקער קאָמפּליצירטע פעלקער, פאַר וועלכע די באַגריפן נאַציאָנאַליטעט און בירגערשאַפט זיינען אידענטיש, דאָך איז עס אין אַ משך פון יאָרן געלונגען צו מאַכן פאַרשטענדלעך די אייגנאַרטיקע יידישע

סיטואַציע אין די תפוצות וואו די לאָיאַליטעט צו די לענדער וואו זיי וואוינען און די פריינדשאַפט מיט די פעלקער צווישן וועלכע זיי לעבן, שליסט דאָך נישט אויס אַ צווייטע צוגעבונדנקייט צום שטאַם־פאָלק פון גלויבנס גענאָסן איבער דער וועלט, און צום ווערק וואָס זוכט צו געבן דעם יידישן פאָלק אַ צענטער, אַ פּאָליטיש, עקאָנאָמיש און גייסטיק אומאָפּהענגיקן ווינקל, וואָס זאָל פאַרייניקן אַלע יידן פון דער וועלט אויף גאָר אַנדערע שטחים ווי די געוועגלעך אָנגענומענע: פּאָליטיק און עקאָנאָמיק.

די דאָזיקע סיטואַציע וואָס דער ישוב האָט זיך געשאַפן און דער פאַרשטענדעניש פאַר דער אייגנאַרטיקייט פון פּראָבלעם, וואָס עס איז געלונגען אַריינצוטראָגן אין די אינטעלעקטועלע און אויך פּאָליטישע שיכטן פון לאַנד, האָט דערמעגלעכט די שאַפונג פון „טשילענער קאָמיטעט פאַר אַ יידישער פּאַלעסטינאַ" אין 1944.

פאַר די העכער דריי יאָר פון זיין קיום, זינט זיין גרינדונג אין סעפּטעמבער 1944 ביז דעם „און" באַשלוס וועגן דער גרינדונג פון מדינת ישראל אין נאָוועמבער 1947, האָט דער קאָמיטעט אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיט די יידישע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן ביים באַקומען די אונטערשטיצונג פון דער טשילענער עפנטלעכקייט און רעגירונג פאַרן „און"־באַשלוס. אין לייק־סוקסעס האָט דער טשילענער פאָרשטייער געשטימט: יאָ אין דער פּאָליטישער קאָמיסיע און זיך אָפּגעהאַלטן ביי דער אָפּשטימונג אויף דער גענ. פאַרזאַמלונג.

## ב) „און"־באַשלוס און אָפיציעלע אַנערקענונג

דער „און"־באַשלוס ווערט אין טשילע געפייערט מיט אַ גוואַלדיקן ענטוזיאַזם אין וועלכן עס נעמען אַ וואַרימען אָנטייל די נישט־יידישע פריינט פון יידישן ישוב. אָבער די קאָלעקטיוויטעט קומט נישט אָפּ בלויז מיט פייערונגען. ווען עס קומען די טעג פון שווערן געראַנגל מיט דער מאַנדאַטן־מאַכט, וואָס זאָגט זיך אָפּ מיטצואַרבעטן פאַר דער דורכפירונג פון „און" באַשלוס, און מיט די אַראַבישע באַנדעס און אינפילטראַנטן, און די מדינה וואָס איז נאָך אין פּראָצעס פון ווערן שטייט שוין אין אַ גרויסער לעבנס־סכנה און נויטיקט זיך אַלץ אין פּאָליטישע סימפּאַטיעס און אויך אין פּאָזיטיווער הילף. באַווייזט דער טשילענער ישוב מיט אייגענע כוחות, אָן דער מיטהילף פון ספּעציעלע שליחים, דורכצופירן אַ גראַנדיעזן קאַמפּיין פון סאָלידאַריטעט מיט מדינת ישראל. יידישע יונגעלייט פון טשילע באַטייליקן זיך אין די מיליטערישע אָפּעראַציעס אין ישראל און דריי פון זיין פאַלן אויפן שלאַכט־פעלד און פאַרצייכענען מיט זייער בלוט דעם אָנטייל פון טשילענער יידישן

ישוב אין דעם אויפקום פון דער מדינה: ענריקע ראָטשילד, ערנסט מילער, און יעקב גינעסין. אין 1956 פאַלט אין נגב דער טשילענער חלוץ ווערנער הירשבערג, אַ זון פון ד"ר יוסף הירשבערג, לאַנגיאָריקער פּרעזידענט פון דער געמיינדע „בני ישראל". יהא זכרם ברוך.

גלייך מיט דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל הויבן זיך אָן די באַמיאונגען פאַר איר אנערקענונג מצד דער רעגירונג פון טשילע. די אַרבעט איז געווען גאָרנישט אַזאַ לייכטע. עס זיינען געשטאַנען אין וועג גרויסע השפּעות ווי אויך באַדייטנדיקע אינטערעסן פון לאַנד. מצרים איז באַטראַכט געווען ווי אַ פּאָטענציעלע אָפּנעמערין פון טשילענער סאַליטרע, און די רעגירונג האָט געצעגערט איינצורייסן מיט אַזאַ פּאָטענציעלן און מעכטיקן קונה.

אָבער נאָך פאַר דער אָפיציעלער אנערקענונג, זיינען דערגרייכט געוואָרן איניקע פּראַקטישע שריט מצד דער טשילענער מאַכט, וואָס קאָנען באַטראַכט ווערן ווי דער אָנזאָג פון דער צוקונפטיקער אנערקענונג. די ציוניסטישע פעדעראַציע און דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט שאַפן אַ פּאָליטישן קאָמיטעט אין באַשטאַנד פון: ל. גאָמבעראָוו, יחיאל סיני, ראָבערטאָ אַראָן, מ. פּיוואָוויטש און א. דימאַנד ע"ה, וועלכער פּועלט אויס אַז דעם 14־טן מאַי, 1948, ווען די מדינה איז פּראָ־קלאַמירט געוואָרן, זאָל מען מעגן אַרויסהענגען איר דערווייל נאָך נישט אָפיציעל אנערקענטע פאָן. אין אַ וואָך אַרום, דעם 21־טן מאַי, ווערט אויף דער אינטער־וועניץ פון זעלבן איינגעשטעלט פּאָסט־פאַרבינדונג מיט מדינת ישראל. דעם 27־טן נאָוועמבער 1948, ווערט ה' שמואל גאָרען באַשטימט אַלס פאַרבינדונגס־אָפיציר צווישן די רעגירונגען פון ישראל און טשילע, און אין מאָנאַט דעצעמבער מאַכט ער אַ רייזע איבערן דרום פון לאַנד, קאָנסעפּסיאָן, טעמוקאָ, וואַלדיוויאַ, וואו ער ווערט אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם פון די אָרטיקע יידישע ישובים, און עס ווערט אים צוגעטיילט מצד די לאָקאַלע באַהערדן די באַערונג וואָס דער פּראָטאָקאָל שטעלט פעסט פאַר אַ דיפּלאָמאַט פון אַ פריינטלעכער מדינה; די לאָקאַלע פרעסע באַגריסט וואַרים דעם ערשטן דיפּלאָמאַטישן פאָרשטייער פון דער נייער מדינה, און אַ סך וואָס ווייסן נישט אַז שמואל גאָרען איז אַ תושב פון טשילע, וואונדערן זיך איבער זיין שפּאַניש, אַן אמת'ער מופת פאַר אַ פאָרשטייער פון אַ מדינה, ערגעץ אין דער ווייטער אַזיע, וואָס באַווייזט אַז די מענטשן פון יענעם לאַנד זיינען ביז גאָר פעאיקע און באַגאַבטע... דער אויבנדערמאָנטער פּאָליטישער קאָמיטעט, אַרבעט מיט מיטן פאַרבינדונגס אָפיציר פון מדינת ישראל.

דעם 5־טן פעברואַר פון 1949, טיילט אָפיציעל מיט דער טשילענער אויסערן מיניסטער בערמאַן רעסקאַ דעם פאַרבינדונגס־אָפיציר פון מדינת ישראל, ה' שמואל גאָרען, אַז די טשילענער רעגירונג האָט אָפיציעל אנערקענט די נייע מדינה.

## ג) פון מלוכה צו מלוכה

נאָך דער אָפיציעלער אנערקענונג פון מדינת ישראל, הויבן זיך אָן לאַנגזאַם איינצושטעלן אָפיציעלע, פאָרמעלע און פריינטלעכע באַציאונגען צווישן ביידע לענדער.

צוויי טעג נאָך דער אנערקענונג, דעם 7־טן פעברואר 1949, מאַכן די טשילענער ציימונגען און איין ראַדיאָ־סטאַנציע אַן אינטערוויו מיט ה׳ גאָרען, וועגן דער אנערקענונג און וועגן מדינת ישראל גופא.

דעם 22־טן יולי 1949 נעמען אויף די טשילענער מיליטערישע באַהערדן מיטן געהעריקן פּאַראַד דעם אינספּעקטאָר פון צ.ה.ל., דאָס מיליטער פון מדינת ישראל, קאָלאָנעל דוד שלתיאל.

דעם 18־טן נאָוועמבער פון ז. י. שטאַט אָפּ ה׳ שמואל גאָרען זיין ערשטן פּראָטאָקאָלאַרן וויזיט ביים קאַרדינאַל ערצבישאָף פון טשילע ד״ר כאָסע מאַריאַ קאַראָ, וועלכער שמועסט און צעפּרעגט זיך פריינטלעך וועגן דער יידישער מדינה וואָס איז אויפגעקומען אין היילקן לאַנד.

דעם 2־טן פעברואר 1950 ווערט געפייערט מיט אַ גרויסן באַנקעט פאַר טשילענער מלוכה־לייט און פּערזענלעכקייטן און פאַר די פירער פון ישוב, דער 75־טער געבורטסטאָג פון ערשטן פּרעזידענט פון ישראל ד״ר חיים ווייצמאַן ז״ל.

דעם 26־טן פון זעלבן מאָנאַט, טרעט שמואל גאָרען אריין אין דיפּלאָמאַטישן דינסט פון מדינת ישראל און ווערט באַשטימט אַלס ראַט־געבער פון דער ישראל לעגאַציע אין טשילע בראש פון וועלכער עס וועט שטיין דער מיניסטער ד״ר י. צור, וועלכער האָט זיין שטענדיקן וואוינאָרט אין ב. איירעס. ש. גאָרען וועט פאַרוואַלטן מיט דער לעגאַציע, אָנפירן מיט די לויפנדיקע ענינים און פאַרטרעטן ד״ר צור אין זיין אָפּוועזנהייט.

כדאי צו באַמערקן אַז טשילע איז פון די ווייניקע מדינות, וואו דער דיפּלאָמאַטישער פאָרשטייער פון מדינת ישראל איז אַן אָרטיקער תושב, אַ פאַרדינסט־פולער כלל־טוער און ציוניסטישער עסקן, וואָס האָט זיך אין דער שווערער שולע פון יידישער פאָרשטייערשאַפט און ציוניסטישער פּאָליטישער טעטיקייט איינגעאיבט פאַר זיין צוקונפטיקער נישט גאָר לייכטער פונקציע, פון די ערשטע חלוצים אין דער ישראל דיפּלאָמאַטיע.

דעם 16־טן מאַי 1950, שטעלט צו זיינע קרעדענציאַלן צום פּרעזידענט גבריאל גאָנזאַלעז ווידעלאַ, דער ערשטער ישראל מיניסטער ד״ר יעקב צור, וואָס עס רופט אַרויס אַ אומבאַשרייבלעכן ענטוזיאַזם ביי דער יידישער קאָלעקטיוויטעט און טיפע פאַרשטענדניש און סימפּאַטיע ביי דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און

העכערע געזעלשאפטלעכע קרייזן. די מוניציפאליטעט שטעלט צו פארפיגונג דעם מוניציפאל טעאטער אין וועלכן עס ווערט דורכגעפירט א גראנדיעזער, ענטוזיאס־טישער עפנטלעכער אקט, אויף וועלכן עס טרעטן ארויס מיט רעדעס דער איצטיקער פרעזידענט פון רעפרעזענטאטיוון קאמיטעט ה׳ יחיאל סיני, און דער ישראל מיניס־טער ד״ר יעקב צור. די פרעמירטע פיאניסטן עדיט פישער באגייסטערט דעם עולם מיט א הויך־קינסטלערישן פיאנא־קאנצערט.

פרעזידענט גאנזאלעז ווידעלא גיט א ספעציעלן טיי לכבוד דעם מיניסטער צור, צו וועלכן עס ווערן איינגעלאדן די פירער און פארשטייער פון דער קאלעקטיוויטעט.

דעם 23־טן מאי 1950, ווערט, ביי דער אנוועזנהייט פון דעם ישראל מיניסטער ד״ר יעקב צור אפיציעל דערעפנט דער אינסטיטוט פאר טשילענער־ישראל׳דיקן קולטור אויסטויש. פרעזידענט פון אינסטיטוט איז דער געוועזענער פרעזידענט פון טשילענער קאמיטעט פאר א יידישער פאלעסטינא, סענאטאר הומבערטא אל־זואר.ז, און דער סעקרעטאר פון אינסטיטוט איז ה׳ אסטאלפא טאפיא, געוועזענער פרעזידענט פון דעפוטאטן־קאמער. וויצע־פרעזידענט פון אינסטיטוט איז פראפ. קארלאס ווערגארא בראווא, און זינט ה׳ אסטאלפא טאפיא האט פארלאזט דעם אמט פון סעקרעטאר, באקליידיט אים דער פאעט ראבערטא מעסא פוענטעס, שפע־טערדיקער אמבאסאדאר פון טשילע אין עקוואדאר. נאך אים ווערט סעקרעטאר ה׳ כוליא ארטיסאר, א הויכער באאמטער אין דער סעקרעטאריע פון דעם מלוכה־פרעזידענץ פון טשילע.

אין די ראמען פון קעגנזייטיקע באזוכן פון מלוכה לייט און קולטור־טוער האבן פאר דער צייט באזוכט ישראל דער אויבנדערמאנטער דעפוטאט אסטאלפא טאפיא, דער סענאטאר פערנאנדא מאריא, ה׳ כואוועגאל פערנאנדעז, רעקטאר פון דער אוניווערזיטעט פון טשילע, א גרופע פראפעסארן און סטודענטן פון מעדי־צינישן פאקולטעט. פעליפע הערערא, געוו. דירעקטאר פון דער צענטראל־באנק פון טשילע, און געוו. פינאנץ־מיניסטער.

מצד ישראל האבן באזוכט טשילע די מיניסטארן: מ. שרת (אויסערן), י. בורג (קאמוניקאציע), י. סערלין (געזונטהייט), דעפוטאטן שמחה באבע, חיים אריאב און יעקב חזן, משה טוב, מיטגליד פון דער ישראל־לעגאציע ביי דער „און״. דער אויסערן־מיניסטער פון ישראל, משה שרת, שרייבט אונטער צוזאמען מיט זיין טשילענער קאלעגע אסקאר פעננער אן אפמאך וועגן קולטור־אויסטויש צווישן ישראל און טשילע.

פאר דער צייט האבן אויך באזוכט טשילע די קא־פרעזידענטן פון דער יידישער אגענץ ד״ר נחום גאלדמאן און בערל לאקער, ווי אויך מ״ם ווערא ווייצמאן, די אלמנה פון ערשטן מלוכה־פרעזידענט פון ישראל. אלע באזוכער פון ישראל זיינען

אויפגענומען געוואָרן מיט דער געהעריקער אויפמערקזאַמקייט און פּראָטאָקאָלאַרע כּבודים סיי פון די מלוכה אָרגאַנען, ווי אויך פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און אַ פּשיטא שוין פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט.

די דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטערשאַפט פון ביידע מדינות איז פאַר דער צייט אויסגעפירט געוואָרן פון די ישראל־מיניסטאָרן יעקב צור און ד״ר אריה קובאָווי, וועלכער נעמט איבער דעם אַמט צושטעלענדיק די קרעדענציאַלן צו פּרעזידענט גענ. קאַרלאָס איבאַניעז, אין 1953, מיט דער מיטווירקונג פון דעם ראַטגעבער ה׳ שמואל גאָרען, מצד ישראל, און די מיניסטאָרן ה׳ כאָרכע באַררינגאַ עררואַסורים און ד״ר סאַמועל אַוועגדאַניאַ סעפּולוועדאַ און מיניסטער ראַטגעבער ה׳ עדואַרדאָ קריסטי.

אין מאַי פון 1951, ווערט די טשילענער שולע נומער 207 פון סאַנטיאַגאָ אָפיציעל אָנגערופן מיטן נאָמען „רעפּובליקאַ דע איזראַעל״. דעם 9־טן פון זעלביקן חודש גיט איבער דער ראַטגעבער פון דער ישראל־לעגאַציע ה׳ שמואל גאָרען דער שול־דירעקציע פון דער דרעמאָנטער שולע, אַ ישראל פאָן. ביי דער געלעגנהייט ווערט דורכגעפירט אַ פייערלעכער אַקט אין וועלכן עס באַטייליקן זיך אַרום ניין הונדערט קינדער, שילער פון דער שולע, כמעט אַלע נישט־יידישע, און אַ גרויסער עולם טשילענער און יידן. דער יום־העצמאות ווערט יערלעך געפייערט אין דער שולע, און די יידישע קאָלעקטיוויטעט זאָרגט פאַר איר, ווי עס פאַרדינט אַן אַנשטאַלט וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער מדינה וואָס איז איר אַזוי טייער, און דינט גלייכצייטיק ווי אַ פאַקטאָר צו פאַרשטאַרקן די פריינטשאַפט צווישן דער קאָלעקטיוויטעט און דער טשילענער סביבה.

אַלס ענטפער אויף דעם זשעסט פון דער טשילענער רעגירונג לגבי ישראל, באַשליסט די יידישע קאָלעקטיוויטעט צו פלאַנצן אין ישראל אַ וואַלד אויפן נאָמען פון גענעראַל בערנאַרדאָ אָ׳היגינס, באַפרייער, גרינדער און ערשטער פירער פון דעם טשילענער פאָלק. דער ראַטגעבער פון דער ישראל־לעגאַציע, ה׳ שמואל גאָרען, באַזוכט אַ רייע שטעט פון אינלאַנד, אויף צו אַקטיווירן די טעטיקייט לטובת דעם וואַלד. ביי דער געלעגנהייט פון זיין באַזוך אין דער שטאָט קאָנ־סעפּסיאָן, האָט דער שטאָט־ראַט באַשלאָסן אָנצורופן איינעם פון די סקווערן פון אָט דער אוניווערזיטעט שטאָט מיטן נאָמען „רעפּובליקאַ דע איזראַעל״. דער ה׳ גאָרען איז באַגלייט געוואָרן אויף דער נסיעה פון פּראָפ. ק. ווערגאַראַ בראַוואָ און ה׳ יעקב בענדערסקי (דירעקטאָר פון קק״ל).

גרויס אויפמערקזאַמקייט איז אַרויסגעוויזן געוואָרן מצד די טשילענער מלוכה באַהערדן דעם ערשטן פּרעזידענט פון מדינת ישראל ד״ר חיים וויצמאַן ז״ל. נאָך פאַר זיין לעבן האָט אים דער דאַמאָלסטיקער טשילענער מלוכה־פּרעזידענט, ה׳

גבריאל גאָנזאַלעז ווידעלאַ איבערגעשיקט אַן אויסדרוק פון פּערזענלעכער פריינט־שאַפט. אין די פייערונגען לכבוד דעם 75־סטן געבורטסטאָג פון ד״ר וויצמאַן ז״ל, האָבן זיך באַטייליקט הויכע פּאַרשטייער פון דער טשילענער רעגירונג, אַזוי אויך אין די הספּדים צו זיין פּטירה.

אַ באַזונדערע באַדייטונג האָבן די פריינטלעכע באַציאונגען צווישן דער ישראל לעגאַציע אין טשילע און די פאָרשטייער פון דער קאַטוילישער קירכע; סיי דער ערצבישאָף קאַרדינאַל ד״ר כאָסע קאַראָ, סיי דער פּויפּסטלעכער נונציוס מאָנסעניאָר סעבאַסטיאַנאָ באַזשיאַ, ווייזן אַרויס געהעריקן אינטערעס פאַר דער מדינה און אויפמערקזאַמקייט צו אירע פאָרשטייער. דער נונציוס האָט באַערט מיט זיין אָנ־וועזנהייט די פייערונגען פון 7־טן אַניווערסאַר זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל. אין דער קאַטוילישער אוניווערזיטעט פון טשילע איז אין 1956 דורכגעפירט געוואָרן אַ פאָרטראַג פון פראָפ. פּאַבלאָ דאָמינגעז־קאַסאַנועוואַ איבער די לעצטע אַנטדעקונגען פון ביבלישער אַרכעאָלאָגיע.

דעם 29־טן נאָוועמבער 1953 איז מצד דער ישראל לעגאַציע איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערלעכע אויפנאַמע פאַר די ישראל־מאַרינען וואָס זיינען מיטגעפאָרן מיט דער פראַנצויזישער קרינגס־שיף־שולע זשאַן ד׳אַרק. דעם 12־טן יוני 1954 איז געגרינדעט געוואָרן די טשילענער־ישראל האַנדלס־קאַמער, וואָס ווערט פּרעזי־דירט פון ענריקע עשהאל. דעם 1־טן דעצעמבער פון זעלבן יאָר שיינקען אַוועק ה׳ אַלעקסאַנדער לאַראַנד און פרוי אַ פּרעכטיק הויז אויף דער גאַס קאָנקאָרדיאַ אין סאַנטיאַגאָ, וואָס זאָל נאָך זייער לעבן בלייבן אַן אייגנטום פון מדינת ישראל און וואוינאָרט פון איר דיפּלאָמאַטישער פאַרטרעטערשאַפט. דעם 20־טן אָקטאָבער פון 1955, ווערט ביים אינסטיטוט פון קולטור־אויסטויש צווישן טשילע און ישראל דערעפנט קורסן פאַר העברעאיש אין וועלכע עס שרייבן זיך איין אַרום 60 שילער, צווישן זיי אַרום 20 נישט־יידן.

אין מאַי פון 1956, באַערט די רעגירונגס שולע „רעפּובליקאַ דע איזראַעל״ דעם אָנדענק פון פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט און פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט פון פריינט פון דער שולע, ה׳ איזידאָראָ דימאַנד, אָנרופנדיק אַ קלאַס־צימער אויף זיין נאָמען.

די פריינטשאַפט צווישן טשילע און מדינת ישראל שטאַרקט זיך נאָך מער. די צוגעבונדנקייט פון דער קאָלעקטיוויטעט צום לאַנד וואָס זי באַטראַכט פאַר איר היים, די מוטערלאַנד פון אירע קינדער, וואָס ווייזט באמת אַרויס מוטערלעכע פאַרשטענדעניש פאַר די אייגנאַרטיקייטן אין דעם לעבן פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט.



ביים דאַוונען אין שול פון „ביקור חולים" אין די ערשטע יאָרן
פון זיין עקזיסטענץ



דירעקטאָריום פון „ביקור חולים" 1957 -- 1956



דירעקטאָריום פון פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן



אַ טייל פון דעם עקזעקוטיוו פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט

## קאַפּיטל דרייצן

# ציוניזם אין טשילע נאָכן אויפקום פון מדינת ישראל

## (1948 — 1956)

א) אַלגעמיינע באַטראַכטונגען
ב) ציונים כללים
ג) פּועלי־ציון התאחדות
ד) ציונים רעוויזיאָניסטן
ה) הנוער הציוני
ו) איחוד הנוער החלוצי
ז) השומר הצעיר
ח) בית"ר
ט) „אבא בערדיטשעוו"
י) דרור החלוץ הצעיר
יא) מזרחי — בני־עקיבא
יב) עבריה
יג) וויצאָ און יונג וויצאָ
יד) פּיאָנערן־פרויען אָרגאַניזאַציע
טו) „מכבי"
טז) יידישער ספּאָרט־פאַריין „מכבי" (וואַלפּאַראַיסאָ)
יז) אויספירן

## א) אַלגעמיינע באַטראַכטונגען

מיר האָבן שוין געזען אין די פּאַריקע קאַפּיטלען די אויסטערלישע ראָלע וואָס דער ציוניזם האָט געשפּילט אין דער פורימונג פון די גייסטיקע אַספּעקטן פון יידישן לעבן אין טשילע.

אין אַ משך פון העכער צוואַנציק יאָר (1919 — 1940) איז די ציוניסטישע פעדעראַציע געווען די איינציקע רעפּרעזענטאַטיווע אינסטיטוציע כלפּי־חוץ און זי איז ביז היינט צו טאָג געבליבן אַ מין צענטראַלע פאַר אַלע אַנשטאַלטן פון דער קאָלעקטיוויטעט, ציוניסטישע ווי נישט־ציוניסטישע, וואָס באַטייליקן זיך אין אירע יערלעכע קאָנגרעסן.

העכער צוואַנציק יאָר איז די „וויצאָ" געווען די איינציקע אָרגאַניזאַציע פון יידישע פרויען, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט ציוניסטישער טעטיקייט אויפן געביט פון אויפבוי פון ארץ ישראל, ווי אויך אויפן קולטורעלן געביט, איינגעשלאָסן דערציאונג, וואָס זי האָט ממש געראַטעוועט אין די שווערע יאָרן (1933 — 1944).

מיר האָבן אויך געזען די ווירקונג פון אייניקע ישראל־שליחים אויף דער פורימונג פון אָרטיקן לעבן: ד"ר ב. עפּשטיין, לייב יפה, הרב ש. דזשאַען, ד"ר י. ווילענסקי, ד"ר ב. מאָסענזאָן, אַלע ע"ה, און יבדלו לחיים: מ"ם אידאַ בן־ציון, ד"ר אוריאל בן־ציון און נתן ביסטריצקי.

כדאי אויך צו דערמאָנען די ווירקונג פון די ערשטע יידישע שרייבער וואָס האָבן באַזוכט טשילע, נישט לשם ספּעציעלע מיסיעס, נאָר „סתם אזוי", בכדי צו באַקאָנען זיך מיט יידן אין די נייע היימען: דער ציוניסט ז. י. אנוכי, און דער ציוניסטיש־געשטימטער פּרץ הירשביין.

מיר האָבן אויך באַצייכנט די ראָלע פון די לערער פון ארץ ישראל אויפן טשילענער יידישן חינוך: אָנגעהויבן מיט די יואל׳ס און פאַרענדיקט מיט די היינטיקע לייטער פון די לימודים אין די שולן פון ועד החינוך דצ׳ילי.

אין סך־הכל לאָזט זיך זאָגן אַז דער ציוניזם און די טעטיקייטן פאַרן אויפבוי פון דער נאַציאָנאַלער היים, האָבן געדינט צו סטימולירן ,צו צעמענטירן דאָס אָרטיקע יידישע לעבן, וואָס זיי האָבן באַרייכערט אין אינהאַלט, פאַרייניקט אינער־לעך און פאַרבונדן מיט דער גרויסער יידישער וועלט.

עס האָט זיך דערפאַר געלאָזט דענקען אַז די אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל, מיט דער גרויסער דערהויבונג וואָס זי האָט אַריינגעטראָגן אין דעם יידישן לעבן אומעטום, וועט זיך אויסווירקן אויף נאָך מער פאַרשטאַרקן דאָס אחדות פון אַ ישוב וואָס האָט באַוויזן כמעט צוזאַמענשמעלצן די פאַרשידענע עלעמענטן פון וועלכע ער באַשטייט: מזרח־אייראָפּעאישע אשכנזים, ספרדים און מערב־אייראָ־פּעאישע אשכנזים, און וואָס האָט אפילו געקאָנט אַוועקזעצן ביי איין טיש פון „ועד החנוך״ די פאַרטרעטער פון אַלע אידעאָלאָגישע סעקטאָרן: פון אָרטאָדאָקסן ביז „פּראָגרעסיווע״. איז עס, אָבער, לײדער נישט געווען דער פאַל. און אויב ביז 1948 איז דער טשילענער ציוניזם געווען צעטיילט אין רעלאַטיוו ווייניק אידעאָ־לאָגישע שטרעמונגען, און די וויצאָ האָט פאַרייניקט אַלע ציוניסטישע פרויען, וואָס עס מיינט צו זאָגן דעם רוב יידישע פרויען פון ישוב, האָבן זיך זינט 1948 אָנגע־הויבן אַ רייע שפּאַלטונגען צווישן־פּאַרטייאישע און אינערהאַלב־פּאַרטייאישע, וואָס זיינען אַבסאָלוט נישט אין הסכם מיט דער אחדות׳דיקייט וואָס כאַראַקטעריזירט דעם ישוב אין אַנדערע שטחים פון זיין לעבן.

עס איז נישט די אויפגאַבע פון היסטאָריקער צו זוכן און אָנצייגן די „שול־דיקע״, ער טאָר אָבער נישט פאַרקוקן די פאַקטן און זיי פאַרבייגיין אומבאַמערקט.

## ב) ציונים כללים

נאָך לאַנג פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה זיינען די „פּועלי־ציון־התּ־אחדות״ געווען אָרגאַניזירט אין אַ פּאַרטיי און געפירט אַ פּאַרטיי־ליניע, ווען אפילו נישט קיין צו אומבויגזאַמע. די סתם־ציוניסטן האָבן קיין פּאַרטיי נישט געשאַפן, נאָר געבילדעט אַ מאַסע טעטיק פאַרן ציוניזם און בנין הארץ, אָן פּאַרטיי־פּראָגראַמען, דאָגמעס און אינטערעסן.

דער באַשלוס פון דער „און״ פון 29־טן נאָוועמבער 1947, וועגן דער שאַפונג פון דער יידישער מדינה, רופט אַרויס אויף אַ וועג וואָס איז נישט לייכט צו פאַר־שטיין, אַ טענדענץ צו אָרגאַניזירן די סתם־ציוניסטן אין אַ פּאַרטיי מיט אַלע

קליפּערלעך (כּללים). אויף אַ פאַרזאַמלונג אָפּגעהאַלטן דעם 19־טן דעצעמבער 1947, פּרעזידירט פון ה׳ ראָבערטאָ אַראָן, אַקטואירנדיק אַלס סעקרעטאַר ה׳ ראָ־בערט לעווי, ווערט איינשטימיק אָנגענומען די פאָלגנדיקע רעזאָלוציע אַריינגעטראָגן פון ה׳ יצחק דראַפּקין:

„אין אָנזיכט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן באַשלוס צו שאַפן אַ יידישע מדינה אין ארץ ישראל, האַלטן די טשילענער ציוניסטן פון די „אַלגעמיינע" צו אָרגאַניזירן זיך אין אַ פּאַרטיי אָדער באַוועגונג אָנגעשלאָסן אין דער וועלט־באַוועגונג פון דער זעלביקער טענדענץ, ווי אויך אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע פון טשילע.

ביי דער געלעגנהייט מאַכט יחיאל סיני פאָלגענדיקע דעקלאַראַציע וואָס ווערט גוטגעהייסן:

— „אונדזער פּאַרטיי וועט נישט קעמפן קעגן אַנדערע פּאַרטייען, זי וועט בלויז דערפילן די נויטווענדיקייט צו אָרגאַניזירן די צעשפּליטערטע קרעפטן פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, וואָס וועט צושטיין צו די ציוניסטישע טעטיקייטן אין הסכם מיט די אידעאַלן פון אַלגעמיינעם ציוניזם. די שאַפונג פון מדינת ישראל לייגט אַרויף אַ גרויסע התחיבות אויף יעדן יידן און מען מוז אַנטקעגנקומען אַט די נייע פליכטן ערנהאַפט און אין הסכם מיט די טראַדיציעס פון גוטער יידישקייט, אַקטואירנדיק ברייטהאַרציק און מיט חשיבות אויפן פעלד פון די פּראַקטישע אויפ־טוען צו באַפעסטיקן די יידישע מדינה".

די פּאַרטיי „כּללים" איז איינע פון די גרעסטע אין טשילענער ציוניזם און אירע מיטגלידער האָבן פאַרנומען די העכסטע לייטנדיקע אַמטן אין דער ציוניס־טישער פעדעראַציע ווי אין אַ רייע לאָקאַלע אינסטיטוציעס, אין דער פירערשאַפט פון וועלכע זיי האָבן נישט געזוכט אָנצובינדן זייער פּאַרטיי־ליניע, נאָר זיך געהאַלטן ביים פּאָסטולאַט: איבער די פּאַרטיי־אינטערעסן דאַרפן געשטעלט ווערן די הייליקע אינטערעסן פון דער מדינה און די פּראָגרעסיווע אַנטוויקלונג פון אָרטיקן ישוב. עס האָט געשיינט אַז די פירער פון די „כּללים" געבן זיך חשבון אַז פּאַרטיי־ליניע איז אַ קליינע סגולה צו פּראָגרעס אין דער אָרטיקער אַרבעט.

דאָך איז נישט באַשערט געווען אָנצוהאַלטן דעם זעלביקן פּרינציפּ אינער־האַלב דער פּאַרטיי־גופא.

צווישן 2־טן און 7־טן סעפּטעמבער 1954, ווערט, אויף דער איניציאַטיוו פון די ציונים־כּללים אין טשילע דורכגעפירט אַ לאַטיין־אַמעריקאַנער צוזאַמענפאָר פון אַלע שוועסטער־פּאַרטייען אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט 84 דעלעגאַטן פון: אַרגענטינע, בראַזיל, מעקסיקע, פּערו, אורוגוויי, קאָלאָמביע און טשילע. פון ישראל קומען די כנסת דעלעגאַטן חיים אריאב און משה קול, און פון די פאַר. שטאַטן קומט דער עקזעקוטיוו דירעקטאָר פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע אין

אמעריקע ה׳ לעאָן אילוטאָוויטש. אויפן צוזאַמענפאָר וועט געגרינדעט ווערן די „לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנפעדעראַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן". אָבער עס קומט צו אַן אָפּשפּליטערונג פון די יוגנט־גרופּן „הנוער הציוני", וואָס זיינען מער נוטה צו די ציוניסטן פּראָגרעסיסטן. די אַלגעמיינע ציוניסטן גרינדן אַ פיליאַל פון דער יוגנט־באַוועגונג פון דער זעלבער טענדענץ אין ישראל מיטן נאָמען: „ישראל הצעירה".

## ג) פּועלי־ציון התאחדות

די פּועלי־ציון פּאַרטיי אין טשילע איז אַ קינד פון דער ליגע פאַרן אַרבעטענדן ארץ ישראל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1931 דורך אַלכסנדר פּילאָווסקי, אהרון ראָזאָווסקי ע"ה, יצחק געלפאַנט, יהושע גינעסין, מיכאל יודילעוויטש און יעקב געלערשטיין.

די ליגע, הגם זי איז נישט געווען אָנגעשלאָסן אין קיין שום פּאַרטיי צענטראַלע, נאָר אויסשליסליך מיט דער הסתדרות, פאַר וועמען זי האָט געזאַמלט פאָנדן, איז זי געווען אָריענטירט אין סאָציאַליסטישן גייסט און האָט אַקטואירט ווי אַ פּאַרטיי־אישע גרופּע פון וועלכער עס וועט זיך שפּעטער אויסבילדן די פּועלי־ציון פּאַרטיי.

אַלס אָפיציעלע דאַטע פון דער גרינדונג פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי אין טשילע, ווערט אָנגעגעבן דער חודש יוני 1933, בעת דעם באַזוך פון יעקב רזילי ז"ל, וועלכער איז איינגעלאַדן געוואָרן פון דער ליגע דורכצופירן אַ זאַמל־אַקציע פאַר קפּא"י. צווישן די גרינדער פון דער פּאַרטיי געפינען מיר די נעמען פון מנחם אַלוני ע"ה, אברהם דראַפּקין, גיזשערמאָ אַרענסבורג, יהודה (כוליאָ) מעלניק, יעקב גאַמבעראָף, כוליאָ פּאַלאָני, סאַלוואַדאָר טעליאַס, לייב דימאַנט ע"ה, בערנאַרדאָ פּאַלאָני, אהרון ראָזאָווסקי ע"ה און אַנדערע.

מיט דעם אריינטריט פון לעאָן און אַמעליאַ פּלימאַן, לעאָן גאַמבעראָף, שמואל נאָרען און אַנדערע האָט די פּועלי־ציון פּאַרטיי זיך שנעל אַנטוויקלט, אויסוואַקסענדיק צו אַ באַדייטנדן כוח אין דעם צוזאַמענשטעל פון דעם טשילענער ציוניזם, מיטאַרבעטנדיק און פאַרנעמענדיק וויכטיקע שליסל־פּאָסטנס אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע און אין אַנדערע אינסטיטוציעס פון לאַנד.

די פּאַרטיי פירט אויך אַן אינערלעכע טעטיקייט ווי, עונגי־שבתים, שיחות, סעמינאַרן, יערלעכע ערשטער מאַי פייערונגען, רעפעראַטן וועגן אַלגעמיינע טעמעס, יערלעכע פּאַרטיי צוזאַמענפאָרן און ד. גל. דער ערשטער לאַנדעס־צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען דעם 1־טן און 2־טן אַפּריל 1939 מיט דער באַטייליקונג פון מ. דעגאַלסקי.

די פּאַרטיי האָט געהאַט די באַזוכן פון א. ש. יורים, מ. רעגאַלסקי, אסתר האַלפּערן, לעאָן האַלפּערן, משה קאָסטרינסקי (במאל), רבקה קאַצענעלסאָן, דוד ווערטהיים, נחמן תמיר, סטאָלאַרסקי, זאַק, ד״ר ל. לאָפּאַקאָ, יצחק הרכבי און בערל פּרימער.

די פּועלי־ציון פירן אָן זייער טעטיקייט אין אַ באַזונדערן לאָקאַל, וואו זיי האָבן זייער ביבליאָטעק און אַנדערע איינריכטונגען און לעצטנס איז קאָנקרעטירט געוואָרן די קניה פון אַ אייגן הויז, וואו עס איז איינגעאָרדנט אַ קן פון דער פּועלי־ציוניסטישער יוגנט.

אין די לעצטע יאָרן ווערט אַרויסגעגעבן דער פּאַרטיי אָרגאַן אין שפּאַניש „נועסטראָ מאָווימיענטאָ״.

## ד) ציונים — רעוויזיאָניסטן

אין נאָוועמבער 1932 האָבן זיך פאַרזאַמלט אין „סירקולאָ״ אַ גרופּע ציוניס־טישע טוער צו באַהאַנדלען דעם דאַן־אַנטשטאַנענעם ״קריזיס אין ציוניזם״, וואָס איז געקומען אַלס קאָנסעקווענץ פון די דיסקרימינאַציעס פון דער מאַנדאַטן־מאַכט. אַלס רעזולטאַט פון דער באַראַטונג איז געשאַפן געוואָרן די פּאַרטיי פון ציונים־רעוויזיאָניסטן. די הויפּט־גרינדער זיינען געווען איזידאָראָ אַרענסבורג, ד״ר רפאל פּליסקאָוו, שמואל בן־ארי און אַנד.

אין אַנטשטאַנענעם וויכוח אין דער ציוניסטישער וועלט אָרגאַניזאַציע, האָבן די רעוויזיאָניסטן אין טשילע נאָכן אָפיציעלן אָנשלוס אין דער „נייער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע״ געפּאָדערט עפנטליך די איינשטעלונג פון אַ יידישער מדינה.

אָנגייענדיק מיט דער פּאַרטיי־ליניע, האָבן זיי מיט אַלע מעגלעכקייטן געזוכט צו שאַפן פאַרבינדונגען מיט די היגע רעגירונגס־קרייזן, פּאָליטיקער און שרייבער, מיטן צוועק צו שאַפן די נויטיקע פּאָליטישע אַטמאָספער, לטובת דער גרינדונג פון דער יידישער מדינה. פילע צוזאַמענקונפטן זיינען פאָרגעקומען פון דערמאָנטן כאַראַקטער, מיט לאַטיין אַמעריקאַנער פּאָליטיקער וואָס האָבן באַזוכט טשילע, צווישן וועלכע עס איז כדאי צו דערמאָנען ראָמולאָ בענטאַנקאָר, וואָס איז שפּעטער געווען פּרעזידענט פון ווענעסועלאַ, און וואָס האָט שפּעטער געשטיצט די יידישע רעכטן אויף מדינת ישראל.

די היגע פּאַרטיי האָט געשטיצט מאַטעריעל און מאָראַליש דעם ארגון צבאי לאומי אין זיין קאַמף געגן דער מאַנדאַטן מאַכט. אין יולי 1946, מיטן באַזוך פון צבי קאָליץ, איז די פּאַרטיי נאָך מער פאַרפעסטיקט געוואָרן.

אין 1949, בעת דעם באַזוך פון מנחם בעגין אין טשילע, האָט זיך דער

ישוב זייער וואָרים אָפּגערופן און אַרויסגעוויזן זיין פּאָזיטיווע שטעלונג צום רעוויזיאָניזם.

פילע חברים פון דער פּאַרטיי האָבן זיך באַטייליקט אין דירעקטאָריום פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע און אויך אין לאָקאַלע אינסטיטוציעס, צווישן וועלכע עס איז כדאי צו דערמאָנען: ד"ר אברהם דראַבני, ד"ר בנימין פיטש, דוד דראַבני ע"ה און אַנדערע.

## ה) הנוער הציוני

דער „הנוער הציוני" איז געגרינדעט געוואָרן דעם 4־טן יולי 1948 און האָט ביז היינט דורכגעפירט אַ גאַנץ פיינע טעטיקייט: 7 זומער קאָלאָניעס אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט צענדליקער יוגענטלעכע יערלעך. 45 חלוצים זיינען אָפּגעפאָרן קיין ישראל. די גרופּירונג האָט זינט 1952 אַן אייגענע הכשרה, וואָס פאַרנעמט אַ צוואַנציק העקטאַר גוטן באָדן, און וואו עס ווערן יערלעך דורכגעפירט די פייערונגען וואָס זיינען שוין געוואָרן טראַדיציאָנעל: אַ קאָלעקטיווער סדר, און אַ ביכורים־פייערונג אין וועלכן עס באַטייליקן זיך אַלע שיכטן פון דער קאָ־לעקטיוויטעט. די באַוועגונג וואָס ציילט אַרום 200 חברים גיט אַרויס אַ פּעריאָדישן אָרגאַן אין שפּאַניש מיטן העברעאישן נאָמען „עלים" — בלעטער, חוץ בראָשורן, פלוג־בלעטער וכדומה מאַטעריאַלן. עס האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער באַוועגונג די ישראל־שליחים משה זהבי און שלמה בערקאָוויטש.

## ו) איחוד הנוער החלוצי

אויך די יוגנט באַוועגונג פון דער „פּועלי־ציון התאחדות", געגרינדעט אין 1950 אונטערן נאָמען „גאָרדאָניאַ", האָט דורכגעמאַכט אַ שפּאַלטונג און האָט דער־פאַר אין 1952 געמוזט ענדערן איר נאָמען אויפן איצטיקן. אויף דעם זאָגן עדות די ציפערן: 140 חברים ביי דער גרינדונג (ס'רוב קינדער פון דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר), היינט צו טאָג אַרום 120 מיטגלידער, נאָך זעקס יאָר טעטיקייט.

די באַוועגונג האָט אַן אייגענע הכשרה מיט 12 חברים. 67 פּערזאָן האָבן פאַר דער צייט געמאַכט עליה אין די ראָמען פון דער גרופּירונג: חלוצים, עלטערן וכ'. אייניקע חברים האָבן דורכגעמאַכט דעם „מכון למדריכי חוץ" אין מדינת ישראל. די באַוועגונג ווערט געשטיצט פון אַ ספּעציעלן פאַרבאַנד: „עלטערן און פריינט פון הנוער החלוצי".

## ז) השומר הצעיר

מיר האָבן שוין אין די פֿאָריקע קאַפּיטלען געזען ווי פֿון דער דייטש־שפּראַכיקער גרופּע „קידמה" האָט זיך אַנטוויקלט דער „השומר הצעיר" אין טשילע, וועלכער איז איינע פֿון די שטאַרקסטע יוגנט־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד, וואָס איז געווען אויך די ערשטע צו גרינדן אַ הכשרה, שיקן חלוצים און עולים, ווי דאָס איז שוין פֿריער באַטאָנט געוואָרן.

היינט צו טאָג ציילט דער השומר הצעיר 250 מיטגלידער אין סאַנטיאַגאָ (קן־פּלמ"ח), 60 אין וואַלפּאַראַיסאָ (קן־הכוח), 40 אין קאָנסעפּסיאָן (קן בני־ציון), און נאָך אַ 30 אין קלענערע גרופּע איבערן לאַנד, צוזאַמען 380 אַקטיווע מיטגלידער.

ביז היינט האָבן דורכן השומר הצעיר עולה געווען 251 עולים. צווישן זיי אַ צאָל חלוצים וואָס האָבן געגרינדעט אָדער זיך אָנגעשלאָסן אין פֿאָלגנדיקע ישובים: מעברות, רמות מנשה, דן, עמיר, גן־שמואל, עין החורש. די ערשטע עולים האָבן געהאַט די זכיה צו באַטייליקן זיך אין דער מלחמה פֿאַרן אויפֿקום פֿון מדינת ישראל. אין די יערלעכע זומער קאָלאָניעס פֿון השומר הצעיר באַטייליקן זיך אַרום 250 יוגענטלעכע.

די באַוועגונג גיט אַרויס אַ פּעריאָדישן צווייַ־וועכענטלעכן ביולעטין, בראָשורן, פֿלוג בלעטער, וכדומה מאַטעריאַלן, און פֿאַראַנשטאַלטעט פֿון צייט צו צייט פֿאָר־שטעלונגען פֿון גאַנץ הויכן קינסטלערישן ניוואָ.

## ח) בית"ר

דער בית"ר איז פֿאָרמירט געוואָרן אין יאָר 1933. די אָנפֿירער פֿון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי האָבן געשאַפֿן די יוגנט־באַוועגונג פֿון זשאַבאָטינסקי־טיפּ. די ערשטע דירעקטיווע איז געווען אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אברהם דראָבני, וואָס האָט אַרומגענומען אַ 40 יוגנטליכע, אָבער ערשט אין יאָר 1945, מיטן קומען פֿון צבי קאַליץ איז געגרינדעט געוואָרן דער „בית"ר", און אַלס מפקד איז באַשטימט געוואָרן שמואל בן־ארי. דאָס איז לכתחילה געווען אַ יוגנט צענטער וואָס האָט געפֿירט ציוניסטישע טעטיקייט צווישן דער יוגנט, ערשט ווען עס האָט זיך אָנגע־הויבן דער קאַמף פֿון ארגון צבאי לאומי, איז דער בית"ר געוואָרן מער אַקטיוו.

אין 1948 ווערט דורכגעפֿירט די ערשטע מחנה־קיץ, וואָס האָט געבראַכט צו דעם אַז ער זאָל פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ חלוצישע באַוועגונג, מיטן צוועק פֿון עליה און התישבות. אין 1952 איז געפֿאָרן קיין ישראל חבר משה ארועסטע צו מאַכן דעם קורס פֿון מדריכים, און צוריקקומענדיק קיין טשילע האָט ער אָנגעפֿירט

מיט דער חלוצישער באַוועגונג וואָס האָט געבראַכט שפּעטער צו דער עליה פון איניקע חברים וואָס האָבן זיך באַזעצט אין מבואות ביתר און באר יעקב.

אין דער הנהלה פון בית"ר געפינען זיך פאָלגענדע חברים: ברוך ארענסבורג, יעקב בן־ארי, דוד מוטניק, לילי לעווי און מרדכי בן־ארי.

## ט) „אבא בערדיטשעוו"

אָבער אַבי עס הויבן זיך אָן שפּאַלטונגען, גייט עס אַוועק אַ גאַנג. אין אַפּריל 1956 ווערט געגרינדעט אַ צווייטע גרופּירונג פון ציוניסטישער יוגנט פון דער פּראָגרעסיווער פראַקציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, אונטערן נאָמען „אבא בער־דיטשעוו", וועלכע שליסט זיך אָן אין דער לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנפעדעראַציע פון דער זעלביקער טענדענץ און נאָמען. די גרופּירונג ציילט אַרום 60 מיטגלידער, שוין נאָכדעם ווי אין איר האָבן זיך אָנגעשלאָסן די מיטגלידער פון דער יוגנט־גרופּירונג „התחיה" געגרינדעט אין 1952. פאַר דער קורצער צייט פון איר קיום האָט זי בלויז באַוויזן דורכצופירן דריי אידעאָלאָגישע סעמינאַרן.

## י) דרור — החלוץ־הצעיר

אַ רעזולטאַט פון אינערלעכע שפּאַלטונגען אויפן יסוד פון פּאַרטייאיש־דאָג־מאַטישע חילוקי־דעות איז דער אויפקום און די אַנטוויקלונג פון דער אויבנדער־מאָנטער יוגנט־גרופּע.

געגרינדעט אין 1944, באַקומט זי אָן איינענע הכשרה אין 1947. אין זעלבן יאָר שיקט זי אַ גרופּע חברים קיין ישראל, וועמען עס קומט אויס זיך צו באַטייליקן אין די קאַמפן פאַרן אויפקום פון דער מדינה. אין 1951 שיקט דער „דרור — החלוץ הצעיר" אַ גרעין פון פופציק חברים קיין ישראל, וואָס באַזעצן זיך אין דער גרענעץ־קאָלאָניע כיסופים. אינגאַנצן האָט די צאָל פון די עולים דערגרייכט די ציפער פון 104. אָבער, ווי עס שיינט, איז די גרופּע אַריין אין דעקאַדענץ. אין אויגוסט 1956 מוז זי אויפגעבן איר הכשרה. די צאָל מיטגלידער דערגייט אין די רשימות צו אַרום 100, פון וועלכע בלויז אַרום אַ העלפט איז אַקטיוו.

## יא) מזרחי — בני־עקיבא

די יוגנט אָרגאַניזאַציע בני עקיבא איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1940. איר הויפּט לאָזונג איז „תורה ועבודה". אין אָנפאַנג איז די דאָזיקע יוגנט אָרגאַ־

ביזאַציע באַשטאַנען פון קינדער אין עלטער פון 5 ביז 7 יאָר אונטער דער אָנפירונג פון סיטאַ בעראַנט. מיט דער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן גרופירן אַרום דער אָרגאַ־ניזאַציע יוגענטליכע ביז 18 יאָר, דאַן שליסט זי זיך אָן אין דער ציונ. פעדעראַציע.

די אַקטיוויטעט פון בני עקיבא איז איבערהויפּט אַ דערציערישע. ס'ווערן איינגעאָרדנט שיעורים פון תורה, שיחות וועגן ארץ ישראל טעמאַטיק און קורסן פאַר עברית וואָס ווערן דאַן אָנגעפירט פון ד"ר יואל.

חוץ דעם ווערן איינגעאָרדנט קינדער מנינים, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון די עלטערן, בכדי מחנך צו זיין די קינדער אין תפילה בציבור, און דערנענטערן זיי צו יידישער טראַדיציע און רעליגיע. אין די ערשטע יאָרן איז אַפילו אָרגאַניזירט געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז וואָס האָט דורכגעפירט פאָרשטעלונגען אויף רעליגי־יעזע ביבלישע טעמעס.

שפּעטער ווען עס ווערט געגרינדעט דאָהי די מזרחי פּאַרטיי וואָס איז אָנגע־פירט געוואָרן פון הרב ר' אליהו מגנצו ז"ל און חיים דוד בעראַנט, שליסט זיך אָן די בני עקיבא אין דעם מזרחי וואָס אָרגאַניזירט די ערשטע הכשרה פון די בני עקיבא אויפן לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנטינענט אין דעצעמבער 1947 אין סאַן־בערנאַרדאָ. אין דער הכשרה קומען יוגנטליכע פון בוענאָס איירעס און מאָנטעווי־דעאָ וואו זיי ווערן צוגעגרייט צו עליה. נאָכן אָפּזיין אַ יאָר אין הכשרה, זיינען זיי עולה קיין ישראל און שליסן זיך אָן אין קיבוץ סעד. זיי נעמען אָנטייל אין אויפבוי פון דעם קיבוץ וואָס האָט שטאַרק געליטן אין דער באַפרייאונגס־מלחמה.

## יב) אומפּאַרטייאישע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „עבריה"

אין אַפּריל 1930 איז אונטער דער השפעה פון ראַבינער עגאָן לעווינשטיין געגרינדעט געוואָרן די יוגנט אָרגאַניזאַציע „עבריה", וואָס ציילט היינט צו טאָג אַרום 200 חברים, אַ העלפט פון זיי אוניווערזיטעט סטודענטן. זינט 1954 איז די עבריה אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע. אין 1954 און 1955 האָט זי געשיקט דריי חברים אויף קורסן קיין ישראל. צוזאַמען מיט די חברים וואָס האָבן פריער געהערט צו ציוניסטישע באַוועגונגען, פירן זיי אָן די טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז איינגעטיילט פאַר קולטור אַרבעט אין 5 כתות לויט עלטער. די גאַנצע אַרבעט ווערט אָריענטירט פון ראַבינער לעווענשטיין. די גרופּן טראָגן העברעאישע נעמען: נאות, כרמל (מעין), דרך, דגניה און מולדת.

כדאי צו ברענגען די טעמאַטיק פון די פּאָרטראַגן וואָס ווערן פּעריאָדיש געהאַלטן:

יידישקייט: דער תנ"ך, די אבות, דער תלמוד, יציאת מצרים, יהודה הלוי, רמב"ם, די שופטים, אשכנזים, וואָס איז אַ ייד?

ציוניזם: הערצל און אחד העם, באַפרייאונג פון נגב, הסתדרות, ישראל געאָגראַפיע, ישראל מוזיק.

אַלגעמיינע: עוואָלוציע פון סאָציאַלן געדאַנק, דער זייגער און זיין טעכניק, ניקאָליי גיזשען, קריאָזשיזם אין טשילע, מאַטאָרן, עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, דער מיטלמעסיקער מענטש לויט כּאָסע אינבעניעראָס, פאָלקס־מוזיק.

## יג) וויצאָ און יונג־וויצאָ

די גרינדונג פון דער „פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע" האָט נישט אָפּגעשוואַכט די טעטיקייט פון דער „וויצאָ", וועלכע פירט יערלעך דורך אַן אַקציע פאַר דער וויצאָ־אַרבעט אין ישראל, האַלט אויס און אַנטוויקלט די אויסאַרבעטונג פון מל־בושים דורך די מיטגלידערינס, די מלבושים פאַרן פאַרקויף אין באַזאַרן אָדער אָפּגעשיקט קיין ישראל.

זינט 1948 האָט די וויצאָ פון טשילע גענומען אויף זיך צו סובסידירן דעם גן־ילדים אין רמלה. זינט 1949, נאָכן לאַטיין־אַמעריקאַנער ציוניסטישן צוזאַמענפאָר אין מאָנטעווידעאָ, האָט די וויצאָ אין טשילע אָרגאַניזירט באַזונדערע דע־פּאַרטאַמענטן פאַר „מדינת ישראל" און עליה. זינט 1955 פירט דורך די וויצאָ איר יערלעכע קערמעס, אין די געביידעס פון יידישן סטאַדיום, וואָס איז געוואָרן דער קאָנצענטראַציע פּונקט פון אַלע יידישע עלעמענטן.

די וויצאָ האָט געהאַט די מיטאַרבעט פון די ישראל־שליחות ד"ר רחל קלאַמ־פּוס, עלאַ גאָלד, צפורה בערמאַן, חיה הרכבי און שפרה ליפּסאָן. די וויצאָ אָרגאַניזאַציע אין טשילע האָט אויך איינגעפירט דעם פיינעם מנהג צו באַערן די חברות וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין זייער אַרבעט. אַזוי איז פאַראַן כמעט אַ לעבנסלענגלעכע ערן־קאָמיסיאָן פון די דאַמען: לואיסאַ קרע־נאָוויטש, פּרעזידענטין; סירא דע גאָרען און אלישבע ראַבינאָוויטש, וויצע־פּרעזי־דענטינס; סעליא דע מעלניק, בערטאַ דע ראָזענבערג, קאַטאַלינאַ דע אַראָן, זינאַ דע אַסאַטינסקי, בערטאַ דע טשערווין, אַדעלאַ דע אַסערמאַן, סעלינאַ דע פּיוואָוויטש און רחל דע קינעל, ערן־דירעקטאָרינס; ליובאַ דע מאַגענצאַ, ערן־מיטגלידערין. אַ רייע חברות זיינען פאַרשריבן געוואָרן אין ספר הזהב: ראָזאַ דע שטיינסאַפיר, אַדעלאַ דע פּלאַטאָ, סעליאַ דע מעלניק, בערטאַ דע ראָזענבערג, קלאַראַ דע דובינאָווסקי, פּערלאַ דע אבעליוק, לואיסאַ דע וואורגאַפט, ראָזאַ דע דימאַנט, קאַטאַ־ליטאַ דע אַראָן און פּערלאַ דע אַראָן.

כמעט זינט איר גרינדונג האָט די וויצאָ אַן אָפּטיילונג פון „יונג־וויצאָ". ווי דער נאָמען אַליין ציינט עס אָן, איז עס אַ מין איבערגאַנג־שטופע. נאָך דער־גרייכן אַ געוויסן עלטער גייען די חברות אַריבער אין די וויצאָ־רייען גופא. דאָך ציילט די אָפּטיילונג בלויז אין סאַנטיאַגאָ אַ 70 חברות, אין עלטער פון 14 ביז 18 יאָר. אַ צווייטע אָפּטיילונג פון יונג־וויצאָ עקזיסטירט אין וויניאַ־דעל־מאַר, ביים דייטש־שפּראַכיקן צענטער „חנה סענעש", וואָס ווערט פּרעזידירט פון מ"ם אויפּריכט.

די צענטערן פון יונג־וויצאָ פירן דורך נאָכמיטאָגן פאַר קולטור און אויפ־קלערונג, פאָרטראָגן איבער יידישע, ציוניסטישע און אַלגעמיינע טעמעס, קאָנצערטן, טענץ אָוונטן וכו'.

## יד) „פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע"

אין נאָוועמבער איז געגרינדעט געוואָרן די אויבנדערמאָנטע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אָריענטירט אויפן סאָציאַליסטישן ציוניזם און ציילט היינט צו טאָג צווישן 6 און 7 הונדערט מיטגלידערינס.

חוץ דער דירעקטער אונטערשטיצונג פאַר דער „מועצת הפּועלות" אין ישראל, דורך ביישטייערן במזומן און אַ יערלעכן קאַמפּיין, מיטגלידער־אָפּצאָל און האַנט־אַרבעט פון קליידונג פאַר פרויען און קינדער, וואָס ווערט קאָנצענטרירט אין דער וואָרענהויז „ילדים"־קינדער, און אָפּגעשיקט קיין ישראל. האַלט אויס די טשילע־נער פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע דעם גן־ילדים „טשילע" אין קרית־יובל אין דער אומגעבונג פון ירושלים. אין גן לערנען אַרום 80 קינדער פון 3 ביז 8 יאָר אַלט.

די אָרגאַניזאַציע פירט אויך אַ ברייטע קולטור־אַרבעט, קאָנצענטרירט אין אַ „שטודיום־צענטער", וואָס פירט דורך קורסן פון העברעאיש, פאָרטראָגן און סעמי־נאַרן אויף ציוניסטישע טעמעס, אידעאָלאָגישע, פּאָליטישע און אין שייכות מיט דער פּראַקטישער אַרבעט פאַר און אין מדינת ישראל.

די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט די מיטווירקונג פון די שליחות: סאָניאַ קאָמע־נעצקי, דאָראַ ראָטבאַרט, רבקה קאַצענעלסאָן און חוה סלוצקי. אין אירע סעמינאַרן האָבן זיך באַטייליקט משה קיטרון, יצחק הרכבי, אמעליאַ פלימאַן א. א.

## טו) יידיש־אַטלעטישער קלוב „מכבי" (קאַי"ם)

די אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל האָט אויך געווירקט אין דער הינזיכט פון אַרויסרופן נייע ענערגיען אין אַ טענדענץ צו פאַראייניקונג אין געוויסע קרייזן,

וואָס איז אין טשילע געקומען צום אויסדרוק אויפן געביט פון דער יוגנט טעטיקייט אויפן געביט פון ספּאָרט.

מיר האָבן שוין אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך געזען די אַלגעמיינע אַנטוויקלונג פון דער ספּאָרט־באַוועגונג אין דער יידישער טשילע. אָבער פון צייט צו צייט פלעגט די באַוועגונג באַהערשן אַ מין שוואַכקייט וואָס פלעגט ווי פּאַראַליזירן אירע טעטי־קייטן. אַזוי איז עס געווען אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויפקום פון דער מדינה.

אָבער די אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל רופט אַרויס פרישע ענערגיעס און אין מערץ 1948 ווערט געגרינדעט דער יידישער אַטלעטישער קלוב (קא״י) וועלכער וועט זיך אין גיכן פאַראייניקן מיטן מכבי און צוגעבן אַ מ״ם צו זיין נאָמען: (קאי״ם). דאָך, קאָנען ביידע פאַרייגען צוזאַמען נישט צוזאַמענשטעלן דאָס נויטיקע דירה־געלט, און דער פאַראייניקטער פאַריין מוז זינט 1951 איינקוואַרטירן אין דער היים פון דער יידישער סאַנטיאַגאָ, אין די געביידעס פון דעם „סירקולאָ איזראַעליטאַ״.

אין 1955 ווערט דער „קאי״ם״ רעאָרגאַניזירט און הויבט אָן צו אַנטוויקלען אַ ברייטערע אַקטיוויטעט. דאָס איז גאָרנישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. פיר אינסטי־טוציעס פון די וויכטיקסטע פון דער געמיינדע האָבן געדאַרפט מיטהעלפן: „סיר־קולאָ איזראַעליטאַ״, „בני ישראל״, „בני ברית״ און חברה קדישא. אויף צו באַקומען אַ פּאַסיקע דירה האָט צוגעהאָלפן דער גענעראַל אַקילעס פּריאַס, אַן אויפריכטיקער פריינט פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט. די אַרכיטעקטן קאַרל אַלברעכט און מיגעל לאַוונער האָבן צוגעפּאַסט די נייע דירה צו די ספּעציפישע באַדערפענישן פון אַ ספּאָרט־קלוב, און דער יידישער סענאַטאָר אין טשילענער קאָנגרעס, אַנכעל פייוואָוויטש, האָט געשטיצט די איניציאַטיוו מיט זיין פּרעסטיזש. די גאַנצע געמיינדע האָט זיך ברייטהאַרציק אָפּגערופן, און די אַרבעט איז אַוועק אויפן דרך הישר.

זאָגט דער יונגער פּרעזידענט פון „קאי״ם״, ה׳ לואיס אַראָן אין זיינעם אַ באַריכט: „מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז געבנדיק אונדזער יוגנט די געהעריקע באַקוועמלעכקייטן און אַ גוט־אָריענטירטן דערציאונגס פּראָגראַם, קאָנען מיר איינ־האַלטן די יוגנט מיט אונדז. טאָג איין טאָג אויס איז אונדזער הויז איבערפולט מיט יוגנטלעכע פון פאַרשידענעם עלטער ווי אויך קינדער״.

צו די ווערטער פון באַריכט קאָן מען צוגעבן אַז די „עונג־שבת מסיבות״ פון „קאי״ם״ ווערן זייער גוט באַזוכט, אַז ער פירט אָן אַ פאַרצווייגטע דערציעריש[ע] און קולטורעלע אַרבעט און האָט לעצטנס פאַרלייגט אַן ערנסטן יסוד פאַר אַ ביבליאָטעק.

אויפן אייגענטלעכן ספּאָרט־געביט, זיינען שוין אין די שווערע יאָרן דער־

גרייכט געוואָרן גאַנץ פיינע רעזולטאַטן. אין 1949 באַטייליקט זיך דער „קאי"ם" אין דער מכביאַדע פאַר באַסקעטבאָל אָרגאַניזירט דורך דעם מכבי־הכח אין מאָנטעווידעאָ. אין 1952 באַטייליקט זיך „קאי"ם" אין דער מכביאַדע אָרגאַניזירט פון מכבי אין בוענאָס איירעס און ער שיקט 10 ספּאָרטלער צו דער וועלט־מכביאַדע אין תל אביב (1953).

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ אויסצורעכענען אַלע ספּאָרט פאַרמעסטן אין וועלכע דער „קאי"ם" האָט זיך באַטייליקט, וועלן מיר זיך באַגנוגענען מיט אויסרעכענען אַ רשימה פון הויכע ספּאָרט פּאָזיציעס וואָס עס פאַרנעמען „קאי"ם"־מיטגלידער.

קאַרלאָס פּלאה איז קאַפּיטאַן פון טשילענער גרופּע פאַר „וואַסערפּאָל", צו וועלכער עס געהערן אויך דאַראַ בעק און טיטאָ וועספּעריני.

י. לאַסגאָוויטש איז קאַמפּעאָן פון סאַנטיאַגער שווימער־פאַרבאַנד. רובי באַנדער האָלט 12 טשילענער שווים־רעקאָרדן און 5 שווים־רעקאָרדן פון אַלוועלט־לעכן מכבי. מאָניקאַ באַנדער האָלט צוויי טשילענער שווים־רעקאָרדן.

לואיס אַראָן איז קאַפּיטאַן פון דער גרופּע פאַר רוגבי אין דער טשילענער אוניווערזיטעט און געהער שוין זייט 10 יאָר צו דער אויסדערוויילטער לאַנדעס־גרופּע פאַר רוגבי.

עדואַרד גאָלדשטיין איז ערשטער קאַמפּעאָן פון פערטן אין טשילע, י. לעווי איז צווייטער קאַמפּעאָן און י. גאָלדשטיין — דריטער.

ראָבערטאָ און עדואַרדאָ קראוס זיינען לאַנדעס־קאַמפּעאָנען פון שפּרונגען אויף הויך און לאַנגער דיסטאַנץ. רענאַטאָ פּרוינד געהער צו דער אויסדער־וויילטער לאַנדעס־גרופּע פאַר ווייט־שפּרונגען.

אויפן געביט פון ציוניסטישער טעטיקייט פאַרנעמט „קאי"ם" דעם ערשטן פּלאַץ אין דער יוגנט־אַרבעט פאַר קרן קימת, פאַרן קאַמפּיין און אין די באַטייליקטע אין שח"ם.

אין „קאי"ם" איז אויך אויפגעקומען די אומפּאַרטייאישע יוגנט גרופּע „למרחב", וואָס האָט שוין געשיקט 14 חברים עולים אין קבוץ „בחן". פינף פון זיי האָבן דורכגעמאַכט הכשרה אין דער אומפּאַרטייאישער הכשרה אין מאָזעס־וויללע, אַרגענטינע.

## טז) יידישער ספּאָרט־פאַריין „מכבי" אין וואַלפּאַראַיסאָ

אַ נאָרמאַלערע אַנטוויקלונג האָט שוין געהאַט דער ספּאָרט־פאַריין „מכבי" פון וואַלפּאַראַיסאָ. געגרינדעט אין 1931, דערשלאָגט ער זיך גלייך אריינגענומען

צו ווערן אין דער ערן־אָפּטיילונג פון באַסקעט־שפּילער אין שטאָט. אין 1935 איז ער שוין וויצע־קאַמפּעאָן פון וואַלפּאַראַיסאָ׳ר ספּאָרט־קלובן. די יידישע קאָלירן זיינען מוטיק און געשיקט פאַרטיידיקט געוואָרן און די „בלויע" האָבן זיך קונה שם געווען אויף די ספּאָרט־פעלדער פון שטאָט.

צו זיין האַלבן־יובל וואָס פאַלט צוזאַמען מיטן ערשטן יובל פון ישוב, פאַרמאָגט דער קלוב אַן אייגענע דירה מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן: גימנאַזיומס, קלוב און שפּייזע זאַלן, בעדער וכו׳. דער קלוב איז דער זאַמל־פּלאַץ פון דער יידישער וואַלפּאַראַיסאָ און האָט אַ שם אין די פאַרשידענע קרייזן פון שטאָט.

## יז) אויספירן

ווי עס איז צו זען האָט דער אויפקום פון מדינת ישראל געהאַט אַ קוריאָזע השפּעה אויפן יידישן ישוב אין טשילע, וואָס שפּיגלט אָפּ די סיטואַציע אין אַלע אַנדערע ישובים. אויף דער אַלגעמיינער יידישער מאַסע, אפילו אויף אירע אַסימילירטע עלעמענטן האָט עס געווירקט ווי אַ סטימול צו פאַרשטאַרקן זייער יידישקייט. אין די רייען פון די ציוניסטן האָט עס גורם געווען צו אַ רייע שפּאַלטונגען פון וועלכע מען קאָן קיין סך גוטס נישט דערוואַרטן.

עס גייט נישט אריין אין די ראַמען פון אונדזער אויפגאַבע צו שטודירן די סיבות פון דער דערשיינונג אין אירע ביידע אַספּעקטן, אָבער עס איז געווען אונדזער חוב אָנצווייזן אויף דער סיטואַציע פון ציוניזם אין יובל יאָר פון ישוב.

דאָך האָבן די שפּאַלטונגען נישט צו שטאַרק באַווירקט די פּראַקטישע אַרבעטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מדינה. די ציוניסטישע פעדעראַציע איז געבליבן ווי די דאַך־אינסטיטוציע פאַר אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען און גרופּירונגען, אריינגערעכנט דעם רעוויזיאָניסטישן „ביתר" און די מזרחיסטישע „בני עקיבא". די פינאַנציעלע אַקציעס אָנגעפירט פון דער פעדעראַציע האָבן דעם געהעריקן דערפאָלג. דער פאַראייניקטער קאַמפּיין באַטייליקט זיך שטאַרק אין דער אויסהאַלטונג פון דעם חינוך־וועזן, סובסידירנדיק דעם „ועד־החינוך". די פעדעראַציע טיילט אויך מיטן רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט די רעפּרעזענטאַנץ כלפּי חוץ.

ציוניזם איז נאָך אַלץ געבליבן דער ווירקזאַמסטער גייסטיקער כוח אין יידישן לעבן פון טשילע.

קאַפּיטל פערצן

# דער יידישער ישוב און דער טשילענער סביבה

א) אריינפיר

ב) דער „סעמאַנאַלשטשיק"

ג) מלאכה און אינדוסטריע

ד) יידישע פּראָפעסיאָנאַלן אין טשילע

ה) שרייבער און קינסטלער

ו) רעזומען

## א) אריינפיר

דער ישוב אלס אָרגאַניזירטער איינס איז אַלט קוים פופציק יאָר, אָבער יידן וואָס האָבן אָפּן פיגורירט אַלס אַזעלכע זיינען אָנגעקומען קיין טשילע מיט אַ דרייסיק יאָר פאַר 1906, דאָס יאָר וואָס ווערט אָנגענומען ווי דער גרינדונגס־דאַטום פון איצטיקן ישוב.

זייער צאָל איז געווען צו קליין, זייער אינטערעס צו יידישקייט צו שוואַך, אַז זיי זאָלן קאָנען און ווען אָרגאַניזירן אַן אייגן היימיש לעבן. דערצו זיינען זיי געווען צעוואָרפן איבער דער גאַנצער לענג פון טשילענער לאַנד, וואָס האָט לויט דער דעפיניציע פון דעם טשילענער שרייבער בענכאַמין סובערקאַסאַ, אַ „משוגענע געאָגראַפיע", און יידן צווישן זיך געקאָנט האָבן ווייניק קאָנטאַקט. דאָס אַלעס האָט געווירקט אויף זייער כמעט פולשטענדיקער אַסימילאַציע און אויפלייזונג אין דער אַרומיקער סביבה דורך געמישטע חתונות, — זעלטענער דורך שמד — וואָס זיינען געווען כמעט אומפאַרמיידלעך ביי יענע אומשטענדן.

צום בלוט ביישטייער וואָס די ספרדישע מאַראַנען האָבן געמאַכט צו דער עטנאָגראַפיע פון טשילענער פאָלק איז צוגעקומען אַ היפּשער בייטראָג אויך פון אשכנזישן בלוט און עס איז נישט זעלטן צו טרעפן עכטע טשילענער מיט אומצווייפלהאַפטע יידישע פאַמיליען־נעמען, און כפי אין טשילע טראָגן די קינדער אַ דאָפּלטן פאַמיליען נאָמען, סיי פון פאָטער, סיי פון דער מוטער, איז דער דאָזיקער בלוט־בייטראָג אויך ניכר אין די פאַלן ווען דער פאָטער איז געווען אַ טשילענער און די מוטער אַ יידישע.

ווי אַ קליינע מינדערהייט וואָס זוכט אינסטינקטיוו צו דערהאַלטן איר אייגנ־

ארט און נישט פארשוואונדן אין דער ארומיקער סביבה, באדויערן יידן געוויס יעדע געמישטע חתונה וואָס רייסט אָפּ פון זייער נישט גאָר שטאַרקן קערפּער א לעבעדיקן גליד. אָבער די קאָלעקטיוויטעט געפינט אויך בדיעבד, א שטיקל טרייסט אין דעם וואָס זי האָט דעם לאַנד פון איר נייער היים געגעבן אויך איר בלוט בייטראָג.

צו דער צופרידנקייט פון דער טשילענער יידישער קאָלעקטיוויטעט געפינט מען די יידיש־טשילענער מישלינגען, א טייל פון וועלכע האָבן נאָך, ווי עס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן, דערהאַלטן א געדעכעניש פון זייער יידישן אָפּשטאַם, אין די פאָדערשטע רייען פון די וואָס בויען די גרויסקייט פון טשילע אויף די פאַרשידנסטע געביטן: עקאָנאָמיק, פּאָליטיק, וויסנשאַפט, קולטור, קונסט וכו'. מיט שטאָלץ קאָן דער טשילענער יידישער ישוב זאָגן, אז זיין בלוט בייטראָג פילט זיך מער אין די אוניווערזיטעטן ווי אין די תפיסות.

אין דעם קאַפּיטל וועלן מיר אָבער אָט א די האַלבע, פערטל און פיצל יידן נישט אריינגעמען; זיי געהערן אינגאַנצן דעם טשילענער פאָלק און ער האָט צו זאָגן אויף וויפיל ער שאַצט אָפּ זייער בייטראָג און געדענקט זייער אָפּשטאַם. מיר, דאָ, וועלן זיך אָפּגעבן בלויז מיט פולבלוטיקע יידן, וואָס זיינען געבליבן אין יידישן כלל — משומדים געהערן צו דער פריער דערמאָנטער קאַטעגאָריע — און מיר וועלן זיך באַמיען קלאָר צו מאַכן דעם בייטראָג פון דער קאָלעקטיוויטעט צו דער אַנטוויקלונג פון אַלגעמיינעם לעבן אין לאַנד; נישט לשם אפּאלאגעטיק, מיר האָבן זיך לגמרי נישט פאַרוואָס צו פאַרענטפערן, נאָר בלויז לשם פעסטשטעלן דעם היסטאָרישן אמת.

## ב) דער „סעמאַנאַלשטשיק"

אָנהויבן וועלן מיר דווקא פון דעם מער אָפּגעפרעגטן שיכט, וואָס האָט אין די ערשטע יאָרן צוליב געוויסע אומשטענדן, געבילדעט א היפּשן טייל פון ישוב. די „סעמאַנאַלשטשיקעס", ס'הייסט, אַמבולאַנטן־סוחרים, וואָס פאַרקויפן זייער סחורה אויף אויסצאָלן אין וועכענטלעכע אָדער מאָנאַטלעכע קוואָטעס (פון דאַנען דער נאָמען „סעמאַנאַלשטשיק" — פון „סעמאַנאַ" — א וואָך) — זיינען פאַרשריען געוואָרן אין גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע ווי אַן עקאָנאָמישער נעגאַטיווער עלעמענט, ווייל זיי האָבן געגעבן סחורה אויף קרעדיט און כמעט אַלעמאָל אָן די געהעריקע גאַראַנטיעס, האָבן זיי געמוזט שטעלן עטוואָס העכערע פרייזן, בכדי צו דעקן די אומפאַרמיידלעכע פאַלן, ווען דער קונה האָט נישט געקאָנט אָדער נישט געוואָלט באַצאָלן; איז עס אַרויסגעשטעלט געוואָרן ווי א פאַקט פון באַרייסן די אָרעמערע

שיכטן פון דער באַפעלקערונג, וואָס האָבן געבילדעט די הויפּט קליענטעלע פון די „סעמאַנאַלשטשיקעס".

די דאָזיקע באַשולדיקונג, וואָס איז ווי עס דוכט זיך, ווען מען באַטראַכט די זי בלויז אויבערפלעכלעך, ביז אַ געוויסן גראַד באַגרינדעט, שטעלט זיך אָבער אַרויס ווי אַבסאָלוט פאַלש, ווען מען באַטראַכט די ענינים אַביסל טיפער און נישט בלויז פון אַבסטראַקט־טעאָרעטישן שטאַנדפּונקט, נאָר אויך פּאָזיטיוו פּראַקטיש.

דער „סעמאַנאַלשטשיק" האָט געשטעלט די פּרייזן אין הסכם מיט דעם וואָס די סחורה האָט אים געקאָסט און מיט דעם ווי טייער ער האָט געשאַצט זיין אייגענע מי און אַרבעט. ביידע זאַכן זיינען געווען ביליק. די סחורה האָט ער באַקומען אויף הורט־פּרייזן און זיין אייגענע פּראַצע האָט ער געשאַצט ביליק, אַבי צו קאָנען פאַרקויפן וואָס מער און זיך אַרויפאַרבעטן צו אַ סטאַבילן געשעפט, וואָס איז בכבוד׳יקער. צוליב דעם האָט ער געקאָנט שטעלן פּרייזן וואָס זיינען נאָר עטוואָס העכער פון די וואָס האָבן געהערשט אין די סטאַבילע געשעפטן, וועלכע האָבן דאָך צו דעקן אַ רייע הוצאות ווי: דירה־געלט, פּערזאָנאַל, וכ׳, וואָס דער „סעמאַנאַל־שטשיק" האָט נישט געהאַט.

רעכנט מען צו דעם פּחת פון נישט באַצאָלטע חובות — „טשוועקעס", ווי מען האָט דאָס גערופן — באַקומט זיך אַז די סחורה געקויפט ביים „סעמאַנאַל־שטשיק" האָט טאַקע געקאָסט עטוואָס טייערער, אָבער אין לעצטן סך־הכל און אין דורכשניט, האָט זי אין אַ סך פאַלן אויסגעטראָגן פיל ביליקער... די „גליקן" פון „סעמאַנאַלשטשיק" האָבן מערסטנטייל געקלעקט בלויז אויף היונה, און, אין בעסטן פאַל, האָט ער זיך אויך געקאָנט דערשלאָגן צו אַ קליינעם סטאַבילן געשעפט.

דערצו מוז מען נעמען אין אַנבעטראַכט אַז דער „סעמאַנאַלשטשיק" האָט דערמעגלעכט צו באַקומען די סחורה אין דעם מאָמענט ווען מען האָט זי אַממערסטן באַדאַרפט, און „אַ לעפל איז טייערער ביים עסן", זאָגט אַ פאָלקס־ווערטל. מיט צושטעלן אין שטוב אַריין סחורות און חפצים אויף אויסצאָלן, האָט דער „סעמאַ־נאַלשטשיק" פיל בייגעטראָגן צו הויבן דעם לעבנס־ניוואָ פון די אָרעמע שיכטן, וואָס וואָלטן דורך דירעקטער קניה אויף מזומן, קיינמאָל נישט געקאָנט צוקומען צו די קליידונג און מעבל וואָס זיי האָבן ביים „סעמאַנאַלשטשיק" יאָ געקאָנט באַקומען אויף לייכטע תנאים.

עס לאָזט זיך אויך מאַכן אַ צווייטע באַטראַכטונג אין טשילע, ווי אין אייניקע אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, איז צווישן דער איינגעבוירענער באַפעל־קערונג געווען שטאַרק פאַרשפּרייט די מחלה פון שכרות. אויפן וועג אַהיים פון וואַרשטאַט, פון פאַבריק, אָדער יעטוועדער אַנדער אַרבעטס־פּלאַץ, פלעגט דער אַר־בעטער אָפּט איבערלאָזן דעם לייבנחלק פון זיינע פאַרדינסטן, אַמאָל טאַקע אינ־

גאנצן, אין שענק. קענן אָט אַ דער שוואכקייט האָט דער „סעמאַנאַלשטשיק" געקעמפט מיט דער גאַנצער עקשנות און ענערגיע. ער פלעגט אָפּוואַרטן דעם קליענטביים אַרבעטס־פּלאַץ, אַרויסרייסן ביי אים דעם אָפּצאָל וואָס איז אים געקומען און אויף אַזאַ אופן פאַרוואַנדלט געלט וואָס איז געווען באַשטימט פאַר'שכור'ט צו ווערן אין קאַפּיטאַל וואָס האָט פאַרבעסערט דעם לעבנס־סטאַנדאַרט. די „סעמאַנאַלשטשיקעס" זיינען געווען די שטאַרקסטע קאָנקורענטן פון די שענקען, און די שענקערס האָבן זיי באַדאַרפט זיין דם־שונאים. אָבער די באַפעלקערונג פון לאַנד וואָלט געמעגט אָנערקענען זייערע פאַרדינסטן אויפן געביט פון באַקעמפן שכרות און הויבן דעם לעבנס־ניוואָ פון דער באַפעלקערונג אין אַלגעמיין דורך מאַכן די היימען באַקוועמער און אנגענעמער.

## ג) מלאכה און אינדוסטריע

צוזאַמען מיטן אַמבולאַנט־„סעמאַנאַלשטשיק", און אפילו נאָך פאַר אים, איז געקומען אין לאַנד אריין דער יידישער בעל־מלאכה, אייניקע פון וועלכע האָבן איינגעפירט אין טשילע נייע אַרבעטס־מעטאָדן, אין לאַנד נאָך אומבאַקאַנטע דערפינדונגען, און אַנדער באַציאונג צום אַרבעטער, און האָבן דערמיט געהאָלפן דורכלייגן דעם וועג פאַר דער טשילענער אינדוסטריע אין וועלכער יידן האָבן אַן אָנגענעמען חלק. מיר וועלן דאָ ברענגען די נעמען און אויפטוען פון אייניקע יידישע וויכטיקע פאַכלייט אין לאַנד.

איינער פון די עשרה ראשונים איז געווען יוסף ראַבינאָוויטש, וועלכער איז פון ליטע אָנגעקומען קיין טשילע אַרום 1884, פאַרווײַלנדיק מיטן וועג אַ שטיקל צייט אין פּאַריז. אַ מאָדערנער טעכניקער־מעטאַליסט, אָרדנט ער איין, אויף דער איינלאַדונג פון דער רעגירונג אַ מעטאַל־פאַבריקל אין דער שטאָט־טורמע פון סאַנטיאַגאָ, וואו אַ 70־80 פאַרהאַפטעטע אַרבעטן אונטער זיין אָנפירונג און מאַכן דורך אַ לערע וואָס וועט זיי שפּעטער העלפן צו פירן אַן אָרענטלעך לעבן.

אין 1901 דערעפנט יוסף ראַבינאָוויטש אַן אייגענע אייזן־גיסעריי, וואו עס ווערן אויסגעאַרבעט די ערשטע אין לאַנד־פּראָדוצירטע אַגריקולטור־מאַשינען, אַקעראייזנס וכדומה, און רעדלעך פאַר האַנט־וועגעלעך, פון אַ נייעם סיסטעם וואָס ער האָט דערפינדן. אין 1917 דערעפנט ראַבינאָוויטש אַ גרעסערע מעטאַלורגישע פאַבריק אין וועלכער עס אַרבעט ה' סאַלאָמאָן סאַק, צוקונפטיקער איידעם פון ה' י. ראַבינאָוויטש, וואָס וועט מיט דער צייט ווערן איינער פון די גרעסטע אייזן סוחרים און אינדוסטריאַלן פון לאַנד. אַזוי ציט זיך העכער זיבעציק יאָר אַ

טראַדיציע פון יידישער אייזן פּראָדוקציע, וואָס איז געווען און פאַרבליבן נוצלעך פאַרן לאַנד.

יוסף ראַבינאָוויטש ע"ה האָט אינטערעס נישט נאָר אין האַנדל און אינ־דוסטריע, ער איז אַ כלל־טוער אין יידישן לעבן וואָס הויבט אָן מאַכן זיינע ערשטע שריט און האָט אויך אינטערעס פאַר די אַלגעמיינע ענינים פון שטאָט און לאַנד. אין 1919 ווערט ער אַריינטראָגן אין „סענטראָ איזראַעליטאַ דע בענעפיסענסיאַ" אַ פּראָיעקט אַז די קליינע יידישע געמיינדע זאָל זיך ביישטייערן פאַר דער איינאָרדנונג פון די שפּאַצירן אויפן בערגל פון סאַן־קריסטאָבאַל; אַ פּראָיעקט וואָס איז אָנגע־נומען געוואָרן און דורכגעפירט געוואָרן.

אין 1889 קומט אין לאַנד אַלס קינד, צוזאַמען מיט זיינע עלטערן ה' נאום ראָזענבליט. דער פאָטער איז אַ היטלמאַכער און נאום גופא ווערט מיט דער צייט דערעפענען אַ פאַבריק פון היט, וואָס איז איינע פון די אַקרעדיטירסטע אין טשילע.

נאום ראָזענבליט ע"ה איז אַ שטאַרקער טשילענער פּאַטריאָט. ער האַלט אַז מען דאַרף אַרבעטן פאַר דער אימיגראַציע פון יידן קיין טשילע, פּונקט ווי מען אַרבעט פאַר דער עליה פון יידן קיין ארץ ישראל, „ווייל טשילע איז אַ לאַנד וואו עס איז פאַראַן אַ סך יידיש בלוט אין דער באַפעלקערונג".

אין 1906 שטעלט אויף אַלעכאַ ראַמער זיין פאַבריק פון וועגענער, איינע פון די ערשטע אין לאַנד, וואָס האָט געהאַט אַ זייער גוטן נאָמען.

אין 1908 קומט דירעקט קיין טשילע פּייוול דוואָרעצקי און דערעפנט אַ שפּיגל־פאַבריק, אויך איינע פון די ערשטע אין לאַנד.

אין 1910 ווערט געגרינדעט די שטריקעריי־פאַבריק פון פּעדראָ סיגאַל און זין, וואָס פּראָדוצירט אויך רעגנמאַנטלען, לעדערנע בגדים, די ערשטע צו פּראָדוצירט ווערן אין לאַנד.

אפרים באַנד אין דער ערשטער אַריינצוברענגען גראַמאָפאָן־פּלאַטן אין טשילע.

אין 1919 שרייבט דער יידיש־שפּאַנישער זשורנאַל „נועסטראָ אידעאַל":
צווישן די אינדוסטריעס געגרינדעט און אָנגעפירט פון יידן זיינען פאַראַן: פאַב־ריקן פון פאַרטיקע קליידער, אַגריקולטור־מאַשינען, מעבל, שפּיגלען, היטלען און היט, פיטער־מאַנטלען, דרוקערייען, פאַרבערייען, די פאַבריקאַציע פון רעגן־מאַנטלען איז אויסשליסלעך אין יידישע הענט, יידן גיבן זיך אויך אָפּ מיט טאַבאַק־פּלאַנ־טאַציעס.

אין 1924 ווערט אין טשילע געגרינדעט די ערשטע פאַבריק פון פּלאַסטיקס, וואָס איז אויך די ערשטע אין לאַטיין־אַמעריקע, און איז פאַרבליבן ביז היינט צו טאָג די גרעסטע אויף דעם געביט אין די לענדער. די גרינדער און איצטיקע אייגנטימער די ברידער יצחק, ארמין און עוכעניאָ שוואַרץ און זייער שוואָגער

מאיר פרידלער. די פאבריק־מארקע איז „שיף" — ראשי־תיבות פון שווארץ און פרידלער. די פאבריק ארבעט אוים ביז 1500 פארשידענע ארטיקלען, צווישן זיי טעלעפאָן־אפאראטן און געשיר פון עראָפּלאנען־באדינונג. זי האָט 350 ארבעטער און 30 אָנגעשטעלטע, וואָס קריגן די בעסטע באהאנדלונג וואָס איז באקאנט אין די לענדער. אויף דער אויסשטעלונג אין וואלפאראיסאָ פון 1937, האָט די פאבריק געקראָגן אַ גאָלדענעם מעדאַל און די ערשטע פרעמיע; זי האָט אויך געקראָגן אויסצייכנונגען אויף אַנדערע אויסשטעלונגען.

אין 1925 גרינדן משה סובעלמאן ע"ה און זיין איידעם אהרן פלימאן ע"ה, די שטריקער פאבריק „סובעלפלי", די פּראָדוקטן פון וועלכער האָבן זיך קונה שם געווען אין לאַנד.

דער שארפער קריזיס פון אָנפאנג דרייסיקער יאָרן, ליקווידירט כמעט פול־שטענדיק דעם „סעמאנאַל", און נאָך אַ קורצן ראָמאנס מיט גאָלד־מסחר, ווארפן זיך יידן צו קליין־אינדוסטריע, וואָס איז אין איר ערשטן עטאַפּ אויך הויז־אינ־דוסטריע, ביי וועלכער עס ארבעטן אַלע פאמיליען מיטגלידער. מען ארבעט אויס: העמדער, אונטערוועש, קראוואטן, שלייקעס, זאָקן און זאָקנבענדלעך און אַנדערע אַרטיקלען וואָס פלעגן פריער דארפן טיילווייז אימפּאָרטירט ווערן.

אַ באזונדער אימפּולס באקומט די טשילענער אינדוסטריע מיט דער מאסן־איינוואנדערונג פון די מיטל־אייראָפּעאישע דייטש־שפּראַכיקע יידן אין די דריי־סיקער און פערציקער יאָרן. בעיקר איז גרויס דער ביישטייער פון אָט דעם יידישן שיכט אין דער באקלייד־בראנזשע, וואָס שטייערט שטארק מיט צו ענדערן דעם אויסערלעכן אויסזען פון טשילענער עולם, בעיקר פון די אָרעמע שיכטן. די טשי־לענער גאַס באקומט אַן אַנדער פּנים.

אין טשילע האָט געהאַט אַ שם־דבר דער „ראָטאָ" — דער אָפּגעריסענער וואָס איז געגאַנגען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן אין טראַנטעס דורך וועלכע עס האָט זיך ארויסגעזען שטיקער פון זיין זעלטן־געוואַשענעם לייב. די דייטש־שפּראַכיקע יידן האָבן מיט זייער קאָנפעקציע־אינדוסטריע אין גרויסן מאסשטאַב און מאָדערנסטע מאַשינעריע, וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין לאַנד, אַ שטאַרקן שטויס געטאָן פאָראויס די טעטיקייט וואָס זייערע אייראָפּעאישע ברידער האָבן שוין פון פריער געהאַט אָנגעהויבן אויפן געביט פון „מלביש־ערומים". דער ראָטאָ איז כמעט ווי פאַרשוואונדן פון די טשילענער גאַסן.

אין 1936 גרינדן פרידריך העיום און קארל דארמשטעטער אַ פאבריק פון פאַרטיקע קליידער, וואָס באשעפטיקט היינט צו טאָג אַרום 200 אַרבעטער און אַרבעט אוים ביז 20 טויזנט בגדים אַ יאָר.

אין 1939 גרינדן צוקער און ראָזענבערג, רומענישע יידן, אַ פאבריק פון

שניידעריי־צודאטן; פאטענטירן א דורך זיי דערפונדערע מאשין פאר פאבריצירן צודאטן פון פערד האר און נאך אייניקע מאשינען וואס זיינען ביז דאן נישט פאב־ריצירט געווארן אין לאנד. די מארקע „אפטאלטעקס" האט א שם.

דעם זעלביקן יאר גרינדן גרינוואלד, קעלער און קאמפ, אונגארישע יידן, א פאבריק „ניו־יארק סטיל" פאר קאנפעקציע פון פרויען־קליידער. די פאבריק באַ־שעפטיקט 140 ארבעטער און איז די גרעסטע אין לאנד אין דעם פאך.

אין יאר 1940 גרינדעט כאסע בורגער זיין פאבריק פון פארטיקע קליידער, וואס איז היינט די גרעסטע אין לאנד. זי באשעפטיקט 450 ארבעטער און אנגע־שטעלטע און ארבעט אויס 160.000 בגדים יערליך.

זינט 1940 עקזיסטירט די שטריקער פאבריק „טריקאפאל" פון פרידמאן און פאלאק, די ארטיקלען פון וועלכער רעכענען זיך צווישן די בעסטע אין לאנד.

די פאבריקן פון די ברידער פאלאק, וואס זייער גרינדונג ציילט זיך פון יאר 1939, ארבעט אויס היינט טעקסטיל ארטיקלען פון שטריקעריי, פראסאדאס, ביז די פיינסטע שטאפן פון מענער און פרויען קליידער.

פאבלא בעלאך גרינדעט זיין פאבריק פון זייד ארטיקלען אין יאר 1939. ער איז גלייכצייטיק איינער פון די גרינדער און טעכניקער אין דער דאזיקער אינ־דוסטריע אין לאנד.

אלפרעד פעלדמאן, פאבלא בלומענטאל, קורט הירשבערג און הערמאן לעהמאן, גרינדן די פאבריק „סינטעלא", וואס איז די ערשטע אין טשילע צו פראדוצירן טאשמעס און עלאסטיק פון פאדעם.

אויך די ספרדים שטייען נישט אפ אויפן אינדוסטריעלן געביט. אין דער באקלייד־בראנזשע איז באוואוסט די פאדעם פאבריק „הומאטשוקא" פון איזראעל און קמחי.

ביי היינט צו טאג פיגורירן אין אפיציעלן רעגיסטער פאר עקאנאמיק ארום 400 יידישע פאבריקן בלויז אין באקליידונג פאך, וואס באשעפטיקן צווישן 17 און 20 טויזנט ארבעטער און באאמטע און פראדוצירן ארטיקלען פון הויכער קוואליטעט.

עס איז כדאי צו מאכן אן איבערבליק איבער די ארטיקלען וואס די דאזיקע פאבריקן ארבעטן אויס.

שטריקערייען: פון וואל (67), פון ביינוואל (16), פון זאקן (7).

וועבערייען: פון וואל (17), פון ביינוואל (8), פון זייד (13), פון ליאן (1), פון סאמעט (1), פון טעפיכער (6), פון שנור (2).

פאדים־פאבריקן: פון ביינוואל (2), פון קארגארן (6), פון קאמ־גארן (2).

פ א ר ש י ד ע נ ע : פארבערייען (5), וואטע־דרייער (1), עלאסטיק (1), טאשמעס פאר שרייב־מאשינען (2).

א ו י ס א ר ב ע ט ו נ ג פ ו ן ש ט א פ ן : קאנפעקציע פאר מענער און פרויען (135), העמדער (16), אוניפארמס (9), הענטשקעס (8), בינדעס (8), טיכלעך (5), לעדער אויסארבעטונגען (ארום 50), אויסנוצן אפפאל (1).

אויסער די דאזיקע אונטערנעמונגען רעגיסטרירט אלס פאבריקן עקזיסטירן אויך א צאל הויז־ווארשטאטן וואס באשעפטיקן יעדער איינער פון 3 ביז 5 ארבעטער, אזוי אז בלויז אין דער באקלייד־בראנזשע, זיינען באשעפטיקט אין יידישע אונטערנעמונגען העכער צוואנציק טויזנט ארבעטער און אנגעשטעלטע.

דערביי איז כדאי צו פארצייכענען, אז די יידישע פאבריקן אין טשילע זיינען א ביישפיל פון פראגרעס נישט נאר מיטן סכום און קוואליטעט פון זייער פראדוקציע, נאר אויך מיט די באדינגונגען וואס זיי האבן געשאפן פאר זייערע ארבעטער, וועלכע געניסן פון רעסטאראנען אויף ביליקע פרייזן, ספארט־קלובן און אנדערע באקוועמלעכקייטן.

אויסער דער באקלייד־בראנזשע קאנען פארצייכנט ווערן א רייע יידישע פאבריקן און גרעסערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

די צוקער־רעפינעריע פון ווינא דעל מאר איז געגרינדעט געווארן פון בנימין בערשטיין און שותפים.

די מיל „סאן־כארכע", איינע פון די גרעסטע אין לאנד, איז געגרינדעט געווארן פון די ערשטע יידישע תושבים קאץ און ברענער.

די בוימל פאבריק „קאפראנא", די גרעסטע פון לאנד, געהער צו נח פורמאן, וועלכער איז אויך א שותף צו דער שפינעריי פון ביינוואל און זייד „לא אנדינא" וואס געהער צו ד"ר לואיס לאמאס.

יידן פארנעמען א באזונדער פלאץ אין דער אויסארבעטונג פון כעמישע פראדוקטן און פאטענטירטע מעדיצינען. ניקאלאס וויינשטיין איז דער אייגנטימער פון דער פירמע „אליוויאל". ארדיטי און קאררי פראדוצירן די „קריאכינינא" פון דער מארקע לומיער, ווי אויך די ארטיקע פארשטייער פון די פערפומען „קאטי".

די פירמעס ארענסבורג און דאברי זיינען אקטיוו אויפן געביט פון פראדוצירן פארמאצעווטישע און כעמישע פראדוקטן און פערפומען.

אין קאנסעפסיאן ארבעט אויס די פירמע לאריאס־זימעלמאן כעמישע און מעדיצינישע פראדוקטן, אויך די פירמע פון ריקארדא־וואורטסמאן איז טעטיק אויף דעם געביט.

די ברידער סאלי און מאוריסיא האכשילד האבן זיך קונה שם געווען אין

דער מינען אינדוסטריע. מאַקסימא באַש פֿאַבריצירט שטאָלענע זיכערקייט שראַנקן. זיין פֿאַבריק איז די ערשטע אין לאַנד אין דער בראַנזשע.

ווינטער און קאַץ פֿאַבריצירן טערמאָ־עלעקטרישע מכשירים. נאום נודמאַן האָט אַנטוויקלט אַ פֿישעריי און אַ פֿאַבריק פֿון פֿיש קאָנסערוון אין פֿאָרט איקיקע. כאָסע נודמאַן איז טעטיק אין פֿאַך פֿון פּיטער־גאַרבעריי. ראָדאָלפֿאָ באַכנער איז אייגנטימער פֿון דער גרויסער פֿאַבריק פֿון לעדער אויסאַרבייטונגען און וואַליכעס. סטראַסער און מאַנקעוויטש פֿאַבריצירן מעדיצינישן און עלעקטרישן אינסטרו־מענטאַל. יצחק פֿישער איז אייגנטימער פֿון דער גרעסטער זייד־פֿאַבריק אין לאַנד. עמיל וויינטראַוב און מאירסאָן זיינען צווישן די גרעסטע אין וואָלד־עקספּלאָאַטאַציע און האָלץ עקספּאָרט. ברידער קליין באַזיצן אַ באַרימטע שאָקאָלאַדן־פֿאַבריק און זיינען טעטיק אין דער מינען בראַנזשע. ראָטמער און קראַוז האָבן איינע פֿון די ערשטע פֿאַבריקן פֿאַר אויסאַרבעטן אויגנגלעזער. נון און כערמאַן פֿאַבריצירן בליי־שלעסער צו קליידער און זיינען אויך טעטיק אויפֿן געביט פֿון אַגריקולטור.

אַלפֿאָנסאָ וואָלף איז געווען דער ערשטער צו פֿאַבריצירן אין לאַנד אינסטאַ־לאַציעס פֿאַר באַהייצונג און געקילטע־לופֿט.

די לאָמפּן־פֿאַבריק „פֿאַמעלאַ" פֿון הערמאַן שאַכנער און אַלפֿרעד צוריק איז די ערשטע און גרעסטע אין דעם פֿאַך. זי פֿאַבריצירט אויך מאַטעריאַל פֿאַר עלעקט־רישע אינסטאַלאַציעס. די פֿאַבריק „קאַדעליט" וואָס אַרבעט אויס באַקעליט אַר־טיקלען איז געגרינדעט פֿון ערנסט און בעלאַ כהן. גוסטאַוואָ ראָזענבערג און אָטטאָ גאָלדשמידט באַזיצן אַ פֿאַבריק וואָס אַרבעט אויס מאַניקינען פֿון באַקעליט.

די גלאָז פֿאַבריק פֿון אַלפֿרעד עפּראַסי און ריקאַרד פֿריידענבערג פּראָדוצירט מאָסן און כלים פֿאַר לאַבאָראַטאָריעס און אַפּטייקן און האָט זיך ספּעציאַליזירט אין גלאָז־כלים דעקאָרירט מיט גאָלד. אויף דעם געביט איז זי די איינציקע אין טשילע. די וואָל־וועשעריי פֿון י. לעווי און י. פּופּקין, האָבן אַ גרויסע פּראָדוקציע און אַ גוטן נאָמען. אַזוי אויך די שרויפֿן פֿאַבריק (אַמעריקן סקראַו) פֿון ר. בודניק.

יידן זיינען אויך טעטיק אַלס אָנפֿירער פֿון גרויסע יידישע אינדוסטריעלע אונ־טערנעמונגען. דער פּראָדוקציע דירעקטאָר פֿון די שטאָל־גיסערייען „הואַטשיפּאַטאָ" איז דער אינזשעניער גרעגאָריאָ וויסבלוט. ר. בודניק פֿירט אָן מיט דער פּראָדוקציע פֿון פּעניסילין און אַנטיביאָטיקס פֿון דער מאַרקע „פּפֿיצער". לעאָן וויסבלוט איז געווען דער אָנפֿירער פֿון דעם טשילענער פֿאַרבאַנד פֿון עופֿות־ציכטער. די גרויסע פֿאַבריק „פּיסאַרעניאַ", וואָס פֿאַבריצירט קינסטלעכע בוי־מאַטעריאַלן פֿאַר ווענט און דעכער, ווערט אָנגעפֿירט פֿון סאַמועל בראָנפֿמאַן.

## אין דער בוי־בראַנזשע

יידן אין טשילע זיינען אויך שטאַרק אַקטיוו אין דער בוי־בראַנזשע, סיי אַלס אונטערנעמער סיי אַלס אינזשעניערן און אַרכיטעקטן. יידישע פירמעס האָבן אויפֿגעבויט היפּשע טיילן פון די דורך אַן ערד־ציטערניש צעשטערטע שטעט, טשיזשאַן און קאָנסעפּסיאָן. יידישע אינזשעניערן האָבן אַ סך אויפֿגעטאָן פאַר פאַרשענערן די הויפּטשטעט סאַנטיאַגאָ און אַנדערע שטעט. אַ סך נייע שטאָט־פּערטלען אין סאַנטיאַגאָ, וואַלפּאַראַיסאָ און אַנדערע שטעט זיינען אויפֿגעבויט געוואָרן פון יידישע אונטערנעמונגען, צווישן וועלכע עס איז געווען די ערשטע די פאַמיליע בועז. יידן זיינען אויך געווען טעטיק אין באָדן־האַנדל, פּאַרצעלאַציע, פּאַרקויף פון בוי־פּלעצער, סובווענציאָנירן געביידעס.

אַלס אָנדענק פון זייער טעטיקייט זיינען געבליבן אַ רייע גאַסן און געסלעך מיט יידישע נעמען, וואָס זיינען פאַראַן אין דער הויפּטשטאָט, אירע פאָרשטעט און אַנדערע מקומות. מיר ברענגען דאָ אַ רשימה פון איייניקע גאַסן מיט יידישע נעמען.

קאָמונע ניוניאָאַ. גאַסן: לעאָן וויינשטיין, נאַטאַליאָ שטיין. געסלעך: סאַלאָמאָן דאָרפמאַן, ראָזענבלוט.

קאָמונע קינטאַ־נרמאַל: גאַס ד״ר ק. אַטאַלענגהי.

קאָמונע סאַן־מיגעל. גאַסן: פעליפּע בערלינער, טאַנענבוים, בערמאַן.

קאָמונע קאַנטשאַלי. גאַסן: לעאָן וויינשטיין, ראָזענבלוט, כאָסע בערשטיין, בערנשטיין.

קאָמונע סיסטערנאַ. גאַסן: מאַנועל פישמאַן, לואיס וויינשטיין.

זיבעטע קאָמונע. געסלעך: פליישמאַן, ראָזענבלוט.

## פאַריין פון יידישע האַנטווערקער

דער פאַריין געגרינדעט אין 1947 אויף דער איניציאַטיוו פון ה״ה: לעאָ ווינטער, מאַרטין מישעל און בערנאַרד קאַץ, ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון יידישע האַנטווערקער פון מיטל־אייראָפּע, וואָס זיינען געקומען אין לאַנד שוין נאָך דעם צווייטן וועלט קריג.

די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין דער טעכנישער שולע „אָרט", צו וועלכע די נייע געקומענע האָבן, אַלס טעכניקער, געהאַט אַ ספּעציעלן אינטערעס. דער אורשפּרונגלעכער צוועק איז געווען קעגנזייטיקע הילף ביים איינאָרדנען זיך, ביים געפינען אַרבעט, אין פאַל פון אַ נויט וכ׳, אָבער גלייכצייטיק איז נישט אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון אויג דער אינטערעס פון דער קאָלעקטיוויטעט צו דערוויייזן

מיט מעשים אַז די ניי־אָנגעקומענע אימיגראַציע באַשטייט נישט פון בלויז סוחרים און פּאַרמיטלער, ווי געוויסע אַנטיסעמיטישע צייטונגען האָבן עס געוואָלט איינ־רעדן, נאָר אַז צווישן זיי געפינען זיך אַ אָנגעזעענער פּראָצענט פון הויך־קוואַליפי־צירטע טעכניקער, וואָס וועלן זיין ממש אַ ברכה פאַרן לאַנד.

אויפן געביט פון קעגנזייטיקער־הילף האָט דער פאַריין געגרינדעט אַ לייַ־קאַסע פאַר צייטווייליקע הלוואות, אַ הילפס־פאָנד פאַר די ערשטע שריט ביים איינ־אָרדנען זיך און אַ קעגנזייטיקן פאַרזיכערונגס־פאָנד פאַר אַן אומגליקס־פאַל, וואָס העלפט אַרויס די אלמנות און יתומים. דער פאַריין האָט זיך אויך געשטעלט צילן פון געזעלשאַפטלעכקייט צווישן זיינע קרוב צוויי הונדערט און פופציק מיטגלידער און זייערע פאַמיליעס: פאַרטראַגן איבער טעכנישע פראַגן און אַלגעמיינע קולטור־ענינים, קינאָ־פאָרשטעלונגען, טאַנץ־אָוונטן, חבר׳ליכע באַנקעטן, קאָלעקטיווע זו־מער־עקסקורסיעס, אויספלוגן וכ׳.

באַזונדער אויפמערקזאַמקייט ווערט געווידמעט דעם אונטערוואַקסענדיקן דור, וועלכער ווערט אָריענטירט צו טעכנישע פּראָפעסיעס און פאַכן. צו דעם צוועק ווערן איינגעאָרדנט קאָנקורסן. עס ווערן אַרויסגעגעבן מאַטעריאַלן איבער יידישע דערפינדער, און צום סוף פון יעדן שול־יאָר ווערן אָפּגעהאַלטן עלטערן־באַראַטונגען.

דער פאַריין האָט פעסט איינגעשטעלט זיין יידישן כאַראַקטער און מיט זיין אומדירעקטער טעטיקייט האָט ער דערנענטערט צו דער קאָלעקטיוויטעט קרייזן וואָס האָבן זיך לכתחילה געהאַלטן עטוואָס דערווייטערט פון איר.

די יידישע האַנטווערקער האָבן געשפּילט און שפּילן ביז היינט אַן אָנגעזע־ענע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער טשילענער אינדוסטריע. מיר וועלן שליסן אָט דעם קורצן איבערזיכט מיט אַ פּראָזע אַנטנומען פון אַן אָפיציעלן באַריכט פון דעם פאַריין, וועלכע זאָגט:

„אין אונדזער פאַריין זיינען פאַרטראָטן אַלע פאַכן. מיר קאָנען איבערצייגן אַז יידן זיינען בלויז פאַרמיטלער איז אַבסאָלוט פאַלש. מיר זיינען אַ פּראָדוקטיוו פאָלק מיט אַ סך פעלקער גלייך". מיר זיינען אַ פאָלק וואָס קעמפט פאַר פּראָגרעס און ציוויליזאַציע, סיי אין די ערטער וואו מיר לעבן, סיי אין מדינת ישראל. מיר האַלטן אַז דערציען קינדער ווי פּראָדוקטיווע אַרבעטס־ מענטשן לייזט נישט נאָר די עקאָנאָמישע פראַגע, נאָר עס ווירקט זיך גוט אויס אויפן גייסטיקן און געזעל־שאַפטלעכן לעבן פון דעם מענטש און די פעלקער".

פון דעם שטאָלץ און באַוואוסטזיין פון דער אייגענער ווירדע מיט וועלכע די ווערטער זיינען געשריבן געוואָרן, הערט זיך אַרויס די דערפרייענדיקע דער־שיינונג אַז דער האַנטווערקער פאַריין איז נישט נאָר אַ פאַך־ענין, נאָר אַז זיינע

מיטגלידער זיינען באוואוסטזיניק וועגן זייער יידישער חשיבות און די ראָלע וואָס זיי שפּילן אין לעבן פון דער קאָלעקטיוויטעט און לאַנד.

## ד) יידישע פּראָפעסיאָנאַלן אין טשילע

שוין פון די גאָר ערשטע יאָרן פון ישוב האָבן יידישע פּראָפעסיאָנאַלן בייגע־טראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון לאַנד טשילע. אַ רייע יידישע אינזשעניערן אָראָפּ־געבראַכטע פון אויסלאַנד פירן אָן מיט די בוי־אַרבעטן פון וויכטיקע רעגירונגס־בנינים און פּריוואַטע געביידעס.

אַזוי בויט דער אינזשעניער אַדאָלף ווינער ע"ה די געביידע פון דער נאַצ־יאָנאַלער ביבליאָטעק און אייניקע וועגן און בריקן וואָס פאַרלייכטערן דעם צוטריט צו דער הויפּטשטאָט. שפּעטער גרינדעט ער איינע פון די ערשטע גרעסערע אייזן גיסערייען אין לאַנד די „סאַנטאַ־עלענאַ".

אינזשעניער נ. ראַטיטשאָוו ע"ה, בויט די וויכטיקסטע אייזנבאַן סטאַנציע פון סאַנטיאַגאָ „מאַפּאָטשאָ" און אַרבעט ביי דער עלעקטריפיקאַציע פון דער אייזנ־באַן ליניע סאַנטיאַגאָ־וואַלפּאַראַיסאָ.

אינזשעניער עקיבא פּאָמעראַנץ ע"ה, בויט די אייזנבאַן ליניע קיין קוריקאָ און אַרבעט שפּעטער אין די קופּער־מינעס „לאָס קאָנדעס".

אינזשעניער לעאָן לעווי (אַ ספרדי) פירט אָן מיט די בוי־אַרבעטן פון דער נאַוואַל־באַזע אין טאַלקאַהואַנאַ, וואו עס שטייט דער וויכטיקסטער טייל פון דעם טשילענער קריגס־פלאָט.

אינזשעניער אַגראָנאָם יוסף לעווי, איז קאָנטראַקטירט געוואָרן פון דער רעגי־רונג מיטצואַרבעטן אין דער אַנטוויקלונג פון דער לאַנדעס־אַגריקולטור און פי־צוכט.

אַ רייע אויסלענדישע יידישע דאָקטוירים האָבן פאַרנומען פון די ערשטע צייטן אוניווערזיטעט קאַטעדרעס אין טשילענער אוניווערזיטעטן. צווישן זיי דאַרפן דער־מאָנט ווערן פּראָפ. מייערס, פּראָפ. מאַוריסיאָ בראַקמאַן. אין טשילע איז אַלס פּליט געשטאָרבן פּראָפ. ענריקע פינקעלשטיין, שעפער פון דער מאָדערנער פּעדי־אַטריע און גרעסטער ספּעציאַליסט פון דער מאַטעריע.

צווישן די אויסלענדישע פּראָפעסאָרן וואָס אַרבעטן אין טשילע פאַרנעמט אַ זייער אָנגעזעענעם אָרט פּראָפ. אַלעקסאַנדער ליפּשיץ, אַקאַדעמיקער און דירעקטאָר פון אינסטיטוט פאַר עקספּערימענטאַלער וויסנשאַפט.

גאָר גיך באַווייזט זיך דער אין טשילע אויסגעשולטער יידישער פּראָפעסיאָנאַל, וואָס ווערט שנעל שטייגן צו אוניווערזיטעט פּראָפעסור. דער ערשטער מעדיקער

דיפּלאָמירט אין טשילע איז געווען ד״ר דימענטשטיין. דער ערשטער דענטיסט, מאָוריסיאָ באַלטיאַנסקי, אַ פאַרמאַצעווט פון יעליסאָוועטגראַד.

היינט צו טאָג ציילט דער ישוב אַרום 300 אוניווערזיטעטאַריער וואָס מאַכט אויס אַ דורכשניט פון איין פּראָפעסיאָנאַל אויף יעדע הונדערט נפשות פון יידישן ישוב. אַ גאַנץ הויכער פּראָצענט. פאַראַן צווישן זיי דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, דענטיסטן, פאַרמאַצעווטן, אינזשעניערן, אַרכיטעקטן. מיר וועלן דאָ ברענגען אַ רשימה פון יידישע אוניווערזיטעטאַריער וואָס פאַרנעמען אוניווערזיטעט קאַטעדרעס, אָדער האָבן פאַרנומען אַזעלכע צו אַנדערע פּאָסטנס אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט.

## לויט אלף־בית

| | | |
|---|---|---|
| גרינבערג לעאָן | פּראָפ. | פילאָזאָפיע פון רעכט |
| דראַפּקין ישראל | ″ | קרימינאָלאָגיע. (פּרעז. פון טשילענער אינסטיטוט). |
| האָראָוויץ אברהם | ″ | וויצע־דירעקטאָר פון מוניציפּאַלן געזונטהייט־דינסט. |
| וויינשטיין אברהם | ″ | אינטערניסט. |
| וויינשטיין מאָוריסיאָ | ″ | דערמאַטאָלאָג. |
| וויינשטיין פיליפּ | ″ | דיעטיסט. |
| טעסטאַ ענריקע | ″ | האַנדלס־רעכט (שעף פון סעמינאַר). |
| יואל נחום | ″ | פּיזיק. |
| מעלניק כוליאָ | ″ | עקאָנאָמיסט פון „און״־ביוראָ „סעפּאַל״. |
| סימאָן וואַלטער | ″ | טראַטומאַטאָלאָג |
| סטיטשקין דוד | ″ | רעכט (רעקטאָר פון אוניווערזיטעט אין קאָנסעפּסיאָן). |
| סיני יחיאל | ″ | אַרבעטס־רעכט. |
| עדעלמאַן ענריקע | ″ | שפּראַכן. |
| פאַנאַט לעאָפּאָלד | ″ | דענטיסטערי (פּרעז. פון דענטיסטן פאַריין). |
| פּייוואָוויטש יעקב | ″ | פינאַנצן (נאַציאָנאַלער סענאַטאָר). |
| פּערלמאַן סימאָן | ″ | אַרכיטעקטור (וויצע־פּרעז. פון פאַקולטעט). |
| פּילאָוט יוליוס | ″ | פּעדאַגאָגיק. |
| פּליסקאָוו רפאל | ″ | דירעקטאָר פון שפּיטאָל פאַר סאָציאַלער פאַרזאָרגונג. |

| | | |
|---|---|---|
| פליפיש מאוריסיאַ | פּראָפ. | הויפּט־אַדוואָקאַט פון מוניציפּאַליטעט סאַנטיאַגאָ. |
| קמחי ענריקע | ״ | אינזשעניער. |
| שאולזאָן יעקב | ״ | ציוויל רעכט (נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט). |
| שווייצער מיגעל | ״ | שטראָף־רעכט. |
| שווייצער דניאל | ״ | פּרעזידענט פון אינסטיטוט פאַר שטראָף רעכט. |
| שאַטאַן יעקב | ״ | עקאָנאָמיסט פון „און״־ביוראָ „סעפּאַל״ |
| שוואַרצמאַן פעליקס | ״ | פילאָזאָפיע דער וויסנשאַפט. |

## פאַריין פון יידישע ציין־דאָקטוירים

הוץ זייער טעטיקייט אין די פאַרשידנסטע אינסטיטוציעס האָבן די טשילענער יידישע פּראָפעסיאָנאַלן געשאַפן אַ רייע־פאַריינען פאַר אַן אָרגאַניזירטע טעטיקייט אויפן געביט פון פאַרפולקאָמונג פון אָרטיקן יידישן לעבן, ווי אויך מיטווירקן אין דעם אויפבוי פון מדינת ישראל. יעדער פאַריין אויפן געביט פון זיין ספּעציאַליטעט.

---

דער ערשטער פון די דאָזיקע פאַריינען איז דער פאַריין פון יידישע ציין־דאָקטוירים, געגרינדעט דעם 14־טן מערץ 1951, מיטן צוועק צו פאַרייניקן די יידישע פאַכלייט פון דעם געביט, זיין זייער פאַרשטייער פאַר די צענטראַלע אָרגאַנען פון דער געמיינדע און מיטאַרבעטן מיט דער קאָלעקטיוויטעט אויף די געביטן וואו זייערע פאַכמענערישע קענטענישן זיינען ספּעציעל וויכטיק.

אַזוי האָט דער פאַריין אויסגעשטאַט אַ פולן ציין־קאַבינעט פאַר דער שולע פון ועד־החינוך. ער שיקט זיינע פאַרטרעטער אין דער יידישער פּאָליקליניק וואָס גיט מעדיצינישע הילף די קראַנקע פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

דער פאַריין שטרעבט אויך צו פאַרפולקאָמען די פאַכקענטעניש פון זיינע מיטגלידער דורך ספּעציעלע שמועסן וואָס ווערן פּעריאָדיש אָפּגעהאַלטן.

איין מאָל אין מאָנאַט ווערט איינגעאָרדנט אַ חבר׳לעכער מיטיק, בכדי צו פאַרפעסטיקן און אַנטוויקלען פריינדשאַפט באַציאונגען צווישן די יידישע פאַכמענטשן פון דער ספּעציאַליטעט.

דער פאַריין אַרבעט אויך מיט פאַר דער פאַרפולקאָמונג פון דער מעדיצין אין מדינת ישראל. ער האָט געמאַכט ספּעציעלע שפּענדן פאַר דער שולע פון דענטיס־טעריי ביי דער העברעאישער אוניווערזיטעט אין ירושלים. ער איז אָנגעשלאָסן

אין דעם פאַרבאַנד פון פריינד פון דער דאַזיקער אוניווערזיטעט. ער איז אויך אָנגעשלאָסן אין דעם רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט פון דער טשילענער יידישער קאָלעקטיוויטעט.

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער פאַריין איז דער פאַקט וואָס ער ציילט צווישן זיינע גרינדער און פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אַ היפּשע צאָל פרויען.

## יידיש־טשילענער מעדיצינישער צענטער

געגרינדעט דעם 26־טן יולי 1953, אויף דער איניציאַטיוו פון ד״ר חיים מאטלים, האָט זיך דער פאַריין געשטעלט די אויפגאַבעס צו פאַראייניקן אַלע יידישע מעדיצינער, דאָקטוירים און פּראַקטיקאַנטן; העלפן אַנטוויקלען זייערע פּראָפעס־יאָנאַלע קענטעניש און הויבן זייער אַלגעמיינעם קולטור־ניוואָ; גרינדן אַ ביבליאָ־טעק, שאַפן סטיפּענדיעס און פּרעמיעס, בייהילפיק זיין מיט ראַט און טאַט און לייזן די מעדיצינישע פּראָבלעמען פון דער קאָלעקטיוויטעט דורך אירע מעדיצינישע אינסטיטוציעס; מיטאַרבעטן מיטן מעדיצינישן פאַקולטעט פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט אין ירושלים און אַלע מעדיצינישע צענטערן פון די תפוצות.

דער פאַריין איז אָנגעשלאָסן אין די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון דער קאָ־לעקטיוויטעט, ווי אויך אין „ועד החינוך״ און יידישן פּאָליקליניק. ער האָט אויך איינגעאָרדנט אויפנאַמעס פאַר יידישע וויסנשאַפטלער פון מדינת ישראל: פּראָפ. אהרן קאַטשאַלסקי און די דאָקטוירים י. קאַנאָוויטש און כ. דוקאַטש, און האָט אויך באַערט די אָרטיקע יידישע מעדיקער, דרי״ם א. ווײַנשטיין, י. דראַפּקין און כ. פּליסקאָוו, ווען זיי זיינען אויסגעצייכנט געוואָרן פאַר זייערע פאַרדינסטן אין דער מעדיצינישער באַדינונג פון לאַנד. ד״ר ר. פּליסקאָוו האָט אויך פיל מיטגע־האָלפן ביי דער מעדיצינישער באַהאַנדלונג פון חלוצים, שח״ם און יוגנט־עליה.

## פאַריין פון יידישע אוניווערזיטאַריער

דער ביישפּיל פון די יידישע מעדיקער און ציין־דאָקטוירים האָט אויך באַ־ווירקט די אַנדערע יידישע אוניווערזיטאַריער, וואָס האָבן געגרינדעט אָנפאַנג 1955 דעם אויבנדערמאָנטן פאַריין.

דער פאַריין אָרדנט איין יערלעכע צוזאַמענקונפטן פון אוניווערזיטאַריער אויף וועלכע עס ווערן אויסגעהערט רעפעראַטן און געפירט דיסקוסיעס איבער וויסנ־שאַפטלעכע און יידישע טעמעס.

דער פאַריין האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אין אַן אומפּאַרטייאישער ציוניס־

טישער גרופירונג, אַנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע, וואָס אַרבעט מיט מיט דער „פאַטוואַ", די אָרגאַניזאַציע פאַר מאָביליזירן אוניווערזיטאַריער פאַר מדינת ישראל. די פאַריינס מיטגלידער באַטייליקן זיך אין דער „שחם"באַוועגונג און אַנדערע ציוניסטישע אַקטיוויטעטן.

דער פאַריין גיט אַרויס אַ פּעריאָדישע אויסגאַבע מיטן נאָמען „השחר" און שטרעבט אויך צו באַאיינפלוסן דאָס אָרטיקע יידישע לעבן ווי אויך אַנצושליסן אין זיינע רייען אַלע אוניווערזיטאַריער פון דער קאָלעקטיוויטעט.

## ה) שרייבער און קינסטלער

### יידן אין דער טשילענער מוזיק

יידן פאַרנעמען אַ גאַנץ אָנגעזעענעם אָרט אין דער טשילענער מוזיק, אַלס קאָמפּאָזיטאָרן, דיריגענטן און אינסטרומענטאַליסטן. ברענגען מיר דאָ אַ רשימה פון יידן וואָס האָבן זיך קונה שם געווען אין לאַנד אויף דעם געביט.

| | | |
|---|---|---|
| טעוואַה וויקטאָר | — | דיריגענט פון סימפאָנישן אָרקעסטער פון טשילע. |
| האַנדלער איזידאָר | — | דיריגענט פון סימ. אָרקעסטער אין ווינײַ דעל מאַר. |
| פייזער כואַן | — | וויצע־דיריגענט פון סימ. אָרקעסטער פון טשילע. |
| וואַנג פּרעדי | — | ערשטער פידלער פון סימ. אָרקעסטער פון טשילע. |
| לאַעוו האַנס | — | טשעליסט פון סימפאָנישן אָרקעסטער פון טשילע. |
| וואַים העלענע | — | קלאַוויסיניסטן. |
| טשיטששעלניצקי רבקה און עדית פישער | — | פּיאַנאָ קאָנצערטיסטינס. |
| קליינמאַן ענריקע און טעריי סטעפאַן | — | ערשטע פידלען. |
| טשערניאַק חיים | — | צווייטער פידל. |

### אין דער טעאַטער קונסט

האָבן זיך אויסגעצייכנט: מעלניק קאַקאַ און פישער פאַני, פון עקספּערימענטאַלן טעאַטער ביי דער אוניווערזיטעט פון טשילע, און אַקסמאַן סילוויאַ, דראַמאַטישע אַרטיסטין.

## אויפן געביט פון ספאָרט: קאַמפּעאָנען

רובי און קארמען באנדער, קאַמפּעאָנין און וויצע־קאַמפּעאָנין פון שווימען פאַר פרויען. ראָבערט לעווי פרידמאַן און עדוואַרד ווײַנשטיין, קאַמפּעאָן און וויצע־קאַמפּעאָן פון געפעכט.

## יידן אין דער טשילענער ליטעראַטור

עס איז באמת צו באַוואונדערן ווי יידן האָבן זיך שנעל איינגעלעבט אין טשילע, און ווי זייערע קינדער, געבוירענע אָדער דערצויגענע אין לאַנד, האָבן זיך גיך אידענטיפיצירט מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג, ביז קאָנען אַרויסברענגען די שטימונגען און איבערלעבונגען פון טשילענער מענטשן און די גראַנדיעזע שיינקייט פון דער טשילענער נאַטור אין פּאָעזיע, פּראָזע, טעאַטער, ווי אויך זאָגן זייער וואָרט אין דער טשילענער זשורנאַליסטיק.

ברענגען מיר דאָ אַ רשימה פון יידישע זין און טעכטער וואָס האָבן בייגעטראָגן צו דער טשילענער ליטעראַטור, ווי אויך צו דער יידישער ליטעראַטור אויף שפּאַניש און יידיש, וואָס איז דאָך אַן אינטעגראַלער טייל פון דער טשילענער ליטעראַטור. די רשימה קומט אין אלף־בית אָרדנונג, אָנדייטנדיק די וויכטיקסטע ווערק פון די מחברים.

פאַרשטאָרבענע: זינגער שרה — נאָוועלע „סאָניאַ". ראָזענבלוט פאַני — ראָמאַן „סאַנדרא גאַלאַקאָווסקי".

ביים לעבן: אַלבאַלאַ לעווי אַנאַ, פּאָעטן, פּאָעזיען: „ציקלאָן און איינזאַמקייט". רעדאַקטאָרין פון „לאַס אולטימאַס נאָטיסיאַס".

| | | |
|---|---|---|
| בנארי שמואל | — | ראָמאַן „צוריקקער פון פריינט". |
| בעהם גונטער | — | היסטאָריקער. ווערק: „די יידן אין טשילע אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע". |
| בערמאַן נאַטאַליאַ ד"ר | — | מעדיקער, עקס־דעפּוטאַט. נאָוועלע „פּאַראַדאָקסן". |
| גאַלאַי יוסף ד. | — | דערציילער. |
| גוגענהיים מ. קאַרלאָס | — | ווערק איבער דער יידישער איינוואַנדערונג אין די יאָרן 1933־39. |
| דייוויס אַרטור | — | זשורנאַליסט. |
| האַדזשעס | — | פּאָעט. |

| | | |
|---|---|---|
| ווײַנשטיין מאַרקאָס | — | מעדיקער (וואַלפּאַראַיסאָ). אָפּהאַנדלונגען איבערן מהות פון יידישקייט. |
| ווײַס אָסקאַר | — | פּאָליטישער קאָמענטאַטאָר |
| זײַדעל מיגעל | — | זשורנאַליסט. ווערק „דאָס יידישע פאָלק". |
| חאַדאַרקאָווסקי רחל | — | פּאָעטין. |
| טײַטעלבוים וואָלאָדיאַ | — | „דער אויפקום פון קאַפּיטאַליזם און די דעראָבערונג פון אַמעריקע". |
| טשאַמודעס מאַרקאָס | — | זשורנאַליסט: עקס־דעפּוטאַט. |
| כהן־ברענער אַדאָלף | — | טעאַטער־ווערק. |
| לעווי ראָבערט | — | רעדאַקטאָר פון „לאָס אולטימאָס נאָטיסיאָס". |
| נעמואַן ענריקע | — | פאַרשידענע נאָוועלן. |
| עספּינאָסאָ ענריקע | — | (ש. גלוזבערג), נאָוועלע „רייזע חברים", עקס־רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „בבל". |
| קאָפּמאַן הײַנס | — | זשורנאַליסט. |
| ראָזענמאַן דוד | — | פּאָעזיען. |
| ראָזענבלאַט | — | פּאָעזיען. |
| שמולעוויטש אפרים | — | נאָוועלע „דאָס קינד איז געבוירן אַ ייד". |

## יידן אין דער יידישער און יידיש־שפּאַנישער ליטעראַטור

נפטרים:

| | | |
|---|---|---|
| אַלוני מנחם | — | אַדוואָקאַט. רעדאַקטאָר פון „מונדאָ כודיאָ". |
| גיסער משה דוד | — | פּאָעט און זשורנאַליסט. |
| קאַכאַנאַ באָרים | — | ערשטער יידישער זשורנאַליסט אין טשילע. גרינדער פון דער עספּעראַנטיסטישער באַוועגונג. |

ביים לעבן:

דירעקטאָרן פון די אויסגאַבן צווישן 1946 — 1919: „רענאַסימיענטאָ", „נועסטראַ אידעאַל", „נאָסאָטראָס", „נועוואַ עפּאָקאַ", „איזראַעל": — דראַפּקין ישראל ד"ר, דייוויס אַרטור, ווײַנשטיין מאָוריסיאָ ד"ר, טעסטאַ ענריקע, טשעטשעלניצקי אַדאָלפאָ, לעווי ראָבערט, פּיוואָוויטש אַנבעל, פּאַלאַנאַ ג. כוליאָ, קאַפּמאַן מאַרקאָס ד"ר, קרענאָוויטש סימאָן.

רעדאַקטאָרן פון „מונדאָ כודיאָ": גאַמבעראָוו לעאָן, גאַמבעראָוו יעקב,

גלייזער שמואל, טעליאס ל. סאַלוואַדאָר, לעווי ראָבערט, מאַלדאַווסקי מיגעל, מעלניק כוליאָ.

רעדאַקטאָרן פון „אלמא העברעא", (טעמוקאָ): לעווי ראָבערט, מאַיאָ איסאַק.

רעדאַקטאָרן פון „דאָס יידישע וואָרט": בלומשטיין יצחק, דובינאָווסקי דוד, וויטאַל נח (גרינדער פון יידישן זשורנאַליזם אין טשילע, דערציילער), לערנער פאַליק, פילאָווסקי יעקב, דערציילער.

## נישט־יידן וואָס האָבן געשריבן אויף יידישע טעמעס

די פריינטלעכע באַציאונגען צווישן יידן און די טשילענער אינטעלעקטועלע קרייזן, האָט זיך איינגעשטעלט גאָר פרי. אַ היפּשע ראָלע האָבן דערביי געשפּילט די גאַטונגען פון יידישן אָפּשטאַם, נאָענטן אָדער ווייט־ווייטן, וואָס רודערן אין די געפילן און געדאַנקען פון אַ סך טשילענער.

ברענגען מיר דאָ אַ רשימה, אין אלף־בית אָרדנונג, פון טשילענער שרייבער, פּאָליטיקער, זשורנאַליסטן און סתם אינטעלעקטואַלן וואָס האָבן גענומען אַ וואָרט וועגן יידן און זייערע פּראָבלעמען.

פ אַ ר ש ט אָ ר ב ע נ ע :

וואַטיער קאַרלאָס (נאָוועלע, „יידן־נאַכט"), וויקוניאַ מאַקענאַ בענכאַמין (שרייבער), טהייער אָבעדאַ לואיס (היסטאָריקער), מיסטראַל גאַבריעלאַ (פּאָעטן, נאָבל־פּרייז), מעדינאַ כאָסע טאָריביאָ (היסטאָריקער), מיקלאָס עלמער (אונגאַרי־שער שרייבער געשטאָרבן אין טשילע).

ב י י ם ל ע ב ן :

אַפּאַריסיאָ אַנטאָניאָ, גאָנזאַלעס ווערא כאָסע, הערנאַנדעס כוועגאַל (עקס־מיניסטער), הערערא פעליפּע (עקס־מיניסטער), וויקוניאַ אַלעקסאַנדער פּרעסביטער (ביבלישע ווערק), טאַפּיאַ מאָארע אַסטאָלפאָ (עקס־פּרעזידענט פון דעפּוטאַטן קאַ־מער), לאַרראַין דע קאַסטראָ קאַרלאָס (קאַטוילישער היסטאָריקער), לאַטשאַם אַ. ריקאַרדאָ (פּראָפעסאָר קריטיקער), סובערקאַסאָ בענכאַמין (שרייבער), פּינאָטשעט טאַנקרעדאָ (זשורנאַליסט).

## ו) רעזומען

אַרום 30 טויזנט יידן, כן ירבו, לעבן היינט אין טשילע. זיי זיינען געקומען פון אַלע עקן וועלט, געטריבן סיי פון אויסערליכע פאַרפאָלגונגען, סיי פון דער

אינערלעכער שטרעבונג צו שאפן בעסערע לעבנס־באדינגונגען פאר זיך און פאר זייערע פאמיליעס.

יידן פילן די גרעסטע אנערקענונג צום לאנד און פאלק פון טשילע, וואו זיי האבן זיך איינגעארדנט און פילן זיך גאנץ היימיש. די דאזיקע אנערקענונג איז נישט באגרעניצט בלויז אויף די יידן פון טשילע. די יידישע סאלידאריטעט איבער דער גארער וועלט האט געבראכט צו דעם אז דער נאמען פון טשילע זאל דערמאנט ווערן מיט סימפאטיע איבער דער גאנצער גרויסער וועלט וואו יידן לעבן. סיי אין די תפוצות, סיי אין מדינת ישראל, וואו א רייע זידלונגען און אינסטיטוציעס טראגן דעם נאמען פון טשילע און פון איר נאציאנאלן העלד, בערנארדא א׳היגינס. יידן זיינען, ווי אלעמאל און אומעטום, נישט געבליבן אומדאנקבאר און ענטפערן מיט פריינדשאפט אויף פריינטשאפט.

אבער אויך טשילע האט נישט דערלייגט צו איר יידישן ישוב. אנהאלטנדיק זייער יידישער אידענטיטעט, זיינען די טשילענער יידן אידענטיפיצירט מיט די אינטערעסן פון לאנד און שטייערן מיט אין א רייע געביטן פאר דער אנטוויקלונג פון אירע נאטירלעכע רייכטימער, פארן פראגרעס פון איר עקאנאמיק, פארן וואוקס פון איר קולטור, פאר דער פארפיינערונג פון איר קונסט, פאר דער דערהויבונג פון דעם לעבנס־סטאנדארט פון איר באפעלקערונג.

דאס בעסטע שותפות איז אין דעם פאל ווען עס זיינען פאראן קעגנזייטיקע אינטערעסן און קעגנזייטיקע סימפאטיע. די דאזיקע צוויי הויפט־כוחות אין דער מענטשלעכער געזעלשאפט זיינען געקומען צו א גאנץ הויכן אויסדרוק אין די באציאונגען צווישן דעם יידישן ישוב אין טשילע און דער סביבה אין וועלכער ער איז ארייגעוואקסן, נישט פארטושענדיק און נישט פארלייקענענדיק זיין אייגענע אינדיווידואליטעט.

דער טשילענער רעגירונג און פאלק קומט דער קרעדיט פאר טאלעראנץ אין דעם זין וואס זשארזש וואשינגטאן האט אמאל דעפינירט: נישט ווי א דולדונג פון שטארקע צו שוואכע, נאר ווי א פרייע באציאונג צווישן גלייכע.

גלייכהייט און מענטשלעכקייט, יסודות פון דער טשילענער קאנסטיטוציע און פאלקס־כאראקטער. זיינען די גאראנטיע פאר פרייהייט פון לאנד און פון זיינע איינוואוינער, צווישן זיי דער יידישער ישוב, וואס טרעט איצט אריין אין דער צווייטער העלפט פון זיין ערשטן יארהונדערט מיט אפטימיזם און מיט דער כוונה צו זיין נוצלעך זיך, זיינע מיטמענטשן און דעם לאנד אין וועלכן ער לעבט.

קאַפּיטל פופצן

# געמיינדעס פון אינלאַנד

## א) ישובים אין פּראָווינץ

גוטע 90 פּראָצענט פון טשילענער יידישן ישוב איז קאָנצענטרירט אין דער הויפּט־שטאָט סאַנטיאַגאָ. קוים אַ 3 טויזנט נפשות זיינען צעוואָרפן אין אַ רייע קלענערע ישובים פון אַריקאַ ביז מאַגאַזשאַנעס. פאַראַן ערטער וואו עס זיינען דאָ בלויז איינצעלנע משפּחות, אָבער כּפי זיי געפינען זיך אויף דער באַן־ליניע וואָס פאַרייניקט די הויפּט־שטאָט סאַנטיאַגאָ מיטן הויפּט־האַפן פון לאַנד, וואַלפּאַראַיסאָ, האָבן זיי נישט געקאָנט אַנטוויקלען קיין אייגענעם יידישן לעבן און זיינען אָנגעשלאָסן אין איינעם אָדער דעם צווייטן פון די אויבן־דערמאָנטע גרעסערע ישובים.

אויף דער רשימה פון פאַרייניקטן קאַמפּיין, וואָס קאָנצענטרירט דעם גרעסטן טייל פון טשילענער ישוב אין זיינע פיר סעקטאָרן: מזרח־אייראָפּעאישע אשכּנזים, דייטש־שפּראַכיקע אשכּנזים, ספרדים, אונגאַריש־שפּראַכיקע אשכּנזים, פיגורירן 19 ישובים און גרופּעס אין פּראָווינץ, פון וועלכע 11 האָבן אָרגאַניזירטע יידישע פאַריינען. דאָס זיינען אין דער אָרדנונג פון גרעסער צו קלענער: וואַלפּאַראַיסאָ, טעמוקאָ, קאָנסעפּסיאָן, וואַלדיוויאַ, לאַ־סערענאַ, פּוערטאָ מאָנט, קאָפּיאַפּאָ, ראַנקאַגואַ, לאָס־אַנכעלעס, אָסאָרנאָ און טאַלקאַ. די אַנדערע 8 ישובים האָבן נישט קיין אָרגאַניזירטע פאַריינען. דאָס זיינען, אין דער אויבנדערמאָנטער אָרדנונג: אַריקאַ, טשיזשאַן, קאָקימבאָ, אַנטאָפאַגאַסטאַ, איקיקע, אָוואַזשע, קוריקאָ און סאַן־פערנאַנדאָ.

וועלן מיר אָנהויבן מיט דעם וויכטיקסטן ישוב אין פּראָווינץ, וואַלפּאַראַיסאָ, וואָס ציילט העכער דריי הונדערט משפּחות פון די פיר סעקטאָרן.

## ב) וואַלפּאַראַיסאָ

דער נאָמען פון דער שטאָט באַדייטעט „דער גן־עדן טאָל", אַזוי האָבן די

שפאַנישע דעראָבערער פון טשילע אַ נאָמען געגעבן דעם געגנט צוליב זיינע נאַטור שיינקייטן אויף בערג פון שטילן אָקעאַן. אין דער לויפנדיקער שפּראַך פון געברויך ווערט די שטאָט אָפטער באַצייכנט ווי „על פּוערטאָ״ — דער האַפן, ווייל זי דינט אַלס הויפּט־האַפן פון לאַנד און פאַר דער הויפּט־שטאָט סאַנטיאַגאָ.

די ערשטע יידן זיינען אָנגעקומען קיין וואַלפּאַראַיסאָ אַרום 1906, צוזאַמען מיט אַנדערע אימיגראַנטן פון אייראָפּע, וואָס זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן דורך דער רעגירונג פון לאַנד אויף אירע הוצאות, מיט אַ צוגאָב פון אַ פרייען באַן־בילעט אַרומצורייזן איבערן לאַנד אויף אָפּצוזוכן אַ פּאַסיקן פּלאַץ פאַר דעפיניטיוון באַזעצן זיך.

צו די פאַמיליעס: בראָנפמאַן, יאַנקעלעוויטש, שווייצער, באַלטיאַנסקי, סמיר־נאָף, וויינשטיין א. א., וואָס זיינען געקומען דירעקט פון אייראָפּע, זיינען צוגעקומען אַ פּאָר פאַמיליעס אַריבערגעקומענע פון אַרגענטינע: דימענטשטיין (פון קאָל־מאָר־ריסיאַ), האָראָוויץ (פון מאָזעסווילע), ירחי (ע. ריאַס). עס זיינען אויך געווען גע־צײלטע ספרדישע פאַמיליעס: י. טעבאַה, א. דניאל, א. ווענטורא א. א.

די עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן זיינען נישט געווען איבעריק גרויס. די שטרע־בונגען צו אָרגאַניזירן אַ יידיש לעבן איז די ערשטע צייט געווען נישט איבעריק שטאַרק, ווען אפילו מען האָט צום ערשטן מאָל געדאַוונט במנין יום כפור פון תר״ע (1909) ביי גאַנץ טראַגישע אומשטענדן, וואָס פאַרדינען זיי זאָלן פאַרצייכנט ווערן לדורות.

געשטאָרבן אַן עלטערער ייד, ר׳ גדליהו, דער פאָטער פון דער פאַמיליע סמיר־נאָף, וואָס האָט מיט אַ דריי חדשים צוריק איינגעוואַנדערט פון יעליסאָוועטגראַד (רוסלאַנד). האָט מען דעם נפטר געבראַכט צו קבר ישראל אויפן אַלגעמיינעם בית־עלמין. ווען מען האָט זיך נאָך קבורה אַוועקגעזעצט אויסרעכענען דעם יידישן דאַטום, האָט מען זיך געכאַפּט אַז דער טאָג איז געווען יום־כפור, ווענן וואָס מען האָט לכתחילה אפילו קיין אַנונג נישט געהאַט. באַלד איז מען אַוועק אין הויז פון דער פאַמיליע מאַרקמאַן, מען האָט צוזאַמענגעקלאַפּט אַ מנין פון קוים ניין דערוואַקסענע און אָפּגעריכט ווי עס געהער צו זיין דאָס וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון דעם יום־הקדוש. מען האָט אַפילו עולה־לתורה געווען, אָבער געלייענט האָט מען פון אַ געדרוקטן חומש, ווייל קיין ספר תורה איז נישט געווען בנמצא.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־קריג, און וואַלפּאַראַיסאָ, אַלס האַפן, האָט דורכגעמאַכט אַ שאַרפן קריזיס, איז זיך דער עולם צופאָרן. די גאַנצע יידישע געמיינדע איז געבליבן רעדוצירט צו קוים אַרום צוואַנציק נפשות. דער קריזיס האָט אָנגעהאַלטן ביז 1916, ווען דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אומקערן צוריק, און עס איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער יידישער פאַריין,

בשותפות פון ספרדים און אשכנזים, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון ד"ר מאַקס נאָרדוי. דער פאַריין עקזיסטירט ביז היינט, אָבער זיינע מיטגלידער זיינען בלויז ספרדים.

דער פאַריין וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אַ גרויסן יידישן אינטעלעקטואַל, האָט זיך גראָד געשטעלט לכתחילה בעיקר צילן פון וואוילטעטיקייט. שוין אין יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן דורצורייסן איינצעלנע יידישע אימיגראַנטן, פליטים פון ווייטן מזרח וואָס האָבן געצויגן צו קרובים אָדער סתם קיין ב. איירעס, און דער קליינער ישוב פון וואַלפּאַראַיסאָ, וואָס ליגט אויפן וועג, האָט זיי געמוזט אַרויסהעלפן.

האָבן זיך דעם 25־טן אַפּריל פון 1916, אין הויז פון ה' יוסף ראָזענבלאַט פאַרזאַמלט אַ גרופּע פּערזאָנען און באַשלאָסן צו גרינדן אַ הילפס־פאַריין. מיט פיר טעג שפּעטער, דעם 29־טן אַפּריל, איז אין געשעפט פון בוליאַ ווײַנשטיין, וואָס וועט אין משך פון אַ רייע יאָרן שטיין בראש פון ישוב, פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַרום דרייסיק פּערזאָן. דער פאַריין איז פאָרמעל געגרינדעט געוואָרן, באַקומען דעם נאָמען „מאַקס־נאָרדוי", וואָס ער טראָגט ביז היינט און אַלס ערשטער פּרעזידענט איז דערוויילט געוואָרן יוסף ראָזענבלאַט.

די באַלפור דעקלאַראַציע פון 1917, די מאַניפעסטאַציע לכבוד דעם וואָפנ־שטילשטאַנד נאָכן ערשטן וועלט־קריג אין נאָוועמבער 1918, ווירקן אין וואַלפּאַ־ראַיסאָ אין דער זעלביקער באַמוטיקנדיקער ריכטונג וואָס אין סאַנטיאַגאָ. יידן באַטייליקן זיך שוין אין דער מאַניפעסטאַציע ווי אַ באַזונדער גרופּע און טראָגן פאַר זיך עפנטליך די יידישע פאָן. אין 1919 באַטייליקט זיך דער פאַריין „מאַקס־נאָרדוי" אין ערשטן יידישן קאָנגרעס פון טשילע. דער יידישער ישוב פון וואַלפּאַ־ראַעסאָ קאָן באַטראַכט ווערן פאַר דעפיניטיוו געגרינדעט.

אָבער דעם שלום בית צווישן ספרדים און אשכנזים האַלט נישט אָן צו לאַנג. אויף וויפילביידע עדות וואַקסן אין צאָל ווערט אַלץ שווערער דאָס צוזאַמענלעבן אין איין פאַריין. צוליב די פאַרשידענע נוסחאות אין דאַווענען, פאַרשידענע הברה פון די העברעאישע ווערטער, און בכלל פאַרשידענע באַגריפן וועגן יידישקייט. אין 1922, טיילן זיך אָפּ די אשכנזישע מיטגלידער, 26 אין צאָל, און גרינדן די „אוניאָן איזראַעליטאַ דע וואַלפּאַראַיסאָ", וועמענס ערשטער פּרעזידענט איז ה' הענעך פרידמאַן. דער פאַריין „מאַקס־נאָרדוי" זעצט פאָר זיין עקזיסטענץ ווי אַ ריין ספרדישער פאַריין.

אין 1924 געלינגט עס דעם פאַריין אוניאָן איזראַעליטאַ צו באַקומען אַ באַ־זונדער מקום־קבורה אויפן אַלגעמיינעם בית־עלמין, אַ מאַוזאָליי וואָס איז באַנייט

געוואָרן דעם זעלבן יאָר מיט אריבערפירן אהין די רעשטן פון די נפטרים וואָס זיינען געווען באערדיקט אין אַלגעמיינע קברים. דער באָדן פון וואַלפּאַראַיסאָ איז שטארק דורכגעדרינגען מיט סאַליטרע וואָס פארצערט די רעשטלעך פון מענטשלעכן געביין, אַזוי אַז פון איינעם אַ נפטר מיט יאָרן צוריק האָבן געקאָנט איבערגעפירט ווערן בלויז אַ פּאָר ביינדלעך מיט אַ היפשער ווייסער באָרד...

די אוניאָן איזראעליטאַ וואָס קויפט איר ערשטע אייגענע געביידע אין 1930 אויף אַוועניִדאַ ארגענטינאַ 641, שליסט איין אין איר טעטיקייטס־קרייז אויסער שול־ שולע, ביבליאָטעק און מקום קבורה, אויך וואוילטעטיקייט, ציוניזם און אַר־ ביטראַזש, אַזוי אַז מיט דער צייט ווערט זי פאַרוואַנדלט אין אַ פאַקטישער קהילה.

כמעט גלייכצייטיק מיט דער גרינדונג פון דער „אוניאָן איזראעליטאַ”, הויבט זיך אָן די אָרגאַניזירונג פון דער יוגנט אין דעם ציוניסטישן פאַריין ד״ר הערצל, אייניקע פון זיינע אַמאָליקע מיטגלידער פאַרנעמען איצט לייטנדיקע פּאָזיציעס אין טשילענער ציוניזם.

אין 1931 הויבט זיך אָן די אָרגאַניזירונג פון דער יוגנט אויפן געביט פון ספּאָרט. דעם 11־טן דעצעמבער ווערט געגרינדעט דער יידישער ספּאָרט־קלוב, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דעם פאַריין יידישע יוגנט און וועט שפּעטער צוגעבן צו זיין נאָמען דאָס וואָרט „מכבי”, ווען אפילו ער וועט פאַרבלייבן באַקאַנט און אויך פּאָפּולער אין די אַלגעמיינע ספּאָרט־קלובן פון דער שטאָט מיטן נאָמען „איזראַ־ עליטאַ”, וואָס האָט זיך דערוואָרבן סיי אַ שם אויפן ספּאָרט־געביט, סיי סימפּאַטיע אין דער געזעלשאַפט. דער קאָליר פון דעם פאַריין איז הימל־בלוי (תכלת). דער פאַריין איז געווען וויצע־קאַמפּעאָן פון שטאָט אין 1935.

אין 1951 וועט דער ספּאָרט־פאַריין מיט דער מיטהילף פון דער גאַנצער קאָלעקטיווייטעט, אשכנזים, ספרדים און דייטש־שפּראַכיקע, דערגרייכן צו האָבן אַ פּרעכטיקע אייגענע געביידע, מיט גימנאַזיומס, אקטן־זאַל, עס־צימער, סעקרע־ טאַריעס, וואָס איז געוואָרן אַן אמת׳ע היים פאַר דער אָרטיקער יידישער יוגנט. אין דעם יובל־יאָר פון ישוב, פייערט דער יידישער ספּאָרט־פאַריין פון וואַלפּאַ־ ראַיסאָ זיין זילבערנער חתונה, און ווערט אָנגעפירט פון אַ פאַרוואַלטונג אין וועל־ כער עס אַרבעטן מיט יוגנטלעכע פון די דריי סעקטאָרן פון דער געמיינדע.

אין 1937 ווערט געגרינדעט די וויצאָ־אָפּטיילונג אין וואַלפּאַראַיסאָ, וואָס אַנטוויקלט ביז היינט אַ שטאַרקע, פרוכטבאַרע טעטיקייט. די יידישע פרוי אין וואַלפּאַראַיסאָ איז אַן אַקטיווע מיטבויערן פון דעם דאָרטיקן יידישן לעבן.

די פאַרגרעסערטע אימיגראַציע פון דייטש־שפּראַכיקע יידן ברענגט צו דעם אַז אין 1939 זאָל אין וואַלפּאַראַיסאָ געגרינדעט ווערן אונטערן פאָרזיץ פון ה׳ לעאָ

מעגלער א פאריין פון דייטש־שפראכיקע יידן מיטן נאמען „הבונים”, ווי אויך א לאזשע פון די „בני־ברית”.

ביים פאריין איז אויך פאראן א פרויען־סעקציע וואס אנטוויקלט אויסער א זוואוילטעטיקע אויך א קולטורעלע טעטיקייט. די סעקציע האט איינגעארדנט א לייך־ביבליאטעק, און, נישט האבנדיק קיין אייגענעם לאקאל, פלעגט דער ביכער טויש א צייט־לאנג פארקומען אין קאפע־הויז „סיטי”, אויף דער גאס א׳היגינס. די צוזאמענקונפטן פאר ביכער־טויש פלעגן פארקומען וועכנטלעך, וואס באווייזט אויף א גאנץ באדייטנדיקן אינטערעס אין לייענען.

אויף פארשידענע געביטן פון קהלה־לעבן האבן זיך די דייטש־שפראכיקע יידן אנגעשלאסן אין „אוניאן איזראעליטא”, און דאס האט געבראכט צו אן אויפשוואונג אין די קהלה־מעסיקע טעטיקייט פון פאריין.

אזוי איז אין 1946 געקויפט געווארן א נייער גרעסערער בנין, וואו עס פונקציאנירט א גוט־איינגעארדנטע שולע, און עס איז פאראן א ספּעציעל־געבויטע שול, די איינציקע אין די פּראווינץ־געמיינדע פון ישוב. די שיל איז פיין אויסגעשטאט און געהעריק אויסמעבלירט און מאכט דעם איינדרוק פון א אמתן מקום קדוש. דעם 12־טן אקטאבער פון 1947 איז די נייע געביידע פייערלעך באניים געווארן און דינט ביז היינט מיט איר שיל, שולע, ביבליאטעק און קלוב־צימערן, ווי א ווירקלעכע היים פארן אשכנזישן ישוב פון וואלפאראיסא.

אין 1954 איז סוף־כל־סוף געקויפט געווארן א באזונדערער בית־עלמין, וואס געפינט זיך אפילו א 25 קילאמעטער פון שטאט, אבער ער דערפילט דאך די פונקציע פון אן אבגעזונדערטן פלאץ פאר דער אייביקער רוה פון די יידישע נפטרים, א לאנגיאריקע אספּיראציע פון יונגן ישוב

דער יידישער ישוב פון וואלפאראיסא איז אויך דער בעסטער, וואס איז סאציאלאגיש שטודירט געווארן, א דאנק דער וויסנשאפטליכער צענז וואס דער דארטיקער השומר הצעיר האט דורכגעפירט אין 1954.

פאלגנדיקע טאבעלע גיט א קלארן איבערזיכט וועגן דעם אזוי צו זאגן „עטנישן” צוזאמענשטעלן פון ישוב.

| געמיינדע | משפחות | פערזאנען | פראצענטזאץ |
|---|---|---|---|
| מערב־אייראפּעאישע אשכנזים | 132 | 318 | 30.3% |
| מזרח־אייראפּעאישע אשכנזים | 127 | 478 | 45.5% |
| ספרדים | 118 | 193 | 18.4% |
| פארשידענע | 17 | 61 | 5.8% |
| ס״ה | 394 | 1050 | 100% |

ווי עס איז צו זען געבן די ספרדים דעם גרעסטן דורכשניט פון נפשות אויף א פאמיליע, (4), נאך זיי קומען די מזרח־אייראפעאישע אשכנזים (3.3), די קלענסטע פאמיליע אין דורכשניט איז ביי די מערב־אייראפעאישע אשכנזים (2.4). די זעלבע רעלאטיווע באציאונג צווישן די דריי גרופן קאן מען אויך באמערקן אויפן געביט פון געמישטע הייראטן. די ספרדים געבן דעם העכסטן פראצענט (40), די מזרח־אייראפעאישע אשכנזים עטוואס מער פון 7, און די מערב־אייראפעאישע אשכנזים קנאפע 6 פראצענט. דער אלגעמיינער פראצענטזאץ פון געמישטע הייראטן איז ארום ניין.

אויב מען זאל אננעמען דעם זעלביקן פראצענט־זאץ פארן גאנצן ישוב, און אין סאנטיאגא שיינט ער צו זיין א עטוואס קלענערער, קאן מען זאגן מיט א געוויסער זיכערקייט אז די קלאנגען וועגן עקסטרעמער אסימילאציע אין טשילענער יידנטום זיינען „היפש איבערגעטריבן". דערביי איז כדאי צו פארצייכענען אז נאך א גרויסער טייל פון די פרויען פון געמישטע הייראטן האבן זיך אדער מגייר געווען, אדער מסכים געווען צו דערציען זייערע קינדער אלס יידן. דאס איז א פעסטגעשטעלטער פרט, וואס פארדינט פארצייכנט צו ווערן. אלס קוריאז איז כדאי צו אנצייגן אז איינע פון די לערערינס פון דער יידישער שולע איז א קריסטין וואס לערנט מיט די קינדער ברכות.

לויט זייערע באשעפטיקונגען טיילן זיך די יידן פון וואלפאראיסא, לויטן אויבנאנגעוויזענעם מקור, אויף פאלגנדיקן אופן:

| | | |
|---|---|---|
| סוחרים | 237 | 62.7% |
| אינדוסטריאלן | 40 | 10.6% |
| פראפעסיאנאלן | 34 | 9.0% |
| אנגעשטעלטע | 28 | 7.4% |
| באלמעלאכעס | 10 | 2.6% |
| טעכניקער | 7 | 1.9% |
| ערד־ארבעטער | 3 | 0.8% |
| פארשידענע | 20 | 5.0% |
| | 379 | 100% |

אין וואלפאראיסא עקזיסטירט אויך א באזונדערער ציוניסטישער צענטער און א סוב־דעלעגאציע פון רעפרעזענטאטיוון קאמיטעט, וואס ארבעטן אין פולשטענדיקער הארמאניע מיט דער געמיינדע.

## ג) קאָנסעפּסיאָן

די פּערטע געמיינדע לויט איר גרויס, איז די קהלה פון קאָנסעפּסיאָן, אַ וויכ־טיקע אוניווערזיטעט שטאָט וואו יידן האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אַרום 1906.

ווען אין 1908 קומט קיין קאָנסעפּסיאָן די פאַמיליע וואַרטסמאַן־טאָפּערבערג, וואָס האָט פריער געוואוינט אין מאַגאַזשאַנעס, טרעפט זי אין קאָנסעפּסיאָן בלויז צוויי יידישע פאַמיליעס: באַנד און קוזנעצאָוו. די ערשטע האָט זיך פולשטענדיק אַסימילירט, די צווייטע האָט זיך אַרויסגעצויגן קיין סאַנטיאַגאָ אין 1914, וואו איר ראש, יעקב קוזנעצאָוו, וועט זיין טעטיק צווישן די ערשטע בויער פון ישוב.

אין 1916 ברענגט אליהו וואַרטסמאַן די ערשטע ספר־תורה פון ב. איירעס, און מען הויבט אָן דאַווענען במנין אין די ימים־נוראים און ימים־טובים. דעם זעלביקן יאָר באַזעצט זיך אין קאָנסעפּסיאָן רפאל סימראַוו, אַ שטאַרק פרומער ייד, וואָס וועט ווערן די נשמה פון רעליגיעזן לעבן פון דער קליינער קהלה.

אין 1917 ציילט שוין די שטאָט אַ צוויי מנינים יידישע נפשות, וואָס פייערן אין 1918 דעם ערשטן אַניווערסאַר פון דער באַלפור דעקלאַראַציע. אין 1920 ווערט געגרינדעט אַ ציוניסטישער צענטער וואָס וועט שיקן אַלס דעלעגאַט צום צווייטן יידישן און ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס דעם דאַן יונגן סטודענט און אָנפאַנגער זשורנאַליסט ה׳ בנימין כהן, היינט איינער פון די סעקרעטאַרן פון דער „און״, אַן אַמט וואָס ער פאַרנעמט נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויסגעצייכנט אין דיפּלאָמאַטישן דינסט פון טשילע. אין קאָנסעפּסיאָן איז אויך אַ היפּשע צייט געווען אַקטיוו ד״ר נאַטאַליאָ בערמאַן, נאַציאָנאַלער דעפּוטאַט און אָנגעזעענער יידישער טוער, וואָס האָט פאַרטראָטן דעם טשילענער ישוב אויף אייניקע אַלוועלטליכע יידישע צוזאַמענפאָרן.

אין היסטאָרישער פּערספּעקטיוו, האָט קאָנסעפּסיאָן אַ ספּעציעלע יידישע באַ־דייטונג. דאָרט האָט פּראַקטיצירט אַלס מעדיקער און דאָרט איז אַרעסטירט געוואָרן דער אנוס פראַנסיסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, וועלכער האָט מקדש השם געווען און איז אומגעקומען אויפן שייטער הויפן אין לימאַ מיטן העברעאישן נאָמען אליהו הנזיר.

דער אָרגאַניזירטער לעבן פון דער קהילה הויבט זיך אָן אין 1927, ווען עס ווערט געגרינדעט די ציוניסטישע אגודה ד״ר ב. עפּשטיין, וואָס איז אויסגעוואַקסן צו דער קהלה פון דער שטאָט. בראש פון דעם פאַריין איז געשטאַנען אַ צייט מיט יאָרן ה׳ אליעזר גוראָוויטש ע״ה.

די געמיינדע באקומט א באדייטנדיקן צושטראם פון כוהות אין די צייטן פון דער אימיגראציע פון דייטש־שפּראכיקע און צענטראל־אייראפּעאישע יידן פון וועלכע א דרייסיק משפּחות האבן זיך באזעצט אין קאנסעפּסיאן. דער פירער פון דער געמיינדע ווערט דאן ד״ר עבא ראטשילד, ביז זיין עליה קיין ישראל.

היינט צו טאג ציילט די געמיינדע ארום 65 משפּחות מיט קרוב 250 נפשות, פון וועלכע א 70 קינדער אין שול עלטער. די צאל פון געמישטע הייראטן איז ארום צען פּראצענט.

קאנסעפּסיאן איז זייער נאענט צום מיליטערישן פּארט טאלקאהואנא און זיי בילדן כמעט איין שטאט. ווי אין יעדער ים־ברעג געגנט איז אין טאלקאהואנא אנטוויקלט דער פיש־פאנג און פיש־מסחר אין וועלכן יידן נעמען אן אקטיוון חלק, בעיקר אין דער אינדוסטריאליזאציע פון די פּראדוקטן ווי מילן פאר פיש־מעל וכו׳. יידן זיינען אויך היפש פארטראטן אין אנדערע אינדוסטריען: קליידער, מעבל, איבערבעטן, קאלדרעס. א באזונדער ארט פארנעמט די אינדוסטריע פון פארמא־צעווטישע און כימישע פּראדוקטן פון די אפּטייקערס ה״ה זעמעלמאן און ווארטס־מאן, וואס האבן א שם איבערן גאנצן לאנד. אין געגנט פון קאנסעפּסיאן זיינען אויך פאראן יידישע פאמיליעס וואס גיבן זיך אפּ מיט אגריקולטור, קולטיוו פון פרוכט־ביימער, מילך־ווירטשאפט וכו׳. ווי עס איז צו זען איז דער ישוב אין קאנסעפּ־סיאן אריענטירט אויף פּראדוקטיווע באשעפטיקונגען און זיין עקאנאמישער מצב איז א גאנץ צופרידנשטעלנדיקער.

דער ישוב איז אויך באטייליגט אין דעם גייסטיקן לעבן פון קאנסעפּסיאן, אלס אוניווערזיטעט שטאט. פאראן א צאל יידישע פּראפעסיאנאלן, סטודענטן וכו׳. דער רעקטאר פון דער אוניווערזיטעט איז ד״ר דוד סטיטשקין, און דער בארימטער יידישער געלערנטער ד״ר אלעקסאנדער ליפשיץ האט א צייט מיט יארן אקטואירט אין די אוניווערזיטעט קרייזן פון שטאט.

די געמיינדע האט אפיציעל איבערגענומען דעם פּאטראנאט פון דער פּרימאר שולע נומער 8, פאר וועלכער זי זארגט אין פילע הינזיכטן.

אביסל ערגער שטייט עס מיטן יידישן שול וועזן. די קרוב 70 קינדער אין שול־עלטער האבן נישט קיין פּערמאנענטן לערער און מוזן זיך באגנוגענען מיט צופע־ליקע ספּאראדישע קורסן.

אויסער דער קהילה זיינען אין קאנסעפּסיאן אקטיוו, א בני־ברית לאזשע, א ספּארט־קלוב מכבי, פיליאלן פון וויצא און השומר הצעיר, ווי אויך פון דעם אינסטיטוט פאר קולטור־אויסטויש צווישן טשילע און מדינת ישראל.

נעבן קאנסעפּסיאן געפינען זיך די שטאל און אייזן גיסערייען פון הואטשי־



יידישע געמיינדע הויז אין טעמוקאָ



דירעקטאָריום פון דער קהילה אין טעמוקאָ



דירעקטאָריום פון דער ספרדישער קהילה אין סאַנטיאַגאָ



די געביידע פון דער געמיינדע „בני ישראל"

פאטא, איינע פון די גרעסטע אין לאטיין אמעריקע. צווישן דעם העברן טעכנישן און אדמיניסטראטיוון פערזאנאל געפינען זיך אייניקע יידן.

קאנסעפסיאן איז די ערשטע פראווינץ־שטאט אין טשילע וואס האט געגעבן איינעם פון אירע־ סקווערן דעם נאמען פון „רעפובליקא דע איזראעל".

## ד. טעמוקא

דער ספרדישער סעקטאר פון דער יידישער קאלעקטיוויטעט אין טשילע האט זיך אנגעהויבן אין טעמוקא, ארום 1914.

אין 1916 ווערט אונטערן פארזיץ פון ה' מאטיאס אלבאלא, אן אקטיווער ציוניסטישער און געזעלשאפטלעכער טוער, געגרינדעט דער ערשטער יידישער פאריין מיטן נאמען „סענטרא מאצעדאניא דע טעמוקא". דער נאמען מאצעדאניא נעמט זיך פון דעם וואס די מערהייט פון די ספרדים האבן געשטאמט פון דער שטאט מאנאסטיר אין מאצעדאניע, אויפן באלקאן. אין 1919 אין הסכם מיטן באשלוס פון דעם ערשטן יידישן קאנגרעס אין טשילע וועט דער פאריין צוגעבן צו זיין נאמען דאסווארט „איזראעליטא".

מיטן אנקומען פון ר' ידידיה איזראעל, ווערט דעם 18־טן סעפטעמבער 1918 געגרינדעט דער פאריין „חסד ואמת", וואס באזארגט די געמיינדע מיט קבר ישראל אין דעם מאוזאלעאום וואס ער האט דערווארבן אויפן אלגעמיינעם סעמענטעריום. דער פאריין גיט זיך אויך אפ די ערשטע טעג מיט וואוילטעטיקייט. אין 1919 ווערן זיך 4 פאריינען פון טעמוקא באטייליקן אין ערשטן יידישן קאנגרעס.

אין 1920 ווערט געקויפט דער ערשטער בנין פאר א געמיינדע־הויז, אויף דער גאס גאדאי קרוס 355, דער אדרעס פון דער געמיינדע ביז היינט צו טאג.

דעם 25־טן יולי פון 1927, ווערט געגרינדעט א באזונדער פאריין פאר א יידישע שולע, וואס ווערט דעם 24־טן מאי פון 1928 לייגן דעם גרונדשטיין פון אן אייגענעם בנין.

דעם 10־טן מערץ פון 1929, ווערט באשטימט צוזאמענגיסן אלע עקזיסטירנדיקע פאריינען, מיטן אויסנאם פון דאמען פאריין פאר וואוילטעטיקייט, און ארטיסטישער יוגנט קרייז, אין איין קהילה, וואס שטעלט זיך די אויפגאבע פון קולט, צדקה, חינוך, קולטור, קלוב, און קבר ישראל. די קהילה האט אין 1931 באקומען די אנערקענונג אלס יורידישע פערזאן און איר ערשטער פרעזידענט איז געווען ה' מארים איזראעל ז"ל.

אין 1935 ווערט אפגעברענט דער געמיינדע בנין פון דער קהילה, וואס ווערט אין 1937 צוריק אויפגעבויט אין א פיל גרעסערן פארנעם.

די געמיינדע פון טעמוקאָ, צוזאַמענגעשטעלט פון ספרדים, מזרח־אייראָפּע־אישע אשכנזים און דייטש־שפּראַכיקע יידן, איז אַקטיוו אויף אַלע געביטן פון יידישן לעבן. זי האַלט אויס אַ יידישע שולע וואָס ווערט באַזוכט פון 70 תלמידים, און אין וועלכער עס האָט אין משך פון לאַנגע יאָרן געלערנט דער ספרדישער דערציער לעאָן גאַבאַי ע"ה, אַן אמת'ער אידעאַליסט, וואָס האָט געטאָן זיין אַרבעט שלא על מנת לקבל פּרס.

זינט דעם 8־טן סעפּטעמבער 1919 איז אין טעמוקאָ אַקטיוו אַ ציוניסטישע באַוועגונג, לכתחילה דורך אַ ציוניסטישע אַגודה, וואָס האָט געהאַט ביי איר גרינדונג אַלס פּרעזידענט דעם ה' מאַטיאַס אַלבאַלאַ, און אַלס סעקרעטאַר ה' אליהו יודעלעוויטש, און שפּעטער אַלס אינטעגראַלער טייל פון דער קהילה טעטיקייט. די געמיינדע באַטייליקט זיך אויך אַקטיוו אין יעדער ענין פון אָרטיקן אָדער לאַנדעס אינטערעס, אין וועלכע די יידישע איינוואוינער פון טעמוקאָ באַטייליקן זיך אַקטיוו מיט ראַט און טאַט.

נישט געקוקט אויף דעם וואָס טעמוקאָ איז ווייט פון די הויפּט קולטור־צענטערן פון לאַנד: סאַנטיאַגאָ, וואַלפּאַראַיסאָ און קאָנסעפּסיאָן, אַנטוויקלט די יידישע געמיינדע אַ גאַנץ אינטענסיווע קולטור־טעטיקייט. אַ צייט לאַנג איז אין טעמוקאָ דערשינען אַ יידיש־שפּאַנישע אויסגאַבע אונטערן נאָמען „אַלמאַ העברעאַ" — יידישע נשמה. קינדער פון דער טעמוקאַנער געמיינדע אַרבעטן מיט אין די יידיש־שפּאַנישע אויסגאַבן פון סאַנטיאַגאָ, ווי אין דער לאַנדעס פּרעסע. צווישן די דאָזיקע דאַרפן דערמאָנט ווערן: פּאָעטין אַנאַ אַלבאַלאַ־לעווי, די פּאָלעמיסטן עליאַס אַלבאַלאַ קמחי און ראָבערט לעווי, און די עסעיסטן איסאַאַק און יוסף מאַיאַ.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער געמיינדע איז אַ גאַנץ גוטע. יידן זיינען מערסטנטייל באַשעפטיקט אין מסחר (אַרום 80 פּראָצענט) און אין אינדוסטריע (אַרום 20 פּראָצענט). דער גוטער מצב פון די געמיינדע מיטגלידער רופט זיך אָפּ אויף דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון דער געמיינדע, דער פאַרמעגן פון וועלכער דאַרף געשאַצט ווערן אין קרוב צו צען מיליאָן פּעזאָס. די געמיינדע איז אויך פאַרטראָטן מיט פיינע סכומים אין זאַמלונגען און קאַמפּיינען.

## ה) וואַלדיוויאַ

ווייט אויפן דרום ליגט די פּאָרט־שטאָט וואַלדיוויאַ, וואוהין עס איז ערשט אין 1924 אָנגעקומען דער ערשטער ייד, דער ספרדי, אַלבערטאָ פּעססאַט־לעווי, צו וועלכן עס זיינען אַרום 1927 צוגעקומען אַ צוויי דריי יידישע פאַמיליעס. דער דאָזיקער קליינער יידישער קיבוץ האָט שוין פון זיינע ערשטע צייטן אָנגעפירט אַ

ציוניסטישע טעטיקייט, אנהאלטנדיק קאנטאקט מיטן ציוניסטישן עסקן ד"ר נאטאליא בערמאן.

דעם 29־טן אקטאבער פון 1938 איז געגרינדעט געווארן די ערשטע קהילה, מיטן נאמען „סענטרא איזראעליטא ד"ר הערצל", וואס צייגט אויף דעם אויס־דריקלעך־ציוניסטישן כאראקטער פון ישוב, וועלכער איז היפש געוואקסן צוליב דעם צופלוס פון דייטש־שפּראכיקע יידן, פּליטים פון דער נאצי־פּוריע. דער גרינדער פון דעם ישוב ה' ארבערטא פעססאט־לעווי, האט זוכה געווען צו זיין דער ערשטער פּרעזידענט פון ארגאניזירטן קבוץ.

מיט דער צייט האט זיך די קהילה איינגעשאפט אן אייגענעם בית־עלמין, אויף וועלכן עס איז אויפגעשטעלט געווארן א דענקמאל אין אנדענק פון די זעקס־מיליאן קדושים אומגעבראכטע דורך די נאצים.

די קהילה פון וואלדיוויא וואס ציילט היינט צו טאג ארום 150 נפשות איז ארגאניזירט מיט אלע נויטיקע אפּטיילונגען.: א שיל צום דאווענען, א קלוב פאר געזעלשאפטלעכע צוזאמענקונפטן, א דאמען־פאריין פאר וואוילטעטיקייט, א וויצא־פיליאל, א יוגנט־פאריין מטין העברעאישן נאמען „תנועת־דרום". עס פעלט בלויז א פּערמאנענטע שולע, וואס ווערט האפענטלעך אין גיכן געשאפן ווערן.

די עקאנאמישע לאגע פון ישוב איז א גאנץ צופרידנשטעלנדיקע. יידן זיינען אקטיוו פארטראטן אין מסחר און אינדוסטריע, ווי אויך אין אגריקולטור און האלץ־אינדוסטריע; די לעצטע האט א דאנק יידישן פליים און אונטערנעמערישקייט באקומען א היפשן אימפּולס וואס האט באגינסטיק דעם גאנצן געגנט.

מיט דער צייט איז די פירערשאפט פון דער געמיינדע אריבער צו די מערב־אייראפּעאישע אשכנזים, וואס בילדן איר רוב, אבערביידע סעקטארן, ספרדים און אשכנזים לעבן אין דער גרעסטער הארמאנישקייט און אחדות. דער גרינדער פון ישוב ה' אלבערטא פעססאט לעווי איז ערן־פּרעזידענט פון די קהילה, וואס רופט זיך ווארים אפ אויף אלע יידישע הצטרכותן, סיי פון לאקאלן סיי פון נאציאנאלן ווי אויך פון אל־יידישן כאראקטער.

## ו) לא־סערענא

אויפן צפון פון טשילע, אין מיטן פון א געגנט וואס דער באדן איז גינסטיק פאר אגריקולטור, ליגט די שטאט לא־סערענא, וואוהין יידן זיינען אנגעקומען אין 1910.

א צוויי־דריי משפחות ספרדים פון סמירנע, האבן זיך צו יענער צייט באזעצט אין לא־סערענא; שפּעטער זיינען צוגעקומען נאך א פּאר געציילטע פאמיליעס,

און אייניקע וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די נאָענטע ישובים: קאָקימבאָ און אָוואַזשע.

גאָר פרי האָבן זיך די יידישע משפחות אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן אויפן געביט פון קעגנזייטיקער הילף, אַ זייער וויכטיקער ענין אין די ערשטע שווערע יאָרן פון איינוואָרצלען זיך אין די נייע היימען. דער ערשטער יידישער פאַריין טראָגט טאַקע דעם פיל באַדייטנדיקן נאָמען „אחדות".

מיטן וואוקס פון ישוב ווערט דעם 15־טן אַפּריל פון 1934 געביטן דער נאָמען פון פאַריין אויף אַ צווייטן וואָס שטרייכט מער אונטער דעם קאָלעקטיוון מאָמענט: יידישער פאַריין פון לאַ־סערענאַ: „סאָסיעדאַד איזראַעליטאַ דע לאַ־סערענאַ". די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג קומט פאָר אין הויז פון זכריה דוועניאַס, וואָס האָט צוזאַמען מיט זשאַק ביטראַן און מאַוריסיאָ ביטראַן ע"ה, אָנגעפירט מיטן גייסטיק־רעליגיעזן לעבן פון דער קליינער געמיינדע. דעם 5־טן יוני פון 1937, איז דער פאַריין אָנערקענט געוואָרן פון דער רעגירונג.

ביז היינט צו טאָג האָט די קליינע געמיינדע, וואָס ציילט אַרום 80 נפשות, כן ירבו, נישט באַוויזן געהעריק צו אָרגאַניזירן איר אייגן לעבן. זי פאַרמאָגט אַ געזעלשאַפטלעכן צענטער, וועלכער האָט נאָך נישט קיין אייגענע וואוינונג, נישט קיין פּערמאַנענטע שיל, נישט קיין שולע, ווען אַפילו אין די ימים־נוראים איז אַלע יאָר פאַראַן אַ מנין און די ציוניסטישע טעטיקייט איז אַ גאַנץ פעסטע, טראָץ די געמאַכטע אָנשטרענגונגען איז נאָך נישט געלונגען צו איינאָרדנען אַ באַזונדערן בית־החיים.

די עקאָנאָמישע לאַגע איז צופרידנשטעלנדיק. יידן זיינען פאַרטראָטן אין מסחר, אינדוסטריע, פרייע פראָפעסיעס, און באַטייליקן זיך אין די אויפטועון פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג. אַזוי האָבן יידן געגרינדעט (אין 1936) די פינפטע אָפּטיילונג פון די פרייע פייערלעשער, וועמענס ערשטער אָנפירער איז געווען ה' מאיר קאַזעס. יידן שטיצן אויך די אָרטיקע בוי־סקאַוט אָפּטיילונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון מאַרסיאַל ריוועראַ, און צום פערטן יאָרהונדערט זינט דער גרינ־דונג פון דער שטאָט לאַ־סערענאַ, האָט איר די קליינע יידישע געמיינדע געשאָנקען די אויסשטאַטונג פאַרן זאַל פון אַן אַרבעטער טעאַטער, וואָס געפינט זיך אין דעם בנין פון דער מוניציפּאַליטעט.

עס איז ביי דעם אַלעמען כדאי צו באַמערקן, אַז דער צפון אין טשילע איז פאַרעכנט פאַר אַ נישט געדיכט באַפעלקערטן, פאַרוואָרפענעם געגנט, מיט וועלכן די קאָמוניקאַציעס זיינען נישט אַזוי לייכט, אָבער יידן אין טשילע בלייבן יידן ווי ווייט פון אַ גרעסערן יידישן צענטער זיי זאָלן נישט פאַרוואָרפן ווערן.

## ז) קלענערע ישובים אין טשילענער פראָווינץ

לויט אלף־בית אָרדנונג:

אָוואַזשע, איקיקע, אנטאפאגאסטא, אַסאַרנאַ, אַריקאַ, טאַלקאַ, טשיזשאַן, לאַס־אַנכעלעס, סאַן־פערנאַנדאַ, פּוערטאַ־מאָנט, קאָפּיאַפּאַ, קאָקימבאָ, קוריקאָ, ראַנקאַגואַ.

קאַפּיטל זעכצן

# יידישע און יידיש־שפּאַנישע צייטשריפטן אין טשילע

א) ערשטע פּרוּוון

ב) יידישע אויסגאַבן

ג) „דאָס יידישע וואָרט"

ד) געזעלשאַפטליכער פאַרלאַג

ה) שלום וואָרט.

## א) ערשטע פּרוּוון

באַלד נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס וועקט אויף דעם האַלב־איינגע־שלאָפענעם יידישן באַוואוסטזיין ביי איינע און נעמט אַראָפּ די מורא צו דערשיינען עפענטלעך אַלס יידן ביי אַנדערע, הויבן זיך אָן גרינדן די ערשטע יידישע צייט־שריפטן וואָס דערשיינען אין שפּאַניש, ווייל אין לאַנד איז נאָך נישט געווען קיין יידישע שריפט, ווען אפילו עס זיינען שוין יאָ געווען יידישע מענטשן וואָס האָבן געקאָנט האַלטן אַ פעדער אין האַנט.

מיר האָבן שוין אַ היפּשע צאָל פון די ערשטע פּרעסע אָרגאַנען אויף שפּאַניש באַהאַנדלט אין די פאַריקע קאַפּיטלען, וועלן מיר דעם איצטיקן קאַפּיטל בעיקר ווידמען דער יידישער פּרעסע, וואָס איז דערשינען און האָט זיך באַפעסטיקט פיל שפּעטער, אויף וויפיל דאָס יידישקייט פון ישוב איז געשטיגן.

אין כראָנאָלאָגישן אָרדנונג זעט די רשימה אויס אַזוי:

1919 — מערץ „רענאַסימיענטאָ" — ווידערגעבורט.

1919 — יולי „נועסטראָ אידעאַל" — אונדזער אידעאַל.

1920 — „לאַ פּאַטריאַ איזראַעליטאַ" — דאָס יידישע פאָטערלאַנד.

1924 — „איזראַעל", אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ציונ. פעדעראַציע.

1926 — „נאָסאָטראָס" — מיר, צייטווייליק דערשיינט אויך דעם זעלבן יאָר אַ ביולעטין פון יוגנט צענטער „לעאָן יפה".

1931 — „אַלמאַ העברעאַ" — יידישע נשמה (דערשיינט אין טעמוקאָ).

1932 — אַ שפּאַנישער ביולעטין פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע.

1935 — „מונדאָ כודיאָ" — יידישע וועלט, אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, דערשיינט ביז היינט.

1953 — „הקול" — די שטימע. פּריוואַטע אונטערנעמונג.

1954 — „נועסטראָ מאָווימיענטאָ" (אונדזער באַוועגונג), דערשיינט ביז היינט.

## ב) יידישע אויסגאַבן

בשעת די יידישע צייטשריפטן האָבן געהאַט צו קעמפן בלויז קעגן פינאַנציעלע שוועריקייטן, אַ פראַגע וואָס איז געלייזט געוואָרן אין 1935, ווען די דערשיינונג פון דער וויכטיקסטער צייטונג „מונדאָ כודיאָ" איז גאַראַנטירט געוואָרן פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, האָבן די יידישע אויסגאַבן געהאַט צו ראַנגלען זיך מיט אַ רייע טעכנישע שוועריקייטן אין אַ לאַנד וואו עס זיינען נישט געווען קיין יידישע דרוקערייען, קיין יידישער שריפט, זעצערס, און אַלע אַנדערע טעכנישע מיטאַרבעטער וואָס אַ יידישע צייטשריפט האָט נויטיק.

אָט דער געראַנגל פאַרן יידישן געדרוקטן וואָרט וואָס ווערט אָנגעהאַלטן אין משך פון העכער פינפאונצוואַנציק יאָר, פאַרדינט היסטאָריש און געגוי פאַרצייכנט צו ווערן. בכדי די צוקונפטיקע דורות זאָלן וויסן אַז אויך אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, טשילע צווישן זיי, זיינען געווען חלוצים וואָס האָבן געקאָנט אויסשטיין שוועריקייטן און קעמפן מוטיק פאַר דעם וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק און וויכטיק בכדי צו דערהאַלטן און אַנטוויקלען יידישקייט. די צוויי גרונד־יסודות פון יידישן לעבן פון קדמונים אָן: קיום און המשך.

אויך די ערשטע יידישע אויסגאַבן האָבן מיר שוין באַהאַנדלט אין די פאָריקע קאַפּיטלען און מיר ווילן זיי נאָר דערמאָנען, זיך אָפּשטעלענדיק געגויער אויף די שוועריקייטן קעגן וועלכע זיי האָבן געהאַט צו קעמפן, און געבן אַ קלאָר בילד פון „גבורת ראשונים". אין 1930 דערשיינט דאָס „טשילענער יידישע וואָכנבלאַט", געגרינדעט און רעדאַגירט פון נח וויטאַל מיט דער מיטאַרבעט פון משה יודעלעוויטש און יעקב אָסיאַטינסקי. אַ געוויסע צייט דערשיינט פּאַראַלעל מיטן וואָכנבלאַט די אויסגאַבע „אונדזער לעבן", רעדאַגירט פון מ. ריזענבערג, וואָס ווערט זיך לסוף צונויפגיסן מיטן וואָכנבלאַט, וואָס שטעלט איין אַן אייגענע דרוקעריי און ברענגט אַראָפּ יידישן שריפט.

אין 1933 הערט אויף צו דערשיינען דאָס וואָכנבלאַט, אָבער עס הויבט אָן צו דערשיינען „די נייע צייט", פון מ. ריזענבערג און י. קרייטמאַן.

אין 1934 דערשיינט „אונדזער וואָרט", פון ל. דימאַנד ע"ה.

אין 1932 קומט אַרויס דער ערשטער יידישער זשורנאַל „ביי די אַנדן", רע־דאַקטאָרן מ. ריזענבערג און י. פּילאָווסקי.

אין 1934 דערשיינט דער זשורנאַל „זיד־אַמעריקע", רעדאַקטאָרן נח וויטאַל און משה דוד גיסער ע"ה.

אין 1937 דערשיינט, אויף דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער פעדע־ראַציע, „דאָס וואָרט", אַלס זעלבסטשטענדיקע אויסגאַבע און ביז 1940 אַלס

ביילאַגע צום „מונדאָ כודיאָ", רעדאַגירט לכתחילה פון י. גאָרען און שפּעטער פון אַ רעדאַקציע קאָלעגיום.

די אַלע יידישע אויסגאַבן האָבן געהאַט צו קעמפן מיט אומגעהויערע טעכ־נישע שוועריקייטן, ווייל עס האָבן געפעלט די טעכנישע עלעמענטן און מיטאַר־בעטער, ווי אויך די פינאַנציעלע מיטלען וואָס זאָלן דערלויבן דאָס רעגלמעסיקע דערשיינען פון יידישע צייטשריפטן.

לכתחילה איז געווען די פראַגע פון יידישן שריפט, און אַז מען האָט שוין געבראַכט שריפט האָבן געפעלט זעצערס. געווען צייטן ווען קריסטלעכע זעצערס האָבן געזעצט יידישע צייטשריפטן לויט אַ קאָדעקס. די יידישע אותיות האָבן גע־האַט יעדע איינע איר נומער, און לויט די נומערן האָט דער נישט־יידישער זעצער געוואוסט ווי וועלכן אות צו שטעלן. דער שרייבער האָט געדאַרפט פריער אָנשרייבן זיין אַרטיקל, נאָכהער עס איבערשרייבן אויף ציפערן־שפּראַך, בכדי דער זעצער זאָל עס קאָנען אויסזעצן. קאָן מען זיך פאָרשטעלן ווי שווער עס איז אָנגעקומען סיי דאָס זעצן סיי דאָס קאָרעגירן.

האָט מען שוין ווי עס איז אויסגעזעצט און אויסקאָרעגירט דעם צייטונגס־נומער, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיין מיטן שליסן. געשלאָסן האָבן אָפטער נישט־יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען געוואוינט צו שליסן פון לינקס צו רעכטס און נישט פאַרקערט. די זעלביקע שוועריקייט איז געווען ביים אויסלייגן די זייטן אין מאַשין, אַז יידיש איז אַ „פאַרקערטע וועלט" — האָבן קיין צרות נישט געפעלט.

## ג) „דאָס יידישע וואָרט"

פיר יאָר וועט די יידישע טשילע בלייבן אָן אַ יידישע צייטשריפט. עס זיינען אָבער פאַראַן אין דער געמיינדע אַקטיווע עלעמענטן וואָס פילן אַ נויטווענדיקייט אין אַ יידישער צייטשריפט, וואָס זאָל אָריענטירן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון ישוב.

די דאָזיקע עלעמענטן קאָנען געטיילט ווערן אין צוויי גרופּעס: שרייבערס מיט טאַלאַנט און באַרוף, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט אין יידישע אויסגאַבעס אויסער טשילע און זיינען צוגעבונדן צו יידיש ווי צום איינציקן אויסדריקס־מיטל פון זייער פילן און דענקען; דאָס זיינען: די שרייבער און זשורנאַליסטן, נח וויטאַל, י. פּילאָווסקי, מ. ריזענבערג און די פּאָעטן י. בלומשטיין און מ. ד. גיסער ע"ה. די צווייטע קאַטעגאָריע באַשטייט פון מענטשן וואָס זיינען געזעלשאַפטלעך אַקטיוו און קאָנען דערצו האַלטן אַ פעדער אין האַנט, און פילן אַ נויטווענדיקייט צו אָר־יענטירן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער געמיינדע מיט דער הילף פון אַ

יידישן געדרוקטן וואָרט. צו דער קאַטעגאָריע געהערן: י. אַבאַדאָווסקי, ד. אילעוויצקי, ל. אַרענסבורג ע״ה, א. י. אַרענסבורג, ש. באַכראַך, ד. בראָנפעלד, ש. גאָרען, י. גאָרען, ר. גוטקין, דוד דובינאָווסקי, י. דראַפּקין, מ. יודעלעוויטש, י. לעווי, ל. ליבערזאָן, מ. שאַפּיראָ, הרב א. מאַגנצו ע״ה, ע. פּלאַטאַו, י. פּאָלאַק, יצחק דוכאָווני, דוד דראָבני, אלישבע ראַבינאָוויטש און אַנדערע.

אָט די דאָזיקע צוויי גרופּן האָבן נישט גערוט און געזוכט מיט אַלע מיטלען דערשלאָגן זיך צו אַ פּערמאַנענטער, גוט־אָוועקגעשטעלטער פּעריאָדישער אויסגאַבע אויף יידיש. אָבער ווי זאָל מען עס מאַכן?

דער צופאַל האָט צוגעשפּילט אַז קיין סאַנטיאַגאָ איז געקומען אַ יידישער לינאָטיפּיסט, דער ערשטער אין טשילע, ה׳ ש. שפּילמאַן, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין שפּאַנישן בירגער־קריג און האָט געזוכט אַ מקום מנוחה אויף דער וועלט.

די אָנוועזנהייט פון אַ לינאָטיפּיסט דערלויבט שוין צו טראַכטן וועגן איינאָרדנען אַ דרוקעריי אויף מאָדערנע טעכנישע יסודות. דאָס פעלן פון מזומנים אויף איינצוקויפן די נויטיקע טעכנישע איינריכטונגען, איז קיינמאָל נישט געווען קיין אָפּהאַלט אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין טשילע, וואו מען האָט אַ סך וויכטיקע איניציאַטיוון אָנגעהויבן מיט „די צען פינגער" און אַ סך בטחון אין ישוב, און אַרויסגעפירט אויף אַ דרך.

ברענגט אַראָפּ ל. ליבערזאָן פון ב. איירעס יידישע מאַטריצן צו אַ לינאָטיפּ און אַ ביסל שריפט אויף „קעפּלאַך", און י. דראָבני שטעלט אויס וועקסלען אויפן באַטרעף פון דער קניה, וואָס ער מוז טאַקע שפּעטער אַליין הויבן, און ערשט העט שפּעטער וועט די צייטונג וואָס וועט באַקומען דעם נאָמען „דאָס יידישע וואָרט" זיין בכוח אויסצוצאָלן אין ראַטעס דעם באַטרעף פון חוב.

אָבער מאַטריצן זיינען נאָך נישט קיין לינאָטיפּ. מוז מען אָנקומען צו אַ נישט־יידישער מאַשין וואָס זאָל עטלעכע שעה אַ וואָך אויסזעצן יידישן זאַץ פון יידישע מאַטריצן. די אָנגעזעענע טאָג־צייטונג „לאַ־האָראַ" נעמט איבער אָט די שווערע אויפגאַבע, און מען קאָן שוין אָנהויבן די אַרבעט, אָבער ווי נעמט מען אַ רעדאַקטאָר?

לעולם איז „דאָס יידישע וואָרט" אַלעמאָל רעדאַגירט געוואָרן פון אַ רעדאַקציע קאָלעגיום. מען דאַרף דאָך אָבער פאָרט האָבן אַ רעדאַקטאָר וואָס זאָל אויך זיין קאָרעקטאָר און שליסער, און האָבן אַ האַנט און וואַרפן אַ בליק אויף אַלע אַנדערע טעכנישע אַרבעטן.

ווערט אַראָפּגעבראַכט פון ב. איירעס ה׳ פאַליק לערנער, איצטיקער רעדאַקציע־מיטגליד פון דער טעגלעכער צייטונג „די פּרעסע", און דער ערשטער נומער פון „דאָס יידישע וואָרט" דערשיינט מיט מזל חוהמ״פ, דעם 13 אַפּריל 1944. אַלס

פאַראַנטוואָרטלעכער דירעקטאָר פאַר די געזעצן פון לאַנד, פיגורירט ה׳ דוד דוביי־נאָווסקי, וועלכער וועט זיין פאָרזיצענדער פון דעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט און פון די רעדאַקציע־קאָמיסיעס און וועט אָנהאַלטן דעם דאָזיקן טיטל במשך פון דער עקזיסטענץ פון דער אויסגאַבע.

די צייטונג באַקומט אַ וויכטיקן מיטאַרבעטער אין דער פּערזאָן פון לערער ה׳ ש. שיפרין ע״ה, וועלכער שרייבט אַרטיקלען איבער יידישע ימים־טובים און טראַדיציעס און פירט אָן אַ וועכנטלעכן לוח מיט באַצייכנונגען פון די פּאַסירונגען אין דער יידישער געשיכטע אין יעדן דאַטום. ביידע זאַכן זיינען אַ גרויסער ביישטייער צו פאַרטיפן יידישקייט אין ישוב.

די צייטשריפט וועט דערשיינען רעגולמעסיק העכער צוויי יאָר, ווען אפילו עס וועלן נישט פעלן קיין שוועריקייטן, סיי טעכנישע, סיי פינאַנציעלע. סוף נאָוועמבער 1946, פאַרלאָזט ה׳ פאַליק לערנער דעם רעדאַקציע־פּאָסטן, ווייל ער איז איינגעלאַדן געוואָרן אַלס מיטאַרבעטער אין דער טעגלעכער צייטונג „די פּרעסע״ פון ב. איירעס. די טעכנישע רעדאַקציע אַרבעטן ווערן דורכגעפירט לכתחילה פון ה׳ ל. ליבערזאָן און שפּעטער, ביז 1950, פון ה. י. בלומשטיין.

אין יולי 1950 זאָגט זיך אָפּ די „לאַ־האָראַ״ פון לאָזן באַנוצן איר לינאָטיפּ. מען מוז אַריבער אין אַ קלענערער דרוקעריי פון ה׳ אליהו חפץ. דערצו פאַרלאָזט טשילע דער לינאָטיפּיסט ש. שפּילמאַן און מען מוז אָנקומען צו צופעליקע לינאָטיפּיסטן פון לאַנד און אויסלאַנד. אין געוויסע פאַלן מוז מען זיך באַנוצן מיט נישט־יידישע לינאָטיפּיסטן און עס חזרן זיך איבער אַלע שוועריקייטן וואָס פאַר־צייטן ווען מען האָט זיך באַנוצט מיט האַנט־זאַץ. אַזוי מאַטערט מען זיך אַרום אַנדערהאַלבן יאָר, אָבער אין פעברואַר 1952, מוז „דאָס יידישע וואָרט״ אויפהערן צו דערשיינען.

דאָס פאַרשטומט ווערן פון דעם פּרעסע־אָרגאַן דורך וועלכן זיי האָבן געבראַכט זייער אָריענטירנדיק יידיש וואָרט צום ישוב, האָט שטאַרק באַטריבט ביידע אויבנדערמאָנטע גרופּעס, שרייבער און כלל־טוער, וואָס האָבן געווידמעט דער צייטשריפט זייערע בעסטע ענערגיען, און ווי דאָס וואָלט וויניק געווען, איז נאָך אַ פּאָר חדשים שפּעטער, אין מאַי, 1952, אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייער מיט איינער פון די באַגאַבסטע קאָלעגן, דער דיכטער משה דוד גיסער, וואָס איז פּריצייטיק אַוועק פון דער וועלט.

מאַכט מען אַ נייע גרויסע אָנשטרענגונג און צו די שלושים פון חשובן נפטר דערשיינט אַ ספּעציעלער נומער פון „דאָס יידישע וואָרט״, מיט אַ רייע אָפּשאַצונגען און זכרונות וועגן פאַרשטאָרבענעם קאָלעגע און אויך מיט אַ פּאָר ווערטער, וועגן

דעם אז „דאָס יידישע וואָרט״ מוז באַנייט ווערן, אז דאָס אָפּשטעלן די צייטשריפט מוז זיין בלויז אַ צייטווייליקע.

שרייבט זיך אין דעם לייט אַרטיקל „אונדזער קול קורא״:

„מיט דעם טאָג וואָס די צייטונג האָט אויפגעהערט צו דערשיינען, איז אונדזער ישוב פאַרשטומט געוואָרן און אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער לעבעדיקער יידישער וועלט; אָבער דער פאַקט אַליין פון אונדזער היינטיקער דערשיינונג איז אַ באַווייז אז „מיר זיינען דאָ״, מיר זיינען נישט אונטערגעגאַנגען און מיר וועלן נישט אונטערגיין! און כל זמן עס קלאַפּט נאָך אַ דופק וועלן מיר קעמפן און זיך אָנשטרענגען אויסצושטיין די לאַסט פון שווערע פּראָבלעמען און זאָרגן וואָס דריקן אונדז — צו אַ געזונטן און פּרוכטבאַרן לעבן״.

און אין אַ לענגערן אַרטיקל אונטערן נאָמען „דער אמת וועגן דעם מצב״... דערציילט דוד דובינאָווסקי, דער לעבעדיקער נערוו פון דער צייטשריפט, אַלע ליידן און דעם גאַנצן פּיין פון וועלכע עס האָבן געהאַט אויסצושטיין די אַלע וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן אַרום דער צייטונג: שרייבער, רעדאַקציע, פינאַנסירער. דראַמאַטיש קלינגען די ווערטער וועגן איינעם אַ קרבן פון דער צייטונג. „דער מענטש וואָס איז געגאַנגען אויף דעם גרעסטן פון אַלע קרבנות. אוועקזעצן זיך ביי דער אַלטער צעבראָכענער מאַשין, האָט געגעבן פון זיך דעם מאַקסימום, אַרבעטנדיק אין די סאַמע אוממענטשלעכסטע באַדינגונגען, אָבער וויפיל? רבונו של עולם, קאָן מען עס אויסהאַלטן אַזוי?״

„ס׳איז נישט געווען דער מוט און נישט דער כוח וואָס זאָל קאָנען פאָדערן ער זאָל אויסהאַלטן מער... עס איז ממש געגאַנגען אין דעם געזונט פון אַ מענטשן״.

„אָבער מיר ווילן נאָך אַלץ נישט פאַרשטומט ווערן... פון אַ געדרוקטער צייטונג גייען מיר אַריבער צו אַ מימעאָגראַפירטן ביולעטין און וועלכן עס קומט צום אויסדרוק אונדזער גאַנצער צער און פאַרצווייפלונג און נישט מער. מיר זיינען פאַרשטומט געוואָרן!״

אַזעלכע ווערטער קאָנען שרייבן און דרוקן נאָר מענטשן וואָס זייער צוגעבונדנקייט צום יידישן לעבן וואָרצלט אין די טיפע טיפענישן פון זייער נשמה, וואָס יידיש לשון איז פאַר זיי נישט סתם אַ שפּראַך, אָן אויסדרוקס־מיטל, נאָר אַ לעבעדיקער געפיל וואָס דרינגט דורך זייער גאַנצן וועזן, זייער גאַנצן מהות. און דווקא האָט עס געשריבן אַ ייד, נישט קיין פאַנאַטיקער פון יידיש, נאָר, ווי אַלע זיינע קאָלעגן ביי דער יידישער צייטשריפט, אַן אָנגעזאָפּטער מיט יידישער פאָלקסטימלעכקייט מיט וועלכער יידיש איז דורכגעדרונגען און דרינגט דורך.

## ד) געזעלשאַפטלעכער פאַרלאַג

אָבער ווי עס איז שוין די טראַדיציע אין יידישן לעבן, איז אין דעם זעלביקן איכה־נומער, וואָס איז מספּיד דעם טויט פון אַ קאָלעגע און באַוויינט דעם אונטער־גאַנג פון דער צייטשריפט גופא, פאַראַן אַן אָנזאָג פון רענעסאַנס, פון ווידער־געבורט. אויף דער ערשטער זייט, אין אַ נאָטיץ: „וויכטיקע איניציאַטיוו פון רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט לטובת „דאָס יידישע וואָרט", לייענט זיך. „די העכסטע יידישע אינסטאַנץ פון אונדזער קאָלעקטיוויטעט „קאָמיטע רעפּרעזענטאַטיוואָ" — האָט אויף דער איניציאַטיוו פון זיין פּרעזידענט, ה' איזידאָראָ דימאַנד, אָנגענומען אויף דער לעצטער עקזעקוטיווע זיצונג אַ רעזאָלוציע, וואָס באַצוועקט צו באַנייען די דערשיינונג פון אַ יידישן פּרעסע־אָרגאַן און לייזן אויף אַ פּערמאַנענטן אופן אַלע פּראָבלעמען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער יידישער פּרעסע אין סאַנטיאַגאָ. פאַר דעם צוועק איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון פּרעזידענט ה' א. דימאַנד, און ביידע וויצע־פּרעזידענטן, ה"ה לעאָן ראָזענטאַל און מאָרים איזראַעל. דער באַשלוס איז געווענדעט אין דער ריכטונג פון שאַפן דעם נויטיקן קאַפּיטאַל, וואָס זאָל געדעקט ווערן 51 פּראָצענט דורך יידישע אינסטיטוציעס און 49 פּראָצענט דורך פּריוואַטע אינוועסטירער, כדי צו פאַרזיכערן די אַפּאָליטישקייט פון דער אונטערנעמונג און דעם פאַרמעגן פון דער זעלבער אַלס געזעלשאַפטלעכער קנין".

עס איז כדאי צו באַטאָנען אַז פון די צוויי וויצע־פּרעזידענטן איז דער ערשטער אַ ייד פון דייטש־שפּראַכיקן סעקטאָר און דער צווייטער, אַ ספרדי, אַזוי אַז אין דער אונטערנעמונג זיינען פאַראינטערעסירט די דריי וויכטיקסטע סעקטאָרן פון דער געמיינדע.

שוין דעם 24־טן יוני 1952, ווערט פאַררופן אַ זיצונג פון די פּרעזידענטן פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס, פאַר וועמען עס ווערט פאָרגעבראַכט דער פּלאַן פון גרינדן אַ געזעלשאַפטלעכן פאַרלאַג מיט אַ קאַפּיטאַל פון דריי מיליאָן פּעזאָס, פון וועלכע איין מיליאָן מיט 800.000 זאָלן געצייכנט ווערן פון די אינסטי־טוציעס אין שטאָט און פּראָווינץ, און אַ מיליאָן מיט צווייהונדערט טויזנט פּעזאָס — פון פּריוואַטע פּערזאָנען, בכדי דער פאַרלאַג זאָל האָבן אַן אויסדריקלעך גע־זעלשאַפטלעכן כאַראַקטער.

דער פאַרלאַג וועט אַרויסגעבן צייטשריפטן אויף יידיש און שפּאַניש, ווי אויך ביכער פון יידישן אינהאַלט אויף ביידע שפּראַכן.

נאָך אַ לענגערער דעבאַטע ווערט איינשטימיק באַשלאָסן און גוט־געהייסן דעם פּראָיעקט אָבער העכערן מיט פופציק פּראָצענט די סומעס וואָס עס דאַרפן

צייכענען די אינסטיטוציעס. אָבער די מילן פון דער גזעלשאַפט מאָלן אויך זייער לאַנגזאַם און עס האָט גענומען אַרום אַנדערטהאַלבן יאָר ביז עס איז איינגעשאַפט געוואָרן אַ נייער מאָדערנער לינאָטיפּ. אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אַ לינאָטיפּיסט, אַ טעכנישער רעדאַקטאָר, ה. פּנחס ביזבערג, רעדאַקציע־מיטגלידער פון דער עלטסטער און פאַרשפּרייטסטער טעגלעכער צייטונג אין לאַטיין־אַמעריקע, „די יידישע צייטונג" פון ב. איירעס.

די איינשטעלונג פון דער נייער דרוקעריי איז אָנגעקומען נישט לייכט און איז געמאַכט געוואָרן נישט אויף מזומן. נאָמינעל איז געבליבן דער גזעלשאַפט־לעכער כאַראַקטער פון דעם פאַרלאַג, אָבער פאַקטיש איז די אַרבעט געטאָן געוואָרן פון יחידים, כלל טוער און פירער פון ישוב. ה' איזידאָראָ דימאַנד ע"ה האָט געגעבן דער אונטערנעמונג זיין פולסטע אונטערשטיצונג. אַלס פּאָרזיצער פון פאַרלאַג איז באַשטימט געוואָרן ה' עדואַרדאָ פּלאַטאָ. עס אַרבעטן מיט אַקטיוו, ה"ה ד. דובינאָווסקי, מ. שאַפּיראָ, י. פּופּקין, י. אבאַדאָוסקי, י. פּאָלאַק, י. פּי־לאָווסקי, ש. באַכראַך, נ. וויטאַל א. א.

דער ערשטער נומער פון באַנייטן „דאָס יידישע וואָרט" דערשיינט דעם 4־טן דעצעמבער 1953. די צייטונג הויבט אָן צו דערשיינען צוויי מאָל אַ וואָך און האָט אַ שפּאַנישע ביילאַגע.

לכבוד דער ווידערדערשיינונג פון דער צייטשריפט ווערט אַרויסגעלאָזט אַ פאַרגרעסערטער נומער פון 16 זייטן, צוויי דריטל יידיש, איין דריטל שפּאַניש.

פּנחס ביזבערג זאָגט אין זיין ערשטן אַרטיקל: „מיט התלהבות און בטחון": עס וועט זיין אַ בלאַט פון יידישער אחדות, פון יידישער דערנענטערונג, מיט אַן אַטמאָספער פון געזונטער פרישער כלל־ישראל'דיקייט, בשותפות'דיקייט פון איין גורל, איין פאָלק, איין שטרעבן".

דער פּראָגראַם־אַרטיקל באַהאַנדלט די געזעלשאַפטלעכע אַספּעקטן פון דער צייטשריפט און זאָגט:

„די צייטונג וואָס זוכט נישט קיין מאַטעריעלע פּראָפיטן מוז רעדאַקציאָנעל זיין אומאָפּהענגיק, פריי און זעלבסטשטענדיק, דערוויייטערט פון יעטוועדער העגע־מאָניע און ענגע אינטערעסן פון אינסטיטוציעס אָדער פּאַרטייען".

„אַ צייטונג וואָס האָט נישט די פרייהייט צו זאָגן דאָס וואָס זי האָט און דאַרף זאָגן אין אַ נויטיקן פאַל, איז אַ פּאַרזעניש וואָס רופט נישט אַרויס קיין שום אינטערעס מצד דעם לייענער. „דאָס יידישע וואָרט" וועט זיך בשום אופן נישט אַוועקשטעלן אין אַזאַ לעבערלעכער פּאָזיציע.

די סיטואַציע בלייבט כסדר די זעלביקע וואָס „דאָס יידישע וואָרט" האָט אָנגעהאַלטן במשך פון יאָרן פון איר פריערדיקער תקופה — אַ יידיש נאַציאָנאַלע

און ציוניסטישע. די צייטונג אינדענטיפיצירט זיך נישט מיט קיין איינער פון די ביי אונדז אַקטואירנדיקע פּאַרטייען אָדער שטראָמונגען. מיר ווילן אָבער אָפּ־שפּיגלען די אַקטיוויטעט פון אַלע נאַציאָנאַלע יידישע פּאַרטייען און בכלל ברענגען צום אויסדרוק אַלע דערשיינונגען פון יידישן לעבן — נאָר אין דער מאָס וויפיל זיי דינען די אינטערעסן פון כלל ישראל, נישט פון ר׳ ישראל״.

„דאָס יידישע וואָרט״ וועט כסדר וועקן און דערמוטיקן צו איניציאַטיוועס און צו אַ פולבלוטיקן שעפערישן יידיש לעבן״.

אַזוי האָפערדיק און מוטיק איז געווען די ווידערדערשיינונג פון „דאָס יידישע וואָרט״ אויף יידיש און שפּאַניש. אָבער די גרינדער און פירער פון פאַרלאַג איז קיין צופיל נחת נישט באַשערט געווען. אין יולי 1955 ווערט פּנחס ביזבערג שטאַרק קראַנק, און די צייטשריפט גייט ווידער אַריבער צו דערשיינען איין מאָל אַ וואָך און אָן דער שפּאַנישער אָפּטיילונג. דער פאַרלאַג מיט דער גאַנצער יידישער געזעל־שאַפט מוזן מאַכן די נויטיקע אָנשטרענגונגען אויף צו ראַטעווען דאָס לעבן און געזונט פון קראַנק געוואָרענעם רעדאַקטאָר און העלפן אים מיט זיין פאַמיליע עולה צו זיין קיין ישראל, אַן אויפגאַבע וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער פולסטער אחריות און ברייטהאַרציקייט וואָס דער פאַל האָט געפאָדערט און וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פון יידישן ישוב אין טשילע.

די צייטונג ווערט וויטער געפירט פון אַ קאָלעגיום, מיט דוד דובי־נאָווסקי און שפּעטער נח וויטאַל אַלס שעף רעדאַקטאָרן, די טעכנישע רעדאַקציע נעמט ווידעראַמאָל איבער י. בלומשטיין ביז זיין עליה קיין ישראל אין 1956.

די גאַנצע צייט פון זיין קיום האָט דער געזעלשאַפטלעכער פאַרלאַג געשטרעבט צו באַקומען די יורידישע אַנערקענונג פון דער רעגירונג (פּערזאָנעריאַ כורידיקאַ), אָבער אין וועג זיינען געשטאַנען צוויי שוועריקייטן: 1) דער אַקציען קאַפּיטאַל וואָס איז געהעכערט געוואָרן ביז 6 מיליאָן פּעזאָס איז רעאַליזירט געוואָרן בלויז אויף אַ העלפט; 2) די ערשטע איינאָרדנונגען און שוועריקייטן האָבן גורם געווען אַ גרויסן דעפיציט וואָס האָט שווער באַלאַסטעט די אונטערנעמונג און געשטעלט אונטער אַ פראַגע צייכן איר עצם קיום.

אין משך פון 1956 — דער יובל יאָר פון ישוב — האָט זיך די לאַגע שטאַרק געבעסערט. דער פאַרלאַג האָט באַקומען אַ זייער וויכטיקע און ביז גאָר פּאַרטרווילעכע אַרבעט, דאָס דרוקן די געווינסן־רשימה פון דער טשילענער נאַצ־יאָנאַלער לאָטעריע, ווי אויך אַנדערע אַרבעטן, וואָס האָבן פיל פאַרבעסערט די סיטואַציע. עס זיינען פאַראַן אויסזיכטן אַז אין משך פון תשי״ז — דעם יובל־יאָר פון ישוב זאָל דער פאַרלאַג דערגרייכן זיין פולשטענדיקע קאָנסאָלידאַציע און אַנערקענונג אַלס אַ יורידישע פּערזאָן.

אין שייכות מיטן יובל יאָר האָט דער פאַרלאַג דערגרייכט אַ צווייטע פון זיינע אַספּיראַציעס, אַרויסגעבן נישט נאָר צייטשריפטן נאָר אויך ביכער. די געשיכטע פון ישוב אין טשילע, אַרויסגעגעבן צום ערשטן יובל, אין איר יידישער און שפּאַנישער אויפלאַגע, דערשיינען אין אייגענעם געזעלשאַפטלעכן פאַרלאַג פון ישוב. דאָס איז אַ דערגרייכונג וואָס ווייניקע ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע קאָנען פאַרצייכענען.

דער יובל פונם ישוב איז אויך אָפּגעשפּיגלט געוואָרן אין אַ פּראַקטיקער יובל־אויסגאַבע פון 34 זייטן, וואָס די עמפּרעסאַ האָט אַרויסגעלאָזט אין חודש דעצעמבער 1956.

דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט האַלט אָן זיין פולסטע שטיצע פאַרן פאַרלאַג און דאָס גאַראַנטירן זיין פולשטענדיק געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. וואָס דער רעפּרעזענטאַטיווער קאָמיטעט איז אין זין פון געזעלשאַפטליכקייט איז די יידישע באַנק אין זין פון פינאַנסן. זי שטייט דעם פאַרלאַג אין זיינע נויטן מיט היפשע און ליבעראַלע קרעדיטן. וויכטיקע שטיצע קריגט דער פאַרלאַג פון דער ציוניסטישער פעדעראַציע, פון דער חברה קדישא, פון סירקולאָ איזראַעליטאַ און אַנדערע אינסטיטוציעס. דער פאַרלאַג איז די איניציאַטיוו פון יחידים און דאָס ווערק פון דער גאַנצער קאָלעקטיווּיטעט. נאָך 25 יאָר געראַנגל, מעג מען באַטראַכטן ווי זיכער דעם יידישן צייטונג׳ס וועזן אין טשילע.

## ה) שלום־וואָרט

אין די 16 קאַפּיטלעך פון דעם ווערק האָבן מיר געזען די אַנטוויקלונג פון דעם יידישן ישוב אין טשילע פאַר די ערשטע פופציק יאָר פון זיין אָרגאַניזירטן קיום. מיר זיינען אויך דורכגעגאַנגען די פאַרהיסטאָרישע תקופה פון דעם ישוב, די ערשטע יידן וואָס האָבן באַטראָטן דעם טשילענער באָדן, סיי געהיימע יידן (מאַראַנען) אין די צייטן פון דער שפּאַנישער הערשאַפט, סיי פולשטענדיקע יידן אין די ערשטע זיבעציק יאָר פון דער רעפּובליק, און ביידע גרופּן האָבן זיך פולשטענדיק אַסימילירט, כמעט שפּורלאָז פאַרשוואונדן פון יידישן לעבן, איבערלאָזנדיק אין דער טשילענער סביבה געדעכענישן און זכרונות און פאַרנעפּלטן באַוואוסטזיין וועגן ווייטן יידישן אָפּשטאַם, וואָס האָט זיך נאָך ביז היינט דערהאַלטן ביי אַ געוויסער צאָל טשילענער משפּחות און יחידים.

מיר האָבן דורכגעמאַכט מיטן ישוב די פאַרשידענע עטאַפּן פון זיין אַנטוויקלונג, פון די ערשטע שווערע אומזיכערע שריט צו אָרגאַניזירן אַ יידיש לעבן אין אַ סביבה וואָס איז נאָך געווען פרעמד און האָט זיך געדוכט פיינטלעך. דורך

די יאָרן ווען די באַלפור־דעקלאַראַציע און איר אָנזאָג פון בעסערע צייטן פאַרן פאָלק ישראל, וואָס האָבן געקרעפּטיקט די מוטלאָזע, באַזועלט די בעלי־פּחד, באַגייסטערט די גלייכגילטיקע און האָבן גורם געווען אַז יידן זאָלן אָנהויבן טראָגן אין דער עפנטלעכקייט זייער יידישן נאָמען מיט מער באַוואוסטזיין און חשיבות, ביז די לעצטע דראַמאַטישע און טראַגישע צוואַנציק יאָר, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט דורכגעמאַכט איינעם פון זיינע גרעסטע חורבונות מיט דער צעשטערונג פון יידישן צענטער אין אייראָפּע, און איינצייטיק דעם גרעסטן אויפשוואונג פון זיין שעפערישקייט אין דעם געראַנגל פאַרן אויפקום פון מדינת ישראל, אין איר אויפבוי, וואוקס און אַנטוויקלונג.

דער טשילענער יידישער ישוב איז געווען אַקטיוו מיטבאַטייליקט אין די אַלע ראַנגלענישן פאַר יידישן קיום. ער האָט מיטגעפילט דעם ווייטיק, מיטגעקעמפט אין שווערן געראַנגל פאַר אָפּצוראַטעווען וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך צו ראַטעווען און דורכפירן דאָס וואָס עס האָט זיך געדוכט צו זיין אוממעגלעך, די צוריקשטעלונג פון יידישער שטאַטלעכקייט.

דער בייטראָג פון טשילענער ישוב איז ניט געווען בלויז אַ פּאַסיווער דורך ביישטייערונגען, נאָר אויך אַן אַקטיווער, דורך דער דירעקטער מיטאַרבעט פון זיינע קינדער אין דעם אויפבוי פון דער יידישער מדינה אַלס חלוצים און עולים, און אין איר פאַרטיידיקונג, ביי וועלכער עס זיינען געפאַלן פיר פון זיינע בעסטע זין.

דער יידישער ישוב אין טשילע האָט אָבער אויך ניט פאַרקוקט די פאָדערונגען פון יידישן לעבן אויפן אָרט. אין שווערן געראַנגל, דורך גרויסע אָנשטרענגונגען, צווישן אומפאַרמיידלעכע שטרייטקייטן זיינען אויפגעקומען זיינע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס פאַר רעליגיע און קולטור, פאַר דערציאונג, פאַרווייליונג און ספּאָרט, פאַר וואוילטעטיקייט און לעצטן חסד של אמת.

דער אָרגאַניזם פון דעם טשילענער יידישן ישוב איז אַ פולקאָמער; עס פעלט נישט אין אים קיין איין רעסאָרט וואָס עס פאָדערט די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון אַ ישוב אין די תפוצות; פון אַן עפנטלעכער מיינונג וואָס ווערט אָריענטירט פון אַ פרעסע אויף שפּאַניש און יידיש און ווערט אָנגעפירט פון אויטאָריזירטע קערפּערשאַפטן אָנגעשלאָסן אין די צענטראַלע אָרגאַניזמען פון יידישן וועלט־פאָלק, ביז אַ שטאַרקער ציוניסטישער באַוועגונג וואָס פאַרבינדט דעם ישוב מיט דער היסטאָריע פון יידישן פאָלק און מיט זיין צענטער אין ישראל, חוץ אַלע אינסטיטוציעס פאַר אַ גוט אָרגאַניזירטן לעבן אויפן אָרט און איינשטעלן קאָרעקטע חשיבות'דיקע באַציאונגען מיט דער אַרומיקער סביבה פון וועלכער דער ישוב איז אַן אינטעגראַלער טייל.

די געשאַפענע יידישע סביבה רינגלט אַרום דעם יידישן מענטשן אין אַלע

אומשטענדן פון זיין לעבן, פון וויג ביז צום לעצטן וועג, און פאַרבינדט אים סיי מיט דער אומרואיקער סביבה, סיי מיטן יידישן וועלט־פאָלק אין זיין היסטאָרישער קאָנצענטרירטקייט און געאָגראַפישער צעשפּרייטקייט.

ווייניק יידישע ישובים אין דער וועלט האָבן דערגרייכט אַזאַ פולשטענדיקע אינטעגראַציע סיי מיטן ארום, סיי מיטן יידישן פאָלק אין וועלט מאַסשטאַב; דאָס איז דער גרעסטער שבח פאַר די טשילענער יידן.

דאָס דאָזיקע יידישע לעבן איז נישט אויפגעקומען ספּאָנטאַן. עס איז אַ פועל יוצא פון די ציל־באַוואוסטע אָנשטרענגונגען פון הונדערטער און הונדערטער עסקנים, איניציאַטאָרן פון באַוועגונגען, גרינדער פון אינסטיטוציעס, צייטשריפטן, בויער פון בנינים, טוער אויף אַלע געביטן פון קאָלעקטיוון לעבן, שרייבער און וואָרטזאָגער, וועמענס נעמען ווערן דערמאָנט אין דעם בוך, סיי אין טעקסט גופא ווי אויך אין דער ביילאַגע.

עס איז אַן ערן־רשימה פון באַוואוסטזיניקע, אַקטיווע יידן, וואָס האָבן געבויט דאָס יידישע לעבן אין לאַנד טשילע, יעדער איינער לויט זיינע באַגריפן און אַספּיראַציעס, אידעען און אידעאַלן, וואָס האָבן ביי זייער גאַנצער פאַרשידנקייט דאָך געפירט צו איין איינציקן ציל, וואָס ווערט באַצייכנט מיט די טערמינען קיום און המשך, דערהאַלטן דאָס יידישע לעבן, פאָרטזעצן און אַנטוויקלען עס.

ביים אָפּשלוס פון דעם בוך, וואָס איז די געשיכטע פון זייערע לייסטונגען, ווילן מיר מיט באַזונדער רעספּעקט באַערן אָט די אַלע אַקטיווע בויער פון יידישן לעבן אין לאַנד טשילע, סיי די וואָס האָבן שוין אָפּגעשלאָסן זייערע השבונות מיטן לעבן, סיי די וואָס זיינען נאָך פול מיט ענערגיע און זעצן פאָר די נאָבעלע אויפגאַבע וואָס זיי האָבן אויף זיך גוטוויליק גענומען.

מיט זייער אַקטיוויטעט האָבן זיי דערגרייכט צו שאַפן נאָך אַ לעבעדיקע צעל אין דעם אָרגאַניזם פון יידישן וועלט־פאָלק, די יידישע קאָלעקטיוויטעט אין טשילע, און דערפאַר האָבן זיי זוכה געווען אַז אויף זיי זאָל פאַלן דער אָפּשיין פון יידישער אייביקייט, ווייל מיט זייער ביישפּיל וועלן זיי באַאיינפלוסן די צוקונפטיקע יידישע דורות, וואָס וועלן עס האַלטן פאַר אַן ערן־חוב און כבוד צו גיין אין זייערע דרכים און נאָכטאָן זייער ביישפּיל. פאַר זיי אַלעמען — פאַר די נפטרים צום אָנדענק, פאַר די לעבעדיקע צו אריכת ימים — אונדזער פאַרערונג און באַערונג.

---

אין הסכם מיט דער טראַדיציע פון אויפבוי און פאַרשריט וואָס די ראשונים פון ישוב האָבן איינגעשטעלט, פירן זייערע נאָכפאָלגער און פאָרטזעצער דעם

ערשטן יובל פון טשילענער יידנטום נישט בלויז מיט פייערלעכקייט און רייד, נאָר אויך מיט נייע איניציאַטיוון און מעשים, וואָס דאַרפן באַצייכענען פאַר דער געשיכטע דאָס יובל־יאָר תשי״ז.

וואַרפט מען אַ בליק אויף דער טשילענער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, זעט מען אַ בולט בילד פון אָנגעשטרענגטער אַקטיוויטעט אויף די פאַרשידנסטע געביטן און אַ שטרעבונג אָפּצושליסן איין תקופה און אָנהויבן אַ צווייטע מיט אַרבעט און אויפבוי, וואוקס און אַנטוויקלונג.

בויט דער „סירקולאָ איזראַעליטאַ״ זיין ערשטן טעמפּל, אַ בנין וואָס איז באַשטימט בלויז פאַר תפילה און מעדיטאַציע, און וועט איבערגעבן די רעליגיעזע טראַדיציע צו די צוקונפטיקע דורות.

און די דייטש־שפּראַכיקע קהלה שטעלט זיך בויען אַ באַזונדער בית־תפילה וואָס וועט אויך דינען אין זיינע אונטערשטע שטאָקן ווי אַ זאַמל־פּלאַץ פאַר דער יוגנט. דער איצטיקער פּרעכטיקער בנין פון די „בני ישראל״, בלייבט באַשטימט בלויז פאַר דער ברייטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט וואָס די קהילה אַנטוויקלט. און די ספרדישע קהלה ענדיקט אַרויס איר פּרעכטיקן טעמפּל און פאַרפיינערט איר געזעלשאַפטלעכן קלוב.

פון דעם באַשיידענעם אימפּראָוויזירטן מנין מיט וועלכן דער ישוב האָט אָנגעהויבן זיין יידיש לעבן אין די ימים־נוראים תרס״ז, טרעט ער אַריין אין זיין צווייטער תקופה מיט דריי מאָדערנע, אייגענע, פּרעכטיקע בתי־תפילה, וואָס זאָגן עדות אַז די רעליגיעזע טראַדיציע האָט זיך נישט נאָר דערהאַלטן, נאָר זי האָט זיך אויך אַנטוויקלט אין יונגן ישוב.

און דער ועד־החינוך ענדיקט אַרויס זיין גראַנדיעזן שול־בנין, אַ פעסטונג פון המשך, וואו די צוקונפטיקע טשילענער יידן וועלן זיך לערנען צו זיין גלייכצייטיק טרייע טשילענער און איבערגעגעבענע יידן, לאָיאַל צו זייער לאַנד און צום פאָלק פון וועלכן זיי שטאַמען און צו אַלץ צו וואָס אַ ווירדיקער מענטש דאַרף בלייבן לאָיאַל.

און דער „עסטאַדיאָ איזראַעליטאַ״ פאַרלייגט דעם גרונדשטיין פון זיין בנין, וואָס וועט קרוינען דאָס גרויסע ווערק פון מאָדערנעם יידישן לעבן אין לאַנד, אויפן שויס פון דער נאַטור, אין אָנבליק פון די הערלעכע אַנדן־בערג, פאַרפלייצט פון זון, אויפגעהייטערט פון מחיה־דיקער באַרג־לופט, געצערטלט פון מילדע ווינטלעך וואָס זיינען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר טשילע, אַ לעבן פון חילוץ עצמות אויף וועלכן יידן זיינען מתפּלל יעדן מאָל ווען זיי נעמען אויף אַ נייעם חודש.

און די יידישע באַנק פאַרלייגט דעם גרונדשטיין פון איר גראַנדיעזן צוועלף־שטאָקיקן בנין אין סאַמע־האַרץ פון דעם האַנדלס־צענטער פון סאַנטיאַגאָ. אין

בנין וועלן זיך געפונען אויסער דער באַנק אויך אַנדערע אונטערנעמונגען און ביוראָען, און פון זיין פראָנט־וואַנט וועט מיט חשיבות ארויסשיינען דער נאָמען: „באַנקאָ איזראַעליטאַ דע טשילע".

און דער מושב זקנים פאַרענדיקט אין יובל־יאָר זיין פרעכטיקן בנין, וואו די זקנים פון ישוב וועלן האָבן אַ מאָדערנע, באַקוועמע און וואַרימע היים, וואָס וועט זיי באַמוטיקן אין דעם פאַרנאַכט פון זייער לעבן, ווי אַ הערלעכער זון־אונטערגאַנג וואָס שליסט אָפּ אַ שיינעם טאָג.

אויך די חברה קדישא האָט אין יובל־יאָר צוגעקויפט אַ שטח פון קנאַפּע זיבן העקטאַר באָדן נעבן איר בית־החיים אין קאָנטשאַלי. כל זמן דער יידישער גלויבן אין בלע המות לנצח איז נאָך נישט מקוים געוואָרן, מוז מען זאָרגן אויך פאַר אָט דעם אַספּעקט פון יידישן לעבן. אָבער אפילו אַזאַ ענין וואָס איז פאַרבונדן מיטן לעצטן וועג, ווערט אין טשילע קאָמבינירט מיטן לעבעדיקן לעבן. אַ טייל פון דעם פעלד וועט איבערגעגעבן ווערן פאַר הכשרות פון חלוצישע באַוועגונגען, און די טערמינען „פעלד" און „הייליק אָרט", מיט וועלכן יידן באַצייכענען זייערע בית־החיים'ס, וועלן אין טשילע האָבן מער ווי איין באַדייטונג... גלייכצייטיק וועט אַ צווייטער חלק פון געקויפטן פלאַץ פאַרוואַנדלט ווערן פאַר אַ סקווער פון שטעטל.

---

און ועל כולם איז אין יאָר פון יובל אויפגעשוואומען דער פּראָיעקט פון צוזאַמענשמעלצן די אינסטיטוציעס פון דער מזרח־אייראָפּעאישער געמיינדע אין איין אָרגאַניזירטער קהלה.

ווי דער ים שפּיגלט זיך אָפּ אין איין טראָפּן וואַסער, אַזוי שפּיגלט אָפּ דער ישוב פון טשילע, וואָס ציילט קוים אַרום דרייסיק טויזנט נפשות, כן ירבו, די אייגנשאַפטן פון יידישן לעבן אין די פאַרשידענע סעקטאָרן אין וועלכן דאָס יידישע פאָלק איז צעטיילט: ספרדים, מערב־אייראָפּעאישע און מזרח־אייראָפּעאישע אשכנזים.

די ערשטע צוויי סעקטאָרן האָבן איבערגעפלאַנצט אין דער נייער היים די צענטראַליזירטע קהלה־אָרדנונג אונטער וועלכער זיי האָבן געלעבט אין משך פון דורות. אוודאי איז עס נישט די צוואַנגס־קהלה פון דער אַלטער היים, וואָס איז געשטאַנען אין דינסט און אונטערן קאָנטראָל פון דער רעגירונג; עס איז אַ גוט־ווילִיקע קהלה וואָס אָריענטירט און אָרגאַניזירט דאָס יידישע לעבן, זיין קיום הייַנט און המשך אויף להבא, אָן צוואַנג, נאָר דורך איבערצייגונג וואָס אַפּעלירט צום

גוטן ווילן צו בלייבן יידן. אָבער אַ קהלה איז עס, ווייל זי קאָנצענטרירט אַלע אויסדרוקן פון יידישן לעבן אין די געגעבענע אומשטענדן.

בלויז די מזרח־אייראָפּעאישע יידן, וועמענס קהלה־אָרגאַניזאַציע איז צעשטערט געוואָרן אין רוסלאַנד און אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין פּוילן, דורך דער צאַרישער טיראַניע, פון אַ הונדערט יאָר צוריק, האָבן פאַרלאָרן דעם עצם באַגריף פון אַ צענטראַליזירטן קהלה־לעבן, אָדער, לכל הפּחות, אַ קאָאָרדינאַציע פון די עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס.

דער מזרח אייראָפּעאישער סעקטאָר פון ישוב אין טשילע, וואָס האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען און געגעבן דעם שענסטן ביישפּיל פון קאָאָרדינאַציע און צענטראַליזאַציע אין די אויסערלעכע אַספּעקטן פון זיין לעבן; וואָס איז צווישן 1919 און 1939 אָנגעפירט געוואָרן פון איין קערפּערשאַפט, די ציוניסטישע פעדעראַציע (וועלכע איז, אגב, די פאָרשטייערין אין טשילע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס), און ווערט פון 1940 רעפּרעזענטירט פון דעם רעפּרעזענטאַטיוון קאָמיטעט בשותּפות מיט דער ציונ. פעדעראַציע, האָט נישט געקאָנט דערגרייכן קיין קאָאָרדינאַציע אויפן געביט פון זיין אינערלעכן לעבן, וואָס איז ווייניק קאָאָרדינירט, ווען אפילו די פאַרשידענע אינסטיטוציעס וואָס טוען ענלעכע אַרבעטן, לעבן צווישן זיך גאַנץ האַרמאָניש.

דער פּראָיעקט צו אָרגאַניזירן אויך דעם מזרח־אייראָפּעאישן סעקטאָר פון דער קאָלעקטיוויטעט אין איין קהלה, איז די שענסטע מתּנה וואָס דער ישוב קאָן זיך אַליין מאַכן ביי דער געלעגנהייט פון זיין ערשטן יובל.

עס איז נישט קיין בלויזער צופאַל וואָס דער קהלה־פּראָיעקט איז אַריינגעטראָגן געוואָרן פון יחיאל סיני, אַ יונגער עסקן, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין טשילע, אין דער נייער ווירקלעכקייט פון די נייע היימען, וואָס זוכט איבערצונעמען פון דער אַלטער טראַדיציע דאָס בעסטע וואָס זי פאַרמאָגט, אויסלאָזנדיק די נעגאַטיווע דערשיינונגען וואָס זיינען געווען אומפאַרמיידלעך ביי יענע אומשטענדן און איינע פון וועלכע איז די צעשפּליטערטקייט.

מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויפן פאַרנונפט פון דעם ישוב און פון זיינע פירער, אַז זיי וועלן באַגרייפן די גאַנצע וויכטיקייט פון אָט דעם נייעם פּלאַן פאַר פירערשאַפט און פאַרוואַלטונג פון די געמיינדע אינטערעסן, און וועלן דעם קהלה־פּראָיעקט גוטהייסן אָן איבעריקע שטרויכלונגען און שוועריקייטן.

דאָס וועט זיין אַ שריט פאָראויס צום ענדציל פון צוזאַמענשמעלצן די פאַרשידענע סעקטאָרן אין איין בלאָק, אָנגעפירט פון איין ועד־הקהלות; אַ פּראָצעס פון מיזוג גלויות, וואָס איז לאַנגזאַם נאָר זיכער דורכגעגאַנגען אין אַלע לענדער וואו יידן האָבן זיך באַזעצט און איינגעוואָרצלט, איבערנעמענדיק געוויסע כאַראַק־

טער־שטריכן פון דער נייער סביבה, וואָס האָט זיי געהאָלפן צו געפינען זייער נייע אייגענע אינדיווידואַליטעט.

דער דאָזיקער אומפאַרמיידלעכער פּראָצעס פון צוזאַמענשמעלצונג האָט זיך שוין פּאַקטיש אָנגעהויבן אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער ישובים און איז אַמשטאַרקסטן אין טשילע, דורך אַפּטע חתונות צווישן קינדער פון פאַרשידענע עדות, וואָס האָבן שוין איין געמיינזאַמען לשון — די לאַנדעס־שפּראַך — און איין געמיינזאַמע אַספּיראַציע, צו בלייבן יידן.

דער דאָזיקער פּראָצעס קאָן נאָך פאַרשטאַרקט און פאַרשנעלערט ווערן דורך אַ דערנענטערונג צווישן די עדות אַ דאַנק דער געמיינזאַמער טעטיקייט פון זייערע קהלות אויף די פאַרשידענע געביטן פון לעבן פון יידישן וועלט־פאָלק, פון וועלכן זיי זיינען אַלע געטרייע קינדער.

---

אויף אַזאַ אופן שליסט דער טשילענער יידישער ישוב זיין ערשטן יובל, אַריינטרעטנדיק מיט אַ פעסטן טראָט אין אַ נייער תקופה פון ווייטצוגיקע באַגריפן און גרויסצוגיקע אונטערנעמונגען.

פונקט ווי יעדן יאָר, ביים פאַרענדיקן לייענען די תורה, הויבט מען גלייך אָן צוריק פון בראשית, אַזוי הויבט אויך אָן דער יידישער ישוב פון טשילע זיין צווייטע תקופה אין דעם יאָר וואָס ער פייערט דעם אָפּשלוס פון זיין ערשטן און שווערסטן פּעריאָד, און פונקט ווי ביים ענדיקן לייענען די תורה, וועלן מיר אַלע צוזאַמען זאָגן זיך און אַלע יידן:

חזק חזק ונתחזק!

# ביילאַגע

# גרינדונגס־אַקט פון דער „אוניאָן איזראַעליטאַ אין טשילע"

אויף דער איינלאַדונג פון אייניקע פּערזאָנען, האָבן זיך פאַרזאַמלט דעם 8־טן אויגוסט 1909 די ה"ה ענריקע צימענד, א. וואָרטסמאַן, כ. אַראָנאָווסקי, אליעזר מירסקי, מ. וויסמאַן, דוד מיטשעלאָוו, גרעגאָריאָ מאַנוסעוויטש און אנד., צוזאַמען א 30 פּערזאָן וועלכע שרייבן אונטער דעם גרינדונגס־אַקט. עס ווערט באַשלאָסן צו גרינדן די געזעלשאַפט „אוניאָן איזראַעליטאַ אין טשילע" וועמענס צילן עס וועלן אָנגעגעבן ווערן אין די באַטרעפנדע סטאַטוטן.

עס ווערט געוויילט דער דירעקטאָריום וואָס וועט אָנפירן מיט דער אינסטי־טוציע אין דעם ערשטן פּעריאָד, ער וועט אויסאַרבעטן די סטאַטוטן און וועט זיך באַמיען צו באַקומען פון דער רעגירונג די געעריקע יורידישע אָנערקענונג.

עס שרייבן אונטער דעם אַקט:

ענריקע צימענד, א. וואָרטסמאַן, כוליאָ אַראָנאָווסקי, לעאָן בראָדסקי, מ. וויסמאַן, אליעזר מירסקי, א. סקווירסקי, וואָלף צייטלין, סאַלאָמאָן צייטלין, שמואל פּינקאַס, דוד גורפינקעל, עליאַס וויינשטאָק, ברונאָ גאַרפינקעל, מ. שפּיליוואַן, דוד יעקב מיטשעלאָוו, כ. קירבערג, ס. דאָרפמאַן, כואַן גערמאַן, זעליק וויינשטיין, ש. פּייוואָוויטש, גרעגאָריאָ מאַנוסעוויטש, מיגעל בערדיטשעווסקי, לואיס ליפּטשאַק, ד. ס. גרונוואַלד, ר. מאַנקורט, יצחק רודאָלף, ה' האָניג, יעקב נונהאַוסער, א. וויס־בלוט, באָרים שוואַרצבערגער, יוסף פּיסמאַן, ל. הילפּמאַן, מאַוריסיאָ קאַלעדעוויסקי, ל. אנסעלעוויטש, חיים זינגער, ס. ווינשטיין, פּ. צאַצקע, לואיס ווינשטיין, לעאָן ליבאָוועצקי, גרעגאָריאָ לוקע, מ. לאַפּין, נתן לאַפּין, מ. לאַוויצקי, אַדאָלפאָ ראָטטער, וויקטאָר באָטשאַנער, משה סובעלמאַן, מאַוריסיאָ באַרנאָוו, מאַרקאָס פּאַסטערנאַק, נ. גאָלדפאַרב, י. קרימאַן, אברהם טאַבאַק, עליאַס זאַוועלעוו, דוד ווינשטיין, מאַר־קאָס זאַסלאַווסקי, פּיניע גאָלדענשטיין, יוסף פרידלענדער, י. גאָרקין, יוסף ראָזענ־צוויג, ד, בוסעל, אייזיק שקאָלניק, אברהם האָרענשטיין, א. קאַהען, ב. דוליצקי, מ. קלאַדניצקי, י. בראָדסקי, ז. כיימאָוויטש, א. באַלטיאַנסקי, ב. יאָסעלזאָן, נ. באָראָקאָווסקי, נחום לעאָן ראָזענמאַן, א. בוביס, קאַרלאָס אינספּעקטער.

## היסטאָרישער דאָקומענט

סאַנטיאַגאָ, דעם 7־טן דעצעמבער 1909.

היינט ווערט דערקלערט פאָלגענדעס:

זעענדיק די אַנטעצעדענטן און אין הסכם מיט דעם רעגירונגס־ראַט דעק־רעטיר איך:

1) זאָל געגעבן ווערן יורידישע פּערזענלעכקייט דער קערפּערשאַפט וואָס הייסט „אוניאָן איזראַעליטאַ אין טשילע" פון דעם דעפּאַרטאַמענט פון סאַנטיאַגאָ.

2) זאָלן באַשטעטיקט ווערן די סטאַטוטן פון דער דערמאָנטער קערפּער־שאַפט, לויט די בייגעלייגטע שריפטן, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן ביים נאָטאַריוס פון דער דאָזיקער שטאָט, דאָן מאַרסעלינאָ לאַראַסאַוואַל וויל־סאָן, דעם 27־טן אויגוסט און דעם 29־טן סעפּטעמבער ד. י. רעספּעקטיוו.

זאָל דאָס גענומען ווערן צו קענטניש, קאָמוניקירט ווערן און פאַרעפנטליכט ווערן אין דעם ביולעטין פון די געזעצן און דעקרעטן פון דער רעגירונג.

מאָנטט ע. פיגעראָאַ.

## גרינדונגס־אַקט פון „צענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ"

אַקט פון דער ערשטער פאַרזאַמלונג פון דער „פילהאַרמאָניקאַ רוסאַ" וואָס טראָגט היינט דעם נאָמען: „צענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ" וואָס איז פאָרגעקומען דעם 12־טן יוני 1911 אין סאַלאָן פון דער סאָסיעדאַד „אַנדרעס בעלאָ" אונטערן פאָרזיץ פון סאַלאָמאָן דאָרפמאַן און די פּראָוויזאָרישע קאָמיסיע.

די פאַרזאַמלונג ווערט דערעפנט 10 אַזייגער און עס זיינען אָנוועזנד 57 מיטגלידער. עס ווערט באַריכטעט דורך דער פּראָוויזאָרישער קאָמיסיע וועגן די אויסגאַבן וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן ביז היינט, אָנווייזנדיק אַז די גאַנצע הכנסות זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אין דער לעצטער געזעלשאַפטלעכער פייערונג.

ס'ווערט באַלד באַהאַנדלט די באַזע פון דער סאָסיעדאַד און דאָס בייטן דעם נאָמען — נעמענדיק אין אַכט אַז די מיטגלידער זיינען נישט בלויז רוסישע, נאָר פון פאַרשידענע לענדער.

נאָכן אַרומריידן וועגן פאַרשידענע ענינים ווערט באַשלאָסן אַז די צילן פון סאָסיעדאַד וועלן זיין פאָלגענדע: 1) פאַרווייליגגען און דערציאונג, וואָס וועט געמאַכט ווערן דורך עקסקורסיעס, באַלעס, קאָנצערטן און אַ לייען ביבליאָטעק.

2) הילף פאַר די נויטבאַדאַרפטיקע מיטגלידער. 3) פאַרטיידיקן און העלפן די ערשט־געקומענע עמיגראַנטן. 4) באַקומען אַ אייגענעם לאָקאַל פאַר פאַרזאַמלונגען און אייגענעם מאַוזאָלעאום אויב די מיטלען וועלן דערלויבן.

וועגן נאָמען פון דער סאָסיעדאַד זאָגט זיך אַרויס דער ה׳ נ. סטיטשקין אַז זי זאָל הייסן „אוניאָן קאָמערסיאַל רוסאַ״, נעמענדיק אין אַכט אַז די גרעסטע צאָל מיטגלידער זיינען סוחרים.

ה׳ ב. קאַכאַנאַ לייגט פאָר דעם נאָמען „בענעפיסענסיאַ משה מאָנטעפיאָרע״, אין אָנדענק פון גרויסן פילאַנטראָפּ, וואָס אַלע מיטגלידער קענען אים. לסוף ווערט באַשלאָסן אַז דער דירעקטאָריום זאָל באַשליסן וועגן נאָמען פון דער סאָסיעדאַד, ווען עס וועלן איבערגעאַרבעט ווערן די סטאַטוטן.

ס׳ווערט באַלד אויסגעוויילט אַ דעפיניטיווער דירעקטאָריום אויף איין יאָר און וועלכן עס גייען אַריין פאָלגענדע מיטגלידער:

סאַלאָמאָן דאָרפמאַן — פּרעזידענט; גערמאַן קאַץ — וויצע; יוסף מ. פייגענ־בוים — טעסאָרעראָ; אהרון קאָהען — פּראָ; באָרים קאַכאַנאַ — סעקרעטאַר; חיים בראָנפמאַן, שמואל פּיוואָוואַרטש און שלמה גאָמבעראָוו אַלס דירעקטאָרן.

אַקט פון דער זיצונג פון דירעקטאָריום וואָס איז פאָרגעקומען אין מאָנאַט יוני אין הויז פון פּרעזידענט, ה׳ דאָרפמאַן.

עס זיינען אָנוועזענד אַלע מיטגלידער פון דירעקטאָריום, עס פעלט בלויז דער ה׳ א. קאָהען. ס׳ווערט געלייענט און באַשטעטיקט דער אַקט פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון 12־טן יוני און נאָכדעם ווערט באַהאַנדלט וועגן נאָמען פון דער סאָסיעדאַד. נאָך אַ לענגערער דעבאַטע ווערט באַשלאָסן אַז דער נאָמען וועט זיין „צענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ״.. עס ווערן געלייענט צוויי פּראָיעקטן פון סטאַטוטן, צוגעשטעלט איינער פון גערמאַן קאַץ און דער צווייטער פון באָרים קאַכאַנאַ.

נאָך פילע פאַרזאַמלונגען ווערן דעם 18־טן דעצעמבער 1911 באַשטעטיקט די סטאַטוטן און עס ווערט אויטאָריזירט דער ה׳ באָרים קאַכאַנאַ צו מאַכן די אַלע נויטיקע פאָרמאַליטעטן צו באַקומען די יורידישע אָנערקענונג.

## אַקט פון דעם פאַראייניקונג פון דעם „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ״ מיט דער „אוניאָן איזראַעליטאַ אין טשילע״ (1914)

אין סאַנטיאַגאָ, טשילע, דעם 15־טן סעפּטעמבער 1914, האָבן זיך פאַר־זאַמלט די ה״ה ג. פרידמאַן, שמואל יאַנקעלעוויטש, דוד שאַטאַן, מאַנועל גאָמבע־

ראָף, פאַביאַן פּיוואָוויטש און סאַלאָמאָן דאָרפמאַן אין פאַרטרעטערשאַפט פון „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ" און די ה"ה ענריקע צימענד, לעאָן ליבאָוועצקי, לואיס גולדין און אהרן געגדעלמאַן אין פאַרטרעטערשאַפט פון „אוניאָן איזראַעליטאַ אין טשילע" וועלכע האָבן באַשלאָסן צו פאַראייניקן ביידע אינסטי־טוציעס אויף פאָלגענדע באַדינגונגען:

1) די „אוניאָן איזראַעליטאַ" וועט איבערגעבן דעם „סענטראָ דע בענע־פיסענסיאַ" אַלע מעבל און חפצים וואָס זי באַזיצט, נעמליך: אַ ספר־תורה, אַן אַפּאַראַדאָר (מעבל־שטיק), אַ שרייב־טיש, אַ טיש, צוויי טיש־טעכער, צוואַנציק ווינער בענקלעך, און אַ צאָל ביכער.

2) דער „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ" פאַרפליכטעט זיך, אַז פון דעם דאַטום ביז 90 טעג, וועט צוגעגעבן ווערן צום נאָמען דאָס וואָרט „איזראַעליטאַ" (יידישער).

3) דער דאָזיקער אַקט וועט לעגאַליזירט ווערן און די הוצאות וועלן גיין אויפן חשבון פון דעם „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ".

4) דער „סעניטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ" אנערקענט און נעמט איבער אויף זיך אַ חוב פון הונדערט פּעזאָס לטובת דעם ה' ענריקע צימענד, און וועט אים באַצאָלן אין משך פון 30 טעג.

עס שרייבן אונטער:

| | |
|---|---|
| ס. דאָרפמאַן | א. געגדעלמאַן |
| ג. פרידמאַן | מ. גאַמבעראָף |
| לואיס גאָלדין | ח. ביטעלמאַן |
| דוד שאַטאַן | ע. צימענד |
| פ. פּיוואָוויטש | לעאָן ליבאָוועצקי |
| ש. יאַנקעלעוויטש | א. נישריק. |

## סאַנטיאַגאָ, דעם 16־טן סעפּטעמבער 1914

אין איינקלאַנג מיט דעם אויבן פאַרצייכנטן אַקט, וועלכן עס שרייבן אונטער די פאָרשטייער פון דעם „סענטראָ קאָמערסיאַל דע בענעפיסענסיאַ" און „אוניאָן איזראַעליטאַ", האָב איך באַקומען פון דעם ה' ענריקע צימענד פאָלגענדע חפצים:

אַ ספר־תורה, אַ הילצערנע יד, 5 גרויסע חומשים, 5 קליינע חומשים, 6 סידורים, 6 תהילים'ס, 2 לוחות.

ס. דאָרפמאַן
פרעזידענט

# איינטיילנעמער אין ערשטן אַלײדישן און ציוניסטישן לאַנדעס צוזאַמענפאָר אין טשילע (סעפּטעמבער 1919)

אָרגאַניזיר־קאָמיסיע:

יעקב קוזענצאָוו, נחום ראָזענבליט, דוד שאַטאַן, באָריס קאָבאַנאַ, מאַוריסיאָ פּייוואָוויטש, לואיס זינגער, פּאַבלאָ דוואָרעצקי, יצחק מאַרקאָוויטש.

פּרעזידיום:

יעקב קוזענצאָוו, מאַטיאַס אַלבאַלאַ, נחום טרומפּער, באָריס קאָבאַנאַ, עליאַס יודילעוויטש, מאַוריסיאָ פּייוואָוויטש און יצחק מאַנוסעוויטש.

דעלעגאַטן פון סאַנטיאַגאָ: (יידישער צענטער)

יעקב קוזענצאָוו, נחום ראָזענבליט, דוד שאַטאַן, באָריס קאָבאַנאַ, מאַוריסיאָ פּייוואָוויטש, יעקב עלבערג, פּאַבלאָ דוואָרעצקי, יצחק מאַרקאָוויטש, פּאַביאַן פּייוואָוויטש, סאַלאָמאָן דאָרפמאַן, לואיס זינגער, לעאָן סיגאַל, נחום טרומפּער און שמואל פּייוואָוויטש.

קאָנגרעגאַסיאָן איזראַעליטאַ „תלמוד תורה"

יוסף ראָזענצווייג, אברהם גינערמאַן, בנימין סלאַטשעווסקי, סאַלאָמאָן ראָטטער, מאַרקאָס סוויגעלסקי, מאַרקאָס רויזן, מאַוריסיאָ רימסקי, יצחק בייטעלמאַן, י. פישמאַן, משה סובעלמאַן, צבי פּרילוצקי, יוסף פלימאַן, מאיר באַר, יוסף גוטמאַן און מיכאל יודילעוויטש.

יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט:

יעקב דאָלבערג, יצחק לעווי, יעקב מאַנוסעוויטש, יצחק ראָזענבערג, יעקב בייטעלמאַן, סאַלאָמאָן היטעלמאַן, אַלבערטאָ ווינער, מאַוריסיאָ באַלטיאַנסקי, אפרים סוכאַמי און לעאָן אַרענסבורג.

ביקור חולים:

שמעון גאַלפּערין, יוסף קראַמאַרענקאָ, משה ענגעל, מאַוריסיאָ הײמאָוויטש, דוד ראַבינאָוויטש, ענריקע פּייוואָוויטש און יעקב רעמעניק.

געזעלשאַפט פאַר געגנזייטיקער הילף:

יצחק לעווי, וויקטאָר קאָהען און מאַוריסיאָ פּאַלאַווּבאַ.

טעמוקאָ (יידישער סאָציאַלער צענטער):

עליאַס יודילעוויטש און קאַרלאָס מאָרגענשטערן.

חסד ואמת:

מאַטיאַס אַלבאַלאַ און ידידיה איזראַעל.

צענטער־מאַצעדאָניאַ:

צ י ו נ י ס ט י ש ע ר צ ע נ ט ע ר:

סאַמועל קאַסאָרלאַ און אַלבערטאָ לעווי.

אַדאָלפאָ יודילעוויטש און שמואל לעווי.

פ ו ע ר ט אָ מ אָ נ ט (ציוניסטישער צענטער):

לעאָן הייערסאָן און מאַוריסיאָ שאַץ.

ו ו אַ ל ד י ו ו י אַ (ציוניסטישער צענטער): לעאָן טראַכטמאַן.

ט ש י ז ש אַ ן: יצחק מאַנוסעוויטש.

ק ו ר אַ ק אַ ו ט י ן (צענטער „בני־ציון"):

מאַנועל מאַטוראַנאַ און מיגעל כאַראַ.

# אַ ק ט נ ו מ ע ר 24

## (גרינדונג פון סירקולאָ איזראַעליטאַ)

די געמיינזאַמע פאַרזאַמלונג פון „צענטראָ איזראַעליטאַ" און דער קאָנגרע־גאַסיאָן איזראַעליטאַ „תלמוד תורה" פון 2־טן דעצעמבער 1920 מיט דער באַטייליקונג פוןביידע און די מיטגלידער וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם אַקט.

די פאַרזאַמלונג ווערט דערעפנט 10 אַזייגער אונטער דער פרעזידענץ פון נאום ראָזענבליט און כאָסע ראָזענצווייג. נאָכן אויפקלערן דעם צוועק פון דער פאַרזאַמלונג, ווערט פאָרגעלייגט אויסצוויילן דעם פרעזידיום אָנצופירן די פאַר־זאַמלונג.

נאָך אַ קורצער דעבאַטע ווערן באַשטימט פאַר אַקלאַמאַסיאָן ה' כאָסע טעוואַ אַלס פרעזידענט, יצחק דראַבקין און משה באַלטיאַנסקי אַלס סעקרעטאַרן.

דער סעקרעטאַר, ה' יצחק דראַבקין לייענט פאָר די סטאַטוטן וואָס די געמישטע קאָמיסיע אין באַשטאַנד פון די ה"ה דראַבקין, טרומפער, ראָזענצווייג, ראָזענבליט, קאַץ און שאַטאַן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן דעם 16־טן נאָוועמבער בכדי צו פאַראייניקן די ביידע אינסטיטוציעס אונטערן נאָמען „סירקולאָ איזראַעליטאַ" האָבן פאָרגעשלאָגן.

די סטאַטוטן ווערן באַשטעטיקט און ווערן אַריינגעשריבן אין אַקטן בוך פון דער פאַראייניקטער אינסטיטוציע אונטערן נאָמען „סירקולאָ איזראַעליטאַ". מען טרעט צו צו וויילן אַ דירעקטאָריום פאַרן יאָר 1921.

אין דירעקטאָריום ווערן געוויילט פאָלגענדע הערן:

